פּיאָטר קראָפּאָטקין

# די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

אין 2 טייל

יידיש יונה שפער

ערשטער טייל

ווילנע — 1929

פארלאַג „טאָמאָר" פון יוסף קאַמערמאַכער

# הקדמה

וואָס מער מיר פאָרשן די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, אַלץ מער איבערצייגן מיר זיך, וויפל עס פעלט נאָך אויס, אַז די געשיכטע פון דער דאָזיקער גרויסער עפּאָפּעע זאָל זיין אַ פול־קומע, — אַלץ מער דערוויסן מיר זיך, וויפל חסרונות זי האָט נאָך און וויפל ערטער, וואָס זיינען ראוי באַלויכטן צו ווערן.

די גרויסע רעוואָלוציע, וואָס האָט אין משך פון עטלעכע יאָר אַלץ אויפגערודערט, פון אַלץ אַ תל געמאַכט און אַלץ אָנגע־הויבן אויפדראָסניי צו בויען, איז געווען — אַ וועלט מיט מעשים. און אויב מיר ווערן פאַרחידושט, בעת מיר שטודירן די ווערק פון די ערשטע היסטאָריקער פון דער דאָזיקער עפּאָכע — דער עיקר מישלע — פון דער אומגעהייערער אַרבעט, וואָס איז געוואָרן מיט ערפאָלג דורכגעפירט דורך עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן זיך מכוון געווען אויפצוּוויקלען די טויזנטער געפלעכטן פון פאַקטן און באַוועגונגען, וואָס גייען פאַראַלעל אין דער רעוואָלוציע — שטעלן מיר פעסט גלייכצייטיק, אַז עס איז נאָך געבליבן גענוג אַרבעט אָפּצוטאָן אויף דעם געביט.

די אויספאָרשונגען, וואָס די היסטאָרישע שול האָט געמאַכט אין משך פון די לעצטע יאָרן אין דער פּערזאָן פון אָלאַר און דער געזעלשאַפט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, — האָבן אָן שום ספק אַריינגעבראַכט ווערטפולן מאַטעריאַל, וואָס וואַרפט אַ שיין אויף די אַקטן פון דער רעוואָלוציע, אויף איר פּאָליטישער געשיכטע און אויף די פּאַרטיי־קאַמפן אַרום דער מאַכט. מען מוז אָבער נאָך אויספאָרשן די רעוואָלוציע מיט אירע קאַמפן פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט. — און, ווי אָלאַר האָט זייער ריכטיק באַמערקט, — וואָלט אַ גאַנץ לעבן ניט געקלעקט די דאָזיקע אַרבעט דורכצופירן. אָן דעם — מוז מען מודה זיין — בלייבט די פּאָליטישע געשיכטע

ניט פולקום און אָפטמאָל אומפאַרשטענדליך. אַ גאַנצע ריי נייע פּראָבלעמען, טיפע און פאַרוויקלטע, וואַרפן זיך דעם היסטאָריקער אין די אויגן אַריין, בעת ער טרעט צו פון דער זייט צו דעם שטורעם פון דער רעוואָלוציע.

בעת איך האָב פּרובירט באַשיידן אַ טייל פון די דאָזיקע פּראָבלעמען, האָב איך זיך שוין אין 1886 גענומען שטודירן מאָנאָגראַפיעס בנוגע דעם אָנהייב פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, בנוגע די פּויערים־מרידות אין 1789, בנוגע די קאַמפן פאַר און קעגן דעם אָפּשאַפן די פעאָדאַלע רעכט, בנוגע די אמתע סיבות פון דער באַוועגונג פון 31טן מאַי א. אַז. וו. ליידער, האָב איך געמוזט ביי דעם שטודיום זיך באַגרעניצן בלויז מיט געדרוקטע זאַמלונגען (וואָס זיינען, אגב, פאַרהאַן בשפע) פונם בריטישן מוזיי, כ'האָב אָבער ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן די פאָרשונגען אינם פראַנצויזישן נאַציאָנאַלן אַרכיוו.

היות דער לעזער וואָלט ניט בכוח געווען זיך צו אָריענטירן אין אַזעלכע מינים שטודיען, ווען ער זאָל ניט האָבן פאַר זיך קיין אַלגעמיינעם קוק אויף דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע, — האָב איך באַשלאָסן צו געבן אַ מער אָדער ווייניקער צונויפגע־פּרעסטע באַשרייבונג פון די געשעענישן גופא. איך האָב ניט בדעה געהאַט איבערצוחזרן די דראַמאַטישע זייט פון די פּראַכט־פולע עפּיזאָדן, וואָס זיינען שוין אַזוי פיל מאָל דערציילט געוואָרן; איך האָב דער עיקר געוואָלט אויסנוצן די נייסטע אויספאָרשונגען, כדי צו באַלייכטן די אינערלעכע שייכות און די סיבות פון כלערליי געשעענישן, וועלכע שאַפן די גרויסע עפּאָפּעע, וואָס באַקרוינט דאָס אַכצנטע יאָרהונדערט.

דער מעטאָד, וואָס באַשטייט אין שילדערן די רעוואָלוציע אין אירע באַזונדערע טיילן, האָט אָן שום ספק חסרונות: ער איז גורם, מען זאָל זיך אומבאַדינגט איבערחזרן. ס'איז מיר אָבער ליבער געווען דער דאָזיקער פאַרוואורף, מחמת איך האָף, אַז כ'וועל אויף אַזאַ אופן גיכער אויסקריצן אינם מוח פונם לעזער די מעכטיקע שטרעמונגען פון געדאַנק און מעשים, וואָס קומען אין באַרירונג בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, — די שטרע־

מונגען, וועלכע האָבן אַזאַ נאָענטע שייכות צו דער מענטשלעכער נאַטור, — אַז אין די קומענדיקע היסטאָרישע געשעענישן וועלן מיר זיך ווידער מיט זיי באַגעגענען.

ווער עס קען די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, דער ווייסט, ווי שווער עס איז אויסצומיידן פאַקטישע טעותים ביים שילדערן די פּרטים פון די ליידנשאַפטלעכע קאַמפן, וואָס מען וויל באַשרייבן. יעדן איינעם, וואָס וועט מיר אָנווייזן אויף חסרונות, וועלכע כ'האָב דאָ און דאָרט געקענט מאַכן, וועל איך זיין זייער דאַנקבאַר. קודם-כּל דריק איך אויס מיין האַרציקן דאַנק די פריינד דזשעמס גיליאַם און ערנסט ני, וואָס זיינען געוועזן אַזוי פריינדלעך און געלייענט מיין כּתב-יד מיט די קאָרעקטורן און מיטגעהאָלפן מיר אין דער דאָזיקער אַרבעט מיט זייער גרויס בקיאות און קריטישן חוש.

**פּיאָטר קראָפּאָטקין.**

15טן מערץ 1909.

# ערשטער קאפיטל

## די צוויי גרויסע שטרעמונגען פון דער רעוואָלוציע.

די הויפּט־סיבות פון דער גרויסער רעוואָלוציע. — די פריערדיקע אויפ־שטאַנדן. — די פאַראייניקונג פון דעם בירגערטום מיטן פאָלק איז נויט־ווענדיק. — די וויכטיקייט פון דער ראָלע, וואָס דאָס פאָלק האָט געשפּילט.

צוויי גרויסע שטרעמונגען האָבן צוגעגרייט און דורכגעפירט די רעוואָלוציע. די ערשטע — די אידעיִשע — די כוואַליע פון נייע אידעען וועגן דעם פּאָליטישן איבערבוי פון די מלוכות — האָט געשטאַמט פון בירגערטום. די צווייטע — טאַט — האָט געשטאַמט פון די פאָלקסמאַסן — פּויערים און שטאָט־פּראָלע־טאַריער, וואָס האָבן געוואָלט תיכּף־ומיד באַקומען קאָנקרעטע פאַר־בעסערונגען אין זייער עקאָנאָמישן מצב. בעת די דאָזיקעביידע שטרעמונגען האָבן זיך תחילת צונויפגעטראָפן אין איין באַרלאַנג און זיך אַ געוויסע צייט איינס דאָס אַנדערע מיטגעהאָלפן — איז געקומען צו אַ רעוואָלוציע.

די פילאָסאָפן פון XVIII־טן יאָרהונדערט האָבן שוין פון לאַנג אָן אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדע־נונג, פאַר וועלכער די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט, ווי אויך אַ גרויסער טייל רייכטימער האָבן געהערט צו דער אַריסטאָקראַטיע און גייסטלעכע, בעת דער רוב מנין און רוב בנין פון דער באַפעל־קערונג איז געבליבן אַ משא־בהמה פון די מעכטיקע. די פילאָסאָפן האָבן אָנגעזאָגט די בשורה וועגן דער אייבערמאַכט פונם שכל, האָבן געפּריידיקט גלויבן אין דער מענטשלעכער נאַטור און געזאָגט, אַז זי איז פאַרדאָרבן געוואָרן דורך דער אָרדענונג, וואָס האָט אין משך פון דער געשיכטע צוגעשמידט דעם מענטשן צו קנעכט־שאַפט. זי וועט אָבער באַקומען צוריק אירע אַלע אמתע אייגנ־שאַפטן, בעת זי וועט נאָר האָבן פרייהייט, — און דאָס האָט פאַר דער מענטשהייט געעפנט נייע האָריזאָנטן. זיי האָבן געפּריי־דיקט גלייכהייט פון אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון אָפּשטאַמונג

און געפאָדערט אונטערוואַרפן זיך מצד יעדן בירגער — סיי א קיניג, סיי א פויער — דעם רעכט, וואָס איז, לויט זייער מיינונג (אויב עס וועט איינגעשטעלט ווערן דורך די פאָלקס־פאָרשטייער), דער רצון פונם פאָלק; זיי האָבן געפאָדערט אָפּמאַכן צווישן פריי־מענטשן און מבטל מאַכן די פעאָדאַלע פליכטן. אדאַנק די אַלע פאָדערונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן צווישן זיך דורכן גייסט פון טעאָריע און די מעטאָדן, וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן פראַנ־צויזישן אַרט דענקען — האָבן זיי אָן שום ספק צוגעגרייט די ירידה פון דער אַמאָליקער אָרדענונג, לכל־הפּחות, אין די מוחות.

אָבער דאָס אַליין בלויז איז ניט גענוג געווען, כדי צו דערפירן ביז אַן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. מען האָט נאָך באַדאַרפט פון טעאָריע אַריבערגיין צו מעשים, צו אידעאַל, וואָס האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אין דמיון און באַדאַרפט פאַרקערפּערט ווערן אין פאַקטן; די געשיכטע איז מחויב דער עיקר און קודם־כל ביים איצטיקן מאָמענט פעסטצושטעלן די אומשטענדן, וואָס האָבן געגעבן א מעגלעכקייט דעם פראַנצויזישן פאָלק צו מאַכן די דאָזיקע אָנשטרענגונג און אָנהייבן פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל.

פון דער צווייטער זייט ווידער איז פראַנקרייך נאָך לאַנג־שוין פאַר דעם יאָר 1789 אַריין אין דער תקופה פון מרידות. לודוויק דעם XVIטנס ווערן מלך אין 1774 איז געווען א רוף צו א גאַנצער ריי הונגער־אומרוען. זיי האָבן געדויערט ביזן יאָר 1783. דערנאָך איז געקומען א צייט, ווען מען האָט זיך לפי ערך באַרויקט. אָבער פון 1786 אָן און דער עיקר פון 1788, האָבן די פויערים־מרידות זיך באַנייט גאָר ענערגיש. דער הונגער איז געווען דער הויפּט־טעם פון די ערשטע אומרוען, דעם אמת גערעדט, איז אויך איצט דער הונגער כסדר נאָך איינע פון די סיבות פון מרידות, דאָרט איז אָבער קודם־כל געגאַנגען אין מאַכן א סוף צו די פעאָדאַלע פליכטן, וואָס האָבן געשטויסן די פויערים צו מרידה. ביזן יאָר 1789טן איז די צאָל אומרוען כסדר געוואַקסן, לסוף האָבן זיי זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן מזרח, צפון און דרום־מזרח פון פראַנקרייך.

אויף אַזאַ אופן האָט אָנגעהויבן זיך צעפאַלן די ביזאיצטיקע אָרדענונג. פויערים=מלחמה הייסט אָבער נאָך אַלץ ניט רעוואָלוציע, אַפילו ווען זי איז אַזוי שרעקלעך, ווי די מרידה פון די רוסישע פויערים אין יאָר 1773 אונטער פּוגאַטשאָווס פאָן. רעוואָלוציע דאָס איז אַן ערך מער, ווי אַ ריי אויפשטאַנד=באַוועגונגען אין שטאָט און דאָרף. זי איז עפּעס מער, ווי פשוטער, מעג זיין אַפילו בלוטיקער, קאַמף צווישן פּאַרטייען, גאַסן=שלאַכטן, און אַ סך מער, ווי דער געוויינלעכער רעגירונגס=חילוף, וואָס איז פאָרגעקומען אין פראַנקרייך אין די יאָרן 1830 און 1848. רעוואָלוציע — דאָס איז אַ שנעל תל מאַכן — אין משך פון עטלעכע יאָר — פון איינאָרדענונגען, וואָס האָבן באַדאַרפט הונדערטער יאָרן, כּדי זיך איינצוואָרצלען און באַקומען אַזאַ דויערהאַפטע און פעסטע אויסזען, אַז די עפּטיקסטע רעפאָרמאַטאָרן זאָלן קוים=קוים וואַגן אָנצופאַלן אויף זיי אין זייערע ווערק. רעוואָלוציע — דאָס איז ברוך, שנעלע חורבה — אין משך פון עטלעכע יאָר — פון אַלץ, וואָס איז ביזאהער געווען דער מהות פונם געזעלשאַפטלעכן, רעליגיעזן, פּאָליטישן און ווירטשאַפטלעכן לעבן פון אַ פאָלק, דאָס איז חורבה פון די אַלטע השגות און פאָרשטעלונגען וועגן אַלע פאַרוויקלטע ענינים פונם מענטשלעכן כּלל.

רעוואָלוציע — דאָס איז, לסוף, אַ אַנטוויקלונג פון נייע אידעען וועגן גלייכהייט צווישן בירגער — אידעען, וואָס ווערן איינגיכן ווירקלעכקייט, און דעמאָלט הייבן זיי אָן צו באַשטראַלן די שכנותדיקע פעלקער, בויען איבער די וועלט און לאָזן איבער אויפן קומענדיקן דור זייער חותם, זייערע פּראָבלעמען, זייערע לערע, די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און מאָראַלישע שטרעמונגען.

כּדי עס זאָל קענען קומען צו אַזאַ מעכטיקער רעוואָלוציע, ווי די ענגלישע אין די יאָרן 1648—1688, און אין פראַנקרייך אין די יאָרן 1789—1793, איז ניט גענוג אַ אידעיִשע באַוועגונג צווישן די געבילדעטע שיכטן, מעג זי זיך זיין ווי צומטיפסטן; עס איז אויך וויכטיק, אַז עס זאָל קומען צו אויפשטאַנדן אינם פאָלק גופא, אומאָפּהענגיק לחלוטין פון זייער גרייס און פאַרנעם. מען דאַרף, אַז דער ר ע וו אָ ל וצ י אָ נ ע ר ע ר ט אַ ט, וואָס שטאַמט פונם

פאָלק, זאָל צונויפפאַלן מיטן רעוואָלוציאָנערן רעיון, וואָס שטאַמט פון די געבילדעטע שיכטן. עס איז אומבאַדינגט נייטיק אַזאַ מין צונויפגוס.

אַט=פאַרוואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, פונקט, ווי די ענגלישע פונם פריערדיקן יאָרהונדערט, איז אַנטשטאַנען גראָד דעמאָלט, ווען דאָס בירגערטום האָט געשעפּט בשפע פון די פילאָסאָפישע מקורים פון זיין צייט און אָנגעמערקט אַ נייעם פּלאַן פון פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. שטאַרק מיט זיין וויסן, פול מיט פאַרלאַנג דורכצופירן זיינע פּלענער, האָט עס דערפילט זיך בכוח צו פאַרכאַפּן דעם רעגירונגס=רודער, אָפּנעמען אים ביי די איידל=לייט, וואָס האָבן דערפירט די מלוכה צו פולקומער הורבה. אָבער מיט זייערע אייגענע כוחות בלויז וואָלט דאָס בירגערטום מיט די געבילדעטע שיכטן גאָר=ניט געקענט אויפטאָן, ווען די פּויערים=מאַסע זאָל ניט געווען אויפגערודערט ווערן דורך אַ גאַנצער ריי אומשטענדן און אויפשטאַנדן, וועלכע האָבן געדויערט שוין פיר יאָר נאָכאַנאַנד. זיי האָבן עס מעגלעך געמאַכט, אַז די אומצופרידענע צווישן די מיטעלע קלאַסן זאָלן מנצח זיין דעם קיניג מיטן הויף, אַראָפּוואַרפן די אַלטע אָרדענונג און לגמרי ענדערן דעם פּאָליטישן בוי פון דער מלוכה.

די געשיכטע פון דער דאָזיקער צווייִקער באַוועגונג דאַרף ערשט אָנגעשריבן ווערן. די געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז כסדר אַרומגערעדט געוואָרן פונם שטאַנדפונקט פון כלערליי פּאַרטייען; אָבער עד=היום האָבן די היסטאָריקער זיך דער עיקר פאַרנומען מיט דערציילן די פּאָליטישע געשיכטע, די געשיכטע פון די נצחונות פונם בירגערטום איבער דער הויף=פּאַרטיי און איבער די באַשיצער פון דער אַלטער מאָנאַרכיע. דעריבער קענען מיר גוט די אינטעלעקטועלע באַוועגונג, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר דער רעוואָלוציע. מיר קענען די פּרינציפּן, וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט=ראָלע אין דער רעוואָלוציע און האָבן געפונען אַן אויסדרוק אין איר געזעצגעבערישער אַרבעט; מיר ווערן נתפעל פון די גרויסע אידעען, וואָס זי האָט געוואָרפן אין דער וועלט און וואָס דאָס נייַנצנטע יאָרהונדערט האָט שפּעטער

פּרובירט פאַרווירקלעכן אין די ציוויליזירטע לענדער. מיט איין וואָרט, די פּאַרלאַמענטאַרישע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, איר מלחמה, איר פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע האָט מען אויסגעפאָרשט און דערציילט אין אַלע אירע פּרטים. אָבער די פ אָ ל ק ס = ג ע = ש י כ ט ע פון דער רעוואָלוציע דאַרף מען ערשט אָנשרייבן. מען האָט קיינמאָל נאָך ניט אויסגעפאָרשט, ניט געשילדערט גענוי די ראָלע פונם פאָלק אין דאָרף און שטאָט. פון די צוויי שטרע= מונגען, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע, איז די שטרעמונג פון געדאַנק באַקאַנט, אָבער די צווייטע שטרעמונג פון פ אָ ל ק ס= ט אַ ט האָט מען נאָך אפילו ניט אָנגעוואָרפן.

אונז, די קינדער פון יענע, וועלכע מען האָט בשעתם אָנגע= רופן „אַנאַרכיסטן", שטייט פאַר אויסצופאָרשן די דאָזיקע שטרע= מונג און בולט צו מאַכן לפּחות אירע עיקר=שטריכן.

## צווייטער קאַפּיטל

# די אידעע.

די מאָדערנע מלוכות. — די ווירקונג פון דער ענגלישער און אַמעריקאַנער רעוואָלוציע אויף דער פראַנצויזישער. — די לאַגע און די צילן פון דעם בירגערטום. — צענטראַליזאַציע פון דער מאַכט. — די שטעלונג פון די פויערים. — דער איינפלוס פון דער פילאָסאָפיע פונם 18טן יאָרהונדערט.

כדי גוט משיג צו זיין די אידעע, מיט וועלכער דאָס בירגערטום פון 1789 איז געווען דורכגעדרונגען, דאַרף מען זי אָפּשאַצן לויט די רעזולטאַטן אירע — די מאָדערנע מלוכות.

די קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות, וואָס מיר זעען איצט אין אייראָפּע, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אויסצושיילן סוף 18טן יאָרהונדערט. די צענטראַליזירטע מאַכט, וואָס איז ביים איצטיקן מאָמענט אַ לעבעדיקער אַפּאַראַט, האָט נאָך ווייט ניט געהאַט דערגרייכט צו היינטיקער שלמות און איינהייטלעכקייט. דער דאָזיקער שרעקלעכער מעכאַניזם, וואָס טרייבט אַריין אין באַוועגונג אַלע מלוכה=מענער און שליידערט אַריין אין געווירבל פון מלחמה די באַוואָפנטע לייט, כדי זיי זאָלן שפּרייטן חורבה אויף די פעלדער און אבלות אין די משפּחות, — בלויז דורך איין באַפעל, וואָס שטאַמט פון עפּעס אַ הויפּטשטאָט; די דאָזיקע לענדער, וואָס זיינען באַדעקט מיט אַ נעץ פון באַאַמטע, וועלכע ווערן אינגאַנצן אומפּערזענלעך צוליב זייער ביוראָקראַטישן שעבוד און הערן זיך מעכאַניש צו צו די באַפעלן, וועלכע שטאַמען פון עפּעס אַ צענטראַלן רצון; די דאָזיקע פּאַסיווע דכנעה פון די בירגער לגבי דעם געזעץ און דעם קולט פון רעכט, פּאַרלאַמענט, ריכטער און זיינע געהילפן; די דאָזיקע היעראַרכישע פּיראַמידע פון קרימינעלע באַאַמטע; די דאָזיקע נעץ שולן, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן און רעגירט דורך דער מלוכה, וואו מען קנעלט אַריין דרך=ארץ פאַר מאַכט און בלינדע געהאָרכזאַמקייט; די דאָזיקע אינדוסטריע, וואָס די רעדער אירע צעמורשטן דעם אַרבעטער, וועלכן די מלוכה האָט אָפּגעגעבן אויף הפקר; דער דאָזיקער מסחר, וואָס זאַמלט

צונויף אומגעהייערע עשירות אין די הענט פון יחידים, אייגנטימער פון ערד, גרובן און וועגן, דער מסחר, וואָס אויך די מלוכה לעבט פון אים; לסוף, די וויסנשאַפט, וואָס באַפרייט טאַקע דעם געדאַנק און פאַרהונדערטפאַכט די פּראָדוקטיווע כּוחות פון דער מענטשהייט, אָבער באַמיט זיך אַגב אונטערוואַרפן זיי דעם רעכט פון שטאַרקערן און דער מלוכה, — דאָס אַלץ האָט ביז דער רעוואָלוציע ניט עקסיסטירט.

שוין לאַנג, נאָך איידער די ערשטע סימנים פון דער רעוואָ-לוציע האָבן אָנגעזאָגט די איבערקערעניש, האָט די פראַנצוי-זישע בורזשואַזיע, דער דריטער שטאַנד געשאַפן דעם פּחד פאַר דעם דאָזיקן פּאָליטישן אָרגאַניזם, וואָס האָט געזאָלט זיך אַנט-וויקלען אויף די חורבות פון דער פעאָדאַלער מלוכה. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז די ענגלישע רעוואָלוציע האָט מיטגעווירקט, מען זאָל משיג זיין די ראָלע, וואָס עס איז באַשערט דער בורזשואַזיע צו שפּילן אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיכער איז אויך, אַז די רעוואָ-לוציע אין אַמעריקע האָט אַרויסגערופן די ענערגיע פון די ביר-גערלעכע רעוואָלוציאָנערן אין פראַנקרייך. אָבער שוין אָנהייב 18טן יאָרהונדערט איז דאָס פאָרשן די מלוכה און די קאָנסטיטוציעס פון פּאָליטיש-אַנטוויקלטע געזעלשאַפטן, וועלכע זיינען זיך סומך אויף דעם ווילן פון פאָרשטייער, געוואָרן אַ דאַנק יומען, האָבסן, מאָנ-טעסקיע, רוסאָ, וואָלטער, מאַבלי, ד'אַרזשאַן א. אַ. וו. אַ באַליבטער ענין, און טיורגאָ מיט אַדאַם סמיט האָבן נאָך פאַראייניקט דער-מיט דאָס פאָרשן עקאָנאָמישע פראַגן מיט דער אייגנטום-ראָלע אינם פּאָליטישן בוי פון דער מלוכה.

דערפאַר טאַקע איז נאָך לאַנג פאַרן אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע דער אידעאַל פון אַ צענטראַליזירטער און גוט איינ-געאָרדנטער מלוכה, וואָס ווערט רעגירט דורך קלאַסן, וועלכע פאַרמאָגן ערד אָדער אינדוסטריעלע אַנשטאַלטן, אָדער פאַרנעמען זיך מיט ליבעראַלע פּראָפעסיעס, אָנגעזאָגט און אויסגעטייטשט געוואָרן אין אַ גרויסער צאָל ביכער און בראָשורן, פון וועלכע מענטשן פון מעשים האָבן שפּעטער, בעת דער רעוואָלוציע, גע-שעפּט באַגייסטערונג, ענערגיע און באַגרינדונג.

דערפאר טאקע האט דאס פראנצויזישע בירגערטום, בעתן אריינטרעטן אין יאר 1789 אין דער רעוואלוציאנערער תקופה, גוט געוואוסט, וואס עס וויל. ס'איז אוודאי ניט געווען רעפובליקאניש — פונקט ווי עס איז נאך אפילו היינט ניט. דאך האט עס ניט גע-וואלט קיין ווילקירלעכע מאכט פונם קיניג, קיין רעגירן פון פירשטן און הויף, קיין זכיות פון איידללייט, וואס האבן פארכאפט די בעסטע פאסטנס אין דער רעגירונג, און זיינען מסוגל געווען בלויז צו באגזלענען די מלוכה, ווי זיי האבן באגזלט זייערע ריזיקע גיטער, אנשטאט צו פירן אין זיי א ליטישע ווירטשאפט. עס איז געווען רעפובליקאניש לויטן געפיל, די בעסטע פון זיי האבן געשטרעבט צו רעפובליקאנישער פשטות אין די זיטן — ווי אין די רעפובליקן אין אמעריקע, וואס זיינען גראד דעמאלט אנטשטאנען, — אבער ביי דעם אלעם איז עס אויך געשטאנען אויפן שטאנדפונקט פון הערשאפט פון די פארמעגלעכע קלאסן.

עס איז גיכער געווען פריידענקעריש, ווי אטעיִסטיש, און האט קיין שום געפיל פון שנאה צום קאטוילישן קולט ניט געפילט. דערפאר האט עס פיינט געהאט די קירך מיט איר היע-ראַרכיע, מיט די בישאפן, וואס פאראייניקן זיך מיט די פירשטן און פראבסטן, וועלכע זיינען געווארן א הכנעהדיק כלי-זיין אין די הענט פון די איידללייט.

דאס בירגערטום פון 1789 האט פארשטאנען, אז עס איז געקומען אין פראנקרייך די צייט — ווי מיט הונדערט און פערציק יאר פריער אין ענגלאנד — ווען דער דריטער שטאנד איז בכוח צו פארכאפן די מאכט, וועלכע גליטשט זיך ארויס פונם קיניגס הענט; עס האט געוואוסט, וואס עס האט געוואלט מיט איר טאן.

זיין אידעאל איז געווען צו געבן פראנקרייך א קאנסטיטוציע, לויטן מוסטער פון דער ענגלישער. דער קיניג האט באדארפט זיין בלויז א קאנטראל-ארגאן, האט געזאלט. האלטן אפטמאל אין גלייכ-געוויכט אין עצם קעגנזעצלעכע כוחות, אבער דער עיקר סימבא-ליזירן די נאציאנאלע איינהייט. וואס שייך דער אמתער מאכט, האט זי באדארפט איבערגעגעבן ווערן דעם פארלאמענט, וואס

שטאמט פון וואלן, אין וועלכן דאָס געבילדעטע בירגערטום, וואָס רעפּרעזענטירט דעם אקטיוון און דענקענדיקן טייל פונם פאָלק, וואָלט געהאט די בכורה איבער די איבעריקע.

גלייכצייטיק איז דער אידעאל פונם בירגערטום געווען אָפּצושאפן אַלע לאָקאַלע אָדער ספּעציעלע מאכטן, וואָס זיינען געווען אווטאָנאָמיש, קאָנצענטרירן די גאנצע רעגירונגס=קראפט אין דער האנט פון אַ צענטראַלער אויספיר=מאכט, וואָס געפינט זיך אונטער אַ גענייער השגחה פונם פארלאמענט און וועלכע די גאנצע מלוכה האָרכט בלינד; די דאָזיקע מאכט וואָלט געהאט ביי זיך אין דער האנט אַלץ: די שטייערן, די געריכטן, די פּאָליציי, דאָס חייל, די שולן, דאָס אַלגעמיינע רעגולירן דעם מסחר און די אינדוסטריע — מיט איין וואָרט אַלץ! איבעריקנס, האָט מען באַדאַרפט פאַרעפנטלעכן פולקומע פרייהייט פון האנדלס=אָפּמאכן און גלייכצייטיק געבן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פרייע הענט אויפן געביט פון עקספּלאָאטירן די נאטירלעכע רייכטימער, ווי אויך אויסנוצן די אַרבעטער, וואָס זיינען פון איצט אָן אָפּגעגעבן געוואָרן אויפן חסד און אומחסד פון דעם אַרבעטסגעבער.

דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט אָפּגעגעבן ווערן אונטער דער השגחה פון דער מלוכה, וואָס וואָלט געווען מיטגעהאָלפן, אַז פּריוואַטע יחידים זאָלן נתעשר ווערן און אָנזאַמלען זיך ריזיקע פאַרמעגנס. דער דאָזיקער זאך האָט דאָס דעמאָלטיקע בירגערטום צוגעשריבן אַ גרויסע באַדייטונג, מחמת דאָס צונויפרופן אפילו די גענעראַל=שטאַטן האָט אייגנטלעך געהאט אַלס ציל אויסצומיידן די פינאַנסיעלע חורבה פון דער מלוכה.

וואָס נוגע ווידער עקאָנאָמישע פראגן, איז די אידעע פון די מלוכה=לייט פונם דריטן שטאנד אויך אין דער דאָזיקער ריכטונג קלאָר געווען. דאָס פראנצויזישע בירגערטום האָט געלייענט און שטודירט טיורגאָ און אדאַם סמיטן, די גרינדער פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. עס האָט געוואוסט, אַז אין ענגלאַנד האָט מען זייער שיטה שוין לאַנג אָנגעווענדט און האָט מקנא געווען די שכנים פון דער קעגנאיבערדיקער זייט קאנאַל, הן מיט זייער ריזיקער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, הן מיט זייער פּאָליטישער

מאַכט. עס האָט געחלומט וועגן איינשאַפן ערד דורך דער גרויסער און קליינער בורזשואזיע, וועגן עקספּלאָאַטירן די ערד־אוצרות, וואָס זיינען ביי די איידעללייט און גלחים אין די הענט עד־היום געבליבן אומפּראָדוקטיוו. אין דער דאָזיקער שטרעבונג האָט עס געהאַט אַלס שותף די קליינע דאָרפס־בורזשואזיע, וואָס איז שוין געווען מעכטיק אין דאָרף. נאָך איידער די רעוואָלוציע האָט פּאַר־גרעסערט איר צאָל. עס האָט פאַראויסגעזען דעם גרויסן וואוקס פון דער אינדוסטריע מיט דער מאַסן־פּראָדוקציע פון סחורות מיט דער הילף פון מאַשינען, דעם מסחר מיט די מרחקים, דעם גרויספיר אויף מעבר־לים אינדוסטריע־פּראָדוקטן: די מערק אויפן מזרח, די גרויסע אונטערנעמונגען — און די ריזיקע פאַרמעגנס.

עס האָט געוואוסט, אַז אויב מען וויל דאָס אַלץ דערגרייכן, מוז מען קודם־כל צערייסן די שטריק, וואָס בינדן דעם פּויער צו צום דאָרף. מען האָט אומבאַדינגט באַדאַרפט האָבן, אַז ער זאָל פריי קענען פאַרלאָזן זיין כאַטע, ער זאָל זיין אַפילו דערצו גע־צוואונגען, ער זאָל מוזן עמיגרירן אין די שטעט זוכן דאָרט אַר־בעט, און בייטנדיק דעם באַלעבאָס, אַריינטראָגן גאָלד אין דער אינדוסטריע, אַנשטאָט דעם צינז, וואָס עס איז מיר פריער אויסגע־קומען צו צאָלן דעם גוטבאַזיצער; דער צינז איז געווען פאַרן פּויער אַ לאַסט, הגם דעם פּריץ האָט ער בכלל אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ קליינע הכנסה. מען האָט לסוף באַדאַרפט מאַכן אַן אָרדע־נונג אין די פינאַנסן, שטייערן, וואָס וואָלטן דעמאָלט מער אַריינ־געבראַכט, הגם עס וואָלט זיי לייכטער געווען צו צאָלן.

מיט איין וואָרט, מען האָט באַדאַרפט האָבן דאָס, וואָס די עקאָנאָמיסטן רופן אָן פּרייע אינדוסטריע און האַנדל. דאָס האָט געהייסן פון איין זייט — באַפּרייען די אינדוסטריע פון אונטער דער השגחה פון דער מלוכה, וואָס שיקאַנירט און טויט אַלץ אָפּ, און פון דער צווייטער זייט — דאָס דערגרייכן פרייהייט אינם עקספּלאָאַטירן דעם אַרבעטער, וועלכער פאַרמאָגט ניט די דאָזיקע פרייהייט. קיין שום פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קיין שום געזעלן־געזעלשאַפטן, קיין שום צעכן אָדער מייסטערייען, וואָס וואָלטן זיין אַ אָפּהאַלט קעגן דעם עקספּלאָאַטירן מצד דעם באַלעבאָס;

אויך קיין שום השגחה מצד דער מלוכה, וואָס שטערט דער אינדוסטריע; קיין שום אינערלעכער אַפּצאָל — און שטרענגער פאַר־באָט פון ארבעטער־„פאַרבאַנדן". איינערליי געבן אומבאַגרענעצטע עקאָנאָמישע פרייהייט, אַנדערע — אוממעגלעך מאַכן דאָס פאַר־אייניקן זיך!

אָט אַזוי האָט אויסגעזען דער טאָפּלטער פּלאַן, וואָס דאָס בירגערטום האָט געהאַט אויפן אויג. קוים האָט זיך געמאַכט די געלעגנהייט דעם פּלאַן דורכצופירן, איז עס שטאַרק, ביי זיך מיט בקיאות, מיט דער קלאָרקייט פון שטרעבונגען, פלינקייט צו „גע־שעפט", צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע אָנשווינגען אין דער געזעצגעבונג, ניט אָפּשטעלנדיק זיך ניט אויף קיין אַלגעמיינע, ניט אויף קיין איינצלנע פראַגן. און גענומען האָט עס זיך דערצו באַוואוסטזיניק און קאָנסעקווענט, אַ זאַך, וואָס דאָס פאָלק האָט קיינמאָל ניט פאַרמאָגט, מחמת עס האָט זיך ניט אויסגעאַרבעט קיין אידעאַל, וועלכן עס זאָל קענען אַנטקעגנשטעלן דעם אידעאַל פון די הערן פונם דריטן שטאַנד.

עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען אַן עוולה, ווען מיר זאָלן זאָגן, אַז דאָס בירגערטום פון יאָר 1789 האָט געהאַט אויס־שליסלעך ענגהאַרציקע און עגאָיסטישע אינטערעסן. ווען עס זאָל אַזוי געווען זיין, וואָלט עס קיינמאָל אין זיינע אויפגאַבן ניט מצליח געווען. כדי גרויסע שינויים זאָלן זיך איינגעבן, דאַרף מען אַלעמאָל האָבן אַ ברעקל אידעאַל אויך. די בעסטע פאָרשטייער פונם דריטן שטאַנד האָבן אין דער אמתן געטרונקען פון דעם דערהויבענעם קוואַל — וואָס עס איז געווען די פילאָסאָפיע פונם XVIIIטן יאָרהונדערט, וועלכע האָט אין זיך אַנטהאַלטן שוין אַלע שפּעטערדיקע אידעען אין אַ עמבריאָנעלער פאָרם. דער העכסט־ווויסנשאַפטלעכער גייסט פון דער דאָזיקער פילאָסאָפיע, איר כאַ־ראַקטער — ניט געקוקט אויפן חוזק מאַכן פון דער קאָנווענציאָ־נעלער מאָראַל — איז לויט איר תוך געווען מאָראַליש, איר אמונה אין שכל, קראַפט און גרויסקייט פונם פרייען מענטשן. וואָס וועט לעבן אין אַ סביבה פון גלייכע, איר שנאה צו די דעספּאָטישע אַנשטאַלטן — דאָס אַלץ געפינען מיר ביי די רעוואָלוציאָנערן פון

דער דאָזיקער תקופה. פון וואַנען־זשע, אז ניט פון איר, האָבן זיי געשעפּט די איבערציינגונגס־קראַפט מיטן מסירות־נפש, וואָס זיי האָבן אַנטפּלעקט אין זייער קאַמף. מען מוז אויך מודה זיין, אַז אפילו צווישן יענע, וואָס האָבן צוממערסט געאַרבעט איבערן פאַר־ווירקלעכן דעם פּראָגראַם פון רייך מאַכן דאָס בירגערטום, האָבּ זיך געפונען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן אויפריכטיק געגלויבט, אַז דאָס נתעשר מאַכן פּריוואַטע יחידים — איז דאָס בעסטע מיטל, דאָס גאַנצע פאָלק זאָל ווערן רייך. די גרעסטע עקאָנאָמיסטן מיטן סמיטן בראש האָבן דאָך עס געפּריידיקט פון איבערציייגונג.

הגם די אַבסטראַקטע אידעען פון פרייהייט, גלייכהייט און פרייע מעשים, מיט וועלכע די אמתע קעמפער פונם בירגערטום אין 1789 — 93 זיינען געווען דורכגעדרונגען, זיינען אָן שום ספק דערהויבענע, — דאָך מוזן מיר זיי אָפּשאַצן לויט זייער פּראַקטישן פּראָגראַם, לויטן אָנווענדן זייער שיטה אין לעבן. דורך וואָסערע פאַקטן ווערט די אַבסטראַקטע אידעע רעאַ־ליזירט אין לעבן? אָט־דאָס איז דער אמתער מאַסשטאַב.

אויב מען מוז למען האמת, אַלזאָ, מודה זיין, אַז דאָס בירגערטום פון 1789 האָט געהאַט אין זיך אידעאַלן פון פרייהייט, גלייכהייט (לגבי דעם געזעץ), פּאָליטישע און רעליגיעזע באַפרייונג— איז דאָך אָבער אויך אמת, אַז די דאָזיקע אידעען האָבן געפונען אָן אויסדרוק, ביים רעאַליזירט ווערן, אין דעם טאָפּלטן פּראָגראַם, וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעוואָרפן. אין דעם דאָזיקן פּראָגראַם זיינען אריינגעגאַנגען — די פרייהייט פון געניסן פון דער נאַטור אין אַלע פאָרמען, כדי צו קענען פּערזענלעך נתעשר ווערן, ווי אויך די פרייהייט פון עקספּלאָאַטירן די מענטשלעכע אַרבעט אָן עפּעס אָן ערבות פאַר די קרבנות פון דער עקספּלאָאַטאַציע, ווי אויך דאָס אָרגאַניזירן די פּאָליטישע מאַכט פון בירגערטום, וואָס האָט אים לגמרי פאַרזיכערט די פרייהייט פון אָט־אָ־דער עקספּלאָ־אַטאַציע. מיר וועלן אינגיכן זיך דערוויסן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע קאַמפן עס האָבן זיך אַנטוויקלט אין 1793, בעת אַ געוויסער טייל רעוואָלוציאָנערן האָט געוואָלט אַרויס מחוץ דעם דאָזיקן פּראָגראַם.

# דריטער קאַפּיטל

## טאָט.

רעוואָלוציע און סאָציאַליזם. — גלייכע רעכט פון אַלעמען אויף ערד. — קאָמוניזם. — דאָס פאָלק פאַרשטייט ניט גוט די לאַגע. — די שנאה פון פאָלק צו דער אַריסטאָקראַטיע און די גלחים. — דער האַס צום פעאָדאַלים. — דאָס פאָלק איז גרייט צום קאַמף.

און דאָס פאָלק? וואָסער אידעע האָט עס געהאַט? דאָס פאָלק איז אויך אין אַ געוויסער מאָס אַרונטערגעפאַלן אונטער דער פילאָסאָפיע פון דעם יאָרהונדערט. אויף טויזנטער אומדירעקטע אופנים זיינען די גרויסע פּרינציפּן פון פרייהייט און באַפרייונג אַריינגעדרונגען אַזש אין דאָרף אַריין און אין די אַר־בעטער־קוואַרטאַלן פון די גרויסע שטעט. דאָס דרך־ארץ האָבן פאַר דעם קיניגלעכן מאַיעסטעט און פאַר דער אַריסטאָקראַטיע האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן. די אידעען פון גלייכהייט זיינען אַריין אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלעך. דער רעיון וועגן מרידה האָט אומגעבלאָנדזשעט אין די מוחות. די האָפענונג וועגן אַ שינוי גאָר בקרוב האָט ניט איינמאָל געמאַכט קלאַפּן שטאַרקער די הערצער אַפילו פון די גרעסטע בעלי־הכנעה. „איך ווייס ניט, וואָס עס וועט געשען, אָבער עפּעס מוז געשען און דערצו גאָר בקרוב", — האָט אין 1787 עפּעס אַן אַלטע פרוי געזאָגט צו אַרטור יונגן, וואָס האָט ערב דער רעוואָלוציע געמאַכט אַ נסיעה איבער פראַנק־רייך. דער דאָזיקער „עפּעס" האָט געמוזט ברענגען אַ ביסל דער־לייכטערונג דער נויט פונם פאָלק.

די לעצטע צייט האָט מען באַהאַנדלט די פראַגע, צי די באַוועגונג, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר דער רעוואָלוציע און די רעוואָלוציע גופא, האָבן אַנטהאַלטן אין זיך עלעמענטן פון סאָציאַליזם. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, האָט דאָס וואָרט „סאָציאַליזם" ניט עקסי־סטירט, מחמת עס איז ערשט נולד געוואָרן אין דער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט. די אידעע פון מלוכה־קאַפּיטאַליזם, ביז וועלכן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טייל פונם גרויסן סאָציאַליסטישן לאַגער

וויל איצט באַגרעניצן דעם סאָציאַליזם, האָט באמת ניט געהאַט אַזאַ גרויסע אייבערוואָג, ווי היינט, מחמת די באַשאַפער פונם סאָציאַל=דעמאָקראַטישן „קאָלעקטיוויזם״ האָבן געשריבן ערשט — ווידאַל און פּעקער — צווישן 1840 און 1849. בעת מיר לייענען אָבער היינט די ווערק פון יענע שרייבער, וואָס זיינען געווען די אָנזאָגער פון דער רעוואָלוציע, וואַרפט זיך אונז אין די אויגן אַריין, ווי דורכגעדרונגען זיי זיינען געוואָרן מיט די אידעען, וועלכע זיינען דער מהות פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם.

די צוויי עיקר=געדאַנקען — גלייכהייט פון אַלע בירגער אין זייערע רעכט אויף ערד און דאָס, וואָס הייסט היינט ק אָ מ ו נ י ז ם— האָבן באַקומען . אַנטשלאָסענע אָנהענגער צווישן די ענציקלאָ=פּעדיסטן און די פּאָפּולערסטע שרייבער פון דער צייט, ווי מאַבלי, ד׳אַרזשאַנסאָן און אַ סך אַנדערע, ווייניקער באַוואוסטע. ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך,* אַז דער געדאַנק פון די פילאָסאָפן האָט זיך געווענדט אין דער ריכטונג פון ג ע מ יי נ ז אַ מ ע ן  ע ר ד = ב אַ ז י ץ, און שפּעטער האָבן זיך דערמיט פאַרנומען די רעוואָלוציאָנערן פונם XVIIIטן יאָרהונדערט, מחמת די גרויסע אינדוסטריע האָט זיך דעמאָלט נאָך געפונען אין די וויקעלעך, און קאַפּיטאַל אין פולן זין פון וואָרט, דער עיקר כלי=זיין פון עקספּלאָאַטירן די מענטשלעכע אַרבעט איז דעמאָלט געווען ד י  ע ר ד, און ניט די פאַבריק, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן ווערן. עס האָט דאָך שוין מאַבלי, וואָס האָט געהאַט אַ סך אַ גרעסערע השפּעה פון רוסאָ אויף די מענטשן פון דער רעוואָלוציע, שוין אין 1786 געפאָ=דערט * גלייכע רעכט פאַר אַלע אויף ערד און קאָמוניסטישן באַזיץ. אויך דאָס רעכט פונם פאָלק אויף דעם גאַנצן ערד=באַזיץ, ווי אויך אויף אַלע נאַטירלעכע רייכטימער — וועלדער, טייכן, וואַסערפאַלן וכדומה — איז געווען די באַליבטע אידעע פון די אָנזאָגער פון דער רעוואָלוציע און פונם לינקן פליגל רעוואָלוציאָנערן אין דער צייט פונם היסטאָרישן שטורעם גופא.

* „Doutes sur l'ordre naturel et essentiel de sociétés“ — געדאַנקען וועגן נאַטירלעכן און וועזנטלעכן סדר פון די געזעלשאַפטן.

לײדער, האָבן די דאָזיקע קאָמוניסטישע שטרעמונגען קײן קלאָרע קאָנקרעטע פאָרמען בײ די דענקער, וואָס האָבן געמײנט דעם פאָלקס טובה, ניט באַקומען. בעת די באַפרײונגס=אידעען האָבן בײ דעם געבילדעטן בירגערטום געפונען אַן אויסדרוק אין אַ פולן פראָגראַם וועגן דער פאָליטישער אוןווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, האָט מען דעם פאָלק די אידעען פון עקאָנאָמישער באַפרײונג און רעאָרגאַניזאַציע פאָרגעשטעלט בלויז אין דער פאָרם פון אומבאַשטימטע שטרעבונגען. אָפטמאָל איז געגאַנגען בלויז אין פשוטע נעגאַטיווע זאַכן. יענע, וואָס האָבן גערעדט צום פאָלק, האָבן זיך ניט געגעבן קײן מי צו באַשטימען די קאָנקרעטע פאָרם פון רעאַליזירן די דאָזיקע פאַרלאַנגען אָדער נעגאַטיווע זאַכן. מען קען אַפילו מײנען, אַז זײ האָבן עס בכיוון אויסגעמיטן. באַוואוסטזיניק, צי נײן, האָבן זײ געטענהט: „צו וואָס דערצײלן דעם פאָלק אַ מעשה וועגן דעם אופן, ווי עס וועט זיך שפעטער אָרגאַניזירן! דאָס וואָלט אָפּגעקילט זײן רעוואָלוציאָנערע ענערגיע. זאָל עס נאָר האָבן די אָנגרײפס=ענערגיע, כדי צו גײן שטורעמען די צעפוילטע אַנשטאַלטן! שפעטער וועלן מיר שוין זען, ווי אַזוי עס אײנצואָרדענען".

וויפל סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן האַלטן זיך נאָך הײנט אַפילו בײ דעם מעטאָד! זײ האַלטן פאַר נײטיק צוצואײלן אומגעדולדיק דעם טאָג פון מרידה, געפינען זײ דערײבער אײן יעדער מין טעאָריע, יעדער מין שײן, וואָס ווערט געוואָרפן אויף די אײנריכטונגען פון דער רעוואָלוציע, פאַר אײנשלעפערנדיקע.

מען מוז אויך באַמערקן, אַז די עם=הארצות פון די שרײבער— דאָס רוב פיליסטערן און ביכער=לײט — האָט געבראַכט דערצו: אין דעם גאַנצן געזעמל פון געלערנטע און קענער פון „די ענינים", וואָס האָבן געשאַפן די נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג — יוריסטן, זשורנאַליסטן, סוחרים א.אַ.וו. — האָבן בלויז צוויי אָדער דרײ מיטגלידער געקענט דאָס פעאָדאַלע רעכט; מיר ווײסן אָבער, אַז אין דער פאַרזאַמלונג האָט זיך געפונען אַ קלײנער מיעוט פויערים=פאָרשטײער, וואָס וואָלטן פון אײגענער דערפאַרונג קענען און האָבן אַ ידיעה וועגן די נײטן פון דאָרף.

צוליב די אַלע טעמים האָט די אידעע פונם פאָלק זיך אויסגעדריקט דער עיקר בלויז אין געוויינלעכע נעגאַטיווע זאַכן. „לאָמיר פאַרברענען די ערד=פּנקסים, אין וועלכע עס זיינען פאַר=שריבן די פעאָדאַלע פליכטן! — נידער מיטן מעשר! נידער מיטן הער וועטאָ *! אויף די לאַמטערנס די אריסטאָקראַטן!" אָבער צו וועמען דאַרף געהערן די פרייע ערד? צו וועמען די ירושה נאָך די געקעפּטע אריסטאָקראַטן? צו וועמען די מלוכה=מאַכט, וואָס האָט זיך ארויסגעגליטשט פונם הער וועטאָס הענט און איז אין די הענט פון בירגערטום געוואָרן נאָך שרעקלעכער, ווי בעת די אַמאָליקע רעגירונגען?

די דאָזיקע אומקלאָרע פאַרשטעלונגען פונם פאָלק וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך געקענט ריכטן פון דער רעוואָלוציע, האָבן געלייגט זייער חותם אויף דער גאַנצער באַוועגונג. בעת דאָס ביר=גערטום איז זיך געגאַנגען מיט זיכערע טריט און פעסט זיך געלאָזן איינשטעלן די פּאָליטישע מאַכט אין דער מלוכה, וועלכע עס האָט בדעה געווען צו בויען לויט זיינע פּלענער — איז דאָס פאָלק געבליבן אומאַנטשלאָסן. דער עיקר האָט תחילת אין די שטעט דאָס פאָלק, דאַכט זיך, ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דער באַקומענער מאַכט, כדי צו האָבן פון איר עפּעס נוצן. בשעת די אידעען וועגן אַן אגראַר=געזעץ און פאַרמעגנס=אויסגלייך האָבן שפּעטער אָנגעהויבן קלאָר ווערן; זיינען זיי צעקלאַפּט געוואָרן אָן די פּאַראורטיילן וועגן אייגנטום, מיט וועלכע עס זיינען געווען דורכגעדרונגען אפילו די ערלעכע אָנהענגער פון דער פאָלקס=זאַך.

דערזעלבער אבן=נגף איז געווען אויך אין די פאַרשטעלונגען וועגן דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון דער מלוכה. מיר באַמערקן אים קודם=כל אינם קאַמף, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן די פּאַראורטיילן פון די דעמאָלטיקע דעמאָקראַטן וועגן רעגירן און די אידעען וועגן פּאָליטישער צענטראַליזאַציע, וואָס האָט געשטאַמט פון די מאַסן, וועלכע האָבן געשטרעבט צו פאַרזיכערן די שטאָט=פאַרוואַלטונגען, די אָפּטיילונגען אין די גרויסע שטעט און די דאָר=

* הער און פרוי וועטאָ — האָט מען גערופן דעם קיניג מיט דער קיניגין.

פישע פאַרזאַמלונגען אַ איבערוועגנדיקע ראָלע. פון דאַנען שטאַמט אויך אַ גאַנצע רײ בלוטיקע סיכסוכים, וואָס זיינען אויסגעבראָכן אינם קאָנווענט. פון דאַנען נעמט זיך אויך די אומזיכערקייט מיט די רעזולטאַטן פון דער רעוואָלוציע פאַר דער גרויסער פאָלקסמאַסע, אחוץ אפשר דער ערד, וואָס מען האָט צוגענומען ביי די וועלטלעכע און גייסטלעכע פּריצים און באַפרייט פון די פעאָדאַלע פליכטן.

אויב אָבער די אידעען פונם פאָלק זיינען געווען אומבאַשטימט אין פּאָזיטיוון זין, זיינען זיי דערפאַר געווען הונדערט מאָל קלערער בנוגע נעגאַטיווע פראַגן.

קודם=כל די שנאה פונם אביון צו דער גאַנצער פוילער, פוסט=און=פּאַסיקער, פאַרדאָרבענער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט איבער אים געוועלטיקט, בעת די ביטערע נויט האָט געהערשט אין דאָרף און אין די חושכדיקע ווינקעלעך פון די גרויסע שטעט. שפּעטער, די שנאה צו די גלחים, וואָס האָבן גיכער געהאַט נטיות צו דער אַריסטאָקראַטיע, ווי צום פאָלק, וואָס האָט זיי געשפּייזט. די שנאה צו אַלע אַנשטאַלטן פונם אַמאָליקן פראַנקרייך, וואָס האָבן געמאַכט נאָך גרעסער דעם דלות און אָפּגעזאָגט דעם אָרעמאַן אין מענטשלעכע רעכט. די שנאה צום פעאָדאַלן סיסטעם און צו זיינע פליכטן, וואָס מאַכן פונם פּויער אַן עבד ביים פּריץ, הגם קיין פּערזענלעכע קנעכטשאַפט האָט שוין ניט עקסיסטירט. לסוף, דער דער יאוש פונם פּויער, וואָס האָט אין די יאָרן פון שרעקלעכן יקרות זיך געמוזט צוקוקן, ווי די ערד בלייבט ביים פּריץ אין די הענט ניט באַאַרבעט אָדער דינט אים פאַר אַ פאַרוויילונגס=אָרט, בעת דער הונגער הערשט אין דאָרף.

די דאָזיקע שנאה, וואָס האָט זיך געצייטיקט פון אַ לענגערער צייט אָן, איז געוואָרן אַלץ בולטער, בעת דער עגאָיזם פון די גבירים האָט אין משך פונם XVIIIטן יאָרהונדערט, צוזאַמען מיט דעם הונגער נאָך ע ר ד און דעם געשריי פונם אויסגעהונגערטן און אויפן פּריץ אויפגעבראַכטן פּויער, וועלכן מען האָט צו דער ערד ניט צוגעלאָזט, — אויפגעוועקט אין אים דעם גייסט פון מרידה שוין אין יאָר 1788. די זעלבע שנאה און די באַדערפע=

נישן — מיט האפענונג אויף ערפאלג — האבן ארויסגערופן אין די יארן 1789—1793 אומאויפהערלעכע פויערים־אומרועז, — אומ־רועז, וואס האבן מעגלעך געמאכט דעם בירגערטום אראפצוזעצן די פריערדיקע מאכט און ארגאניזירן זיין מלוכה־מאכט אונטער א נייער פארם פון א פארלאמענטארישער ארדענונג.

אן די דאזיקע מרידות, אן דעם פולקומען דעזארגאניזירן די מאכט אויף דער פראווינץ, וואס איז געווען א פועל־יוצא פון די אומאויפהערלעכע אומרועז; אן דער גרייטקייט פון דער פאריזער פאלקסמאסע, צוזאמען מיט אנדערע שטעט זיך צו באוואפענען און זיך לאזן אויף די פעסטונגען פון קיניגרייך — אלעמאל ווען די רעוואלוציאנערן האבן זיי גערופן, וואלט דאס בירגערטום, אן שום ספק, קיין זאך ניט געווען דערגרייכט. אבער דווקא דעם דאזיקן לעבעדיקן מקור פון דער רעוואלוציע — דעם פאלק, וואס איז גרייט געווען זיך צו נעמען פארן געווער, האבן די היסטאריקער פון דער רעוואלוציע נאך ניט אפגעגעבן דעם גערעכט, וואס עס קומט אים ביי דער געשיכטע פון דער ציוויליזאציע.

---

## פערטער קאפיטל

# דאס פאלק פאר דער רעוואלוציע.

די לאגע פון פאלק פאר 1789. — דער אומגעהייערער לוקסוס פון די אריסטאקראטן. — די ארעמקייט פון די פויערים. — דאס אויפקומען פון א באטיטלטן פויערים-קלאס.

עס וואלט איבעריק געווען זיך דא אפצושטעלן גענוי און באשרייבן דעם מצב פון די פויערים אין דארף און די ארעמע באפעלקערונג אין די שטעט ערב דעם יאר 1789. דעם דאזיקן ענין האבן אלע היסטאריקער פון דער גרויסער רעוואלוציע געווידמעט גאנץ וויכטיקע אויספירן. דאס פאלק האט געקרעכצט אונטער דעם יאך פון די שטייערן, וואס די מלוכה האט פאראויס פון זיי אויפגעמאנט, פונם צינז, וואס מען האט געצאלט דעם פריץ, פון דעם מעשר, וואס די גלחים האבן גענומען, און פון דער ארבעט, וואס די אלע דריי ארגאנען האבן אויף זיי ארויפגעלייגט. די גאנצע באפעלקערונג איז אין א סך ערטער פארמשפט געווארן צו גיין איבער די הייזער און איז דורכגעגאנגען די וועגן אין דער צאל פון פינף, צען, צוואנציק טויזנט מאנסלייט, פרויען און קינדער אין יעדער פראווינץ: א מיליאן מיט הונדערט טויזנט בעטלער האט מען אפיציעל פארצייכנט אין יאר 1777. אין דארף איז דער הונגער געווארן א כראנישע זאך; נאך קליינע הפסקות האט ער זיך ווידער אומגעקערט און עוקר מן השורש געווען גאנצע פראווינצן: דעמאלט זיינען די פויערים מאסנווייז אנטלאפן פון זייערע פראווינצן, אין דער האפענונג, וועלכע האט זיי אפטמאל גענארט, אז ערגעץ-אנדערש וועלן זיי געפינען בעסערע באדינגונגען. גלייכצייטיק איז די צאל ארעמעלייט אין די שטעט געוואקסן פון יאר צו יאר. עס האט כסדר זיך געפילט א מאנגל אין ברויט, און היות די שטאט-פארוואלטונגען זיינען לחלוטין ניט בכוח געווען צו באזארגן די מערק מיט שפייז-ארטיקלען, זיינען די הונגער-אומרוען, וועלכע עס האבן תמיד באגלייט אומרוען, געווארן א דויערהאפטע דערשיינונג אינם לעבן פון דער מלוכה.

פון דער צווייטער זייט ווידער איז געווען די ראפינירטע אריסטאָקראטיע פונם XVIIIטן יאָרהונדערט, וואָס האָט אין אויס־געלאסענער און אומזיניקער פּזרנות אויסגעגעבן ריזיקע געלטער — הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פראנק א יאָר. ס'קען זיין, אז עפּיס א טען איז איצט מסוגל אריינצופאלן אין התפּעלות פון דעם דאָזיקן לעבן, וואָס ער קען בלויז פונדערווייטנס, אויף א מרחק פון א יאָרהונדערט, און דערצו נאָך פון ביכער ארויס, אָבער אין דער אמתן האָט אחוץ די אויסערלעכע פּאָרמען, וואָס זיינען געוואָרן איינגעשטעלט דורכן טאנצמייסטער און שרייענדיקער אויסבערענ־גערייַ, זיך געלאָזט באַמערקן בלויז די גראָבסטע תאווה, אומאינ־טערעס, געדאַנקענלאָזיקייט, אפילו מאנגל אין די פּשוטסטע מענטשלעכע געפילן, דעריבער טאָקע האָט אלע רגע די לאנגוויל געקלאָפּט אין דער טיר אריין פון די דאָזיקע גבירים, און בחינם, פארשטייט זיך, האָבן זיי געזוכט קעגן איר מיטלען, אפילו די נאַרישסטע און קינדישסטע.

איבעריקנס, האָט מען זיך געגוג איבערצייגט, וואָס די ארי־סטאָקראטיע איז ווערט געווען, בעת די רעוואָלוציע איז אויס־געבראָכן און בעת די אריסטאָקראטן, וועלכע האָבן קנאַפּ געדאנגהט זועגן „זייער" קיניג און „זייער" קיניגין, האָבן בחיפּזון אויסעמיגרירט און גערופן א פרעמדע אינוואזיע, וואָס זאָל זיי באַשיצן פון דעם אויפגעשטאנענעם פאלק. מען האָט געהאַט די געלעגנהייט אָפּצו־שאַצן זייער ווערט און „איידלקייט" אין די עמיגראנטן־קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך געבילדעט אין קאָבלענץ, בריסל, און מיטוי.

די דאָזיקע עקסטרעמיטעטן פון לוקסוס און דלות, וואָס זיינען אזוי אָפט אינם XVIIIטן יאָרהונדערט, זיינען גלענצנד באַ־שריבן געוואָרן דורך אלע היסטאָריקער פון דער גרויסער רעוואָ־לוציע. מען דאַרף אָבער דאָ נאָך צוגעבן איין כאראקטער־שטריך, וואָס לאָזט זיך דער עיקר איצט באַמערקן — ערב דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, — בעת מען קוקט זיך צו צום מצב פון די פּויערים אין רוסלאַנד.

די נויט פון דער גרויסער פּויערים־מאסע אין פראנקרייך איז אָן שום ספק געווען א שרעקלעכע. זי האָט זיך כסדר פאַר־

ערגערט פון לודוויק דעם XIVטן אָן, אָפּהענגיק פון דעם וואוקס פון די מלוכה=הוצאות און אַלץ גרעסערער ראַפינירטקייט פונם פריצישן לוקסוס, וואָס איז געוואָרן ממש עקסצענטריש, וועגן וואָס עס זאָגן אַזוי בולט עדות די זכרונות פון יענער תקופה. דער עיקר האָט דאָס געווירקט אויף דער אומדערטרעגלעכער הויטשינדעריי פון די פריצים, אַז אַ גרויסער טייל אײדללייט, וואָס איז באמת געווען רוינירט, אָבער פאַרבאָרגן דעם דלות אונטער דעם לפנימדיקן לוקסוס, האָט געטאָן כל=הפסלנות, אַבי ארויסצובאַקומען וואָס=מער פון די פויערים. זיי האָבן געפאָדערט פון זיי אַפילו די קלענסטע אָפּצאָלן און פליכטן אין נאַטור, וואָס עס איז בשעתו איינגעשטעלט געוואָרן על=פי מנהג, און מיט דער הילף פון אינטענדאַנטן זיך באַגאַנגען מיט זיי אַזוי שטרענג, ווי אמתע וואָכערערס. די פאַראָרעמונג פון די פריצים האָט גורם געווען, אַז זיי זיינען בנוגע די אונטערגעוואָרפענע לייט זייערע געוואָרן, ווי געלטגייציקע קליינבירגער. אָבער אחוץ דעם עקספּלאָאטירן די אַלטע זכיות, וואָס זיינען געווען אַ ירושה פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע, האָבן זיי קיין אַנדערע הכנסה=קוועלן ניט געקענט אויסזוכן. דעריבער געפינען מיר אין אַ טייל דאָקומענטן זיכערע שפּורן פון די פריצימס פאַרשאַרפטער הויט=שינדעריי אין משך פון לודוויק דעם XVIטנס 15 יאָר קיניגן, וואָס זיינען געווען האַרט פאַרן יאָר 1789.

אויב אָבער די היסטאָריקער פון דער גרויסער רעוואָלוציע מאָלן חושכדיקע בילדער פון דעם פויערים=מצב, וואָלט אַ טעות געווען פון דאַנען צו דרינגען, אַז אַנדערע געשיכטע=שרייבער, ווי, למשל, טאָקעוויל, וואָס ריידן וועגן דער פאַרבעסערטער לאַגע אין דאָרף אין די זעלבע יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע, זיינען ניט גערעכט. ס'איז אַ פאַקט, אַז אַ טאָפּלטע דערשיינונג איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין דאָרף: אַ מאַסן=פאַראָרעמונג פון די פויערים און פאַרבעסערונג פונם גורל פון אַ טייל דאָרפסלייט. מיר באַמערקן דאָסזעלבע זייער בולט היינט אין רוסלאַנד * זינט מען האָט אָפּגעשאַפט די לייבקנעכטשאַפט.

* דאָס בוך איז אַרויס אין יאָר 1909.

די פויערים־מאַסע איז געוואָרן פאַראָרעמט. פון יאָר צו יאָר איז די עקסיסטענץ אירע געוואָרן אַלץ מער אומזיכער; די קלענסטע טריקעניש האָט גורם געווען יקרות און הונגער. אָבער גלייכצייטיק האָט זיך געפונען אַ נייער פויערים־קלאַס, אַ פאַרמעגלעכער און אַמביציעזערער — דער עיקר דאָרט, וואו דאָס צעפּערטלען די פּריצישע גיטער איז פאָרגעקומען שנעלער. עס האָט זיך באַוויזן דער פאַרמעגלעכער פויער; ער איז עס מיט דעם דערנענטערן זיך פון דער רעוואָלוציע דער ערשטער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פעאָדאַלן רעכט און געפאָדערט, עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. דאָס האָט ער אין משך פון די פיר־פינף יאָר רעוואָלוציע געפאָדערט פאַרעקשנט, אַז די פעאָדאַלע פליכטן זאָלן באַזייטיקט ווערן אָן אויסקויף, ד. ה. קאָנפיסקאַציע פון די גיטער און פאַרצעלירן זיי. דאָס איז ער צוזאַמען מיט די אָרעמסטע פויערים אַרויסגעטראָטן אין 1793טן יאָר קעגן די אַזוי גערופענע cidevant, די אַמאָליקע איידעללייט, געוועזענע ערד־באַזיצערס.

דערווייל איז די האָפענונג, מיט דעם דערנענטערן זיך פון דער רעוואָלוציע, אַדאַנק דעם באַווייזן זיך פון דעם מין פויער וואָס האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אינם דאָרף, אַריין אין די הערצער און ס'איז צייטיק געוואָרן דער גייסט פון מרידות.

די גרונט־שטריכן פונם דאָזיקן אויפוועקן זיך זיינען קענטיק, מחמת פון 1786 אָן זיינען די אומרוען געוואָרן וואָס אַ מאָל אָפטערע. מען דאַרף נאָך מוסיף זיין, אַז אויב דער יאוש, וואָס האָט געשטאַמט פון דער נויט, האָט געשטויסן דאָס פאָלק צו אומרוען, האָט די האָפענונג צו באַקומען עפּיס הנחות געפירט אים צו רעוואָלוציע.

ווי אַלע רעוואָלוציעס, אַזוי אויך די רעוואָלוציע פון 1789, איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער האָפענונג צו באַקומען געוויסע גינסטיקע רעזולטאַטן.

---

## פינפטער קאפיטל

# דער גייסט פון מרידה; אומרוען.

דעפארמען אין אנהייב לודוויק דעם 16טנס הערשאפט. — טיורגא. — די רעוואלוציע אין אמעריקע. — די אויפשטאנדן אין די גרויסע שטעט. — דער פאריזער פארלאמענט אנטזאגט זיך צו געבן געלט פארן קיניגלעכן הויף. — לודוויק דער 16טער געצוואונגען צונויפצורופן די פארזאמלונג פון די אריסטאקראטן און די גענעראל-פארזאמלונג.

פונקט ווי יעדער רעגירן, אזוי האט אויך לודוויק דעם XVIטנס רעגירן זיך אנגעהויבן פון עטלעכע רעפארמעס. צוויי חדשים נאך זיין פארנעמען דעם טראן האט דער קיניג איינגע-לאדן אלס מיניסטער טיורגאן און אין א חודש ארום אים בא-שטימט אלס גענעראל-קאנטראלער איבער די פינאנסן. ער האט אים אפילו תחילת פארהאלטן, ניט געקוקט אויף דער העפטיקער אפאזיציע, וואס טיורגא אלס עקאנאמיסט, א שפארזאמער בורזשוא פון דער פוסט- און-פאסיקער אריסטאקראטיע, האט געמוזט אויס-שטיין מצד דעם הויף.

דער פרייער מסחר מיט תבואה *, וואס איז געמאלדן געווארן סעפטעמבער 1774, דאס אפשאפן די לייבקנעכטשאפט אין 1776, דאס באזייטיקן די אלטע קארפאראציעס און שטאט-צעכן, וואס האבן נאך געדינט אויף איינצוהאלטן א געוויסע אריסטאקראטיע אין דער אינדוסטריע, — די אלע מיטלען האבן געמוזט אויפוועקן אינם פאלק א געוויסע האפענונג אויף רעפארמעס. בעת זיי האבן נעבעך געזען, ווי די פריצישע שלאגבוימס זיינען געפאלן אין גאנץ פראנקרייך, נאכדעם, ווי זיי האבן געשטערט דעם פרייען תבואה-פארקער, דעם איבערפיר פון זאלץ און אנדערע נייטיקסטע זאכן, זיי-נען זיי געווארן מלא-שמחה, אז סוף-כל-סוף האט מען אנגעהויבן עובר זיין אויף די פארהאסטע פריצישע זכיות. די פארמעגלעכערע

---

* פריער האט אן ארענדאר ניט געקענט פארקויפן זיין תבואה אין משך פון דריי חדשים נאכן שנים. דאס האט געקענט בלויז טאן דער ערד-באזיצער; דאס איז געווען א פעאדאלע פריווילעגיע, וועלכע האט אים ערלויבט צו פאר-קויפן זיין תבואה פאר א גאר הויכן פרייז.

פויערים האָבן זיך אויך געפרייט, וואָס מען האָט באַזייטיקט די סאָלידאַרע אחריות פון אַלע מס-צאָלער *. לסוף, האָט מען אין אווגוסט 1779 אָפּגעשאַפט דאָס געזעץ פון דער טויטער האַנט און די פערזענלעכע לייבקנעכטשאַפט אין די קיניגלעכע גיטער, און אין אַ יאָר אַרום האָט מען זיך אַנטשלאָסן אָפּצושאַפן די לייב-עינויים, וואָס זיינען ביז אַהער אָנגעווענדט געוואָרן אינם קרימינעלן רעכט אין די שאַרפסטע פאָרמען, וואָס זיינען איינגעשטעלט גע-וואָרן לויט דער פאָראָרדענונג פון 1670טן יאָר **.

מען האָט אויך אָנגעהויבן ריידן וועגן אַ רעפּרעזענטאַציע-רעגירונג, ווי די ענגלענדער האָבן איינגעפירט ביי זיך נאָך זייער רעוואָלוציע און וואָס די פילאָסאָפישע שרייבער האָבן געוואָלט האָבן. טיורגאָ האָט שוין אַפילו צוגעגרייט צו דעם צוועק אַ פּלאַן פון פּראָווינציעלע פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן באַדאַרפט פאָרקומען פאַרן איינפירן אַ רעפּרעזענטאַציע-רעגירונג פאַר גאַנץ פראַנקרייך און פאַרן צונויפרופן דעם פּאַרלאַמענט, וואָס אַלע פאָרמעגלעכע קלאַסן זאָלן האָבן אויסגעוויילט. לוי דער XVIטער האָט זיך דער-שראָקן פאַר דעם דאָזיקן פּראָיעקט און געגעבן טיורגאָן דעמיסיע, אָבער מהיום והלאה האָט שוין דאָס גאַנצע געבילדעטע פראַנקרייך בסדר גערעדט וועגן קאָנסטיטוציע און פאָלקס-רעפּרעזענטאַנץ ***.

* אין רוסלאַנד האָט מען עס אָפּגעשאַפט ערשט אין 1906.

** די דעקלאַראַציע פונם 24טן סעפּטעמבער 1780. די שטראָף פון איבערפאָרן מיט רעדער האָט נאָך עקסיסטירט אין 1785. ניט געקוקט אויפן װאָלטעריאַניזם פון דער עפּאָכע און דעם אַלגעמיינעם לינדערן די זיטן, זיינען די פּאַרלאַמענטן געבליבן פאַרביסענע אָנהענגער און פאַרטיידיקער פון די לייב-עינויים, וואָס זיינען ערשט אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. כדאי צו באַמערקן (ע. זעליגמאַן: „La justice en France pendant la Revolution" זייט 97, הערות), אַז בריסאָ, מאַראַט און ראָבעספּיער האָבן מיטגעווירקט דער באַוועגונג צו רעפאָרמירן דעם קרימינעלן קאָדעקס.

*** די טעמים, אויף וועלכע לודוויק דער XVIטער האָט זיך געשטיצט, זיינען זייער טשעקאַווע. אים האָט זיך געדאַכט, אַז טיורגאָס פּראָיעקטן זיינען זייער געפערלעכע. ער האָט געשריבן אַזוי: „הגם דער קאָנסטיטוציע-פּראָיעקט שטאַמט פון אַ מענטשן, וואָס האָט גוטע כוונות, וואָלט עס געבראַכט צו אַן איבערקערעניש אין דער גאַנצער מלוכה". און ווייטער: „דער קלאַסן-סיסטעם פון

איבעריקנס, איז שוין געווען אוממעגלעך אויסצומיידן די פראַגע וועגן פאָלקס-פאַרזאַמלונג, און בעת מען האָט אין יולי 1777 איינגעלאַדן נעקערן אין מיניסטעריום, האָט מען זי ווידער ארויסגענומען אויפן סדר-היום. נעקער, וואָס איז מסוגל געווען צו טרעפן זיין הארם רעיונות און וואָס האָט זיך באמיט זיינע אווטאָקראַטישע אָנשויונגען צו פאַרבינדן מיט די פינאַנץ-באַדערפענישן, האָט פּרובירט לאַווירן און תחילת פאָרגעלייגט בלויז פּראָווינציעלע פאַרזאַמלונגען, און ערשט אויף להבא זיך פאָרגעשטעלט די מעגלעכקייט פון א פאָלקס-רעפּרעזענטאַנץ. אָבער ער האָט אויך געטראָפן אַן אָפּזאָג, א גאָר קאַטעגאָרישן, מצד לודוויק דעם XVIטן: „דאָס וואָלט ניט געווען שיין" — האָט געשריבן דער פיפיקער פינאַנסיסט, — „ווען אייער קיניגלעכע מאַיעסטעט זאָל זיין א פאַרמיטלער צווישן די שטאַנדן און די אונטערטאַנען, ווען דער אווטאָריטעט פון זיין הויכקייט זאָל ארויסטרעטן בלויז, כדי צו באַשטימען די גרעניצן צווישן דער שטרענגקייט און יושר!" דערויף האָט לודוויק דער XVIטער געענטפערט: עס ליגט ניט אינם תמצית פון מיין אווטאָריטעט צו זיין א פאַרמיטלער, נאָר צו שטיין בראש". מען דאַרף זיך נעמען אין זין אריין די דאָזיקע ווערטער, כדי זיך ניט צו לאָזן נאַרן פון די סענטימענטאַליטעטן, מיט וועלכע די היסטאָריקער פונם רעאַקציאָנערן לאַגער זיינען לעצטנס מכבד די לעזער. לודוויק דער XVIטער איז לחלוטין ניט געווען קיין גלייכגילטיקע, אומשולדיקע, גוטמוטיקע פּערזאָן, וואָס איז פאַרנומען געווען בלויז מיט געיעג, ווי מען האָט פון אים געוואָלט מאַכן; ער איז מסוגל געווען אין משך פון

---

וואַלרעכט איז גוט, כדי צו מאַכן אומצופרידן די אָרעמע, און אויב מען וועט זיי ערלויבן זיך צונויפזאַמלען, וועט מען זייען זריעה פון מרידה". „דער איבערגאַנג פון דער ביז איצטיקער רעגירונגס-פאָרם אויף דער געפּלאַנטער דורך טיורגאָן פאַרדינט די אויפמערקזאַמקייט; מען זעט גוט, וואָס דאָס איז, אָבער בלויז במחשבה זעט מען, וואָס עס קען זיין; מען דאַרף זיך דעריבער ניט אריינלאָזן אין געפערלעכע אונטערנעמונגען, וואָס מען זעט ניט דעם סוף זייערן". (ע. זעמישאָן: „Les réformes sous Louis XVI: Assemblées provinciales et parlements".

בופצן יאָר — אזש ביז 1789 — זיך אנטקעגנצושטעלן דער וואָס אַמאָל אייליקערער און וואָס אַמאָל פּילבאַרער באַדערפעניש פון נייע פּאָליטישע פאָרמען, וועלכע מען האָט באַדאַרפט איינ־שטעלן, אָנשטאָט דעם קיניגלעכן דעספּאָטיזם און די שרעק פונם פריערדיקן מלוכה־בוי.

לודוויק דעם XVIטנס הויפּט־געווער איז געווען רמאות; ער איז בלויז אָפּגעטראָטן פאַר דער שרעק; און באַנוצט האָט ער זיך תמיד מיט דעם זעלבן געווער — רמאות און צביעות — נים בלויז ביז דעם יאָר 1789, נאָר ביז די לעצטע מינוטן זיינע, אפילו אויף די טרעפּלעך פונם עשאַפאָט. בכל אופן אין 1778, בעת פאַר אזעלכע, מער אָדער ווייניקער, פלינקע מוחות, ווי טיורגאָ און נעקער, איז קלאָר געווען, אַז די זעלבסטהערשאַפט פונם קיניג האָט זיך שוין געענדיקט און עס האָט געשלאָגן די שעה, אַז מען זאָל זיי פארבייטן מיט עפּעס א פאָרם פון פאָלקס־רעפּרעזענטאַנץ, האָט מען לודוויק דעם XVIטן געקענט בויגן, ער זאָל מסכים זיין בלויז אויף קליינע הנהות. ער האָט צונויפגערופן פּראָווינציעלע פאַרזאַמלונגען אין בערי און האָטגיאַן (1778—79). צוליב דער אָפּאָזיציע אָבער מצד די פּריווילעגירטע, האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פונם פּלאַן צו פאַרברייטערן די דאָזיקע פאַרזאַמ־לונגען אויף אַנדערע פּראָווינצן און — נעקער האָט אין 1781 באַקומען דעמיסיע.

בינו־לבינו האָט די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע אויך גורם געווען, די מוחות זאָלן אויפוואַכן און באַגייסטערט ווערן מיט געפיל פון פרייהייט און רעפּובליקאַנישן דעמאָקראַטיזם. דעם 4טן יולי 1776 האָבן די ענגלישע קאָלאָניעס פון צפון־אַמעריקע פּראָ־קלאַמירט זייער אומאָפּהענגיקייט, און די נייע פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אָנערקענט געוואָרן דורך פראַנקרייך אין יאָר 1778 — וואָס עס האָט ארויסגערופן די מלחמה מיט ענגלאַנד, וועלכע האָט גע־דויערט ביזן 1783. אַלע היסטאָריקער ריידן וועגן דעם איינ־דרוק, וואָס די דאָזיקע מלחמה האָט געמאַכט אויף די דעמאָלטיקע מוחות. אין דער אמתן איז טאַקע, אַז די באַוואָפנטע מרידה פון די ענגלישע קאָלאָניעס און די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע

שטאַטן האָבן טיף געווירקט אויף פראַנקרייך און אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען, דער גייסט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג זאָל אויפוואַכן. עס איז אויך באַוואוסט, אַז די דעקלאַראַציעס פון רעכט, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די יונגע פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערן. מען וואָלט אויך געקענט זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער מלחמה, אין וועלכער פראַנקרייך האָט מיט איין קלאַפּ געמוזט אויסבויען אַ גאַנצן פלאָט קעגן דעם ענגלישן, האָט איינגאַנצן אַ תּל געמאַכט פון די פינאַנסן פון די פריערדיקע רעגירונגען און צוגעאיילט זייער סוף. עס איז אָבער אויך זיכער, אַז די דאָזיקע מלחמה איז געווען אַ התחלה פון די מוראַדיקע מלחמות, וואָס ענגלאַנד האָט תּיכּף אַנטוויקלט קעגן פראַנקרייך און דער קאָאַליציע, מלחמות, וועלכע זי האָט שפּעטער דערפירט ביז אַ סוף קעגן דער רעפּובליק. תּיכּף נאָכדעם, ווי ענגלאַנד האָט זיך נאָר אָפּגעקילט פון זיינע מפּלות און באַמערקט, אַז פראַנקרייך איז צוליב די אינערלעכע קאַמפן אָפּגעשוואַכט, האָט עס אויפגעהעצט קעגן אים מיט פאַרשיידענע מיטלען, — אָפענע און באַהאַלטענע — מלחמות, וואָס האָבן געדויערט פון 1793 ביז 1815.

מען דאַרף אומבאַדינגט אָנווייזן אויף אַלע סיבות פון דער גרויסער רעוואָלוציע, מחמת זי איז, ווי יעדע גרויסע געשעעניש, געווען אַ פּועל-יוצא פון אַלע סיבות, וואָס זיינען זיך אין איין רגע צונויפגעקומען און געשאַפן מענטשן, וועלכע האָבן מיטגעווירקט, אַז די דאָזיקע סיבות זאָלן זיך פאַרשטאַרקן. מען דאַרף אָבער אויך מוסיף זיין, אַז ניט געקוקט אויף אָט-אָ-די אַלע געשעענישן, וואָס האָבן צוגעגרייט די רעוואָלוציע, ניט געקוקט אויף דער גאַנצער חכמה און תשוקות פון דער בורזשואַזיע, — וואָלט זי — די אייביק קלוגע און פאַרשטענדיקע — נאָך לאַנג געמוזט וואַרטן, ווען דאָס פאָלק זאָל ניט געווען צואיילן די געשעענישן. די פאָלקס-מרידות, וואָס זיינען אין כּמות אויסגעוואַקסן ביז גאָר, — זיינען געווען אַ נייער עלעמענט, וואָס האָט דעם בירגערטום איבערגעגעבן אָנגרייפס-קראַפט, וועלכע עס האָט ביז אַהער ניט פאַרמאָגט.

דאָס פאָלק האָט איבערגעטראָגן געדולדיק נויט מיט נגישות
אין די צייטן פון לודוויק דעם XVטן; תיכּף אָבער ווי דער קיניג
איז אין 1774 געשטאָרבן, האָט דאָס פאָלק, וואָס ווייס, אַז תּמיד,
ביים ארויפטרעטן פון אַ נייעם קיניג אויפן טראָן, קומט צו אַן
אָפּשוואַכונג פונם אַווטאָריטעט, — אָנגעהויבן ברויזן. אַ גאַנצע ריי
מרידות איז אויסגעבראָכן אין די יאָרן 1775—1777.

דאָס זיינען געווען הונגער=אומרועןְ, וואָס מען האָט ביז איצט
איינגעהאַלטן בלויז מיט כּוח. דער שניט איז אין 1774 געווען
אַ שלעכטער, עס האָט אויסגעפעלט ברויט. דערנאָך איז אויסגע=
בראָכן אַ בונט אין אַפּריל 1775. אין דיזשאָן האָט דאָס פאָלק
פאַרכאַפּט די הייזער פון די מאָנאָפּאָליסטן; עס האָט אַ תּל גע=
מאַכט פון זייערע זאַכן און חרוב געמאַכט זייערע מילן. ביי דער
געלעגנהייט האָט דער ראש פון דער שטאָט — איינער פון די
פאָרשטייער פון דער שיינער, ראַפינירטער קולטור, וועגן וועלכער
טען רעדט מיט אַזאַ ליבע — געוואָרפן דעם פאָלק די שלימזלדיקע
ווערטער, וואָס זיינען שפּעטער, בעת דער רעוואָלוציע, אַזוי פיל
מאָל איבערגעחזרט געוואָרן: דאָס גראָז איז שוין אויס=
געוואַקסן, גייט אויף די לאָנקעס און פרעסט!

אָקסער, אַמיען, ליל זיינען אַוועק לויטן דיזשאָנער ביישפּיל.
אין עטלעכע טעג אַרום האָבן „די רויבער" — מחמת אַזוי רופן
אָן דאָס רוב היסטאָריקער די הונגעריקע מורדים — וואָס זיינען
זיך צונויפגעקומען אין פּאָנטואַ, פּאַסי, סען=זשערמען, אַוועק
אין ווערסאַל באַרויבן די מעל=לאַגערס. לודוויק דער XVIטער האָט
זיך געמוזט ווייזן אויפן באַלקאָן פונם שלאָס, האַלטן פאַר זיי
אַ רעדע און זאָגן, אַז ער וועט פאַרקלענערן דעם מקח אויף ברויט
מיט צוויי סו, טיורגאָ, אַלס אמתער עקאָנאָמיסט, האָט זיך ארויס=
געזאָגט קעגן דעם. צו קיין פאַרקלענערונג פון דעם מקח איז ניט
געקומען. דערווייל זיינען „די באַנדיטן" אריין אין פּאַריז, האָבן
באַרויבט די בעקערס און צעטיילט דאָס ברויט, וואָס זיי האָבן
נאָר געקענט פאַרכאַפּן צווישן פאָלק. דאָס מיליטער האָט זיי
צעטריבן. אויפן דע=גרעוו=פּלאַץ האָט מען צוויי מורדים אויפגע=
האַנגען. זיי האָבן שטאַרבנדיק געשריען, אַז זיי קומען אום פאַרן

פאָלק, און פון דעמאָלט אָן הייבט זיך שוין אָן פאַרשפּרייטן די לעגענדע וועגן „די רויבער", וואָס לויפן דורך איבער פראַנקרייך, — אַ לעגענדע, וואָס האָט אין 1789 אַרויסגערופן טיפע פּאַניקן, מחמת זי האָט געדינט דער שטאָט־בורזשואַזיע פאַר אַ תירוץ זיך צו קענען באַוואָפענען. פון דעמאָלט אָן האָט מען אין ווערסאַל אָנגעהויבן צו קלעפּן פּלאַקאַטן, אין וועלכע מען האָט מזלזל געווען דעם קיניג מיט זיינע מיניסטאָרן און פאַרגעזאָגט, אַז באַם ברויט וועט ניט ביליקער ווערן, וועט מען אים מיט דער גאַנצער קיניגלעכער משפחה אָפּרוימען צוזאַמען נאָך דעם קרוינען. דעמאָלט האָט מען עס אויך געלאָזט אין גאַנג אויף דער פּראָווינץ געפעלשטע קיניגלעכע עדיקטן. לויט איינעם פון זיי האָט דער מיניסטאָרן־ראַט געזאָלט באַשטימען דעם מקח פון אַ סעסטער ווייץ אויף צוואַנציק ליוור.

די דאָזיקע מרידות האָט מען, פאַרשטייט זיך, איינגעשטילט, זיי האָבן אָבער געלאָזן טיפע שפּורן נאָך זיך. עס האָבן זיך צעפלאַקערט קאַמפן צווישן פאַרשיידענע פּאַרטייען; עס האָט אָנגעהויבן רעגענען מיט בראָשורן, וואָס אין זיי האָט מען באַשולדיקט די מיניסטאָרן, אין אַנדערע ווידער געערדט וועגן אַ פאַרשווערונג פון די פירשטן קעגן דעם קיניג, גאָר אַנדערע האָבן אונטערגעגראָבן די קיניגלעכע מאַכט. מיט איין וואָרט, צוליב דעם אויפגערייצטן צושטאַנד פון די מוחות, איז די מרידה פונם פאָלק געווען אַ פונק, וואָס איז געפאַלן אויף פּולווער. מען האָט איצט גערעדט וועגן הנחות לטובת דעם פאָלק, וועגן וועלכע מען האָט ער־היום ניט געטראַכט; מען האָט אָנגעהויבן עפנטלעכע אַרבעטן; מען האָט אָפּגעשאַפט די שטייערן אויף מעל, — און דאָס האָט גורם געווען, אַז די באַפעלקערונג פון דער רואַנער געגנט האָט געזאָגט, אַז אַלע פעאָדאַלע געזעצן זיינען אָפּגעשאַפט און איז אויפגעשטאַנען — אין יולי — כדי מער קיין שום מס ניט צו צאָלן. מיט איין וואָרט, מען זעט באַשיינפּערלעך, אַז די אומצופרידענע האָבן קיין צייט ניט פאַרלאָרן און אויסגענוצט די געלעגנהייט אויפצובלאָזן דאָס פייער פון פאָלקס־מרידות.

עס פעלן אונז מקורים צו דערציילן וועגן אַ גאַנצער ריי

אומרוען פאַר לוי דעם XVIטן: די היסטאָריקער פאַרנעמען זיך דערמיט ווייניק; מען האָט נאָך ניט אויסגעפאָרשט די דאָקומענטן אין די אַרכיוון; צופעליק בלויז דערוויסן מיר זיך, אַז דאָ און דאָרט זיינען פאָרגעקומען „אומרוען". אין פּאַריז, למשל, איז נאָכן אָפּשאַפן די צעכן (1776) כמעט אין גאַנץ פראַנקרייך אין משך פון דעמזעלבן יאָר געקומען צו גאַנץ ערנסטע אומרוען צוליב די פאַרשפּרייטע קלאַנגען וועגן דעם אָפּשאַפן די אַרבעטס=פליכטן און לייבקנעכטשאַפטלעכן מס. דאָך דרינגט אַרויס פון די געדרוקטע דאָקומענטן, וואָס איך האָב אויסגעפאָרשט, אַז אין 1771—1783 איז די צאָל אומרוען געווען אַ קלענערע, — ס'קען זיין, אַז אַ ביסל האָט עס גורם געווען די אַמעריקאַנער מלחמה.

אין די יאָרן 1782—1783 האָבן די אומרוען אויפדאָסניי זיך אָנגעהויבן און זיינען פון איצט אָן געוואַקסן און זיך פאַרשפּרייט אַזש ביז דער רעוואָלוציע. פּואַטיע האָט געבּרויזט אין 1783, ווירזאָל אין 1786; פון 1783 ביז 1787 ברעכן אויס עקסצעסן אין סעוואַן, וויוואַרע און זשעוואָדאַן. די אומצופרידענע, וואָס מען האָט גערופן „מאַסקאַראַ", האָבן געוואָלט באַשטראָפן די „אַדוואָקאַטן", וועלכע האָבן געזייט שנאה צווישן די פּויערים, כדי אַרויסצורופן פּראָצעסן, און זיך אַריינגעריסן אין די גערימטס=זאַלן, אין די לאָקאַלן פון די נאָטאַריוסן און פּראָקוראָרן — און פאַרברענט אַלע אַקטן מיט אָפּמאַכן. מען האָט אויפגעהאַנגען דריי אָנפירער, אַנדערע האָט מען פאַרשיקט אויף צוואַנג=אַרבעט, אָבער די אומרוען האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן בעת דעם שליסן דעם פּאַרלאַמענט. אין 1786 וואַכט אויף ליאָן *. די וועבער פון זייד שטרייקן; מען זאָגט זיי צו אַ הוספה — און מען ברענגט אַראָפּ מיליטער; עס אַנטשטייט אַ קאַמף — און דריי אָנפירער ווערן אויפגעהאַנגען. פון דעמאָלט אָן בלייבט שוין ליאָן אַזש ביז דער רעוואָלוציע אַ נעסט פון מרידה, און אין 1789 ווערן די אָנפירער פון 1786 — ביי די פּאָרוואַלן — אויסגעקליבן אַלס וויילער.

---

* Chassin: „Génie de la Revolution".

די דאָזיקע מרידות טראָגן אָדער אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, אָדער עס האַנדלט זיך וועגן מיליטער־דינסט, — יעדער פריזיוו האָט אַרויסגערופן אומרוען, זאָגט ערגעץ אויף אַן אָרט טיורגאָ — אָדער דאָס פאָלק טרעט אַרויס קעגן זאַלץ־שטייער, אָדער זאָגט זיך אָפּ צו צאָלן מעשר. אַלנפאַלס דויערן די גאַנצע צייט די אומרוען; זיי ברעכן אויס דער עיקר אויף מזרח, דרום און צפון־מזרח — אין די קומענדיקע נעסטן פון דער רעוואָלוציע, ווערן וואָס אַמאָל מער, אַזש לסוף, אין יאָר 1778, — צוליב דעם אָפּשאַפן די טריבונאַלן, די אַזויגערופענע פּאַרלאַמענטן, וואָס מען האָט פאַרטראָטן מיט „קראַפטגעבנדיקע טריבונאַלן", — צעגיסן זיך די אומרוען כמעט איבער גאַנץ פראַנקרייך.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַרן פאָלק איז קיין שום הילוק ניט געווען צווישן דעם פּאַרלאַמענט און „קראַפטגעבנדיקן טריבונאַל". אויב די פּאַרלאַמענטן האָבן אָפטמאָל אָפּגעזאָגט זיך צו רעגיסטרירן די עדיקטן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן קיניג אָדער זיינע מיניסטאָרן, האָבן זיי פון דער אַנדער זייט ווידער זייער קנאַפּ געדאַגהט וועגן פאָלק. עס איז אָבער גענוג געווען, אַז די פּאַרלאַמענטן האָבן געשאַפן אַן אָפּאָזיציע קעגן דעם הויף; בעת די שלוחים פונם בירגערטום און די פּאַרלאַמענטן האָבן געזוכט שטיצע ביים פאָלק, האָט עס גאַנץ גערן אויפגעבריזט, כדי אַזוי אַרום צו דעמאָנסטרירן קעגן דעם הויף און די גבירים.

יוני 1787 איז דער פּאַריזער פּאַרלאַמענט געוואָרן פּאָפּולער, מחמת ער האָט אָפּגעזאָגט דעם הויף צו געבן געלט. דאָס געזעץ האָט פאַרלאַנגט, אַז דעם קיניגס עדיקטן זאָלן רעגיסטרירט ווערן דורכן פּאַרלאַמענט, — און דער פּאַריזער פּאַרלאַמענט האָט גערן אַריינ־געצויגן אין די רעגיסטערס אַ טייל פאַראָרדענונגען, וואָס זיינען נוגע געווען דעם תבואה־מסחר און דעם צונויפרופן פּראָווינציעלע און לייבקנעכטשאַפטלעכע פאַרזאַמלונגען. ער אָבער האָט אָפּגעזאָגט זיך צו רעגיסטרירן דעם עדיקט, וואָס פירט איין נייע שטייערן—אַ נייעם ערד־שטייער און אַ נייעם שטעמפּל־אָפּצאָל. דעמאָלט האָט דער קיניג פאַראָרדנט אַן אַזויגערופענע „קישן"־זיצונג און איבערגוואַלט באַ־פוילן אַריינצוציען די דאָזיקע פאַראָרדענונגען אין די רעגיסטערס.

דער פארלאמענט האט פראטעסטירט און אזוי ארום נושא־חן געווען ביי דעם בירגערטום און פאלק. בעת יעדער זיצונג איז ביים אריינגאנג אין פאלאץ געשטאנען א עולם מענטשן: שריי־בערלעך, נייגעריקע, מענטשן פון פאלק האבן זיך צונויפגעזאמלט, כדי מיט שמחה־אויסגעשרייען צו באגריסן די מיטגלידער פונם פארלאמענט. דער קיניג האט געוואלט מאכן דערצו א סוף, האט ער ארויסגעטריבן דעם פארלאמענט אין טרוא — און פון דעמאלט אן האבן אין פאריז זיך אנגעהויבן רוישיקע מאניפעסטאציעס. די שנאה פונם פאלק איז געווענדט געווען דער עיקר — שוין דעמאלט — קעגן די פירשטן (קודם־כל קעגן דעם פירשט ד'ארטוא) און דער קיניגין, וואס האט באקומען דעם נאמען „מאדאם דעפיציט".

דאס העכסטע שטייערן־געריכט אין פאריז, געשטיצט דורך דער מרידה פונם פאלק, ווי אויך אלע פראווינצער פארלאמענטן און טריבונאלן, האבן פראטעסטירט קעגן דעם דאזיקן אקט פון דער קיניגלעכער מאכט, און צוליב דעם וואס אמאל מער וואקסנ־דיקן כעס, איז דער קיניג דעם 9טן סעפטעמבער געצוואונגען געווען צו רופן דעם ארויסגעטריבענעם פארלאמענט, וואס עס האט ווידער ארויסגערופן נייע מאניפעסטאציעס אין פאריז, בעת וועלכע מען האט פארברענט מיניסטער קאלאנס ביילד.

די דאזיקע אומרוען זיינען אנטשטאנען דער עיקר צווישן דעם קליינבירגערטום. אבער אין אנדערע געגנטן האבן זיי באקומען א מער פאלקס־כאראקטער.

אין יאר 1788 זיינען אויסגעבראכן מרידות אין ברעטאניע. בעת דער קאמענדאנט פון ראן און דער אינטענדאנט פון דער פראווינץ זיינען אוועק אין פאלאץ מודיע צו זיין דעם ברעטאנישן פארלאמענט וועגן דער פאראָרדענונג, אז די דאזיקע קארפא־ראציע ווערט אפגעשאפט, איז אינגיכן די גאנצע שטאט אויף דער גאס ארויס. דער המון האט זיך באצויגן צו ביידע באאמטע מיט גרויס אויפרעגונג און זיי געשטויסן דא אין איין זייט, דא אין דער צווייטער. אין תוך האט דאס פאלק זיך באצויגן מיט שנאה צום אינטענדאנט בערטראן דע מאלוויל, און דאס בירגערטום האט אויסגענוצט די געלעגנהייט און פארשפרייט א קלאנג, אז אין אלע

צרות איז שולדיק דער אינטענדאנט: „דאס איז א פארזעעניש, וואס מען דארף דערשטיקן" — האט געזאגט איין פלוגבלעטל, וואס איז געווארפן געווארן צווישן המון. בעת דער אינטענדאנט איז ארויס פונם פאלאץ, האט מען אים פארווארפן מיט שטיינער, און עטלעכע מאל פרובירט אים פארווארפן א שטריק אויפן האלז. עס האט געדראט אן אויסבראך פון קאמף; בעת דאס יונגווארג האט שוין געהאלטן ביי א צוזאמענשטויס מיטן מיליטער, — האט דער אפיציר אוועקגעווארפן די שווערד און געוויזן א ביישפיל פון אנשליסן זיך אן דעם פאלק.

איינס נאך דאס אנדערע זיינען אויסגעבראכן אזעלכע מינים עקסצעסן אין עטלעכע אנדערע שטעט פון ברעטאניע, און די פויערים פון זייער זייט זיינען אויך אויפגעשטאנען צוליב דעם אויסלאדן די תבואה אין קעמפע, סען-ברי, מארלע, פארט-ל'אבע, לאמבאל א. א. עס איז כדאי צו דערמאנען אן דער אקטיווער ראלע, וואס עס האבן אין די דאזיקע אומרוען געשפילט די סטודענטן פון ראן, וועלכע האבן זיך צונויפגעגאסן מיט די מורדים *.

אין דעלפינאט, און דער עיקר אין גרענאבל איז די באוועגונג געווען נאך אן ערנסטערע. תיכף נאכדעם, ווי דער קאמענדאנט קלערמאן-טאנער האט פארעפנטלעכט די פארארדענונג וועגן דעם פונאנדערלאזן דעם פארלאמענט, איז דאס פאלק אין גרענאבל אויפגעשטאנען. מען האט געשלאגן אויף אלארם און תיכף האבן אויך די גלעקער אין די דערפער אנגעהויבן קלינגען: די פויערים זיינען מאסנווייז געקומען אין שטאט אריין. עס איז געקומען צו א בלוטיקן צוזאמענשטויס און עס זיינען געווען א סך דערהרגעטע. די שמירה פונם קאמענדאנט איז געווען מאכטלאז — מען האט א תל געמאכט פון זיין פאלאץ. קלערמאן-טאנער, וועלכן מען האט געדראט מיט א האק איבערן קאפ, האט געמוזט אפרופן די קיניגלעכע פארארדענונג.

* Du Chôtelier. Histoire de la Révolution dans les départ. de l'ancienne Bretagne

דאָס אַלץ האָט אויפגעטאָן דאָס פאָלק — דער עיקר פרויען. וואָס שייך די מיטגלידער פונם פּאַרלאַמענט, האָט זיי דאָס פאָלק קוים־קוים אויסגעפונען; זיי האָבן זיך באַהאַלטן און געשריבן קיין פּאַריז, אַז די מרידה האָט זיך אָנגעהויבן קעגן זייער ווילן. און בעת דאָס פאָלק האָט זיי סוף־כּל־סוף אַריינגעקריגן אין די הענט אַריין, זיינען זיי ערקלערט געוואָרן אַלס געפאַנגענע, מחמת זייער בייזיין האָט געמאַכט לפנים די מרידה געזעצלעך. די פרויען האָבן געהאַלטן די וואַך ביי די פאַרהאַלטענע פּאַרלאַמענט־מיטגלידער, מחמת מען האָט זיי אַפילו ניט געוואָלט אָנגעטרויען קיין מאַנס־לייט, אויס מורא, אַז מען וועט זיי אַרויסלאָזן.

די גרענאָבלער בורזשואַזיע האָט, פאַרשטייט זיך, מורא באַקומען פאַר דעם דאָזיקן פאָלקס־אויפשטאַנד און דיזעלבע נאַכט אָרגאַניזירט איר בירגער־מיליץ. זי האָט פאַרנומען די שטאָט־טויערן, ווי אויך די מיליטערישע פּאָזיציעס, וואָס זיינען אינגיכן אָפּגעטראָטן געוואָרן די זעלנער. קעגן די מורדים האָט מען אָנגע־ווענדט האַרמאַטן און דער פּאַרלאַמענט האָט אויסגענוצט די השכּות און איז נעלם געוואָרן. פונם 9טן ביזן 14טן יוני האָט די רעאַקציע טריומפירט, אָבער דעם 14טן האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אין בעזאַנסאָן איז געקומען צו אַ מרידה און אַז די שווייצער האָבן ניט געוואָלט שיסן צום פאָלק. דאָס האָט אויפדאַסניי באַ־לעבט די מוחות און מען האָט אַפילו אָנגעהויבן שמועסן וועגן צונויפרופן די פּראָווינציעלע שטאַטן. היות אָבער פון פּאַריז זיינען דערווייל אָנגעקומען פרישע מיליטער־אָפּטיילונגען, האָט די כוואַליע פון מרידה זיך ביסלעכווייז צוריקגעצויגן. דאָך האָט דאָס ברויזן, וואָס איז דער עיקר אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורך פרויען, נאָך געדויערט אַ געוויסע צייט.

אחוץ די דאָזיקע צוויי אויפשטאַנדן, וואָס ווערן דערמאָנט דורך דעם רוב היסטאָריקער, זיינען אין דערזעלבער צייט אויס־געבראָכן נאָך אַ סך אַנדערע — אין פּראָוואַנס, לאַנגעדאָק, רוסי־לאָן, בעאַרן, פלאַנדריע, פראַנש־קאָנטע און בורגונדיע. אַפילו דאָרט, וואו עס זיינען ניט געווען קיין אמתע מרידות, האָט מען

אויסגענוצט די אויפגערעגטע שטימונגען, כדי אונטערצוהאלטן דאס ברויזן און צו מאכן מאניפעסטאציעס.

דאס מיליטער האט געהיט פאנט-נעף און עס איז געקומען צו עטלעכע צוזאמענשטויסן צווישן די זעלנער און דעם פאלק, וואס די אנפירער זיינע, ווי עס באמערקט בערטראן דע מאלוויל, „זיינען געווען דיזעלבע, וואס האבן שפעטער אנטייל גענומען אין אלע באוועגונגען פון די פאלקס-רעוואלוציעס". איבעריקנס, דארף מען דורכלייענען מאריע אנטואנעטעס בריוו צום גראף דע מערסי פונם 24טן אווגוסט 1788, אין וועלכן זי שרייבט אים וועגן דער מורא אירער, און איז מודיע וועגן דעם אוועקגיין פון דעם ארצי-בישאף פון סאן און די שריט, וועלכע זי נעמט פאר, אז נעקער זאל צוריק באשטימט ווערן אויף זיין אמט, — דעמאלט וועט מען פארשטיין דעם רושם, וואס די אלע געזעמלען האבן געמאכט אין הויף. די קיניגין זעט פאר, אז „דאס באשטימען אויפדאסניי נעקערן וועט א וואקל געבן דעם אווטאריטעט פונם קיניג"; זי האט מורא, „אז מען וועט דארפן באשטימען א מיניסטער-פרע-זידענט"; אבער „די צייט יאגט: מען דארף נייטיק האבן, אז נעקער זאל ניט אפזאגן" *.

בעת מען האט אין דריי וואכן ארום (דעם 14 סעפטעמבער 1788) זיך דערוואוסט, אז לאמואניאן איז ארויס, אין דעמיסיע, האט מען ווידער געמאכט איבערגעלייפן. דער המון האט זיך גע-ווארפן אויף די הייזער פון די מיניסטארן לאמואניאן, בריאן, ווי אויך דיובוא און געוואלט זיי אונטערצינדן. מען האט ארויסגע-

* י. פיעט-דע-קאנש. לודוויק דעם XVIטנס, מאריע אנטואנעטעס און פרוי עליזאבעטעס בריוו. פאריז 1864, I ב., זייט 214—216: „דעה אבאט האט נעכטן געשריבן צו אייך און ארויסגעזאגט אייך מיין וואונטש", — שרייבט די קיניגין. „איך גלייב באמונה שלמה, אז די צייט יאגט און עס איז נייטיק, אז ער (נעקער) זאל אננעמען. דער קיניג האלט זיך אויך ביי דער זעלבער מיינונג; ער האט מיר טאקע געבראכט א צעטעלע, וואו ער האט אנגעשריבן זיינע געדאנקען; א קאפיע שיק איך אייך צו". צומארגנס האט ער ווידער געשריבן: „מען קען לענגער ניט אפשלעפן; דאס בעסטע וואלט געווען, ער זאל מארגן זיך נעמען צו דער ארבעט. דער ענין איז זייער אן איילעקער... איך האב מורא, אז מען וועט מוזן באשטימען א פרעמיער".

דופן מיליטער און אויף די מעלע-און גרענעל-גאַסן. „געטאַכט אַ שרעקלעכע שחיטה צווישן די אומגליקלעכע, וואָס האָבן זיך אפילו ניט געווערט". דיובוא איז אַנטלאָפן פון פּאַריז. — „אַניט זואָלט דאָס פאָלק אַליין געווען געמאַכט אַ משפּט", שרייבן די „צוויי פרייהייט-פריינד".

בעת מען האָט שפּעטער אַפילו, אין אָקטאָבער 1788, צו-נויפגערופן דעם פּאַרלאַמענט, וואָס איז ארויסגעטריבן געוואָרן קיין טרואַ, האָבן „די שרייבערלעך און דאָס פּעבל" עטלעכע אָוונטן נאָכאַנאַנד אילומינירט אויפן דעלפינישן פּלאַץ. זיי האָבן געפאָדערט געלט פון פאַרבייגייער אויף צו לאָזן פאַלש פייער. מען האָט געצוואונגען הערן אויסצושטייגן פון די קאַטשן און זיך בוקן צו היינריך דעם IVטנס סטאַטוע. מען האָט פאַרברענט לאַל-קעס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר קאַלאָנען, ברעטעילן, די פּיר-שטין פּאָליניאַק. מען האָט אויך בדעה געהאַט צו פאַרברענען דעם קיניגינס בילד. ביסלעכווייז האָבן אַזעלכע צוזאַמענלויפן זיך אָנ-געהויבן שאַפן אין אַנדערע קוואַרטאַלן; מען האָט אַרויסגעשיקט מיליטער זיי צו צעטרייבן. אויפן פּלאַץ דע-גרעוו האָט זיך גע-גאָסן בלוט, עס זיינען געווען אַ סך הרוגים און פאַרוואונדעטע; היות אָבער די פאַרלאַמענט-שופטים האָבן געמשפּט די געכאַפּטע פערזאָנען, האָט מען זיי לייכט באַשטראָפט.

אָט אַזוי האָט זיך געוועקט און אַנטוויקלט דער רעוואָלו-ציאָנערער גייסט מיט דעם דערנענטערן זיך פון דער גרויסער רעוואָלוציע *. די איניציאַטיוו האָט אָן שום ספק געשטאַמט פונם בירגערטום — דער עיקר פונם קליינבירגערטום; בכלל אָבער האָבן די בורזשואַ געוויכט פון קאָמפּראָמעטירן זיך, און די צאָל פון יענע, וואָס זיינען פאַרן צונויפרופן די גענעראַל-שטאַטן מסוגל געווען מער אָדער ווייניקער צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם הויף, איז געווען זייער אַ קליינע. ווען עס זאָלן געווען זיין בלויז זייערע קאַרגע ווידערשטאַנד-אַקטן, וואָלט פראַנקרייך נאָך יאָרנלאַנג

* נענויערע ידיעות געפינען זיך אין פעליקס ראָקענס בוך: l'ésprit „rèvolutionaire avant la Révolution", פאַריז 1878.

געוואָרט אויפן אָפּזעצן דעם קיניגלעכן דעספּאָטיזם. צום גליק האָבן טויזנטער אומשטענדן געשטויסן די פאָלקסמאַסן צו מרידה; ניט געקוקט דערויף, וואָס יעדער מין אומרוען זיינען אַלעמאָל באַגלייט געוואָרן מיט העגגען אָן לאַנגע שהיות, מיט מאַסן־ אַרעסטן און אַפילו פּייניקונגען פון די אַרעסטירטע, האָט דאָס פאָלק, דערפירט דורך דער נויט צו יאוש און פון דער צווייטער זייט געהעצט דורך אומבאַשטימטע האָפענונגען, וועגן וועלכע די זקנה האָט געזאָגט אַרטור יונגן, — געבּרויזט. עס האָט געבּרויזט קעגן די אינטענדאַנטן פון דער פּראָווינץ, קעגן די שטייערן־מאַנער, קעגן די חוברים פון זאַלץ־שטייער, קעגן דעם חיל אַליין אַפילו און אַזוי אַרום אַריינגעבּראַכט צעטומלעניש אין דעם גאַנצן רעגירונגס־ אַפּאַראַט.

פון 1788 האָבן די פּויערים־מרידות זיך אַזוי פאַרשפּרייט, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען צו דעקן די מלוכה־הוצאות; לודוויק דער XVIטער, וואָס האָט אין משך פון פערצן יאָר זיך אָפּגעזאָגט צונויפצורופן די פאָלקס־פאָרשטייער, אויס מורא, אַז דעם קיניגס אויטאָריטעט זאָל דערפון ניט ליידן, האָט לסוף געזען, אַז ער איז געצוואונגען צונויפצורופן — תחילת צוויי מאָל נאָכאַנאַנד — אַ פאַרזאַמלונג פון נאָטאַבלען, און לסוף — די גענעראַל־שטאַטן.

---

## זעקסטער קאפיטל

# דאס צונויפרופן די גענעראל-שטאטן — איז אומפארמיידלעך.

די אומפאראנטווארטלעכקייט פון דעם אלטן רעזשים. — די עלנדע לאגע פון די פויערים. — די אומצופרידנקייט פון דעם בירגערטום. — דער פינאנסיעלער קריזיס. — לודוויק רופט צונויף די נאציאנאל-פארזאמלונג. — דער דריטער שטאנד קריגט א בעסערע רעפרעזענטאציע.

פאר יעדן איינעם, וואס האט געקענט דעם מצב פון פראנקרייך, איז געווען א קלארע זאך, אז די אומפאראנטווארטלעכע הויף=ממשלה קען לענגער ניט דויערן. די נויט איז אין דארף געוואקסן וואס אמאל מער, און וואס א יאר אלץ שווערער איז געווארן אויפצומאנען שטייערן און צווינגען גלייכצייטיק דעם פויער צו צאלן מס דעם פריץ, און כלעריי ארבעט אפטאן פאר דער פראווינציעלער רעגירונג. די שטייערן אליין האבן פארשלונגען העכער א העלפט, און אפטמאל מער אפילו פון צוויי דריטל הכנסות פונם פויער. בעטלעריי פון איין זייט, און אומרועו פון דער צווייטער זייט — זיינען געווארן א נארמאלע דערשיינונג אין דארף. און אחוצדעם — האט ניט בלויז דער פויער פראטעסטירט און געבראוזט. דאס בירגערטום האט אויך אויסגעדריקט זיין אומצופרידנקייט אויפן קול. עס האט אן שום ספק געהאט נוצן פון די פויערימס ארעם=ווערן, מחמת מען האט פון זיי געמאכט ארבעטער אין דער אינדוסטריע, עס האט אויך אויסגענוצט די דעמאראליזאציע אין דער אדמיניסטראציע און דעם תוהו=ובוהו אין די פינאנסן, כדי צו באהערשן די כל=המינים מאנאפאלן און נתעשר ווערן אויף די מלוכה=הלוואות.

אבער דאס איז פאר דער בורזשואזיע געווען ווייניק. א געוויסע צייט קען זי זיך זייער צופאסן צום קיניגלעכן דעספאטיזם און צו דער הויף=ממשלה. דאך קומט אן א מינוט, ווען זי הייבט אן מורא צו האבן פאר אירע מאנאפאלן, פארן געלט, וואס זי האט געליען דער רעגירונג, פאר דעם ערד=אייגנטום, וואס זי האט זיך איינגעשאפן, פאר דער אינדוסטריע, וואס זי האט געגרינדעט—

און שטיצט דעמאָלט די פאָלקס=מרידות, כדי צו צעברעכן די הויף=ממשלה און צו שאַפן איר אייגענע פּאָליטישע מאַכט. מיר זעען זייער גוט, ווי דאָס איז פאָרגעקומען די ערשטע דרייצן= פערצן יאָר פון לודוויק דעם XVIטנס רעגירן, פון 1774—1788

די נייטיקייט ראַדיקאַל צו ענדערן די גאַנצע פּאָליטישע אָרדענונג אין פראַנקרייך האָט זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן אריין; אָבער לודוויק דער XVIטער און דער הויף האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם שינוי און אַזוי לאַנג זיך געווערט, ביז עס איז געקומען אַזאַ מינוט, ווען דער קיניג האָט סוף=כּל=סוף באַשלאָסן צו גיין אויף געוויסע הנחות, וואָס מען וואָלט זייער גערן געווען אָנגענומען אינאָנהייב פון זיין רעגירן און אפילו אין 1783—1785 מער ווי באַשיידענע רעפאָרמעס אויפגענומען. בעת אין 1775 וואָלט אַ געמישטע פאָרם פון אַווטאָקראַטישער אָרדענונג און פאָלקס=רעפּרעזענטאַנץ באַפרידיקט דאָס בירגערטום, האָט עס אין צוועלף צי דרייצן יאָר אַרום ניט געוואָלט הערן מער פון קיין פּשרות און פאַרלאַנגט אַ רעפּרעזענטאַטיוו=ממשלה מיט דער באַגרעניצונג פון דער קיניגלעכער מאַכט, וואָס דרינגט דערפון אַרויס.

מיר האָבן געזען, ווי לודוויק דער XVIטער האָט אָפּגעוואָרפן טיורגאָס זייער באַשיידענע פאָרשלאָגן. ער האָט אויפגעציטערט בלויז ביים געדאַנק וועגן דער באַגרעניצונג פון דער קיניגלעכער מאַכט. טיורגאָס רעפאָרמעס — דאָס מבטל מאַכן די איבערבלייבענישן פון לייבקנעכטשאַפט, דאָס אָפּשאַפן די צעכן און דער אומדרייסטער פּרווו אַרויפצולייגן עטלעכערליי שטייערן אויף די ביידע פּריווילעגירטע קלאַסן, איידללייט און גייסטלעכע — האָבן קיין שום ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט געבראַכט. אין דער מלוכה האָט זיך אַלץ בלויז געהאַלטן צוליבן שטילשטאַנד—דאָס אַמאָליקע פראַנקרייך, וואָס איז איינמאָל געוואָרן אָנגערירט, האָט זיך איצט אינגאַנצן צעשאָטן.

נעקער, וועלכער האָט איבערגענומען די מאַכט תּיכף נאָך טיורגאָן, איז גיכער געווען אַ פינאַנסיסט, ווי אַ מלוכה=מאַן; ער האָט געהאַט אַ באַגרעניצטן קאָפּ פון פינאַנסיסטן, וואָס קוקן אויף אַלץ פון זייער ענגן שטאַנדפּונקט. ער האָט זיך געפונען אין זיין

סטיכיע, בעת עס האט זיך געהאנדלט וועגן געלט־אפעראציעס און הלוואות; ס'איז אבער גענוג דורכצולייענען זיין בוך וועגן „אויס־פיר־מאכט", כדי צו דערקענען, ווי ווייניק זיין מוח (וואס איז געווינט געווען זיך צו חקרענען וועגן די רעגירונגס־שיטות, און וואס האט ניט געהאט קיין קלארן קוק אויף די שטרעמונגען און פארערונגען אין דער געזעלשאפט אין דער צייט) איז געווען צוגעפאסט צו פארשטיין דעם גרויסן פאליטישן, עקאנאמישן, רעליגיעזן און געזעלשאפטלעכן פראבלעם, פאר וועלכן פראנקרייך איז אין 1789 אוועקגעשטעלט געווארן *.

נעקער האט אויך ניט געוואגט פאר לודוויק דעם XVIטן צו ריידן אפן, קלאר, אומבאדינגט און מוטיק, ווי די לאגע האט עס געפאדערט. ער האט בלויז פחדנותדיק דערמאנט וועגן א רעפרע־זענטאנץ־רעגירונג, האט זיך באנוגנט מיט רעפארמעס, וואס האבן קיינמאל ניט געקענט ערליידיקן די מניעות פון דער מינוט, ניט באפרידיקן קיינעם, בעת זיי האבן אלע געלאזט פילן די נייטיקייט פון א ראדיקאלן שינוי.

די פראווינצער פארזאמלונגען, צו וועלכע נעקער האט, אחוץ יענע, וואס טיורגא האט איינגעפירט — צוגעגעבן נאך אכצן, און

* „Du pouvoir exécutif dans les grands Etats" (וועגן דער אויספיר־מאכט אין די גרויסע מלוכות), 2 בענדער, 1792. די אידעע פון דעם ווערק איז אזא: „אויב פראנקרייך האט אין 1792 דורכגעמאכט א רעוואלוציאנערן קריזיס, האט די סיבה דערפון געשטעקט אין דעם, וואס די נאציאנאל־פארזאמלונג האט פארנאכלעסיקט דעם ענין פון געבן דעם קיניג א שטארקע אויספיר־מאכט". „אלץ וואלט מער אדער ווייניקער געגאנגען כשורה, ווען מען וואלט געהאט זארגן וועגן געבן אונז השגחה־מאכט" — זאגט נעקער אין דער הקדמה צו זיין ווערק; ער ווייזט אן אין זיינע צוויי בענדער, וואסערע ברייטע פולמאכטן מען האט באדארפט איבערגעבן דער קיניגלעכער מאכט. אין זיין בוך פון 1776 „Sur la législation et le commerce des grains" (וועגן געזעצגעבונג און האנדל מיט תבואה) האט ער אפילו אנטוויקלט סימפאטישע אידעען פאר דער ארעמער באפעלקערונג. ער האט געפאדערט די אריינמישונג פון דער מלוכה, כדי איינצו־שטעלן פרייזן אויף תבואה לטובת די ארעמעליים; אבער דערמיט ענדיקט זיך זיין מלוכה־„סאציאליזם". דאס וויכטיקסטע איז פאר אים געווען א שטארקע מלוכה, א פראכטפולער טראן, וואס זאל זיין ארומגערינגלט מיט גרויסע לייט און א מעכטיקער אויספיר־מאכט.

נאָך וועלכע עס זיינען תיכּף געגאַנגען קרייז־ און געמיינדע־פאַרזאַמ־לונגען, זיינען געצוואונגען געווען צו באַהאַנדלען די קיצלדיקסטע פראַגן און אַנטפּלעקן די שרעקלעכע וואונדן, וואָס די אַבסאָלוטע קיניגלעכע מאַכט האָט אַנגעמאַכט פראַנקרייך. היות דאָס באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגע האָט זיך געמוזט איבערטראָגן אין דאָרף, האָט עס אָן שום ספק גורם געווען אין אַ גרויסער מאָס, אַז די פריער־טיקע מאַכט זאָל פאַלן. אַזוי האָבן די פּראָווינציעלע פאַרזאַמלונ־גען, וואָס וואָלטן אין 1776 געקענט דינען אַלס בליץ־אָפּפירער, אין 1788 — מיטגעווירקט דער מרידה. אַזוי איז אויך דער באַרימטער באַריכט וועגן דעם מצב פון די פינאַנסן, וואָס נעקער האָט פאַר־עפנטלעכט אין 1781, אין עטלעכע חדשים אַרום פאַר זיין אַוועקגיין, געווען אַ מוראַדיקער קלאַפּ, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן דעם דעספּאָטיזם. און פונקט ווי עס מאַכט זיך תמיד ביי אַזעלכע אומשטענדן, איז נעקער, וועלכער האָט אויף אַזאַ אופן גורם געווען נאָך אַ שטאַרקערע אויפשיטערונג פון דער פאַלנדיקער מלוכה־אָרדענונג, ניט מסוגל געווען צו פאַרהיטן, אַז די דאָזיקע אויפטרייסלונג זאָל ניט ווערן קיין רעוואָלוציע: זי האָט ער משמעות ניט פאַרגעזען אַפילו.

נאָך נעקערס ערשטער דעמיסיע איז אין 1781—87 געקומען צו אַ פינאַנסיעלן חורבן. די פינאַנסן האָבן זיך געפונען אין אַזאַ טרויעריקן מעמד, אַז די חובות פון דער מלוכה, פון די פּראָווינצן, מיניסטעריומס און אַפילו קיניגלעכן הויז זיינען געוואַקסן ממש מוראַדיק. יעדע מינוט האָט געקענט קומען צו באַנקראָט פון דער מלוכה, אַ באַנקראָט, וועלכן דאָס בירגערטום, וואָס איז פאַראינטע־רעסירט געווען אַלס מלווה, האָט בשום אופן ניט געוואָלט דער־לאָזן. אַחוץ דעם, איז דאָס פאָלק געווען שוין אַזוי פאַראָרעמט, אַז עס האָט מער קיין שטייערן ניט געקענט צאָלן: עס האָט ניט געצאָלט און געבראַוזט. וואָס שייך די גייסטלעכע און די איידל־לייט, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון יעדן קרבן לטובת דער מלוכה. ביי די דאָזיקע תנאים האָט די פויערים־מרידה אין אַ גרוי־סער מאָס צוגעאיילט דאָס אָנקומען פון דער רעוואָלוציע. ביי אָט אַזעלכע שוועריקייטן האָט קאַלאָן צונויפגערופן

אין ווערסאל אויפן 22טן פעברואר 1887 די פארזאמלונג פון די נאָטאַבלען.

די נאָטאבלען=פארזאמלונג איז געווען גראד אזא זאך, וואס מען האט דווקא איצט ניט באדארפט פאראָרדענען: דווקא דאס דאָזיקע האלבע מיטל האט גורם געווען, אז פון איין זייט זאל די נאַציאָנאל=פארזאמלונג ווערן אומפארמיידלעך, און פון דער צוויי=טער זייט געוועקט אומצוטרוי צום הויף און שנאה צו די צוויי פריווילעגירטע שטאנדן — איידעללייט און גייסטלעכע. מען האט זיך דערוואוסט, אז דער חוב דערגרייכט ביז א מיליארד זעקס הונ=דערט זעקס און פערציק מיליאָן פראנק, א ציפער פאר יענע צייטן א מוראדיקע — און אז דער יערלעכער חיסור טראָגט אויס הונ=דערט און פערציק מיליאָן — אין אזא חרוב לאנד, ווי פראנקרייך! מען האט זיך וועגן דעם דערוואוסט; די גאנצע וועלט האט דער=פון געהערט; און אז עס איז שוין געגאנגען פון מויל צו מויל, זיינען די נאָטאבלען, וועלכע זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פון די העכערע קלאסן און וואס האבן רעפרעזענטירט די מיניסטעריאל=פארזאמלונג, זיך צעגאנגען דעם 25טן מאי, ניט טוענדיק קיין זאך און ניט אָננעמענדיק קיין שום באשלוס. בעת זייערע דעבאטן איז קאלאָן פארטרעטן געווען דורכן ארציבישאָף פון ראן, לאָמעני=דע=בריאן, וועלכער איז מיט זיינע אינטריגעס און שטרענגע נסיונות בלויז מסוגל געווען אויפצורודערן די פארלאמענטן, און בעת ער האט זיי געוואָלט פונאנדערטרייבן, זיינען כמעט אומעטום אויסגעבראָכן אומרוען, — ער האט בכלל מיטגעווירקט, אז די געזעלשאפטלעכע מיינונג זאל זיין פיינטלעך געשטימט בנוגע דעם הויף. ווען ער האט באקומען דעמיסיע, דעם 25טן אווגוסט 1788, האט זיין אוועקגיין ארויסגערופן גרויס פרייד אין גאנץ פראנקרייך. היות ער האט אָבער אזוי גלענצנד ארויסגעוויזן די אוממעגלעכקייט פון א דעספּאָטישער ממשלה, איז דעם הויף געבליבן בלויז איין ברירה— זיך אונטערצוגעבן. דעם 8טן אווגוסט 1788 איז לודוויג דער XVIטער געצוואונגען געווען צו מעלדן, אז די גענעראל=שטאטן ווערן צונויפ=גערופן און באשטימען די עפענונג אויף דעם 1טן מאי 1789.

אָבער איצט האָבן דער הויף מיט נעקערן, וואס איז אין

1788 צוריק איינגעלאַדן געוואָרן אין מיניסטעריום, מיט זייער אויפפירן זיך ארויסגערופן אן אַלגעמיינע אומצופרידנקייט. אין פראַנקרייך האָט געהערשט די מיינונג, אַז אין די גענעראַל=שטאַטן, אין וועלכע די דריי שטאַנדן האָבן באַדאַרפט זיין באַזונדער פאָרגעשטעלט, זאָל דער דריטער שטאַנד האָבן אַ טאָפּלטע רע=פּרעזענטאַנץ, — און די אָפּשטימונג זאָל פאָרקומען לויט דער צאָל קעפּ. אָבער לוי דער XVIטער און נעקער האָבן זיך אַנטקעגנ=געשטעלט און האָבן אַפילו צונויפגערופן (דעם 6טן נאָוועמבער 1788) אַ צווייטע נאָטאַבלען=פאַרזאַמלונג; זיי זיינען זיכער געווען, אַז זי וועט אָפּוואַרפן דאָס פאָרטאָפּלען דעם דריטן שטאַנד און די אָפּשטימונג לויט דער צאָל קעפּ. און אַזוי איז טאַקע געשען; דאָך איז די מיינונג געווען באַאַרבעט לטובת דעם דריטן שטאַנד דורך די פּראָווינציעלע פאַרזאַמלונגען און נעקער מיטן הויף האָבן געמוזט מסכים זיין אויף דער דאָזיקער הנחה. דער דריטער שטאַנד האָט באַקומען אַ טאָפּלטע רעפּרעזענטאַנץ, — דאָס הייסט, אַז פון די טויזנט דעפּוטאַטן האָט דער דריטער שטאַנד באַקומען אַזוי פיל, וויפל די גייסטלעכע מיט די איידעללייט צוזאַמען. מיט איין וואָרט, דער הויף האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקענט, צו מיטווירקן, אַז די געזעלשאַפטלעכע מיינונג זאָל זיין געווענדט קעגן אים, און דערביי קיין שום נוצן ניט געהאַט. דאָס עקשנות פונם הויף קעגן דעם צונויפרופן די פאָלקס=פאָרשטייערשאַפט איז געווען לחלוטין פּרובטלאָז. דעם פינפטן מאַי 1789 האָבן זיך אין ווערסאַל צונויפגעקליבן די גענעראַל=שטאַטן.

---

## זיבעטער קאפיטל

# די פויערים=אומרועו אין די ערשטע חדשים פון 1789

די איבערגעטריבענע העלדישקייט פונם בירגערטום ביים אָנהייב פון דער רעוואָלוציע. — די אָפּשאַפונג פון לייב=אייגנטום. — די אומגערטעניש אין 1789. — עס ברעכן אויס אומרוען. — די אַגיטאַציע אין די דערפער. — די וויכטיקייט פון פויערים=אויפשטאַנד.

עס וואָלט ניט געווען קיין גרעסערער טעות, ווי צו מיינען אָדער זיך פאָרשטעלן, אַז פראַנקרייך איז ערב דעם יאָר 1789 געווען אַ העלדן=פאָלק, און קינע האָט אינגאַנצן צעזייט די דאָזיקע פאַלשע לעגענדע, וואָס מען האָט זיך געמיט צו פאַרשפרייטן. פאַרשטייט זיך — אויב מיר וועלן אויף עטלעכע עמודים שטעלן איינס נאָך דאָס אַנדערע אַלערליי פאַקטן, אַגב גאַנץ ווייניקע לויט דער צאָל, פון דעם ווידערשטאַנד מצד דעם בירגערטום, — ווי, למשל, דעם ווידערשטאַנד פון דעפּרעמעניל — קען מען מאָלן אַ גאַנץ שאַרף בילד. בעת מיר נעמען אָבער אין אכט גאַנץ פראַנקרייך, וואַרפט זיך אונז קודם=כל אין די אויגן אריין דער מאַנגל פון ערנסטע פּראָטעסטן, פון שאַרף אַקצענטירן די אינדיווידואַליטעט, — דאָס יוצר=משרתימדיקע, אַזוי צו זאָגן, פון דעם בירגערטום. „קיינער רוקט זיך ניט אַרויס, קיינער לאָזט זיך ניט דערקענען“, — זאָגט זייער ריכטיק קינע. מען האָט אַפילו ניט קיין געלעגנהייט זיך אַליין צו דערקענען *. און ער פרעגט זיך: וואָס האָבן געטאָן באַרנאַוו, טורע, סיעס, ווערניאָ, גאָדע, ראָלאַן, דאַנטאָן, ראָבעספּיער און אַ סך אַנדערע, וואָס וועלן אינגיכן ווערן העלדן פון דער רעוואָלוציע?

אין די פּראָווינצן, אין די שטעט האָט געהערשט אַ טויטקייט און שטילקייט. די צענטראַל=מאַכט האָט ערשט געמוזט רופן מענטשן צו די וואַלן און צוגעבן זיי חשק, אַז זיי זאָלן ריידן הויך וועגן דעם, וואָס זיי האָבן שטילערהייט איינס דאָס אַנדערע

* “La Révolution„ — פון 1869, I טייל.

זיך איינגערוימט, אַז דער דריטער שטאַנד זאָל קענען צונויפשטעלן זיינע בארימטע העפטן. און נאָך עפּעס! אויב אין אַ טייל מעמאַרי־אַלן געפינען מיר דרייסטע ווערטער פון מרידה — איז דאָס רוב פאַראַן אין זיי הכנעה, עפּעס אַזאַ פּחדנות, און סאַר אַ באַשיידענע פאָדערונגען! אחוץ דער פאָדערונג פון דעם רעכט צו האַלטן געווער און עטלעכע געזעץ־גאַראַנטיעס קעגן ווילקירלעכע אַרעסטן, פאָדערן די העפטן פונם דריטן שטאַנד דער עיקר, אַ ביסל פרייהייט אין ענינים פון שטאָט־פאַרוואַלטונג *. ערשט שפּעטער, בעת די פאַר־שטייער פונם דריטן שטאַנד וועלן דערזען, אַז דאָס פאַריזער פאָלק האַלט זיי אונטער, ווען עס וועט זיך אָפּרופן דער געמורמל פון דער פּויערישער מרידה, וועלן זיי ווערן דרייסט לגבי דעם הויף.

צום גליק הייבט דאָס פאָלק אָן אומעטום צו ברויזן, פון די באַוועגונגען אָן, וואָס די פּאַרלאַמענטן האָבן גורם געווען זומער און האַרבסט 1788, און די כוואַליע שטאַרקט זיך כסדר אַזש ביזן גרויסן אויפשטאַנד פון דאָרף אין יולי און אַווגוסט 1789.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז די לאַגע פון די פּויערים און פונם פאָלק אין די שטעט איז געווען אַזאַ, אַז עס איז גענוג געווען איין שלעכט גערעטעניש, עס זאָל ווערן אַ גרויסער יקרות אויף ברויט אין שטאָט און אַ הונגער אינם דאָרף. די פּויערים זיינען שוין קיין לייבקנעכט ניט געווען, מחמת די לייבקנעכט־

* ווענן די פאָדערונגען, וואָס וועלן שפּעטער אַריינטרייבן אין באַסט די בורזשואַזע באַלעבאַטים, דאַרף מען אָט־וואָס באַמערקן: ליאָן, טרואַ, פאַריז און שאַלאָן פאָדערן אַ טאַקסע אויף ברויט און פלייש לויט די דורכשניטלעכע מקחים. ראַן פאָדערט, „מען זאָל פעריאָדיש, לויט די באַדערפענישן פון די אַרבעטער, רעגולירן דאָס שכירות“; אַנדערע עטלעכע שטעט פאָדערן, אַז מען זאָל גאַראַנטירן אַרבעט אַלע אָרעמעלייט, וואָס זיינען פעיִק עפּעס צו טאָן. וואָס שייך די קאָנ־סטיטוציאָנעלע ראָיאַליסטן — און געווען זיינען זיי אַ סך — זעט מען פונם פּראָיעקט פון „אַלגעמיינעם העפט“, וואָס מיט זיין אינהאַלט באַקענט אונדז שאַסען (Les élections et les cahiers de Paris en 1789, III, 1889), אַז זיי האָבן בדעה גע־האַט צו באַגרעניצן די דעבאַטן פון די גענעראַל־שטאַטן. מען האָט געוואָלט, אַז עס זאָלן באַהאַנדלט ווערן בלויז פינאַנס־פראַגן, שפּאָרזאַמקייט אין קיניגלעכן הויף און ביי די פירשטן.

שאפט — לכל הפחות, אין די פריוואטע גיטער – איז שוין געווען פון א צייט אן אפגעשאפט. זינט לודוויק דער XVIטער האט עס אפגעשאפט אין די קיניגלעכע גיטער (אין 1779), האבן אין יורא עקסיסטירט אין 1788 בלויז 80.000 אונטערוואָרפענע דער טוי־טער האנט, העכסטנס 1.500.000 אין גאנץ פראנקרייך — אפשר נאך ווייניקער ווי א מיליאן; און די אלע, וואס זיינען שוין אפילו געווען אונטערגעוואָרפן דער טויטער האנט, זיינען ניט געווען קיין לייבקנעכט אין אמתן זין פון ווארט. די גרויסע מאסע פראנצויזישע פויערים איז שוין לאנג ניט געווען פארשקלאפט. זיי האבן אבער ווייטער נאך אפגעצאָלט פאר זייער פערזענלעכער פרייהייט מיט געלט און ארבעט — און דער דאזיקער צינז איז געווען אן אומ־געהייער שווערע לאסט און דערצו פארשיידנארטיק, אבער ער איז ניט געוואָרן ארויפגעלייגט אייגנוויליק: עס איז געווען אן אפצאל פארן רעכט צו באזיצן ערד — סיי אין דעם געמיינדע־קאלעקטיוו, סיי פריוואט, אדער, לסוף — פאר ארענדע; יעדער ערד־באזיץ האט געהאט זיינע פליכטן, פארשיידנארטיקע און פיל־צאליקע — וואס זיינען זארגפול פארשריבן געוואָרן אין די ערד־בנקסים.

אחוץ דעם האט דער פריץ געהאט באוואָרנט פאר זיך דאס געריכטס־וועזן. אויפן שטח פון א געוויסער צאל גיטער איז דער פריץ אליין געווען דער ריכטער, אדער באשטימט ריכטער; און אויפן סמך פון דעם דאזיקן טראדיציאָנעלן זכות האט ער פאר־אוים גענומען כל־המינים שטייערן פון זיינע געוועזענע לייבקנעכט. בעת א פרוי האט אפגעשריבן איר טאכטער איין אדער צוויי ביי־מער מיט עטלעכע אלטע קליידלעך (למשל, „מיין שווארץ וואטן קליידל" — כ'האב אליין געזען אזא צוואה), האט „דער ליכטיקער, גנעדיקער פריץ" אדער „די ליכטיקע, גנעדיקע באראנין" גענומען כך־וכך פון דער דאזיקער ירושה *. דער פויער האט אויך געצאלט

* אין דער בארימטער בראָשור: „Les fléaux de l'agriculture, ouvrage pour servir á L'appui des Doléances des campagnes" פון ז., פונם 10טן אפריל 1789, זיינען אנגעוויזן די סיבות, וואס האבן געשטערט דער אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט, קודם־כל די ריזיקע שטייערן, דער געוויינלעכער מעשר, וואס

פאַרן רעכט חתונה צו האָבן, פאַר טויף און לוויה; ער האָט אויך געצאָלט פאַר יעדן אָפּמאַך פון קויפן און פאַרקויפן, און זיין פאַרהאַנדלען די תבואה אָדער זיין ווייַן איז געווען באַגרענעצט; ער האָט עס ניט געטאָרט פאַרקויפן פריער פאַרן פריץ. לסוף, די כּל-המינים אָפּצאָלן, — פאַר נוצן די מיל, די פּרעס, דעם בעקער-אויוון, די וועשעריי, די וועגן, די טייכוועגן — זיינען פאַרבליבן פון די צייטן פון לייבקנעכטשאַפט, ניט ווייניקער פון דעם מס אין וואַלד-ניס, שוואָמען, לייוונט, פאַקולע, וואָס זיינען אַמאָל באַטראַכט געוואָרן אַלס מתּנות לכּבוד דעם אָנקומען פון אַ נייעם פריץ אין הויף.

דער פליכט-מס איז געווען אומגעהייער פאַרשיידן: אין אַרבעט אויפן פריצס פעלדער, אין זיינע פאַרקן, גערטנער, אויף באַפרידיקן כּלערליי קאַפּריזן זיינע... אין אַ טייל דערפער איז געווען נאָך אַפילו אַ פליכט פון קלאַפּן ביינאַכט אין די סטאַוון, אַז די פרעש זאָלן ניט שטערן דעם פריץ.

פערזענלעך איז דאָס פאָלק געוואָרן באַפרייט; אָבער די גאַנצע נעץ פליכטן און אַרויסגעדריקטע אָפּצאָלן, וואָס האָבן זיך איינגעוואָרצלט פאַמעלעך פון כּמה דורות קנעכטשאַפט צוליב דער רמאות פון די פריצים און זייערע פאַרוואַלטערס — די גאַנצע נעץ האָט אַרומגערינגלט דעם פויער אויך אויף ווייטער.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען די מלוכה מיט איר קאָפּשטייער, ערד-שטייער, — שטייער פון צוואַנציק פּרוטות און דעם אַרבעטס-מס, וואָס איז כּסדר געוואַקסן; די מלוכה איז, פונקט ווי דעם פריצס עקאָנאָם, תּמיד גרייט געווען צו ברעכן זיך דעם קאָפּ אויסצוזוכן עפּעס אַ נייעם תּירוץ אויף אַ נייער פאָרם פון שטייערן.

אמת, זינט טיורגאָ האָבן שוין די פויערים ניט געצאָלט אַ געוויסע צאָל פעאָדאַלע פליכטן, און אַ טייל פּראָווינציעלע גובערנאַטאָרן האָבן אַפילו ניט געוואָלט אָנווענדן קיין צוואַנג, כּדי

---

האָט זיך וואָס אַ מאָל פאַרגרעסערט, די גרויסע היזקות, וואָס די חיות האָבן אָנגעמאַכט צוליב דער אויסשליסלעכער רעכט פאַרן פריץ אויף געיעג, די נגישות און מיספּרויכן מיטן פריצישן געריכט. ס'איז צו זען פון דאַנען, אַז מיט דער הילף פון דעם מס-רעכט זיינען די פריצים געוואָרן דעספּאָטן און האַלטן די פויערים אין די קייטן פון קנעכטשאַפט.

אויפצומאָנען געוויסע אָפּצאָלן, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר שעדלעכע הויט־שינדעריי. אָבער די וויכטיקסטע פעאָדאַלע לאַסט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער ערד, האָט געמוזט ווערן אינגאַנצן געדעקט; און זי איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער, מחמת די מלוכה־שטייערן און די פּראָווינציעלע אָפּצאָלן, וועלכע זיינען געוואָרן צוגעגעבן דערצו, זיינען כּסדר געוואַקסן. דעריבער איז לחלוטין קיין גוזמא ניט אין די חושכדיקע בילדער פונם דאָרפישן לעבן, וואָס אַלע היסטאָריקער פון דער רעוואָלוציע מאָלן אונז: עס איז אויך קיין גוזמא ניט, בעת מען זאָגט אונז, אַז אין יעדן דאָרף האָבן זיך געפונען עטלעכע פּויערים, וואָס ס'איז זיי געגאַנגען גוט, און זיי האָבן קודם־כּל געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלע פעאָדאַלע לאַסטן, וועלכע זיינען געלעגן אויף זיי, און באַקומען פערזענלעכע פרייהייטן. די דאָזיקעביידע טיפּן, וואָס זיינען געשילדערט געוואָרן דורך ערקמאַן־שאַטריאַן אין „דער געשיכטע פונם פּויער" — אַ טיפּ פון אַ פאַרמעגלעכן פּויער און אַ פּויער, וואָס איז צוגעדריקט פון דער משא פון נויט — זיינען אמתע. ביידע האָבן זיי עקסיסטירט. דער ערשטער האָט געגעבן די פּאָליטישע קראַפט דעם דריטן שטאַנד; די מורדים־באַנדעס ווידער, וואָס האָבן שוין ווינטער 1788—1789 אָנגעהויבן צווינגען די איידללייט זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע פעאָדאַלע פליכטן, וועלכע זיינען אויסגערעכנט געוואָרן אין די ערד־פּנקסים, האָבן געשטאַמט פון די דאָרפישע אָרעמעלייט, וועלכע האָבן פאַרמאָגט בלויז אַ געצעלט אין דער ערד אַלס דירה, קאַשטאַנעס און די פּירות פון לֶקט אַלס שפּייז.

דאָס זעלבע איז נוגע די שטעט. די פעאָדאַלע רעכט זיינען חל געווען אויף די שטעט, פּונקט ווי אויף די דערפער; די אָרעמע שטאָטישע באַפעלקערונג איז פּונקט אַזוי געווען געבראָכן פון דער לאַסט פון פעאָדאַלע פליכטן, ווי די פּויערים. דאָס גע־ריכטס־וועזן פון פריץ איז געווען אין קראַפט אין אַ סך שטאָט־ישובים, און די הייזלעך פון די בעל־מלאכות און אַרבעטער האָבן געצאָלט דעמזעלבן אָפּצאָל אין פאַל פון פאַרקויפן אָדער אַרבן, ווי די פּויערשע ראַטעס. עטלעכע שטעט האָבן געצאָלט אַפילו אַ שטענ־

דיקן צינז, אַלס פּדיון פון זייער אַמאָליקער פעאָדאַלער אָפּהענגי־
קייט. אחוץ דעם האָט דאָס רוב שטעט געצאָלט דעם קיניג
„איינגנווילִיקן איינצאָל" פאַר פאַרהאַלטן דעם שאָטן פון געמיינדע־
אומאָפּהענגיקייט, און די לאַסט פון שטייערן האָט געדריקט דער
עיקר די באַפעלקערונג. אויב מען זאָל נאָך מוסיף זיין דערצו
די שווערע קיניגלעכע שטייערן, דעם פּראָווינציעלן מַס און די
פּליכטן, שטייערן פון זאַלץ א. אז. וו., אחוץ דעם, דעם ווילקיר
פון דער מאַכט, די גרויסע געריכט־הוצאות און די אוממעגלעכקייט,
אַז אַ פּשוטער מענטש, אַפילו אַ רייכער בירגער, זאָל געפינען
אַ יושרדיקן משפּט קעגן אַן איידלמאַן — אויב מען זאָל נאָך
אַ טראַכט טאָן וועגן די כּל־המינים אונטערדריקונג, הכנעה און
עוולות, וואָס זיינען געוואָרן אָפּגעטאָן די בעל־מלאכות, וועט מען זיך
קענען פאָרשטעלן דעם מעמד פון די אָרעמע קלאַסן ערב דעם יאָר 1789.

פון דער דאָזיקער אָרעמער באַפעלקערונג טאַקע האָט גע־
שטאַמט די מרידה פון שטאָט און דאָרף, וואָס האָט אָנגעשטעקט
די פאָרשטייער פונם דריטן שטאַנד אין די גענעראַל־שטאַטן מיט
אַזוי פיל מוט, אַז זיי האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם קיניג
און זיך ערקלערט אַלס גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

צוליב דער טריקעניש איז דער שניט אין 1788 ניט
געראָטן, און דער ווינטער איז געווען זייער אַ האַרבער. אמת —
פריער זיינען אויך געווען כּמעט אַזעלכע האַרבע ווינטערס, אַזעלכע
שלעכטע געראָטענישן און פאָלקס־אומרוען. יאָר־יערלעך האָט אין
עפּיס אַ טייל פראַנקרייך געפעלט און די נויט האָט אַפטמאָל
אַרומגעכאַפּט אַ פערטל אָדער אַ דריטל קיניגרייך. אָבער דאַסמאָל
האָבן געוועקט האָפענונג די פריערדיקע געשעענישן: די פּראָ־
ווינציעלע פאַרזאַמלונגען, די צונויפקומעניש פון די נאָטאַבלען, די
אומרוען אין די שטעט צוליב די פּאַרלאַמענטן, וועלכע האָבן
אַרומגעכאַפּט אויך דאָס דאָרף (ווי מיר האָבן דאָס געזען לכל־
הפּחות אין ברעטאַניע). דעריבער האָבן די מרידות פון 1789
אָנגענומען תיכּף אַ גרויסן מאַסשטאַב און אַ באַדראָלעכן אופן.

איך דערוויס זיך פון פּראָפעסאָר קאַרעיעוו, וועלכער האָט
געפאָרשט די פּועל־יוצאָס פון דער גרויסער רעוואָלוציע צווישן

די פראַנצויזישע פּויערים, אַז אינם נאַציאָנאַלן אַרכיוו געפינען זיך קופּעס דאָקומענטן, וואָס זיינען נוגע די פּויערישע מרידות ביז דעם חרוב=מאַכן פון באַסטיליע *.

איך, הגם כ'האָב קיינמאָל ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאָרשן די פראַנצויזישע אַרכיוון, בין דאָך אויפן סמך פון אַ געוויסער צאָל פּראָווינציעלע געשיכטעס פון דער צייט ** געקומען שוין אין מיינע פריערדיקע אַרבעטן צום באַשלוס ***, אַז די מרידות אויפן דאָרף זיינען אויסגעבראָכן שוין אין יאַנואַר 1789, און אַפילו אין דעצעמבער 1788. אין אַ טייל פּראָווינצן איז די לאַגע צוליב דעם יקרות געווען אַ שרעקלעכע און אומעטום האָט דער גייסט פון מרידה מיט אַן אומבאַקאַנטער ביז איצט קראַפט באַהערשט די באַפעלקערונג. צו פרילינג האָבן זיך אָנגעהויבן אַלע אָפטערע אומרועז אין פּואַטו, ברעטאַניע, טורען, אָרלעאַניע, נאָרמאַנדיע, איל=דע=פראַנס, פּיקאַרדיע, שאַמפּאַניע, עלזאַס, בורגונדיע, ניווערנע, אָווערן, לאַנגעדאָק און פּראָוואַנס.

כמעט אַלע אומרועז האָבן געטראָגן איין כאַראַקטער. די פּויערים, באַוואָפנט מיט מעסערס, שניידמעסערס און שטעקנס, זיינען געקומען צו לויפן אין שטאָט אַריין, האָבן געצוואונגען די אַרבעטער און אַרענדאַרס, וואָס האָבן געבראַכט צו פירן תבואה אין שטאָט אַריין אויפן מאַרק, צו פאַרקויפן לויט אַ געוויסן „ערלעכן" מקח (למשל, 3 ליווער אַ קאָרץ) אָדער האָבן געזוכט תבואה ביי די געטריידע=סוחרים און „געטיילט זיך מיט איר צו נידעריקע פּרייזן" און דערביי מבטיח געווען, אַז ביי דעם נאָענטסטן שניט

* היינט איז באַוואוסט, אַז טען, וועלכער האָט געפאָרשט די באַריכטן פון די אינטענדאַנטן וועגן די דאָזיקע מרידות, האָט זיך געשטיצט בלויז אויף 26 באַריכטן פון 1770טן יאָר, ווי אָלאַר האָט עס אָנגעוויזן אין זיין בוך: „Taine, histoire de la Révolution Française" 1907.

** זשיראָ—דורך זאָמיערן; לאַנגעדאָק דורך—וויק און וועסעט; קאַסטער־דורך—קאַמב; ברעטאַניע—דורך שאַטעליע; פראַנש-קאָנטע דורך—קלערק; אָווערן—דורך—דילאָר; בערי—דורך רעינאַל; לימוזען—דורך לעימאַרי; עלזאַס—דורך סטראָבל א. אַז. וו.

*** „La Grande Révolution", אַ בראָשור, פּאַריז 1890; „The Great French Revolution and its Lesson", אַ יאָרצייט-אַרטיקל אין „Nineteeth Century".

וועלן זיי דעם חוב דעקן. ערגעץ-אַנדערש האָט מען געצוואונגען דעם פּריץ זיך אָפּצוזאָגן פון דעם מס אין מעל אויף אַ צוויי חדשים, און אָפּטמאָל „צו העכערן דעם טאָג-לוין מיט פיר ס ו". וואו דער הונגער האָט צומייסט געהערשט, האָבן די שטאָטישע אַרבעטער (למשל, אין טיער) צוגענומען די תבואה אין די דערפער. אָפּטמאָל האָט מען זיך אַריינגעריסן אין די שפּייכלערס פון די גייסטלעכע אָרדנס, צו וואָכערער אָדער פּריוואַטע פּערזאָנען און צוגעשטעלט מעל די בעקערס. אחוצדעם, האָבן זיך געשאַפן דעמאָלט שוין באַנדעס, וואָס זיינען באַשטאַנען פון פּויערים, האָלץ-העקערס, און טיילמאָל פון קאָנטראַבאַנדע-לייט, וואָס זיינען געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף און איבערגוואַלט צוגענומען די תבואה און אַ סך מאָל אָנגעהויבן אויך ברענען די ערד-פּנקסים און צווינגען די פּריצים זיך אָפּצוזאָגן פון די פעאָדאַלע רעכט — באַנדעס, וואָס האָבן אין יולי 1789 געגעבן דעם בירגערטום אַ תירוץ צו שאַפן זיין באַוואָפנטע מיליץ.

פון יאַנואַר אָן האָט מען אויך געהערט בעת די דאָזיקע אומרוען אויסגעשרייען: „זאָל לעבן די פרייהייט!" און פון דעמאָלט אָן, און נאָך מערער פון מערץ אָן, האָט זיך געמאַכט, אַז דאָ און דאָרט האָבן די פּויערים זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן מעשר און פעאָדאַלן צינז, אָפּטמאָל אַפילו שטייערן. אחוץ די דריי פּראָווינצן, ברעטאַניע, עלזאַס און דעלפינאַט (וואָס זיינען אויסגערעכנט ביי טענען), געפינען מיר שפּורן פון אַזעלכע באַוועגונגען כמעט אין גאַנץ מזרח פראַנקרייך.

אויף דרום, אין אַגד, בעת די אומרוען דעם 19טן, 20טן און 21טן אַפּריל, „האָט דאָס פאָלק צוליב דעם בלומרשטן רצון פונם קיניג בנוגע דער גלייכהייט פון די שטאַנדן, זיך פאַרהאַלטן ווי מטורף, ווי ער וואָלט געווען אַלץ און אַלץ בכוח געווען צו טאָן", זאָגן דער מער מיט די בייזיצערס. דאָס פאָלק האָט געדראָט דער שטאָט אַלץ צעראַבירן, אויב מען וועט ניט פאַרקלענערן די פרייזן אויף לעבנס-מיטל און ניט אַראָפּנעמען די פּראָווינציעלע שטייערן אויף וויין, פיש און פלייש; ווייטער — און דאָ זעט מען שוין דעם געזונטן קאָמוניסטישן חוש פון די פאָלקס-

מאַסן אין פראַנקרייך, — „ווילן זיי באַשטימען בייזיצער, וואָס זאָלן שטאַמען פון זייער גזע"; די דאָזיקע פאָדערונגען האָט מען אָנגענומען *. אין דריי טעג אַרום האָט דאָס פאָלק געפאָדערט, אַז דער אָפּצאָל פון מעל זאָל פאַרקלענערט ווערן אויף אַ העלפט, אויף וואָס מען איז אויך איינגעגאַנגען.

דער דאָזיקער אויפשטאַנד איז אַ בילד פון הונדערט אַנדערע. די ברויט-פראַגע איז געווען די הויפט-סיבה פון דער באַוועגונג. אָבער אינגיכן האָבן זיך צו איר פאַראייניקט פאָדערונגען אויפן געביט, אין וועלכן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען קומען אין באַרירונג מיט דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, — אויפן געביט, אין וועלכן די פאָלקס-באַוועגונגען גייען תמיד מיט דער גרעסטער זיכערקייט פאָראויס און גיבן תיכף רעזולטאַטן.

אין פראָווינס האָבן נאָך אין מערץ און אין אַפּריל 1789 העכער פערציק שטעט און שטעטלעך, צווישן זיי ע, מאַרסעל און טילאָן, אָראָפּגענומען דעם מעל-שטייער, און כמעט אומעטום האָט דאָס פאָלק געראַבירט די הייזער פון די באַאַמטע, וועלכע זיינען באַשטימט געווען אויפצומאָנען אָפּצאָלן פון מעל און פעל און שעכט-אָפּצאָלן. מען האָט פאַרקלענערט און איינגעשטעלט מקחים פון לעבנסמיטל; און בעת די הערן פון דער גרויס-בורזשואַזיע האָבן פּראָטעסטירט, איז דער המון גרייט געווען זיי צו פאַרשטיינען, אָדער מען האָט אויסגעגראָבן פאַר זיי אין די אויגן אַ גרוב, וואו זיי האָבן באַדאַרפט באַגראָבן ווערן — טיילמאָל האָט מען פאַראויס שוין געבראַכט אַ טרונע, כדי מערער פחד צו וואַרפן אויף די ווידערשפּעניקע, און יענע זיינען, פאַרשטייט זיך, שנעל געגאַנגען אויף הנחות. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען דעמאָלט (אַפּריל 1789) אָן דער קלענסטער בלוט-פאַרגיסונג. דאָס איז אַ מין מלחמה, „וואָס איז ערקלערט געוואָרן די אייגנטימער און די אייגנטומס", זאָגן די באַריכטן פון די אינטענדאַנטן און שטאָט-פאַרוואַלטונגען; „דאָס פאָלק ערקלערט ווייטער, אַז עס וויל ניט צאָלן, ניט קיין שטייערן, ניט קיין צינז, ניט קיין חובות *.

* טען II, 22, 23.

** בריוו אינם נאַציאָנאַלן אַרכיוו, H. 1453, ציטירט דורך טענען, ב. II, ז. 24.

שוין דעמאָלט, — אין אַפּריל, — האָבּן די פּויערים אָנגעהויבּן צו ראַבּירן די שלעסער און צווינגען די פּריצים זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע רעכט. אין פּעניע האָבּן זיי געניייט דעם פּריץ „אויסצושטעלן אַ דאָקומענט, אויפן סמך פון וועלכן ער זאָגט זיך אָפּ פון אַלע זיינע פּריצישע רעכט" (דער בּריוו איז אין אַרכיוו); אין ריע האָבּן זיי געפאָדערט, אַז דער בּישאָף זאָל פאַרבּרענען זיין אַרכיוו. און היער און נאָך אויף אַ ן אָרט האָבּן זיי געבּרענט אַלטע אַקטן, וואָס זיינען נוגע פעאָדאַלע לאַסטן און שטייערן. מיט איין וואָרט, אין פּראָוואַנס בּאַמערקן מיר שוין אין אַפּריל אַן אָנהייבּ פון דער גרויסער פּויערים-מרידה, וואָס וועט צווינגען די איידללייט מיט די גייסטלעכע צו גיין אויף די ערשטע הנחות דעם 4טן אווגוסט 1789.

ס'איז לייכט צו פאַרשטיין, וואָסער השפּעה די דאָזיקע אומרוען און דאָס בּרויזן האָבּן געהאַט אויף די וואַלן אין דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג. שאַסען * זאָגט, אַז אין אַ טייל געגנטן האָבּן די איידללייט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די וואַלן און אַז אין די דאָזיקע מקומות האָבּן די פּויערישע וויילער ניט געוואַגט אויף קיין זאַך זיך צו בּאַקלאָגן.

ערגיץ אַנדערש-וואו, קודם-כּל אין ראַן, האָבּן די איידללייט אויסגענוצט אַפילו די דעבּאַטן פון די גענעראַל-שטאַטן אין בּרעטאַניע (סוף דעצעמבּער 1788 און יאַנואַר 1789) און פּרובּירט אונטערהעצן דעם הונגעריקן המון אויף די בּורזשואַס. אָבּער וואָס האָבּן געקענט אויפטאָן די דאָזיקע לעצטע קאָנוואולסיעס פון די איידללייט לגבּי דער וואַקסנדיקער פאָלקס-כוואַליע? דאָס פאָלק האָט געזען, אַז אין די הענט פון די איידללייט און גייסטלעכע בּלייבּט העכער אַ העלפט ערד ניט בּאַאַרבּעט, און האָט בּעסער פאַרשטאַנען, ווי די סטאַטיסטיקער וואָלטן עס בּכּוח געווען אויפצוּווייזן, אַז כּל-זמן דער פּויער וועט ניט נעמען זיך בּאַאַרבּעטן די ערד, וועט דער הונגער כּסדר דויערן.

די נייטיקייט גופא פון אויסהאַלטן זיך האָט געהעצט דעם פּויער קעגן די גרויס-בּאַזיצער. ווינטער 1788—89, זאָגט שאַסען,

---

* Génie de la Révolution.

איז ניט אוועק קיין טאָג אין זשיראָ, אַז מען זאָל ניט בּארויבּן קיין תּבואה־טראַנספּאָרט. בּלויז די העכערע מיליטערישע קרייזן האָבּן געפאָדערט, אַז מען זאָל קעגן דעם פאָלק ארויסטרעטן אָן שום רחמנות, אָבּער די געריכטן האָבּן זיך אָפּגעזאָגט צו משפּטן און פאַרמשפּטן די דאָזיקע הונגעריקע מורדים — די אָפיצירן האָבּן ניט געוואָלט שיסן צום פאָלק. די איידעללייט האָבּן פאַמעלעך גענעפנט די שפּייכלערס: מען האָט מורא געהאַט, אַז די שלעסער זאָלן ניט אָנהייבּן ברענען (דאָס איז געווען אָנהייבּ אַפּריל 1789). אומעטום — זאָגט שאַסען — זיינען אויסגעבּראָכן ענלעכע אומרוען, אויף צפון און דרום, אויף מערב און מזרח.

די וואַלן האָבּן אַריינגעטראָגן אויפן דאָרף לעבּהאַפּטיקייט און געוועקט אַ סך האָפענונגען. אומעטום האָט דער פּריץ געהאַט אַ גרויסע השפּעה; קוים אָבּער האָט זיך אין דאָרף געפונען עפּעס אַ בּורזשואַ, אַן אַדוואָקאַט אָדער אַ דאָקטאָר, וואָס האָט געלייענט וואָלטערן, אָדער בּלויז סיעס בּראָשור; קוים האָט זיך נאָך גע־פונען עפּעס אַ וועבּער אָדער אַ מולער, וואָס קען לייענען און שרייבּן, אפילו געדרוקטן כּתב בּלויז — האָט זיך אַלץ געענדערט; די פּויערים האָבּן דעמאָלט אָנגעהויבּן אויסגיסן זייער בּיטער האַרץ אויפן פּאַפּיר. דעם אמת גערעדט זיינען דאָס רובֿ אָנקלאָגעס נוגע געווען צווייטראַנגיקע זאַכן; אָבּער כּמעט אומעטום האָט זיך געלאָזט מערקן (ווי אינם פּויערים־אויפשטאַנד אין דייטשלאַנד אין 1525) דער געדאַנק, אַז די פּריצים זיינען מחויבֿ צו בּאַווייזן ז י י ע ר ע ר ע כ ט אויפן פעאָדאַלן שינדן די הויט *.

נאָכן אָפּגעבּן די העפטן, האָבּן די פּויערים געדולדיק גע־וואַרט. אָבּער די פּאַמעלעכע אַרבּעט פון די גענעראַל־שטאַטן און פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט בּיי זיי אַרויסגערופן אַ כּעס, און קוים איז געקומען דער שרעקלעכער ווינטער פון 1788 אויפן 89טן יאָר, קוים עס האָבּן זיך נאָר אומגעקערט די זוניקע טעג און צוזאַמען מיט זיי אויך די האָפענונג פון דעם נאָענטסטן

* Doniol, La Révolution française et la feodalité.

שניט, האָבן זיך די אומרועןאויפדאָסניי אָנגעהויבן, דער עיקר
נאָך די פרילינגס=אַרבעטן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געבילדעטע בירגערטום האָט אויס=
געניצט די וואַלן, כּדי צו פאַרשפּרייטן די אידעע פון דער רעוואָ=
לוציע. עס האָט זיך געשאַפן אַ „קאָנסטיטוציאָנעלער קלוב", און
זיינע ברייטע פאַרצווייגונגען האָבן אַרומגעכאַפּט אַפילו די קלענסטע
שטעט. דער גלייכגילט אין די מזרח=שטעט, וואָס האָט אַזוי איבער=
ראַשט אַרטור יונגן, האָט אָן שום ספק עקסיסטירט; אין אַנדערע
פּראָווינצן ווידער האָט דאָס בירגערטום אַרויסבאַקומען וואָס עס
איז נאָר מעגלעך פאַר אַ נוצן פון דער וואַל=באַוועגונג. ס'איז צו
זען אַפילו, אַז די געשעענישן פון יוני אין ווערסאַל, אין דער נאַ=
ציאָנאַל=פאַרזאַמלונג, זיינען שוין פון עטלעכע חדשים אָן געווען
צוגעגרייט אין די פּראָווינצן. אַזוי האָבן אין דעלפינאַט די פּראָ=
ווינציעלע שטאַטן אָנגענומען אונטערן דרוק פון די לאָקאַלע אומ=
רוען אין אוווגוסט 1788 דאָס פאַראייניקן די דריי שטאַנדן און די
אָפּשטימונג לויט דער צאָל קעפּ.

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז דאָס בירגערטום, וואָס
איז אַרויסגעטראָטן בעת די וואַלן, איז געווען לכל=הפּחות רעוואָ=
לוציאָנעריש. דאָס זיינען געווען מעסיקע „רויִקע מורדים", ווי עס
זאָגט שאַסען. דאָס האָט אייגנטלעך דאָס פאָלק גערעדט וועגן
רעוואָלוציאָנערע מיטלען, מחמת עס שאַפן זיך געהיימע געזעל=
שאַפטן צווישן די פּויערים, און אומבאַקאַנטע פאָדערן אויף דאָס
פאָלק ניט צו צאָלן מער קיין שטייערן, נאָר געהייסן זיי צאָלן די
איידללייט. אָדער עס פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז די איידללייט
האָבן שוין מסכּים געווען צו צאָלן אַלע שטייערן, אָבער דאָס זיי=
נען אונטערשיסעלעך פון זייער זייט. „דאָס פאָלק פון זשענעווע
האָט זיך שוין באַפרייט... ציטערט, פּריצים!" עס גייען אַרויס
אויך בראָשורן, וואָס זיינען געווענדט צו די פּויערים און וואָס
ווערן בסוד=סודות פאַרשפּרייט (למשל, „די עצה פאַר פּויערים"
אין שאַטר). מיט איין וואָרט, די אויפרעגונג אין דאָרף איז געווען
אַזוי גרויס, זאָגט שאַסען — און ער האָט שום ספק בעסער פון
אַלע אַנדערע אויסגעפאָרשט די דאָזיקע זייט פון דער רעוואָ=

לוציע, — אַז פּאַריז זאָל אַפילו דעם 14טן מערץ געווען באַזיגט געוואָרן, וואָלט מען שוין דאָס דאָרף ניט בכּוח גע־ווען צוריקצושטעלן אין דער לאַגע, וואָס עס איז געווען יאַנואַר 1789. מען וואָלט יעדער דאָרף באַזונדערס געמוזט באַצווינגען. פון מערץ אָן האָט קיינער מער קיין צינז ניט געצאָלט.

די באַדייטונג פונם דאָזיקן אויפברויז אין דאָרף איז פאַר־שטענדלעך. הגם דאָס געבילדעטע בירגערטום נוצט אויס דעם סיכסוך צווישן דעם הויף און די פּאַרלאַמענטן, כּדי אַרויסצורופן אַ פּאָליטישע אַגיטאַציע; הגם עס טוט אַלץ, כּדי פאַרשפּרייטן אומצופרידנהייט, דאָך איז בלויז דער פּויערים־אויפשטאַנד, וואָס טראָגט זיך אויך איבער אין די שטעט, דער אמתער יסוד פון דער רעוואָלוציע; דאָס דיקטירט ער עס די דעפּוטאַטן פונם דריטן שטאַנד דעם באַשלוס, וואָס וועט אינגיכן אָנגענומען ווערן אין ווערסאַל: דאָס רעפאָרמירן די גאַנצע רעגירונגס־סיסטעם אין פראַנקרייך און דאָס מאַכן אַ טיפע איבערקערעניש אין דעם פאַר־טיילן די רייכטימער!

ווען ניט דער פּויערים־אויפשטאַנד, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן ווינטער און זיך ביזן יאָר 1793 וואָס אַמאָל מער געשטאַרקט, וואָלט דאָס אַראָפּוואַרפן דעם קיניגלעכן דעספּאָטיזם אַזוי גרינג־לעך ניט געווען געמאַכט געוואָרן; עס וואָלטן אים קיינמאָל ניט באַגלייט אַזעלכע טיפע פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און געזעל־שאַפטלעכע שינויים. פראַנקרייך וואָלט מסתמא באַקומען אַ פּאַר־לאַמענט, ווי עס האָט געהאַט אַזעלכן פּרייסן אין יאָר 1848, צו לייטיש געלעכטער — אָבער די דאָזיקע נייע זאַך וואָלט ניט גע־טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ רעוואָלוציע: זי וואָלט געבליבן אַן אויבנאויפיקע, פּונקט ווי די שינויים נאָכן יאָר 1848 אין די דייטשע מלוכות.

## אכטער קאפּיטל

# די אומרועןן אין פּאַריז און אין דער אומגעגנט.

די מעסיקיים אין פּאַריז. — דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן דעם פּאַריזער פאָלק און די רייכע. — „ענגליש גאָלד". — פּאַריז — דער צענטער פון דער רעוואָלוציע.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אז ביי אַזעלכע מינים אומשטענדן האָט פּאַריז רויִק ניט געקענט בלייבן. דער הונגער האָט געוועל־טיקט אין דאָרף, אין דער אומגעגנט פון דער דאָזיקער גרויסער שטאָט, ווי ערגעץ־אַנדערש; אין פּאַריז האָט אויסגעפעלט לעבנס־מיטל, ווי אין אַנדערע שטעט; און דער צופלוס פון אָרעמעלייט, וואָס זוכן אַרבעט, האָט געקענט בלויז וואַקסן, דער עיקר ערב די גרויסע געשעענישן, וואָס אַלע האָבן זיי פאָרגעפילט.

סוף ווינטער (מערץ און אַפּריל) פאַרצייכענען די באַריכטן פון די אינטענדאַנטן אין אָרלעאַניע, קאַן, ראַמבויע, זשוא, פּאָנט־סען־מאַקסאַנס, מאָנטלערי א. אז. וו. הונגער־אומרועןן און תבואה־רויבערייען. אין אַנדערע טיילן פון געגנט, אין די וועלדער ניט ווייט פון פּאַריז, האָבן די פּויערים אויסגעהרגעט אין מערץ די קיניגלעך־און האָזן; מען האָט אַפילו אויסגעהאַקט די ביימער פון דער אַבּאַטשאַפט סען־דעניס און זיי צוגענומען בפני כל עם ועדה.

פּאַריז האָט ממש געשלונגען די פלוגבלעטלעך, וואָס האָבן זיך טאָג־טעגלעך באַוויזן צו צען, צוועלף, צוואַנציק און זיינען פון די גבירימס הענט שנעל אַריבער אין די הענט פון די אָרעמעלייט. מען האָט געריסן פון די הענט סיעס בראָשור: „וואָס איז אַזוינס דער דריטער שטאַנד?" ראַבאָ־דע סענט־עטיענס „באַטראַכ־טונגען איבער די אינטערעסן פונם דריטן שטאַנד", וואָס האָבן אַ לייכטע סאָציאַליסטישע באַפאַרבונג, ד'אַנטרעגס „רעכט פון די גע־נעראַל־שטאַטן" און הונדערטער אַנדערע ווייניקער באַרימטע, אָבער אָפטמאָל נאָך שאַרפערע. גאַנץ פּאַריז איז געווען מלא רציחה אויפן הויף מיט די איידלליַיט; אין די אָרעמסטע פאַרשטעט, אין די באַריסטעט

געמיינע ערטער הינטער דער שטאָט האָט די בורזשואזיע געזוכט הענט מיט פּיקעס, וואָס זי האָט באַדאַרפט האָבן, כּדי צו דערלאַנגען אַ שטאַרקן קלאַפּ דער קיניגלעכער מאַכט — און האָט זיי טאַקע תיכּף געפונען. דערווייל איז דעם 28 אַפּריל אויסגעבראָכן אַ מרידה, וואָס איז שפּעטער אָנגערופן געוואָרן „ענין רעוועיאָן“ און וואָס איז געווען איינער פון די אָנזאָגער פון די גרויסע רעוואָלוציאָנערע טעג.

דעם 28טן אַפּריל האָבן זיך די וואַל־פאַרזאַמלונגען צונויפגעקליבן אין פּאַריז און דאַכט זיך, אַז בעת דעם צונויפשטעלן די העפטן אויף דער פאַרשטאָט פונם הייליקן אַנטאָניוס איז געקומען צו אַ סיכסוך צווישן דעם בירגערטום און אַרבעטער. די אַרבעטער האָבן אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ און די בורזשוא האָבן זיי געענטפערט מיט זילזולים. רעוועיאָן, אַ פּאַפּיר־ און טאַפּעטן־פאַבריקאַנט, וואָס איז בשעתו אַליין געווען אַן אַרבעטער און איז אַדאַנק פלינקער עקספּלאָאַטאַציע געוואָרן אַן אונטערנעמער, ביי וועלכן עס האָבן געאַרבעט דריי הונדערט מאַן, איז געווען אומגעהייער גראָב אין זיינע רעדעס... פון דעמאָלסט אָן האָט מען ניט איינמאָל געהערט די ווערטער: *דער אַרבעטער קען עסן שוואַרץ ברויט מיט באָב, ווייץ איז ניט פאַר אים* און אַז. וו.

איז פאַרהאַן עפּעס אמת אין דער צונויפשטעלונג, וואָס איז שפּעטער געמאַכט געוואָרן דורך די גבירים בעתן אויספאָרשן דעם ענין רעוועיאָן, צווישן דער מרידה גופא און דעם אומשטאַנד, וואָס איז אָנגעוויזן געוואָרן דורך די צאָל־באַאַמטע, וועלכע האָבן געזאָלט פעסטשטעלן, אַז „די ריזיקע מאַסע“ אָפּגעריסענע און געפערלעך אויסזעענדיקע אָרעמעלייט זיינען דעמאָלט אריין אין פּאַריז? אין דער דאָזיקער פראַגע קען מען בלויז מאַכן השערות, וואָס זיינען סוף־כּל־סוף ניט אַזוי וויכטיק. דער צושטאַנד פון די מוחות און דאָס געבערום פון אויפברויז אין די געגנטן פון פּאַריז זיינען דאָך גענוג, כּדי אויפצוקלערן, וואָס איז פאָרגעקומען צומאָרגנס צוליב רעוועיאָנס אַזאַ האַלטן זיך לגבי די אַרבעטער.

דעם 27טן אַפּריל האָט דאָס פאָלק, אַ צערייצטס פון דעם װידערשטאַנד און די רעדעס פון דעם רייכן פאַבריקאַנט, אװעק־געטראָגן זיין בילד אויפן דע־לאַ־גרעװ־פּלאַץ, כּדי עס צו משפּטן און אומברענגען. אויפן קיניגלעכן פּלאַץ פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז דער דריטער שטאַנד האָט עם רעװעיאָנען פאַרמשפּט אויף טויט. דער אָװנט קומט אָבער אָן, דער המון צעגייט זיך און װאַרפט אויף די גבירים אַן אימה מיט די אויסגעשרייען, װאָס לאָזן זיך הערן אינמיטן דער נאַכט. לסוף, צומאָרגנס אינדערפרי, דעם 28טן, קומט דער המון אין רעװעיאָנס פאַבריק, צװינגט די אַרבעטער צו װאַרפן די אַרבעט, דערנאָך נעמט ער זיך באַלעגערן דעם פאַבריקאַנטס הויז און עס ראַבירן. עס קומט אָן מיליטער, דאָס פאָלק שטעלט אַ װידערשטאַנד, װאַרפט שטיינער, דאַכלקעס, זאַכן פון די פענסטער און דעכער. די זעלנער שיסן, און דאָס פאָלק װערט זיך פאַרביטערט אין משך פון עטלעכע שעה. דער רעזול־טאַט איז: צװעלף דערהרגעטע זעלנער און אכצן פאַרװאונדעטע; צװעלף מאַן דערהרגעטע און דריי הונדערט פאַרװאונדעטע אויפן צד פון פאָלק. די אַרבעטער נעמען צו די טויטע קערפּערס פון זייערע ברידער און טראָגן זיי פאַרביי די גאַסן פון די פאָרשטעט. אין עטלעכע טעג אַרום װערט אין װילזשיף־קװאַרטאַל אַן איבער־געלייף פון 500 ביז 600 מאַן; זיי װילן אויפברעכן די טויערן פון דער ביסעטר־תּפיסה.

אָט־אַ־דאָס איז דער ערשטער סיכסוך צװישן דעם פאַריזער פאָלק און די גבירים — אַ סיכסוך, װאָס האָט געמאַכט אַ טיפן רושם. דאָס ערשטע מאָל האָט מען געזען, װי דאָס פאָלק זעט אויס, בעת עס איז אַרויסגעבראַכט פון די כּלים, און דאָס האָט שטאַרק געװירקט אויף די װאַלן: די רעאַקציאָנערן האָבן געהאַט אַ דורכפאַל.

ס׳איז איבעריק צו באַמערקן, אַז די הערן פון דער בור־זשואַזיע האָבן זיך געמיט צו מאַכן פון די דאָזיקע אומרוען אַ צו־פאַל, װאָס איז אינסצענירט געװאָרן דורך פראַנקרייכס שונאים. װי װאָלט עס דער שטילער פאַריזער המון אויפגעברויזט קעגן די פאַבריקאַנטן? דאָס האָט ענגליש געלט זיי געשטויסן צו די

אומרועו", האָבן אַ טייל געזאָגט. — „פירשטלעכע געלטער", האָבן געטענהט די בורזשואזע רעוואָלוציאָניסטן, און קיינער האָט ניט געוואָלט מודה זיין, אַז דאָס פאָלק האָט בלויז דערפאַר אויפגעברויזט, ווייל עס האָט געליטן נויט און עס האָט שוין געהאַט גענוג די גבירישע חוצפה, וואָס האָט זיי נאָך דערנידעריקט אין דער נויט *. מען זעט, ווי עס שאַפט זיך שוין דעמאָלט די לעגענדע, וואָס וועט זיך שפּעטער באַמיען צו מאַכן פון דער רעוואָלוציע אַ יסוד בלויז פון פאַרלאַמענט און פון אַלע פאָלקס-אויפשטאַנדן, בעת די פיר יאָר רעוואָלוציע—מאַכן „עקסצעסן": אַלס ווערק פון רויבער אָדער אַגענטן, וואָס פיט האָט זיי געצאָלט שׂכירות, אָדער די רעאַקציע. שפּעטער ווערט די לעגענדע פאַרצייכנט דורך די היסטאָריקער. „די דאָזיקע אומרועו האָט דער הויף געקענט אָננעמען אַלס תּירוץ, כּדי אָפּצולייגן דאָס צונויפרופן די גענעראַל-שטאַטן, ובכן האָבן זיי געקענט שטאַמען בלויז פון דער רעאַקציע". וויפל מאָל האָט מען איבערגעחזרט דאָסזעלבע פּשטל אין אונזערע צייטן!

ובכן זיינען די טעג פונם 24טן ביזן 28טן אַפּריל די אָנזאָגער פונם 11טן, 12טן, 13טן און 14טן יולי. ד אָ ס פ אָ ל ק האָט פון איצט אָן דורך מעשׂים אַנטפּלעקט זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט, וואָס זיין הויפּט-מקור איז געווען די אומצופרידנהייט פון די אַרבעטער-שיכטן פון די פאָרשטעט. אין איין ריי מיטן קיניגלעכן פּאַלאַץ, וואָס איז די נעסט פון דעם רעוואָלוציאָנערן בירגערטום, ברויזן אויף די פאָרשטעט, וואָס זיינען דער צענטער פונם פאָלקס-אויפשטאַנד. פון איצט אָן ווערט פּאַריז דער הויפּט-שטיצפּונקט פון דער רעוואָלוציע, און די גענעראַל-שטאַטן, וואָס קלייבן זיך צונויף אין ווערסאַל, ווענדן זייער בליק אויף פּאַריז, כּדי צו זוכן דאָרט די קראַפט, וואָס קען זיי באַפעסטיקן און וועקן צו שפּרייזן פאָראויס אין זייער נקמה און קאַמף מיטן הויף.

---

* דראָ („געשיכטע פון לודוויג דעם XVIטנס קיניגן"), אַ רעאַקציאָנערער היסטאָריקער האָט שוין געמאַכט זייער אַ טרעפלעכע באַמערקונג, אַז דאָס געלט, וואָס מען האָט געפונען ביי אַ טייל הרוגים, האָט געקענט שטאַמען פון גזילה.

## נײַנטער קאַפּיטל

# די גענעראַל=שטאַטן.

די עפענונג פון די גענעראַל-שטאַטן. — די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. — מיראַבאָס רעדע. — דאָס פאָלק דראָט מיט געוואַלד.

דעם 4טן מאַי 1789 זײַנען צוועלף=הונדערט דעפּוטאַטן פון די גענעראַל=שטאַטן, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין ווערסאַל, אַוועק אין קלויסטער פונם הייליקן לודוויק, כּדי אויסצוהערן די עפענונגס=תּפילה, — און צומאָרגנס האָט דער קיניג אין דער אָנ=וועזנהייט פון אַ גרויסער צאָל צושויער געעפנט די זיצונג. שוין אויף דער דאָזיקער ערשטער זיצונג האָט זיך געלאָזט באַמערקן דער טראַגישער און אומפאַרמײַדלעכער וועג, מיט וועלכן די רעוואָלוציע האָט געמוזט גיין.

דער קיניג האָט אַרויסגעוויזן אומצוטרוי בלויז צו די פאַר=שטייער פון פאָלק, וואָס ער האָט צונויפגערופן. סוף=כּל=סוף האָט ער שלום געשלאָסן מיט דעם פאָלק, אָבער פאַר די זעלבע פאַר=שטייער האָט ער זיך באַקלאָגט אויף „דער אומרויִקייט פון די מוחות“, אויף דעם אַלגעמיינעם ברויזן, ווי די דאָזיקע אומרויִקייט, וואָלט געווען אַ קינסטלעכע, — און ניט אַ באַגרינדעטע דורך דעם מצב אין פראַנקרייך גופא; ווי די פאַרזאַמלונג זאָל געווען זײַן אָן איבעריקע און אַ קאַפּריזער עובר זײַן אויפן קיניגס רעכט.

פראַנקרייך, וואָס האָט שוין פון לאַנג=אָן קיין רעפאָרמעס ניט געהאַט, האָט ענדלעך דערפילט אַ באַדערפעניש דורכצופירן אַ ראַדיקאַלע רעוויזיע פון זײַנע אײַנריכטונגען — און דער קיניג האָט דערמאָנט בלויז אָן עטלעכע קליינע פינאַנסיעלע רעפאָרמעס, וואָס זיי צו רעאַליזירן איז גענוג געווען אַ ביסל שפּאָרזאַמקייט אין די מלוכה=הוצאות. ער האָט געפאָדערט „די הסכּמה פון די שטאַטן“, בעת די פּראָווינציעלע פאַרזאַמלונגען האָבן שוין אַרויס=געוויזן, אַז באַזונדערע שטאַנדן זײַנען פאַר די מוחות געווען שוין

אַ פאַרעלטערטע זאַך, — אַ טויטער באַלאַסט, אַן אָפּקלאַנג פון עבר. און בעת מען האָט אַלץ באַדאַרפט איבערמאַכן — ווי אין דעם היינטיקן רוסלאַנד — האָט דער קיניג דער עיקר מורא געהאַט פאַר „די נייקייטן!” אַזוי איז שוין אין דער דאָזיקער רעדע אָנגעזאָגט געוואָרן דער קאַמף אויף טויט און לעבן, וואָס האָט באַדאַרפט קומען צווישן דער קיניגלעכער זעלבסטהערשאַפט און דער רעפּרעזענטאַנץ=מאַכט.

וואָס שייך די פאָלקס=פאָרשטייער, האָט שוין זייער פאַר=טיילונג אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן תהום, וואָס איז געווען פאַר דער רעוואָלוציע — צווישן יענע, וואָס האָבן זיך קאָנוואולסיוו געהאַלטן ביי זייערע זכיות, און יענע, וואָס האָבן זיך באַמיט פון זיי אַ תל צו מאַכן.

אחוץ=דעם, האָט די פאָלקס=פאָרשטייערשאַט שוין אַרויסגע=וויזן איר הויפּט=חסרון: קיין פויערים זיינען דאַרט ניט געווען. דאָס בירגערטום האָט זיך אונטערגענומען צו טענהן פאַרן גאַנצן כלל=פאָלק; וואָס שייך ווידער דער פויערים=פראַגע, האָט זיך אין דער גאַנצער פאַרזאַמלונג פון יוריסטן, נאָטאַריוסן, אַדוואָקאַטן ניט געפונען קיין פינף=זעקס מענטשן אַפילו, וואָס זאָלן קענען די אמתע אָדער לכל=הפּחות די יורידישע לאַגע פון דער ריזיקער פויערים=מאַסע. אַלס בורזשואַ קענען זיי גוט פאַרטיידיקן דעם שטאָט=איינוואוינער; אָבער וועגן דעם, וואָס עס טוט דעם פויער וויי, וואָס עס קען אים שאַדן — האָבן זיי ניט די קלענסטע השגה.

די בירגער=מלחמה לאָזט זיך שוין מערקן אין עמבריאָנעלן צושטאַנד אין יענעם זאַל, אין וועלכן דער קיניג, אַרומגערינגלט דורך די איידל=לייט, רעדט אין אַ געהויבענעם טאָן צום דריטן שטאַנד און רעדט אים אוים זיינע „חסדים”. דער גרויס=קאַנצלער באַראַנ=טען, וואָס האָט אַנטפּלעקט דעם קיניגס אמתע כוונות פאַרן עולם, האָט אָקצענטירט די באַגרעניצטע ראָלע פון די גענעראַל=שטאַטן: זיי וועלן באַטראַכטן די שטייערן, וואָס מען וועט זיי געבן אָפּצו=שטימען. זיי וועלן פירן וויכוחים אַרום דער ציווילער און קרימי=נעלער געזעצגעבונג. זיי וועלן אָננעמען אַ פּרעסע=געזעץ, כדי אונ=טערצודריקן די פרייהייטן, וואָס די פּרעסע האָט ערשט ניט לאַנג

באַקומען — און פּטור. קיין שום געפּערלעכע רעפאָרמעס. „די געדעכטע פאָדערונגען זיינען באַפרידיקט געוואָרן; דער קיניג האָט זיך ניט געלאָזט אַראָפּפירן פון זיין מיינונג דורך די לייכטזיניקע געמורמלערייען; און זיין גנעדיקער באַציִונג האָט ער באַוויליקט אויף זיי קיין אכט ניט צו לייגן. ער האָט אפילו מוחל געווען, וואָס עס איז געווען אַרייד וועגן טעותדיקע און גוזמאדיקע זאַכן, פאר וועלכע מען וואָלט וועלן די פעסטע יסודות פון דער מלוכה פאַרבייטן מיט פאַרפירערישע טרוימען. איר וועט מיט צאָרן אָפּוואַרפן די דאָזיקע געפערלעכע נייקייטן".

אַלע קאַמפן פון די שפּעטערדיקע פיר יאָר זיינען געווען אַריינגעלייגט אין די דאָזיקע ווערטער, און נעקערס רעדע, וואָס איז געקומען נאָכן קיניגס און דעם גרויס־קאַנצלערס — געדויערט האָט זי דריי שעה — האָט קיין זאַך ניט צוגעגעבן, ניט כּדי צו שטיצן די גרויסע פראַגע וועגן אַ רעפּרעזענטאַנץ־רעגירונג, וואָס האָט אינטערעסירט דאָס בירגערטום, ניט די ערד־פראַגע און די פעאָדאַלע פליכטן, וואָס האָט אינטערעסירט די פויערים. דער כיטרער פינאַנס־מיניסטער האָט באַוויזן אַ קונץ צו דרשענען דריי שעה נאָכאַנאַנד און זיך ניט קאָמפּראָמעטירן אין ניט די אויגן פונעם הויף, ניט פונעם פאָלק. דער קיניג, געטריי די אידעען, וואָס ער האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט פאַר טיורגאָ, האָט ניט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער מינוט און האָט געלאָזט, אַז די קיניגין מיט די פירשטן זאָלן דאַגהן, ווי צו שטערן דורך אינטריגעס די הנחות, וועלכע מען האָט פון אים געפאָדערט.

אָבער נעקער האָט אויך ניט משיג געווען, אַז עס גייט דאָ אין גובר זיין זייער אַ טיפן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן קריזיס, — און ניט בלויז אַ פינאַנסיעלן, — און אַז ביי די דאָזיקע באַדינגונגען איז די פּאָליטיק פון לאַווירן צווישן הויף און דעם דריטן שטאַנד אַ געפערלעכע; אַז אויב עס איז שוין דאָ ניט צו שפּעט אויסצומיידן די רעוואָלוציע, האָט מען לכל־הפחות באַדאַרפט פּרובירן אַ פרייע, אָפענע פּאָליטיק פון הנחות בנוגע דער רעגירונגס־פאָרם; אַז מען וואָלט שוין באַדאַרפט אין עיקר־שטריכן

זיך פארנעמען מיט דער אומגעהייער וויכטיקער ערד=פראגע, וואס פון איר איז אפהענגיק די נויט אדער דאס וואוילזיין פונם גאנצן פאלק.

אויך די צוויי פריווילעגירטע שטאנדן, ניט דער דריטער שטאנד, ניט אפילו די דעפוטאטן, האבן ניט משיג געווען די גאנצע גרייס פונם פראבלעם, פאר וועלכן פראנקרייך איז געווארן אוועקגעשטעלט. די איידללייט האבן געחלומט וועגן באקומען צוריק השפעהס אויף דער קרוין; די גייסטלעכע זיינען געלעגן אין קאפ בלויז זייערע זכיות, און הגם דער דריטער שטאנד האט גלענצנד פארשטאנען דעם וועג, מיט וועלכן מען האט באדארפט גיין, כדי צו באקומען די מאכט פאר דעם בירגערטום, האט ער ניט באמערקט, אז עס איז פארהאן נאך א פראבלעם, וואס איז א סך שווערער צו לייזן — דאס פראבלעם פון אוועקגעבן די ערד דעם פויער, אז ער זאל, האבנדיק פון פעאדאלע רעכט באפרייטן באדן, קענען פארטאפלען און פאדרייפאכן די פראדוקטן פון דער דאזיקער ערד און אזוי ארום מאכן א סוף צו דער כראנישן יקרות, וואס האט אונטערגעגראבן די כוחות פונם פראנצויזישן פאלק.

וואסער=דען אנדערער אויסוועג האט ביי אזעלכע באדינגונגען געקענט זיין, אויב ניט צוזאמענשטוים און קאמף? מרידה פונם פאלק, אויפשטאנד פון פויערים, פויערים=מלחמה, אויפברויז פון ארבעטער און בכלל ארעמעלייט אין די שטעט! מיט איין ווארט, רעוואלוציע, מיט אלע אירע קאמפן, און שנאה, מיט אירע שרעקלעכע קאנפליקטן און נקמה!

אין משך פון פינף וואכן האבן די דעפוטאטן פונם דריטן שטאנד באמיט זיך מיט דער הילף פון אונטערהאנדלונגען צו בייגן די דעפוטאטן פון די צוויי אנדערע שטאנדן צוזאמענצופירן די זיצונגען, בעת די ראיאליסטישע אפטיילונגען האבן פון זייער צד געארבעט, אז די דריי שטאנדן זאלן זיין איינס פון דאס אנדערע אפגעטיילט. די דאזיקע קאנפערענצן האבן צו קיין זאך ניט דערפירט. אבער פון טאג צו טאג איז דאס פאריזער פאלק געווארן אלץ מער אויפגערייצט. אין פאריז האט דער קיניגלעכער

פּאַלאַץ, וואָס איז געוואָרן אַ קלוב אונטערן פרייען הימל, וואו יעדער איינער האָט געהאַט צוטריט, זיך וואָס אַמאָל מערער געהיצט. עס איז געפאַלן אַ רעגן בראָשורן, וואָס איינס ביי דאָס אַנדערע האָט פון די הענט ארויסגעריסן. „יעדע שעה ווערט געבאָרן אַ בראָשור", — זאָגט ארטור יונג, — „היינט זיינען געבאָרן געוואָרן דרייצן, נעכטן זעכצן און צוויי און ניינציק יענע וואָך. ניינצן פון צוואַנציק טרעטן ארויס פאַר פרייהייט. דאָס ברויזן איז אין לשער". די רעדנער, וואָס האָבן געדרשנט אונטערן פרייען הימל, אויף דער גאַס, פון אַ שטול אראָפּ לעבן אַ קאַפע, ריידן שוין וועגן פארכאַפּן די פּאַלאַצן און שלעסער. עס הערן זיך שוין דראָזונגען פון טעראָר, בעת אין ווערסאַל קלייבט זיך דאָס פאָלק יעדן טאָג צונויף פאַר די טירן פון דער פארזאמלונג, כּדי צו באַוואַרפן מיט זילזולים די אריסטאָקראַטן.

די דעפּוטאַטן פונם דריטן שטאַנד זעען, אַז מען שטיצט זיי, זיי ווערן וואָס אַמאָל דרייסטער און ערקלערן זיך לסוף דעם 17טן יוני אַלס נאַציאָנאַל-פארזאמלונג. דער ערשטער טריט אומצוּוואַרפן די פריווילעגירטע קלאַסן איז אַזוי ארום געטאָן געוואָרן, און דאָס פאַריזער פאָלק האָט אים באַגעגנט מיט רוישיקע צייכנס פון שמחה. די פארזאמלונג, וואָס איז אַלעמאָל געוואָרן דרייסטער, האָט באַשלאָסן, אַז די איינגעשטעלטע שטייערן, אַלס אומגעזעצלעכע, קען מען אויפמאָנען בלויז צייטווייליק און דערצו בלויז בעת די זיצונגען פון דער פארזאמלונג. דאָס פאָלק וועט ניט מחויב זיין זיי צו צאָלן נאָכן פונאַנדערלאָזן די פארזאמלונג. מען האָט באַשטימט אַ קאָמיטעט צו באַקעמפן דעם הונגער, און פון דער צווייטער זייט האָט מען באַרויקט די קאַפּיטאַליסטן, באַוואָרענענדיק דעם מלוכה-חוב. דאָס איז געווען אַן אַקט פון גרויס חכמה, בעת מען האָט באַדאַרפט פאַר יעדן פרייז לעבן און אַנטוואָפענען די מאַכט פונם קאַפּיטאַליסט — דעם בעל-דבר, — וואָס וואָלט געוואָרן געפערלעך, ווען ער וואָלט זיך פאַראייניקט מיטן הויף.

דאָס איז אָבער אויך געווען אַ מרידה קעגן דער קיניגלעכער מאַכט. דעריבער האָבן די פירשטן (ד'ארטואַ, קאָנדיי, דע-קאָנטי)

אָפּגעמאַכט מיטן גרויס־קאַנצלער און תיכּף זיך גענומען צום אינ־סצענירן אַ פאַרשווערונג. אין דעם באַשטימטן טאָג האָט דער קיניג מיט גרויס פּאָמפּע באַדאַרפט זיך אַוועקלאָזן אין דער פאַר־זאַמלונג; דאָרט וואָלט ער מודיע געווען, אַז אַלע באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג זיינען ניט גילטיק; ער וואָלט געהייסן צעטיילן די שטאַנדן און אַליין איינגעשטעלט עטלעכע רעפאָרמעס, וואָס עס וואָלטן באַדאַרפט אויספירן די דריי שטאַנדן, וועלכע האַלטן אָפּ יעדער באַזונדער זייערע זיצונגען.

וואָס־זשע האָט געוואָלט אַנטקעגנשטעלן נעקער, דער דאָ־זיקער אויסגעצייכנטער פאָרשטייער פונם דעמאָלטיקן בירגערטום, — דעם גוואַלטאַט, דער פאַרשווערונג, וואָס דער הויף האָט צוגע־גרייט? אַ פּשרה! ער האָט אויך געוואָלט גוואַלט־מעשים, ער האָט געוואָלט אַ קיניגלעכע זיצונג, אויף וועלכער דער קיניג זאָל ערלויבן אין שטייערן־פראַגן צו שטימען לויט דער צאָל קעפּ, אָן אונטער־שייד פון שטאַנד; אָבער אומעטום, וואו עס איז געגאַנגען אין די זכיות פון די איידעללייט און גייסטלעכע, האָבן די שטאַנדן באַ־דאַרפט בלייבן און אָפּהאַלטן זייערע זיצונגען באַזונדער. פאַרשטייט זיך — דאָס איז געווען נאָך אַ שווערערער מיטל, ווי דער פּלאַן פון די פירשטן. מען שטעלט ניט איין קיין פאַרשווערונג צוליב אַ האַלב־מיטל, וואָס וואָלט אַגב לענגער ווי צוויי וואָכן זיך ניט געקענט האַלטן. ווי אַזוי וואָלט מען רעפאָרמירט די פינאַנסן אָן צו עובר זיין אויף די זכיות פוןביידע העכערע שטאַנדן?

דעמאָלט טאַקע, דעם 20טן יוני, האָבן די דעפּוטאַטן פון דריטן שטאַנד, וועלכע זיינען געוואָרן דערוואָרעמט דורך דער דראָענדיקער שטעלונג פונם פאַריזער המון, און אַפילו פון ווער־סאַל, באַשלאָסן זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם פונאַנדערלאָזן די פאַרוואַלטונג און צו דעם צוועק זיך בינדן מיט אַ שבועה. היות זיי האָבן געזען, אַז זייער זיצונגס־זאַל איז געשלאָסן צוליב די הכנות, וואָס זיינען דאָרט געמאַכט געוואָרן פאַר דער קיניגלעכער זיצונג, זיינען זיי אַוועק אין אַ פּריוואַטן זאַל — אַלע אינאיינעם — אינם זאַל פון באַל־שפּיל. דער המון האָט באַגלייט דעם צוג, וואָס איז בראש מיט באַי געגאַנגען דורך די גאַסן פון ווערסאַל. די זעלנער־

האָבן זיך פרייוויליק אָנגעבאָטן זיי צו באַגלייטן אַלס שמירה. די התלהבות פונעם המון האָט די דעפּוטאַטן צוגעגעבן מוט.

נאָכדעם ווי זיי זיינען געקומען אינם זאַל פון באַל־שפּיל, האָבן אַלע דעפּוטאַטן, אחוץ איינעם בלויז, געריזטע און מיט די איידעלסטע כוונות, געשוואוירן, אַז זיי וועלן זיך ניט צעטיילן, כל־זמן מען וועט פראַנקרייך ניט געבן קיין קאָנסטיטוציע.

דאָס זיינען אָן שום ספק געווען בלויז ווערטער. ס'איז געווען אפילו עפּעס טעאַטראַלישעס אין דער דאָזיקער שבועה. אָבער וואָס איז דען? עס זיינען פאַרהאַן מינוטן, ווען דווקא אַזעלכע ווערטער דאַרף מען, אַז זיי זאָלן מאַכן ציטערן די הערצער. און די שבועה, וואָס איז געגעבן געוואָרן אינם באַל־זאַל, האָט אָנגעכאַפּט די יוגנט פון גאַנץ פראַנקרייך ביי די הערצער — ווייל איז צו די פּאַרלאַמענטן, וואָס זיינען ניט מסוגל אפילו אויף אַזעלכע ווערטער, אפילו אויף אַזאַ זשעסט.

דער דאָזיקער טיכטיקער אַקט פון דער פאַרזאַמלונג האָט געהאַט תיכּף זיינע קאָנסעקווענצן. אין צוויי טעג אַרום זיינען צו די דעפּוטאַטן פונם דריטן שטאַנד, וואָס זיינען געצוואונגען געווען זייערע זיצונגען אָפּצוהאַלטן אין דער קירך פונם הייליקן לודוויק, געקומען די רעפּרעזענטאַנטן פון די גייסטלעכע, כדי זיך צו פאַראייניקן מיט זיי אין דער אַרבעט.

דער פּרוּוו צונישט צו מאַכן זייערע פּלענער אויף דער קיניגלעכער זיצונג איז פאָרגעקומען צומאָרגנס, דעם 23טן יוני; זיין פועל־יוצא האָט אָבער שוין געמאַכט אַ תל פון דער שבועה אינם זאַל פון באַל־שפּיל און פון דער זיצונג אין דער קירך פון הייליקן לודוויק. דער קיניג האָט זיך געשטעלט פאַר די דעפּוטאַטן. ער האָט מודיע געווען, אַז אַלע באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג, אָדער ריכטיקער פונם דריטן שטאַנד זיינען אומגילטיק. ער האָט באַפוילן אויפצוהאַלטן אויף להבא די שטאַנדן, ער האָט באַשטימט די גרענעצן פון די רעפאָרמעס, וואָס מען האָט באַדאַרפט דורכפירן; ער האָט געדראָט די גענעראַל־שטאַטן — זיי פונאַנדערצוטרייבן, אויב זיי וועלן ווידערשפּעניקן. ער האָט

דערווייל געהייסן די דעפּוטאַטן זיך צו צעטיילן; — די איידל־לייט און די גייסטלעכע האָבן געהאָרכט און פאַרלאָזט דעם זאַל. אָבער די דעפּוטאַטן פונם דריטן שטאַנד זיינען געבליבן אויף זייערע ערטער. טאַקע דעמאָלט האָט מיראַבאָ געהאַלטן זיין שיינע און באַרימטע רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט צו די דעפּוטאַטן, אַז „דער קיניג איז בלויז זייער שליח, אַז זייער מאַכט האָבן זיי באַקומען פונם פאָלק, און אַז נאָך זייער שבועה קענען זיי ערשט זיך צעגיין נאָכן ענדיקן די קאָנסטיטוציע. — זיי זיינען דאָ לויטן רצון פונם פאָלק און סיידן די מאַכט פון באַגנעטן וועט בכוח זיין זיי פונאַנדערצוטרייבן".

די דאָזיקע מאַכט האָט אָבער דער הויף שוין ניט פאַרמאָגט. נאָך אין פעברואַר האָט זייער גערעכט געזאָגט נעקער, אַז אויף האָרכן קען מען שוין אין ערגעץ ניט רעכענען, און אפילו דאָס מיליטער איז אויך ניט זיכער.

וואָס שייך דעם פאָלק פון פּאַריז, האָט מען זיך שוין דעם 27טן אַפּריל איבערצייגט, וואָסערע שטימונגען עס הערשן דאָרט. אין פּאַריז האָט מען זיך כסדר געשראָקן פאַר אַן אַלגעמיינעם פאָלקס־אויפשטאַנד קעגן די גבירים, און עטלעכע פאַרברענטע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט צו גיין אין די הושבדיקע פאָרשטעט און צו זוכן דאָרט הילף קעגן דעם הויף. אין ווערסאַל גופא האָט דאָס פאָלק ערב דער קיניגלעכער זיצונג שיר ניט דערהרגעט דעם דעפּוטאַט פון די גייסטלעכע, דעם אַבאַט מאָרי, ווי אויך ד'עפּרעמעניל, דעם דעפּוטאַט פונם דריטן שטאַנד, וואָס איז געהאַט אריבער אויפן צד פון די איידללייט. אינם טאָג פון דער קיניגלעכער זיצונג זיינען דער גרויס־קאַנצלער מיטן ערציבישאָף פון פּאַריז געוואָרן אַזוי „אויסגעפייפט, אויסגעלאַכט, באַשפּיגן, אויסגעחוזקט, אַז זיי האָבן זיך באַגראָבן פאַר חרפּה און באַסט", און דעם קיניגס סעקרעטאַר פּאַסערע, וואָס האָט באַגלייט דעם קאַנצלער, „שטאַרבט דעם זעלבן טאָג פון אויפרעגונג". דעם 24טן איז דער בישאָף באָווע כמעט פאַרוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ. דעם 25טן יוני האָט דער המון אויסגעפייפט די פאָרשטייער פון די איידללייט און גייסטלעכע. אינם פּאַלאַץ פונם

פאריזער ארציבישאף האט מען, אויסגעהאקט אלע שויבן. „די וועלנער האבן זיך אפגעזאגט צו שיסן אינם פאלק", — זאגט ארטור יונג מיט דער גאנצער פעסטקייט. די דראונג פונם קיניג האט אזוי ארום פארלארן יעדע באדייטונג. די שטעלונג פונם פאלק איז געווען א צו דראענדיקע, אז דער הויף זאל פרובירן זוכן הילף אין באגנעטן. דעמאלט האט עם לודוויק דער XVIטער אויסגעשריען: „צו אלדע רוחות! זאלן זיי שוין בלייבן דארט!"

האט דען אבער די פארזאמלונג פונם דריטן שטאנד אליין ניט אפגעהאלטן אירע זיצונגען אונטער דער השגחה און דראונג פונם פאלק, וואס האט פארנומען די גאלעריע? שוין דעם 17טן יוני, בעת דער דריטער שטאנד האט זיך קאנסטיטוירט אלס נאציאנאל-פארזאמלונג, האט מען דעם בארימטן באשלוס אנגענומען ביי די אפלאדיסמענטן פון דער גאלעריע און צוויי אדער דריי טויזנט מאן, וואס האבן ארומגערינגלט דעם זיצונגס-זאל! די רשימה מיט נעמען פון די דרייצן דעפוטאטן פונם דריטן שטאנד, וואס האבן זיך אנטקעגנגעשטעלט און אריבער אויפן צד פונם אולטרא-ראיאליסט מארלע, איז אומגעגאנגען מיד-ליד אין פאריז און מען האט אפילו גערעדט וועגן אונטערצינדן זייערע הייזער. און בעת מארטען דאש האט ביי דער שבועה אינם באלזאל אפאנירט, איז דער פארזיצער פון דער פארזאמלונג באן געווען אזוי ביי זיך געזעצט, אז ער האט אים געהייסן עוקר זיין דורך דער זייטיקער טיר, כדי דאס פאלק זאל אים ניט באמערקן ביי דער טיר פונם זאל. ער האט אין משך פון עטלעכע טעג זיך געמוזט אויסבאהאלטן.

ווען ניט דער דאזיקער דרוק פונם פאלק אויף דער פארזאמלונג, וואלטן די מוטיקע דעפוטאטן פונם דריטן שטאנד, וועגן וועלכע אין דער געשיכטע איז פארבליבן א דאנקבארע געדעכעניש, מסתמא ניט גובר געווען דעם ווידערשטאנד פון זייערע פחדנותדיקע חברים.

דערווייל האט דאס פאלק פון פאריז זיך אפן געגרייט צו מרידה, מיט וועלכער זיי האבן באדארפט ענטפערן אויף דער מיליטערישער פארשווערונג, וואס איז באשטימט געווארן דורכן הויף קעגן פאריז אויפן 16טן יולי.

## צענטער קאפיטל

# די הכנות צו דער מלוכה=פארשווערונג.

דער פערצנטער יולי. — די ראיאליסטן גרייטן צו א מלוכה=פארשווערונג. — דאס פאלק נעמט איין באסטיליע. — די אטמאספער פון פארשווערונג אין קיניגלעכן הויף. — מיראבא און דאס פאלק. — די אומפעיקייט פון דער נאציאנאל=פארזאמלונג.

די באקאנטע ווערסיע וועגן דעם 14טן יולי לאזט זיך מער אדער ווייניקער אויסדריקן אין אט=א=די ווערטער: — די נאציאנאל=פארזאמלונג האט אפגעהאלטן א זיצונג. סוף יוני, נאך צוויי חדשים אונטערהאנדלונגען און וואקלענישן, האבן זיך די דריי שטאנדן סוף=כל=סוף פאראייניקט, די מאכט האט זיך ארויסגעגליטשט פון דעם הויפס הענט. דעמאלט האט דער הויף געמאכט א פארשווערונג. מען האט גערופן מיליטער און עס צונויפגעזאמלט ארום ווערסאל; ער האט געזאלט צעטרייבן די פארזאמלונג און אויסלערנען פאריז שכל.

דעם 11טן יולי — זאגט ווייטער די באקאנטע ווערסיע — האט דער הויף באשלאסן זיך א נעם צו טאן פאר דער ארבעט. מען האט נעקערן געגעבן דעם וועג פון מיניסטעריום און באזייטיקט. פאריז דערוויסט זיך וועגן דעם דעם 12טן און די בירגער מאכן א צוג, וואס גייט דורך די גאסן און טראגט א סטאטוע פונם אראפגעזעצטן מיניסטער. אינם קיניגלעכן פאלאץ ווארפט קאמיל דעמוילען אן אויסגעשריי: „פארן געווער!" די פארשטעט כאפן זיך אויף און אין 36 שעה שאפן זיי 50.000 פיקעס; דעם 14טן גייט דאס פאלק אויף באסטיליע, וואס לאזט אינגיכן אראפ די בריקן און גיט זיך אונטער... די רעוואלוציע האט אפגעהאלטן איר ערשטן נצחון.

אזוי דערציילט די פשוטע ווערסיע, וואס ווערט תמיד איבערגעחזרט בעת די פייערלעכקייטן פון דער רעפובליק. דאך שטעקט אין איר בלויז האלב אמת. זי איז אמת אינם טרוקענעם צונויפשטעלן די הויפט=פאקטן. עס ווערט דארט ניט געזאגט, וואס עס

דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דער ראָלע פונם פאָלק אין דעם אויפ־שטאַנד און וועגן דער אמתער באַציִונג צווישןביידע עלעמענטן פון דער באַוועגונג: פאָלק און בירגערטום. אין דער אמתן האָבן אינם פאַריזער אויפשטאַנד, ארום דעם 14טן יולי, עקסיסטירט, ווי אין דער גאַנצער רעוואָלוציע בכלל, צוויי באַזונדערע שטרעמונגען מיט פאַרשיידענע אָנהייבן: אַ פּאָליטישע באַוועגונג פונם בירגערטום און אַ פאָלקס־באַוועגונג. ביידע האָבן זיך דערלאַנגט די הענט אין געוויסע מאָמענטן, אין די גרויסע טעג פון דער רעוואָלוציע, כּדי צו שליסן אַן איבערגאַנגס־בונד און האָבן אָפּגעהאַלטן גרויסע נצחונות איבער דער אַלטער אָרדענונג. אָבער דאָס בירגערטום האָט זיך אַלע מאָל באַצויגן מיט אומצוטרוי לגבי זיין נייעם אַליאַנט — לגבי דעם פאָלק. אַזוי איז געווען יולי 1789. דאָס בירגערטום האָט געשלאָסן דעם בונד אומגערן און שוין צומאָרגנס נאָכן 14טן יולי, און אפילו שוין בשעת דער באַוועגונג, האָט עס זיך זאָרגפאָל אָרגאַניזירט, כּדי צו האַלטן דאָס בונטאַרישע פאָלק אויף דער צוים.

פונם ענין רעוועיאָן אָן האָט דאָס אויסגעהונגערטע פאָלק פון פאַריז, וועלכן עס האָט וואָס אַ מאָל מער אויסגעפעלט ברויט און איז גענאַרט געוואָרן דורך פוסטע הבטחות, געמיט זיך אויפ־צוהויבן. עס האָט אָבער געזען, אַז עס שטיצן עס אפילו ניט יענע בורזשואַס, וואָס זיי האָט דער קאַמף קעגן דער קיניגלעכער מאַכט אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן, — האָט עס בחינם זיך געריסן פון די לייצן, וואָס זיינען אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן. אָבער די הויף־פּאַרטיי, וואָס קאָנצענטרירט זיך אַרום דער קיניגין מיט די פירשטן, באַשליסט צו מאַכן אַ גרויסן אַטענטאַט, כּדי זיך אָפּצוחשבונען מיט דער פאַרזאַמלונג און מיט דעם פאָלקס־אויפ־ברויז אין פאַריז. מען זאַמלט צונויף מיליטער און מיט כל אַמצי כּוחות מיט מען זיך, אַז זיי זאָלן בלייבן געטריי דעם קיניג מיט דער קיניגין. מען גרייט אָפּן צו אַ מלוכה־פאַרשווערונג קעגן דער פאַרזאַמלונג אין פאַריז. די פאַרזאַמלונג זעט, אַז זי געפינט זיך אין אַ סכּנה, גיט זי פרייע הענט אירע מיטגלידער און פריינד אין פאַריז, וואָס ווילן „זיך אָפּרופן צום פאָלק", ד. ה. אַ פאָלקס־אויפ־

שטאַנד. היות דאָס פאָלק פון די פּאַרשטעט קוקט מער ניט אויס, ענטפערט עס אויף דעם דאָזיקן אַפּעל. עס וואַרט ניט אויפן באַזייטיקן נעקערן, נאָר עס וואַכט שוין אויף דעם 8טן יולי, און אַפילו נאָך דעם 27טן יוני. דאָס בירגערטום נוצט עס אויס און שטויסט דאָס פאָלק צו אָפענער מרידה, ערלויבט אים זיך צו באַוואָפענען און באַוואָפנט זיך אַליין אויך דערבײַ, כדי צו באַהערשן דעם פאָלקס-שטראָם און אים שטערן אינם רוקן זיך „צו ווייט". דער אויפשטאַנד ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער, די פאָלקס-כוואַליע פאַרכאַפּט — קעגן דעם רצון פון בירגערטום — באַסטיליע, דעם סימבאָל און די פעסטונג פונם קיניגרייך, דערנאָך מיט זיך דאָס בירגערטום, וואָס אָרגאַניזירט בינו לבינו איר מיליץ, ווי צומגיכסטן צו באַרויִקן די מיט פּיקעס באַוואָפנטע מורדים.

מיט דער דאָזיקער טאָפּלטער באַוועגונג וועלן מיר זיך איצט פאַרנעמען.

מיר האָבן געזען, אַז די קיניגלעכע זיצונג פונם 23טן יוני האָט געשטרעבט צו אַ קלאָר ערקלערן די גענעראַל-שטאַטן, אַז זיי זיינען ניט קיין קראַפט, ווי זיי וואָלטן חשק געהאַט צו זיין; אַז דעם קיניגס אַבסאָלוטע מאַכט בלייבט; אַז די גענעראַל-שטאַטן זיינען דאָ גאָרניט בכוח צו ענדערן *, און אַז די צוויי פּריווילע-גירטע שטאַנדן: די איידללייט און גייסטלעכע, דאַרפן אַליין באַשטימען, וואָסערע הנחות זיי האַלטן פאַר גוט, כדי די שטייערן זאָלן ווערן יושרדיק פאַרטיילט. די זכיות, וואָס מען וואָלט געגעבן דעם פאָלק, האָבן באַדאַרפט שטאַמען פערזענלעך פונם קיניג, דהיינו: דאָס אָפּשאַפן די לייבקנעכטשאַפט (וואָס איז שוין אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעטאָן געוואָרן), די טויטע האַנט און

* נעקערס ערשטער פּראָיעקט האָט געגעבן דער פאַרזאַמלונג רעכט אַרויסצופירן די רעוואָלוציע אויף אַ וועג, וואָס פירט צו באַשטימען אַ כאַרטיע, ווי די ענגלישע; לויט בלאַן זאָגט: „מען האָט זיך געאײַלט אויסצושליסן פון אַלע טיפּיש-פאָרמאַלישע באַהאַנדלונגען די פאָרם פון קאָנסטיטוציע, וואָס די נאָענטסטע גענעראַל-שטאַטן האָבן באַדאַרפט באַשטימען".
(„Historie de la Révolution française" I).

דעם אָפּצאָל פאַר פרייער לענשאַפט, דאָס באַגרעניצן די געיעג=רעכט, דאָס פאַרבייטן גורל דורך רעגולערן פּריזיוו, דאָס באַזייטיקן דאָס וואָרט Taille * (אַזוי האָט געהייסן דער שטייער, פון וועלכן די איידללייט און גייסטלעכע זיינען פריי געווען), לסוף, דאָס נייע אָרגאַניזירן די פּראָווינציעלע מאַכט. דאָס אַלץ איז איינגעפּאַסט געוואָרן אין דער פאָרם פון פּוסטע הבטחות, וואָס מעגן הייסן רעפאָרמעס בלויז לויטן נאָמען, מחמת זייער גאַנצן אינהאַלט, דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע שינויים האָט מען ערשט באַדאַרפט באַטראַכטן; און ווי אַזוי האָט מען עס געקענט טאָן, ניט צולייגנדיק קיין האַק צו די זכיות פון ביידע העכערע שטאַנדן? דער וויכטיקסטער פונקט אָבער פון דער קיניגלעכער רעדע — מחמת די גאַנצע רעוואָלוציע האָט זיך אַרום דעם אינגיכן אָנגעהויבן דרייען — איז געווען די ערקלערונג, וואָס איז נוגע געווען די פעאָדאַלע רעכט. דער קיניג האָט מודיע געווען, אַז דאָס מעשר, דער מַס, די רענטעס, די פעאָדאַלע און פּריצישע רעכט זיינען אַן אומבאַדינגט און אייביק אומבאַרירלעך אייגנטום! מיט דער דאָזיקער הבטחה האָט דער קיניג משמעות בדעה געהאַט איבערצוציען אין זיין זייט אַריין די איידללייט קעגן דעם דריטן שטאַנד. אָבער דאָס געבן אַזאַ וויכטיקע הבטחה האָט געהייסן פאָראויס באַגרעניצן די רעוואָלוציע, אַז זי וואָלט אָנמעכטיק געווען עפּעס צו רעפאָרמירן אין די מלוכה=פינאַנסן און אין דער גאַנצער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער מלוכה. דאָס האָט געהייסן: לאָזן פראַנקרייך אינגאַנצן, ווי עס איז געווען, מיט דער אַלטער אָרדענונג. און מיר וועלן שפּעטער זען, אַז אינם גאַנצן פּראָצעס פון דער רעוואָלוציע זיינען — די קיניגלעכע מאַכט מיט דעם איבערלאָזן די פעאָדאַלע רעכט — די אַמאָליקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָרם — געווען אין די מוחות פונם פאָלק ענג צונויפגעבונדן.

מען מוז מודה זיין, אַז דער מאַנעוור פונם הויף האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס איינגעגעבן. נאָך דער קיניגלעכער זיצונג האָבן

---

* טאַי.

די איידללייט געמאַכט דעם קיניג אַן אָוואַציע אויפן שלאָס, און דער עיקר דער קיניגין, — אַז אויף צומאָרגנם האָבן בלויז 47 איידל־לייט זיך אָנגעשלאָסן אָן די צוויי אַנדערע שטאַנדן. ערשט מיט עטלעכע טעג שפּעטער, בעת עס איז אַ פּאַל אַראָפּ געטאָן די בשורה, אַז הונדערט טויזנט פּאַריזער איינוואוינער גייען אויף ווער־סאַל — ובכן צוליב דער אַלגעמיינער מהומה, וואָס האָט געהערשט אין שלאָס נאָכן באַקומען די דאָזיקע ידיעה, און לויטן באַפעל פונם קיניג, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער קיניגין מיט אַ יללה (מחמת די איידללייט האָבן שוין מער אויפן קיניג ניט געהאָפט) — האָט דאָס רוב איידללייט זיך אָנגעשלאָסן אָן די גייסטלעכע און פּריצים פונם דריטן שטאַנד. אַפילו איצט נאָך האָבן זיי מיט גרוים מי פאַרבאָרגן די האָפענונג, אַז זיי וועלן בקרוב זען, ווי די דאָזיקע מורדים וועלן איבערגוואַלד ווערן צעטריבן.

ווען די אַלע מאַנעוורען פונם הויף, ווען אַלע זיינע אונ־טערשיסעלעך, און אַפילו ווען די רעדעס, וואָס דער אָדער יענער פירשט אָדער איידלמאַן האָט געהאַלטן, האָבן די רעוואָלוציאָנערן תיכף געוואוסט; מען האָט ווען אַלץ מודיע געווען פּאַריז מיט דער הילף פון טויזנטער געהיימע און קונציק געמאַכטע שפּיצלעך, און די ידיעות, וואָס זיינען אָנגעקומען פון ווערסאַל, האָבן געדינט אַלס העץ־שטאָף אין דער קרוינשטאָט. עס מאַכן זיך מינוטן, בעת די מעכטיקע לייט קענען שוין אויף זייערע אייגענע לאַקייען ניט שטעלן. דערצו איז טאַקע דערגאַנגען אין ווערסאַל, בעת די איידללייט האָבן זיך געטרייסט מיט קליינע נצחונות, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אויף דער קיניגלעכער זיצונג, האָבן עטלעכע בירגערלעכע רעוואָלוציאָנערן געגרינדעט אין ווערסאַל גופא דעם „ברעטאָן־קלוב", וואָס איז אינגיכן געוואָרן אַ גרויסער זאַמל־פּונקט, אַ התחלה פונם שפּעטערדיקן יאַקאָבינישן קלוב. אין דעם קלוב אַריין איז אַפילו געקומען דעם קיניגס און דער קיניגינס דינער־שאַפט, וואָס האָבן דערציילט וועגן די הויפישע שמועסן ביי פאַר־מאַכטע טירן. עטלעכע ברעטאָנישע דעפּוטאַטן, צווישן אַנדערע לע שאַפּעליע, גלעזאָן, לאַנזשינע זיינען געווען די גרינדער פון

דעם ברעטאָן=קלוב; דאָרט אַהין האָבן געהערט, צווישן אַנדערע: מיראַבאָ, פירשט ד'עגיאָן, סיעס, באַרנאַוו, פּעסיאָל, דער אַבאַט גרעגואַר און ראָבעספּיער.

זינט אין ווערסאַל האָבן זיך צונויפגעקליבן די גענעראַלשטאַטן, איז אין פּאַריז געווען לעבעדיק. דער קיניגלעכער פּאַלאַץ מיט זיין גאָרטן און קאַפעס איז געוואָרן אַ קלוב אונטערן פריען הימל, וואו צען טויזנט מאַן פון פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָבן זיך צונויפגעזאַמלט, כדי זיך צו דערציילן נייסן, באַהאַנדלען טעגלעכע בראָשורן, געפינען אין פאַראייניקונג נייע כוחות פאַר דער קומענדיקער אַקציע, זיך דערקענען, צונויפריידן. ווען אַלע קלאַנגען, אַלע נייסן, וואָס זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין ווערסאַל דורכן ברעטאָן=קלוב, האָט מען תיכף צו וויסן געגעבן דעם דאָזיקן ברויזנדיקן קלוב פון דער פּאַריזער באַפעלקערונג. פון דאַנען האָבן זיי זיך פאַרשפּרייט איבער די אַרבעטער=פאַרשטעט, און אויב די לעגענדע האָט אָפטמאָל איבערגעיאָגט די ווירקלעכקייט, איז זי, ווי דאָס געשעט אָפט מיט פאָלקס=לעגענדעס, געווען אמתער פונם אמת אַליין, מחמת זי איז געווען איר אָפּבילד; זי האָט איבערגעגעבן אין דער לעגענדאַרער פאָרם די געהיימע מאָטיוון פון דער אַקציע און אָפּטבחוש געמשפּט מענטשן און זאַכן טרעפלעכער פון אַ סך קלוגע לייט. וואָרעם ווער האָט נאָך אַזוי גוט, ווי די אומבאַקאַנטע מאַסן פון די אַרבעטער=קוואַרטאַלן, פאַרמשפּט מאַריע אַנטואַנעטן, די פירשטין פּאָליניאַק, דעם פאַררעטערישן קיניג מיט די פירשטן? ווער האָט זיי בעסער דערקענט פונם פאָלק?

צומאָרגנס נאָך דער קיניגלעכער זיצונג האָט די הויפּטשטאָט שוין געאָטעמט מיט מרידה. דאָס ראַטהויז האָט אַרויסגעשיקט גראַטולירונגען דער פאַרזאַמלונג, און דער קיניגלעכער פּאַלאַץ האָט איר דערלאַנגט אַן אַדרעס, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין אַ קריגערישן טאָן. פאַרן פאָלק, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין הונגער און איז ביז איצט געווען אַרומגערינגלט מיט פאַראַכטונג, האָט דער טריומף פון דער פאַרזאַמלונג אַנטהאַלטן אין זיך אַ שטראַל פון האָפענונג; די מרידה האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר

זיינע אויגן אלס איינציק מיטל זיך צו פארזארגן מיט ברויט, וואס האט אים אויסגעפעלט. בעת דער יקרות איז געווארן וואס א מאל שווערער און עס האט כסדר געפעלט אפילו שלעכט, טונקל און פארדומפן מעל, וואס מען האט באהאלטן פאר ארעמעלייט, האט דאס פאלק געוואוסט, אז אין פאריז מיט דער אומגעגנט געפינט זיך אזוי פיל ברויט, אז מען וואלט אלעמען געקענט אויסהאלטן,—און די דאזיקע אביונים האבן זיך געזאגט, אז אויב זיי וועלן ניט מאכן קיין אויפשטאנד, וועלן די וואכערער קיינמאל ניט אויפהערן צו פייניקן דאס פאלק מיט הונגער?

וואס מער אבער דער כעס פון די ארעמעלייט אין די פינסטערע ווינקעלעך פון שטאט האט זיך געשטארקט, אלץ מער האבן דאס פאריזער בירגערטום מיט די דעפוטאטן אין ווערסאל געציטערט פאר א מרידה. שוין בעסער דער קיניג מיטן הויף, איידער פאלקס־מרידה! * אינם טאג, וואס די דריי שטאנדן האבן זיך פאראייניקט, דעם 27טן יוני, נאכן נצחון פונם דריטן שטאנד, האט מיראבא, וועלכער האט זיך ביז דער צייט פאררופן אויפן פאלק, זיך שארף פון אים אפגעטיילט און אין זיין רעדע אגיטירט די דעפוטאטן זיך פון אים אפצוטיילן. ער האט זיי געווארנט, אז זיי זאלן זיך היטן פאר דעם „בונטארישן אליאנס". איצט זעט מען שוין דעם קומענדיקן פראגראם פון זשיראנדע, וואס לאזט זיך מערקן אין דער פארזאמלונג. מיראבא וויל, אז די נאציאנאל־פארזאמלונג „זאל מיטווירקן דער ארדענונג, דער עפנטלעכער רו, דעם ערלעך האלטן די געזעצן מיט זייערע שומרים. ער גייט אפילו נאך ווייטער. ער וויל, אז די פארזאמלונג זאל זיך האלטן ביים

---

* די רעדנער, וואס האלטן דרשות בעת די יערלעכע פייערונגען, פארשווייגן ליבערשט די דאזיקע קיצלדיקע פראגע און דערציילן מעשיות וועגן דער רירנדיקער אחדות, וואס האט געהערשט צווישן פאלק און זיינע פארשטייער. לוי בלאן האט גלענצנד אונטערגעשטראכן דעם פחד פונם בירגערטום פארן 14טן יולי, און די נייסטע פארשונגען באשטעטיקן דאס טאקע. די פאקטן, וואס זיינען דא דורך מיר געבראכט און זיינען נוגע די טעג 2—12 יולי, באווייזן אויך, אז דער אויפשטאנד פונם פאריזער פאלק איז ביזן 12טן געגאנגען מיט א באזונדערן וועג, וואס האט קיין שייכות ניט געהאט מיט די שטרעבונגען פונם 3טן שטאנד.

קיניג, כּחמת ער מיינט אויך אלעמענס טובה. ווען דער קיניג זאָל אפילו יאָ עמצן באַוועלען, ליגט די סיבה אין דעם, וואָס מען נאַרט אים און מען גיט אים שלעכטע עצות!

די דאָזיקע רעדע ווערט דורך דער פאַרזאַמלונג אַפּלאָדירט. „ס'איז אמת", — זאָגט זייער ריכטיק לוי בלאַן, — „אַז דאָס בירגערטום האָט לגמרי ניט בדעה געהאַט אומצוּוואַרפן דעם טראָן און האָט געוואָלט בלויז מאַכן פון אים אַ שוץ פאַר זיך. בעת די איידללייט האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון לודוויק דעם XVIטן, האָט ער אין די געמיינדעס, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג געווען אַזוי ווידערשפּעניק, געפונען די געטרייסטע און איבערגעגעבנסטע משרתים. ער האָט אויפגעהערט צו זיין אַ קיניג פון די איידללייט, נאָר איז געוואָרן קיניג פון גבירים.

דער דאָזיקער ערשטער פעלער פון דער רעוואָלוציע איז געבליבן הענגען איבער איר — ווי מיר וועלן זען — די גאַנצע צייט, אַזש ביז דער רעאַקציע.

די נויט אין דער הויפּטשטאָט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. נעקער האָט אפילו אָנגענומען מיטלען קעגן דער געפאַר פון יקרות. דעם 7טן סעפּטעמבער 1788 האָט ער פאַרבאָטן אַרויסצופירן תּבואה, און דעם אַריינפירן האָט ער געשטיצט מיט פּרעמיעס; מען האָט אויסגעגעבן זיבעציק מיליאָן אויף איינקויפן תּבואה אין אויסלאַנד. דערנאָך האָט ער מכריז און מודיע געווען אומעטום דעם באַשלוס פונם קיניגלעכן ראַט, פונם 23טן אַפּריל 1789, אַז ריכטער און פּאָליציי-באַאַמטע ווערט ערלויבט אַריינצוקוקן אין שפּייכלערס פון פּריוואַטע מענטשן, אָפּשרייבן אין רשימות זייערע רעזערוון און אין פאַל, אַז מען וועט דאַרפן — אַרויסשיקן די תּבואה אויף די מערק. אָבער דאָס אויספירן די דאָזיקע מיטלען האָט מען איבערגעגעבן דער אַלטער מאַכט — און דאָס רעדט שוין אַליין פאַר אַליין! די רעגירונג האָט געגעבן פּרעמיעס די אימפּאָרטירער פון תּבואה קיין פּאַריז; אָבער די אַריינגעפירטע תּבואה האָט מען בשתיקה אַרויסגעפירט, כּדי זי נאָכאַמאָל אַריינצופירן און ווידעראַמאָל צו באַקומען אַ פּרעמיע. אין דער פּראָווינץ האָבן די וואָכערערס

אויפגעקויפט די תבואה, כדי צו מאכן אזעלכע שפעקולאציעס: מען האט אפילו איינגעקויפט תבואה אויפן ווארצל.

דעמאלט איז קלאר געווארן דאס אמתע פרצוף פון דער נאציאנאל-פארזאמלונג. עס איז געווען ממש צו באוואונדערן בעת דער שבועה אינם זאל פון באל-שפילן, אבער לגבי דעם פאלק איז עס קודם-כל פארבליבן בורזשואז. דעם 4טן יולי האט די פארזאמלונג, אויפן סמך פונם באריכט פונם קאמיטעט צו באשפייזן דאס פאלק, באהאנדלט די פראגע וועגן מיטלען, צו פארזיכערן דעם פאלק ברויט מיט ארבעט. מען האט גאנצע שעהן גערעדט, מען האט געשטעלט איין פארשלאג אויפן אנדערן. פעסיאן האט פארגעלייגט א הלוואה, אנדערע האבן פארגעשלאגן, אז די פראווינציעלע פארזאמלונגען זאלן באפולמעכטיקט ווערן צו מאכן געהעריקע פארארדענונגען — אבער מען האט קיין זאך ניט באשלאסן און גאר ניט געטאן. מען האט זיך באנוגנט מיט באדויערן דאס פאלק. און בעת איינער פון די מיטגלידער האט אויפגעהויבן די פראגע וועגן די תבואה-שפעקולאנטן און אויסגעזאגט די נעמען פון עטלעכע, איז די פארזאמלונג געווען קעגן אים. אין צוויי טעג ארום, דעם 6טן יולי, האט בוש געמאלדן, אז די שולדיקע זיינען באוואוסט, און דאס פארמעלע אנטבארגן זיי וועט פארקומען מארגן. „די פארזאמלונג האט באהערשט אן אלגעמיינע בהלה". — שרייבט גארסא אין זיין „ווערסאלער און פאריזער קוריער". עס איז געקומען צומארגנס, און מען האט אפילו קיין ווארט וועגן דעם ניט ארויסגערעדט. צווישן איינער און דער צווייטער זיצונג האט מען דעם גאנצן ענין פאררריבן. — פארוואס? די געשעענישן וועלן עס אויפווייזן — אויס מורא פאר קאמפראמעטירנדיקע אנטדעקונגען.

אלנפאלס האט די פארזאמלונג אזוי ווייט מורא געהאט פאר דער מרידה פונם פאלק, אז בעת עס איז דעם 30טן יוני געקומען אין פאריז צו אומרוען צוליב דעם ארעסט פון עלף פראנצויזישע גווארדייער, וועלכע האבן זיך אפגעזאגט אנצולאדן די ביקסן מיט שארפע קוילן, האט זי באשלאסן שיקן דעם קיניג אן אדרעס, וואס איז אנגעשריבן געווארן אין א קנעכטיש לשון און האט אים

פאַרזיכערט אין איר „טיפער צוגעבונדקייט צו דער קיניגלעכער מאַכט".*

ווען דער קיניג זאָל געווען מסכּים זיין צו אָנערקענען פאַרן בירגערטום כאָטש אַ קליינעם אָנטייל אין דער רעגירונג, וואָלט עס זיך געווען מיט אים פאַראייניקט און אונטערגעשטיצט מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין אָרגאַניזאַציע, כּדי צו האַלטן דאָס פאָלק אויף דער צוים. אָבער זאָל דאָס זיין רבי־געלט פאַר די קומענדיקע רעוואָלוציעס — עס איז פאַרהאַן אינם לעבן פון יחידים, פאַרטייען און אַנשטאַלטן אַ געוויסער לאָזונג, וואָס קיין שום ווילן איז אים ניט בכּוח צו ענדערן. דער קיניגלעכער דעספּאָטיזם האָט ניט געקענט שליסן קיין אָפּמאַך מיטן בירגערטום, וואָס האָט געפאָדערט פון אים אָנטייל אין דער מלוכה־מאַכט. אויס לאָגישן צוואַנג האָט ער געמוזט עס באַקעמפן, און קוים איז אַנטשטאַנען אַ קאַמף, האָט ער געמוזט זיך אונטערגעבן און אָפּטרעטן דאָס אָרט אַ רעפּרעזענטאַנץ־ממשלה — אַ פאָרם, וואָס אַנטשפּרעכט צומבעסטן דעם בירגערטום. ער האָט אויך ניט געקענט, ניט פאַרראַטנדיק זיין נאַטירלעכן אַליאַנט, די אײדעללײט, שליסן אַן אָפּמאַך מיט דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע און האָט דעריבער אָנגעווענדט אַלע כּוחות, כּדי צו פאַרטיידיקן די פּריצים מיט זייערע זכיות — הגם ער האָט אַפילו שפּעטער געזען, אַז די דאָזיקע פּריווילעגירטע פון געבורט פאַרראַטן אים אויך.

דערווײַלע זיינען די ידיעות וועגן די אונטערשיסעלעך פונם הויף פון אַלע זייטן דערגאַנגען צו די אָנהענגער פונם פירשט פון אָרלעאַן, וואָס האָבן זיך געפלעגט צונויפזאַמלען אין מאָנרוזש, ווי אויך צו די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אינם ברעטאָן־קלוב. דאָס מיליטער איז געווען קאָנצענטרירט אין ווער־סאַל און אויפן וועג פון ווערסאַל קיין פּאַריז. אין פּאַריז גופא

* „די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג באַדויערט שטאַרק די אומרוען, וואָס באַאומרויִקן איצט פּאַריז... מען וועט שיקן צום קיניג אַ דעפּוטאַציע מיט אַ שטאַרקער בקשה, אַז כּדי איינצושטעלן די אָרדענונג זאָל ער אָנווענדן די זיכערע מיטלען פון רחמנות און גוטסקייט, וואָס זיין האַרץ פאַרמאָגט, ווי אויך דעם צוטרוי, וואָס זיין גוט פאָלק וועט תּמיד פאַרדינען".

האָט עס פאַרנומען די וויכטיקסטע פּונקטן אין דער ריכטונג פון ווערסאַל. מען האָט גערעדט וועגן 35.000 זעלנער, וואָס זיינען געווען צונויפגעזאַמלט אויף דעם שטח, צו וועלכן עס האָבן נאָך באַדאַרפט צושטיין אין משך פון עטלעכע טעג 20.000. די פירשטן און קיניגן האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז זיי וועלן פונאַנדערלאָזן די פאַרזאַמלונג, וועלן דערשטיקן פּאַריז אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד, וועלן אַרעסטירן און אומברענגען ניט בלויז די הויפּט־אָנפירער צוזאַמען מיטן פירשט פון אָרלעאַן, נאָר אויך יענע פון דער פאַרזאַמלונג, וואָס האָבן, ווי מיראַבאָ, מיניע, לאַלי־טאָלאַנדאַל, געוואָלט מאַכן לודוויק דעם XVIטן פאַר אַ קאָנסטיטוציאָנעלן קיניג. צוועלף מיטגלידער, האָט שפּעטער לאַפאַיעט געזאָגט, זיינען שוין געהאַט געווען אויסגעקליבן אַלס קרבנות. מען האָט איינגעלאַדן דעם באַראָן דע־ברעטייל און דעם מאַרשאַל דע־בראָלי דורכצופירן דעם פּלאַן — ביידע האָבן זיי זיך געריסן צו דער דאָזיקער זאַך. — „אויב מען וועט דאַרפן פאַרברענען פּאַריז“, — האָט דער ערשטער געזאָגט, — „וועט מען עס פאַרברענען“. דער מאַרשאַל דע־בראָלי ווידער האָט געשריבן צום פירשט קאָנדיי, אַז אַ שאָס פון דער אַרטילעריע „וואָלט צעיאָגט תיכּף די דאָזיקע חקרנים און וואָלט אומגעקערט צוריק די אַבסאָלוטע מאַכט אַנשטאָט דעם רעפּובליקאַנישן גייסט, וואָס געפינט זיך אין עמבריאָנעלן צושטאַנד *.

מען דאַרף ניט מיינען, ווי עס האָבן געזאָגט עטלעכע רעאַקציאָנערע היסטאָריקער, אַז דאָס זיינען בלויז מעשיות. דער בריוו פון דער פירשטין פּאָליניאַק פונם 12טן יולי צום אָנפירער פונם סוחרים־צעך פלעסעל, וואָס איז שפּעטער געפונען געוואָרן, וואו אַלע פּערזאָנען, וועלכע מען האָט אין זין געהאַט, האָט מען באַצייכנט מיט באַשטימטע סימנים, דערווייזט גענוג, אַז עס איז געווען אַ פאַרשווערונג, וואָס דער הויף האָט צוגעגרייט אויפן 16טן יולי. ווען מען זאָל באַטש האָבן דעם קלענסטן ספק בנוגע דער זאַך, זיינען די ווערטער, וואָס די פירשטין דע־ביוראָן האָט געזאָגט דעם

* לוי בלאַן: „די געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע“.

10טן יולי אין קען צו דימוריע אין דער אָנוועזנהייט פון העכער זעכציק טריומפירנדיקע איידללייט א געגוגנדיקע ראיה עס צו דערוויזן.

— „אלזא, הער דימוריע — האָט געזאָגט די פירשטין, — איר ווייסט ניט וועגן דעם גרויסן נייס? אייער פריינד נעקערן האָט מען ארויסגעטריבן; דער קיניג טרעט איצט ווידער ארויף אויפן טראָן, די פארזאמלונג איז פונאנדערגעלאָזט; אייערע פריינד, — זיבן און פערציק מאָן, זיינען אפשר ארעסטירט אין דער באסטיליע צוזאמען מיט מיראבאָ, טיורגאָ און הונדערט חוצפהניקעס פונם דריטן שטאנד; מארשאל דע־בראָלי געפינט זיך איצט אוודאי אין פאריז מיט דרייסיק טויזנט מאָן" *. די פירשטין האָט געהאט א טעות: נעקערן האָט מען באזייטיקט ערשט דעם 11טן, און בראָלי האָט זיך געהיט אריינצוטרעטן אין פאריז.

אָבער וואָס האָט דערווייל געטאָן די פארזאמלונג? זי האָט געטאָן, וואָס תמיד האָבן געטאָן און עס וועלן תמיד טאָן אלע פארלאמענטן. זי האָט קיין שום באשלוס ניט אָנגענומען.

גראָד דעמאָלט, ווען דאָס פאָלק פון פאריז האָט אָנגעהויבן די מרידה, ד. ה. דעם 8טן יולי, האָט די פארזאמלונג איבערגעגעבן מיראבאָ, איר טריבון, אז ער זאָל צונויפשטעלן א אונטערטעניקע פעטיציע צום קיניג און בעטן דאָרט לודוויק דעם XVIטן אָפּצורופן דאָס מיליטער, אים באשיטן מיט חניפה און ריידן וועגן דעם פאָלק, וואָס האָט בלב־ונפש ליב דעם קיניג און בענטשט דעם אייבערשטן פאר דער מתנה, וואָס ער האָט אים זיין ליבע אראָפּגעשיקט. און מיט די זעלבע ווערטער, מיט די זעלבע חניפות וועלן זיך נאָך ניט איינמאָל אין משך פון דער רעוואָלוציע די פאָרשטייער פונם פאָלק ווענדן צום קיניג.

די רעוואָלוציע וואָלט געבליבן אומפארשטענדלעך, ווען מיר זאָלן ניט כסדר אָנווייזן אויף די באמיונגען פון די פארמעגלעכע קלאסן אריבערצוציען דעם קיניג אויף זייער צד, כדי צו מאכן

---

* דימוריעס זכרונות, II טייל.

פון אים א באשיצונג קעגן דעם פאלק. אלע טראגעדיעס, וואס שפילן זיך אפ אין יאר 1793 אין קאנוועגט, שטעקן שוין אין זייער שורש אין דער פעטיציע פון דער נאציאנאל-פארזאמלונג, וואס איז צונויפגעשטעלט געווארן עטלעכע טעג פארן 14טן יולי.

## עלפטער קאפיטל

# פאריז פארן 14טן יולי.

ניט די נאציאנאל־פארזאמלונג, נאר פאריז — דער צענטער פון דער רעוואָלוציע. — דער ארעסט פון די סאָלדאטן פון דער פראנצויזישער גווארדיע. — דער דוחק אין ברויט. — די בילדונג פון דער נאציאָנאלער גווארדיע. — דאָס בירגערטום פרווט זיך צוצונעמען דאָס געווער ביים פאָלק.

כמעט אלע היסטאָריקער שטעלן זיך אפּ דער עיקר אויף דער פארזאמלונג. זיי דאכט זיך אויס, אז די פאָלקס־פאָרשטייער, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאמלט אין ווערסאל, זיינען די פארקערפּערונג פון דער רעוואָלוציע — זיי קלייבן צונויף די קלענסטע ווערטלעך זייערע, די באוועגונגען זייערע מיטן גרעסטן יראת־הכבוד. דאָך איז ניט די נאציאָנאל־פארזאמלונג געווען דאָס הארץ און די נשמה פון דער רעוואָלוציע בעת די דאָזיקע יולי־טעג. דאָס איז געווען פאריז.

אָן פאריז, אָן דעם פאָלק זיינעם, וואָלט די פארזאמלונג געווען געגליכן צו גאָרניט. ווען די מורא פאר א פאריזער מרידה וואָלט ניט געווען אָפּגעהאלטן דעם הויף, וואָלט ער זיכער פונאנדערגעטריבן די פארזאמלונג, ווי דאָס איז פון איצט אָן א סך מאָל געשען: דעם 18טן בריומער און דעם 2טן דעצעמבער אין פראנקרייך, און אין דער נייסטער צייט אין אונגארן און רוסלאנד. די דעפּוטאטן וואָלטן אָן שום ספק פּראָטעסטירט; זיי וואָלטן מיסתמא געזאָגט עטלעכע שיינע ווערטער, און א טייל פון זיי וואָלטן אפילו פּרובירט אויפהעצן די פּראָווינצן... אָבער אָן דעם פאָלק, וואָס איז געווען צוגעגרייט צו מרידה, אָן דער רעוואָלוציאָנערער ארבעט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן צווישן די פאָלקס־מאסן, אָן דעם רוף, וואָס האָט דאָס פאָלק אויפגערודערט צו מרידה, א רוף, וואָס איז אריבער פון מענטש צו מענטש, ניט בלויז דורך מאניפעסטן — איז דאָס געזעמל פון דעפּוטאטן א צו נישטיקע זאך לגבי דער אָרגאניזירטער ממשלה מיט איר נעץ פון מאכט און ארמיי.

צום גליק איז פּאריז געווען אויף דער וואך. בעת די נאציאָנאַל-פאַרזאמלונג האָט זיך געלאָזט פאַרווינגן מיט אַ חלום פון זיכער-קייט און האָט דעם 10טן יולי אויפדאָסניי אָנגעהויבן רויק די דיסקוסיע איבער דעם קאָנסטיטוציע-פּראָיעקט, האָט דאָס פּאַריזער פּאָלק, צו וועלכן עס האָבן זיך סוף-כּל-סוף געווענדט די מוטיקסטע און פעיִקסטע צווישן דעם בירגערטום, זיך געגרייט צום אויפ-שטאַנד. מען האָט אויף די פּאַרשטעט זיך איבערגעגעבן מפּה-לפּה פּרטים פונם מיליטערישן אַטענטאַט, וואָס דער הויף האָט צוגע-גרייט אויפן 16טן יולי; מען האָט וועגן אַלץ געוואוסט, — אַפילו וועגן דעם קיניגס דראָען צו באַזייטיקן זיך אין סואַסען און אָפּצו-געבן פּאַריז אויף דער אַרמייס באַראַט — און די קוואַרטאַלן פון דער דאָזיקער גרויסער נעסט פון מרידה האָבן זיך אָרגאַניזירט, כּדי מיט גוואַלט-מעשים צו ענטפערן אויף גוואַלט-מעשים. „די בונטאַרישע אַליאַנטן", מיט וועלכע מיראַבאָ האָט געדראָט דעם הויף, האָט מען טאַקע גערופן צו מעשים און אין די חושכדיקע שענקען אונטער דער שטאָט האָט דאָס פּאַריז פון אָרעמעלייט, דאָס פּאַריז פון קרועה-בלואהניקעס באַטראַכט די מיטלען פון „מציל זיין דאָס פּאַטערלאַנד". ווי עס האָט געקענט, האָט עס זיך באַוואָפנט.

הונדערטער פּאָליטישע אַגיטאַטאָרן — „אומבאַקאַנטע", פאַר-שטייט זיך, האָבן אָנגעשטרענגט אַלע כּוחות, כּדי דער אויפברויז זאָל זיך האַלטן און דאָס פּאָלק אַרויסצושלעפּן אויף דער גאַס. בּרעשלעך און בכלל פּאָלש פייער זיינען געווען, — זאָגט אַרטור יונג, — איינס פון די באַליבטסטע מיטלען; מען האָט זיי פאַר-קויפט בחצי חינם, און בעת דער המון האָט זיך צונויפגעזאַמלט, כּדי זיך צוצוקוקן צום פּאָלשן פייער, וואָס מען האָט געלאָזט ערגעץ אויף אַ ראָג גאַס, האָט עמעץ אָנגעהויבן דרשנען צום פּאָלק און איבערגעבן ידיעות וועגן דער פאַרשווערונג פונם הויף. תּחילת איז גענוג געווען אַ קאָמפּאַניע שווייצער צו צעטרייבן די איבער געלייפן; היינט וואָלט מען שוין באַדאַרפט אַ גאַנצן פּאָלק, אין פערצן טעג אַרום וועט מען דאַרפן די גאַנצע אַרמיי — זאָגט אַרטור יונג אין די טעג ערב דעם 14טן יולי.

און באמת טאַקע איז שוין סוף יוני דאָס פאָלק פון פּאַריז דערגאַנגען ביזן העכסטן גראַד פון אויפרעגונג און איז רייף געוואָרן צו מאַכן אַן אויפשטאַנד. שוין אָנהייב יוני האָט מען געוואָרט אויף אומרוען צוליב דעם יקרות אויף תבואה, זאָגט דער ענגלי־שער בוכהענדלער האַרדי, און אויב פּאַריז איז געבליבן רויִק ביזן 25טן יוני, איז די סיבה דערפון געווען, וואָס אַזש ביז דער קיניג־לעכער זיצונג האָט מען כסדר געהאָפט, אַז די פאַרזאַמלונג וועט עפּעס פּועל זיין. אָבער דעם 25טן האָט פּאַריז פאַרשטאַנען, אַז — אַחוץ אַן אויפשטאַנד — איז קיין אַנדער האָפענונג שוין ניטאָ.

אַ טייל פּאַריזער איינוואוינער זיינען אַוועק אויף ווערסאַל און געהאַט בדעה אַרויסצורופן אַ צוזאַמענשטויס מיטן מיליטער. אין פּאַריז גופא זיינען אומעטום געווען איבערגעלייפן, „וואָס זיינען מסוגל געווען צו דערגיין ביז די שרעקלעכסטע מעשים", לייענען מיר אין די געהיימע באַמערקונגען, וואָס זיינען געווענדט געוואָרן צום מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים *. „דאָס פאָלק איז אַ גאַנצע נאַכט געווען אין באַוועגונג, עס האָט געברענט פייערן אַלס סימן פון פרייד און געגעבן אַן אומגעהייערע צאָל שאָסן פאַרן קיניגלעכן פּאַלאַץ און דעם העכסטן קאָנטראָל־אַמט". מען האָט געשריען: „זאָל לעבן דער פירשט פון אָרלעאַן!"

דעם זעלבן טאָג, דעם 25טן, האָבן די זעלנער פאַרלאָזט די קאַזאַרמעס און אַחדות געשלאָסן מיטן פאָלק, זיינען אַוועק מיט אים איבער פאַרשיידענע קוואַרטאַלן און געשריען: „נידער מיט די גלחים!"

דערווייל האָבן די פּאַריזער „דיסטריקטן", ד. ה. די פאַר־זאַל־פאַרזאַמלונגען, דער עיקר פון די אַרבעטער־קוואַרטאַלן זיך רעגולער צונויפגעזאַמלט און אָנגענומען מיטלען צו אָרגאַניזירן אין פּאַריז אַ ווידערשטאַנד. „די דיסטריקטן" האָבן געהאַט צווישן זיך כסדר אַ קאָנטאַקט און זייערע פאָרשטייער האָבן אַן אויפהער אָנגענומען מיטלען זיך צו קאָנסטיטויִרן אין אַ זעלבשטענדיקער

---

* שאַסען האָט זיי פאַרעפנטלעכט אין זיין ווערק:
„Les èlections et les cahiers de Paris" III, 1889.

שטאט=קארפאראציע. דעם 25טן האט באנוויל אויף א וויילער=פארזאמלונג גערופן שוין צו געווער און געשטעלט די וויילער א פארשלאג, אז זיי זאלן בילדן א „קאמונע", דערביי האט ער באגרינדעט זיין פארשלאג מיט געשיכטע. צומארגנס האבן זיך די דיסטקירט=פארשטייער צונויפגעזאמלט, תחילת אינם מוזיי אויף דער דעלפין=גאס, און לסוף זיך איבערגעטראגן אינם ראטהויז. דעם 1טן יולי האבן זיי שוין אפגעהאלטן די צווייטע זיצונג *; אזוי ארום האט מען געשאפן א „פערמאנענטן קאמיטעט", וואס האט אפגעהאלטן זיצונגען בעת דעם 14טן יולי.

דעם 30טן יוני איז געגוג געווען א קליין געשעעניש — דאס ארעסטירן עלף גווארדיע=זעלנער, וואס מען האט איינגעזעצט אין דער מיליטערישער תפיסה, ווייל זיי האבן ניט געוואלט אנלאדן זייערע ביקסן מיט שארפע קוילן, — אז אין פאריז זאלן ארום=גערופן ווערן אומרוען.

בעת לוסטאלא, דער רעדאקטאר פון „דער פאריזער רעוואָ=לוציע", איז ארויף אויף א בענקל אינם קיניגלעכן פאלאץ, קענן פואס קאפע און געהאלטן ווענן דעם א רעדע צום פאלק, זיינען פיר טויזנט מאן תיכף אוועק אין דער מיליטערישער תפיסה און באפרייט די ארעסטירטע זעלנער. די תפיסה=וועכטער האבן, דער=זעענדיק דעם המון, פארשטאנען, אז זייער ווידערשטאנד וועט גארניט העלפן און האבן ארויסגעגעבן די ארעסטירטע לויט דעם ווילן פון פאלק; בעת די דראגונער זיינען געקומען צו רייטן פייל אויסן בויגן און האבן געזאלט שוין באפאלן דאס פאלק, האבן זיי די לעצטע רגע געהאט א ישוב, האבן באהאלטן די שווערדן אין די שיידן און זיך פאראייניקט מיטן פאלק. ווען מען האט צומארגנס זיך אין דער נאציאנאל=פארזאמלונג דערוואוסט, אז דאס מיליטער האט געהאלטן מיט די אנטיילנעמער פון די אומרוען, איז אן אימה אויף זיי ארויפגעפאלן. „זאלן מיר ווערן טריבונען פונם צעווּשעטן המון? — האבן די דאזיקע הערן געפרעגט.

---

* זע: שאסען.

דאס פייער פון מרידה האט אויך שוין געטליעט אין די שטעטלעך, ניט ווייט פון פאריז. אין נאנזשי האט דאס פאלק זיך אפגעזאגט צו צאלן שטייערן, כל-זמן זיי וועלן ניט באשטעטיקט ווערן דורך דער פארזאמלונג; הגם עס האט אויסגעפעלט ברויט (קיינעם האט מען מער ווי צוויי קערץ ווייץ ניט פארקויפט), האט מען ארומגערינגלט דעם מארק מיט דראגונער. דאך איז, ניט געקוקט אויף דער אנוועזנהייט פונם מיליטער, געקומען צו עקסצעסן אין נאנזשי און אין אנדערע קליינע קרייז-שטעט. אין איין אויגנבליק איז אנטשטאנען א סיכסוך צווישן דעם פאלק און די בעקערס, און דעמאלט — זאגט יונג — האט מען מיט כוח צוגענומען דאס גאנצע ברויט און ניט געצאלט פאר אים גארניט. דעם 17טן יוני איז „מערקיר דע-פראנס" מודיע אפילו וועגן פרוון צו שניידן נאך גרינע תבואה אין פארשיידענע ערטער, דער עיקר אין די געגנטן פון סען-קעטען; אזוי גרויס איז געווען דער הונגער.

אין פאריז האבן שוין דעם 30טן יוני די פאטריאטן זיך פארשריבן אינם קאפע קאווא צום אויפשטאנד; און בעת מען האט זיך צומארגנס דערוואוסט, אז בראלי איז געווארן הויפט-קאמאנדיר, האט די באפעלקערונג — ווערט געזאגט אין א געהיימען באריכט — אומעטום פארשפרייט קלאנגען, אז אויב דאס מיליטער וועט געבן כאטש איין שאס, וועט אלץ פארוואנדלט ווערן אין פייער און בלוט... מען האט אויך גערעדט וועגן נאך אנדערע, א סך שארפערע זאכן. פארזיכטיקע מענטשן וואגן זיך שוין ניט צו באווייזן אויף דער גאס, גיט צו דער אגענט.

דעם 2טן יולי ווערט דער כעס פון דער באפעלקערונג געווענדט קעגן דעם פירשט ד'ארטוא און דער משפחה פאליניאק. מען זאגט, אז מען וועט זיי טייטן און די פאלאצן זייערע מיט דער ערד גלייך מאכן, מען זאגט אויך, אז מען וועט פארכאפן אלע הארמאטן, וואס זיינען צעשטעלט אין פארשיידענע פונקטן פון פאריז. די איבערגעלייפן ווערן וואס אמאל גרעסערע, און „דעם כעס פון פאלק איז גארניט צו באשרייבן" — זאגן די זעלבע באריכטן. דעם זעלבן טאג, — זאגט דער בוכהענדלער הארדי אין זיין צייטשריפט, — האט קיין סך ניט געפעלט, אז „דער מטורפדיקער

המון זאָל אכט א זייגער אינאָוונט זיך א לאָז טאָן פונם גאָרטן פון קייזערלעכן פּאַלאַץ", כדי צו באפרייען די דעפּוטאַטן פונם דריטן שטאַנד; מחמת מען האָט געזאָגט, אַז די איידעללייט ווילן זיי אויסהרגענען. שוין אין דעם טאָג האָט מען בדעה געהאַט צו= צונעמען דאָס געווער פונם אינוואַלידן=פּאַלאַץ.

די אויפרעגונג אויפן הויף איז געגאַנגען האַנט=ביי=האַנט מיט דער פאַרביטערונג צוליב דעם יקרות. דעם 4טן און 5טן האָט מען זיך געריכט צו ראַבירן די בעקערייען; די גוואַרדיע=פּאַט= רולן האָבן זיך געגרייט אין די גאַסן, זאָגט האַרדי, און השגחה געהאַט איבער דער חלוקה פון ברויט.

דעם 8טן יולי האָט זיך אָפּגעשפּילט דער ערשטער אַקט פון דער מרידה אין פּאַריז גופא – אינם לאַגער פון די 20.000 אַר= בעטסלאָזע, וואָס די רעגירונג האָט געגעבן ערדישע אַרבעטן אין מאָנמאַרטר. אין צוויי טעג אַרום, דעם 10טן — האָט זיך שוין גע= גאָסן בלוט, דעמזעלבן טאָג האָבן אָנגעהויבן ברענען די שלאַגביימער. מען האָט אונטערגעצונדן דעם שלאַגבוים אויף שאָס=ד'אַנטען און אין די באַפעלקערונג האָט אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, אַריינפירנדיק אָן אָן אָפּצאָל לעבנסמיטל און וויין.

צי וואָלט קאַמיל דעמולען גערופן דעם 12טן יולי דאָס פאָלק צום געווער, ווען ער זאָל ניט געווען זיכער זיין, אַז דער רוף וועט געפאָלגט ווערן — ווען ער זאָל ניט געווען וויסן, אַז פּאַריז הייבט זיך אויף, אַז מיט צוועלף טאָג פריער האָט לוסטאַלאָ אונטערגעהעצט דאָס פאָלק צו מרידה צוליב א קליין געשעעניש, און איצט וואַרטן די פאָרשטעט פון פּאַריז בלויז אויף א סיגנאַל, כדי אָנצוהויבן דעם אויפשטאַנד?

דער דרוק מצד די פירשטן, וואָס זיינען זיכער געווען אין נצחון, האָט צוגעאיילט די פאַרשווערונג, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אויפן 16טן, און דער קיניג האָט געמוזט עפּעס טאָן איידער די מיליטערישע הילף האָט באַוויזן אָנצוקומען אין ווערסאַל *.

* זע די בריוו פונם זאַקסישן געזאַנדטן סאַלמיר צו שטאָטערהיימען פונם 19טן און 20טן אויגוסט אין דעם דרעזדענער אַרכיוו — ביי פלאַמערמאָנען. La Journée du 14 Juillet 1789.

נעקערן האט מען באזייטיקט דעם 11טן יולי. פירשט ד'אר=טוא האט אים געדראט פאר דער נאז מיט דער פויסט, בעת דער מיניסטער האט בדעה געהאט צו גיין אויף א מיניסטארן=באראטונג; דער קיניג האט מיט זיין געוויינלעכער צביעות גע=מאכט דעם אנשטעל, אז ער ווייסט וועגן קיין זאך ניט, הגם דער דעמיסיע=דעקרעט איז שוין געווען געחתמעט. נעקער האט זיך אונטערגעווארפן דעם באפעל פון זיין האר און קיין ווארט אפילו ניט גערעדט. ער איז אפילו איינגעגאנגען אויף זיינע פלענער און באוויזן אזוי געהיים צוצוגרייטן זיין ארויספאר קיין בריסל, אז אין ווערסאל האט מען וועגן קיין שום זאך זיך ניט משער געווען.

פאריז האט זיך דערוואוסט וועגן דעם ערשט צומארגנס, דעם 12טן, זונטאג, ארום מיטאג. מען האט זיך אויף דער דעמיסיע שוין געהאט געריכט: דאס האט געזאלט זיין אן אנהייב פון דער פארשווערונג. מען האט שוין נאכדערציילט פירשט דע=בראליס ווערטער, וואס האט אנגעפירט מיט דרייסיק טויזנט זעלנער צווישן פאריז און ווערסאל, — און „ערוב געווען פאר פאריז", — און אזוי ווי די בייז=באשערטע ידיעות וועגן א שחיטה, וואס דער הויף גרייט צו, האבן זיך געלאזט הערן פון אינדערפרי אן, איז „דאס גאנצע רעוואלוציאנערע פאריז" מאסנווייז אוועק אינם קי=ניגלעכן פאלאץ. דארט אהין איז געקומען דער קוריער מיט דער ידיעה, אז נעקער איז ארויסגעטריבן געווארן. דער הויף איז דע=ריבער אנטשלאסן געווען אנצוהויבן א פיינטלעכע אקציע... און דעמאלט איז קאמיל דעמולען, ארויסגייענדיק פון א קאפע אינם קיניגלעכן פאלאץ, — פאיאס קאפע — מיט דער שווערד אין איין האנט און מיט פיסטוילן אין דער צווייטער, ארויף אויף א בערגל און גערופן צום געווער. ער האט אפגעבראכן א צווייג, געמאכט, ווי באוואוסט, דעם גרינעם בלאט פאר א קאקארדע און א צייכן, לויט וועלכן די פאטריאטן האבן איינס דאס אנדערע באדארפט דערקענען, און זיין געשריי: ס'איז קיין איין מינוט ניט א צו פארלירן; צום געווער! — האט זיך געלאזט הערן אין אלע פארשטעט.

מיטאגצייט איז א גרויסער צוג מיטן פירשט פון ארלעאנס

און נעקערם פיגורן, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט קרעפּ (מען האָט געזאָגט, אַז אויך דעם פירשט פון אָרלעאַן האָט מען אַרויס־געטריבן) פאַרביי דעם קיניגלעכן פּאַלאַץ לענגאויס דער רישעליע־גאַס און איז צו צום לודוויק דעם XVטנס פּלאַץ (היינט דער קאָנקאָרדיע־פּלאַץ), וואָס איז געווען באַזעצט מיט מיליטער: שוויי־צער, פראַנצויזישע פוסגייער, הוזאַרן און דראַגונער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון מאַרקיז דע בעזאַנוואַל. דאָס פאָלק רינגלט תיכּף אַרום די זעלנער; מען פּרובירט עם אָפּצושטויסן מיט די שווערדן, מען שיסט אַפילו; צוליב דעם ריזיקן עולם אָבער, וואָס שטופּט זיך אַרום זיי, שטויסט זיי אָפּ, שפּאַרט זיי אַרויס און רינגלט זיי אַרום, ווערן זייערע רייען דורכגעבראָכן און זיי זיינען געצוואונגען אָפּצוטרעטן. צו אַלע צרות פאַרשפּרייט זיך נאָך אַ קלאַנג, אַז די גוואַרדייער האָבן עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן צום פאָלק „ראָיאַל אַלעמאַן", וואָס איז געטריי דעם קיניג — און אַז די שווייצער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיסן צום פאָלק. דעמאָלט איז בעזאַנוואַל, וועלכער האָט, דאַכט זיך, קיין גרויס צוטרוי צום הויף ניט געהאַט, צוריקגעטראָטן פאַר דער כוואַליע מענטשן, וואָס איז געוואַקסן אַלץ מער, און מאַכט זיין לאַגער אויפן מאַרס־פעלד *.

עס איז אָנטשטאַנען אַ קאַמף. מיט וואָס וועט ער זיך אָבער ענדיקן, אויב דאָס מיליטער, וואָס איז געבליבן געטריי דעם קיניג, וועט באַקומען אַ באַפעל צו גיין אויף פּאַריז? איצט אַנטשליסן זיך די בירגערלעכע רעוואָלוציאָנערן צו גיין (הגם אומגערן) אויף אַ לעצט מיטל, — זיך אָפּרופן צום פאָלק. אין גאַנץ פּאַריז שלאָגט דער אַלאַרם־גלאָק און די פאַרשטעט נעמען זיך צום אויסשמידן

* „די גוואַרדיע האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם המון, האָט געשאָסן צו דער אָפּטיילונג פונם פאָלק „ראָיאַל אַלעמאַן", וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן בולוואַר פאַר מיינע פענסטער. מען האָט געשאָסן צוויי מענטשן מיט צוויי פערד", — האָט געשריבן סימאָלין, קאַטערינע דער IIטערס געזאַנדטער אין פּאַריז צום קאַנצלער אָסטערמאַן דעם 13טן יולי און דערביי מוסיף געווען: „אייערנעכטן און נעכטן אינאָוונט האָט מען פאַרברענט דעם בלאַנש־שלאַגבוים און דעם שלאַגבוים פון פּואַסאָניער פאַרשטאָט (Conches, Lettres de Louis, XVI)

פּיקעס *. דער באַוואָפנטער המון הייבט אָן פאַמעלעך זיך ארויסצולאָזן אויף דער גאַס. אַ גאַנצע נאַכט צווינגט דער המון די פּאַרבייגייער צו געבן געלט אויף פּולווער. די שלאָגביימער ברענען. מען האָט אונטערגעצונדן אַלע שלאָגביימער אויפן רעכטן ברעג, פון דער פאָרשטאָט פונם הייליקן אַנטאָניוס ביז דעם הייליקן האָנאָריוס, ווי אויך דעם הייליקן מאַרצעליוס שלאַגבוים: לעבנסמיטל און וויין ווערן פריי אַריינגעפירט אין פּאַריז. אַ גאַנצע נאַכט קלינגט דער גלאָק אויף אַלאַרם און די בורזשואַזיע ציטערט פאַר איר האָב־און־גוטס, מחמת די לייט, וואָס זיינען באַוואָפנט מיט פּיקעס און שטעקנס, צעשפּרייטן זיך איבער אַלע קוואַרטאַלן, באַרויבן די הייזער פון די פּאָלקס־פּיינט, תבואה־שפּעקולאַנטן און קלאַפּן אין די טויערן פון די גבירים, פאָדערנדיק פון זיי ברויט און געווער.

צומאָרגנס, דעם 15טן, לאָזט זיך דאָס פאָלק דער עיקר דאָרט, וואו עס געפינט זיך ברויט, קודם־כל אינם קלויסטער פונם הייליקן לאַזאַר; עס הייבט אָן אַן אָנגריף ביי די אויסגעשרייען: ברויט! ברויט! עס לאָדט אָן צוויי און פופציק טאַטשקעס מעל, צעראַבירט זיי ניט אויפן אָרט, נאָר פירט אַוועק אין די האַלעס, כדי זיך צו קענען באַוואָרענען מיט ברויט. אין די האַלעס ברענגט דאָס פאָלק אויך צו טראָגן דאָס לעבנסמיטל, וואָס איז אָן אָפּצאָל אָנגעקומען אין פּאַריז **.

גלייכצייטיק האָט דאָס פאָלק פאַרנומען די אויספאָרשונגס־תפיסה לאַ־פאָרס, וואו עס האָבן זיך געפונען די אַרעסטירטע פאַר חובות; די באַפרייטע אַרעסטאַנטן זיינען דורכגעגאַנגען אין אַ צוג

* מען האָט זיי אויסגעראַבעט 50.000, נים גערעכנט די „פאַרשיידענע מינים קליינע געווער", און דאָס — אויפן חשבון פון דער שטאָט, זאָגט דיסאָל (L'Oeuvre de sept jours, ז. 23).

** מען האָט פון אַלע זייטן געבראַכט אין ראָטהויז אַ ריזיקע צאָל קאָטשן, וועגן, מאַטשקעס, וואָס מען האָט פאַרהאַלטן ביי די טויערן פון שטאָט, און אָנגעלאָדן מיט פלערליי לעבנסמיטל, געפעס, זאַכן א. אַז. וו. „דאָס פאָלק, וואָס האָט געגאַרט נאָך בלויז געווער און אַמוניציע... איז געקומען צו אונז מאַסנווייז און פון מינוט צו מינוט געוואָרן צודרענגלעכער". דאָס איז געווען דעם 13טן יולי.
(Dusaulx, L'Oeuvre de sept jours dans mémoires sur la Bastille פּאַריז, 1889)

דורך פּאַריז און געדאַנקט דעם פאָלק. אין שאַטעלע איז דער אויפשטאַנד פון די אַרעסטירטע דערשטיקט געוואָרן, ווייזט אויס, דורך דעם בירגערטום, וואָס האָט בחיפזון זיך באַוואָפנט און אַרויסגעשיקט די פּאַטרולן אויף דער גאַס. די בירגער-מיליץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, איז פּאַקטיש זעקס אַ זייגער אַוועק אין ראַטהויז, און צען אינאָווענט, זאָגט שאַסען, האָט זי אָנגעהויבן איר דינסט.

טען און ענלעכע צו אים, וואָס זיינען אמתע אָפּקלאַנגען פונם בירגערלעכן פּחד, באַמיען זיך אונז איבערצוצייגן, אַז דעם 13טן האָט פּאַריז זיך געפונען „אין די הענט פון רויבער". אָבער די פאַלשע מיינונג ווערט אָפּגעלייקנט דורך אַלע ראיות פון דער דאָזיקע תקופה. ס'איז קיין ספק ניט, אַז די לייט, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט פּיקעס, האָבן פאַרהאַלטן פאַרבייגייער און געפאָדערט פון זיי געלט אויף איינצוקויפן געווער; אין דער נאַכט פונם 12טן האָבן טיילמאָל די באַוואָפנטע לייט געקלאַפּט אין די טירן פון די גבירים און געוואָלט, מען זאָל זיי געבן עסן און טרינקען, אָדער אויך געווער מיט געלט. ס'איז אויך אמת, אַז עס זיינען פאָרגעקומען עטלעכע פאַלן פון רויבערייען, מחמת באַגלויבטע עדות זאָגן, אַז אין דער נאַכט פון 13טן אויפן 14טן האָט מען עטלעכע פּערזאָן פאַר אַזעלכע מינים מעשים אומגעבראַכט *. דאָך איז טען סיי דאָ, סיי אין אַנדערע ערטער אומבאַדינגט אין זיינע באַשרייבונגען מגזם.

* די ציטאַטן, וואָס זשול פלאַמערמאַן ברענגט אין דער הערה צו זיין ווערק וועגן 14טן יולי (La journée 14 juillet 1789, de L. G. pitr, מיט אַ הקדמה און הערות, פּאַריז, 1892), זיינען מאָסגעבנדיק אין דעם פּרט — מער ווי זיין טעקסט, וואָס געפינט זיך, לויט מיין מיינונג, אין אַ געוויסער סתירה מיט די זייטן CLXXXI און CLXXXII. „נאָכמיטאָג", זאָגט גראַף דע-סאַלמור, — „האָט די געשאַפענע בירגער-גוואַרדיע אָנגעהויבן אַנטוואָפענען די פּוסט-און-פּאַסניקעס. איר וואַכזאַמקייט, ווי אויך פון די באַוואָפנטע בירגער האָט נאָך אויף דער דאָזיקער נאַכט מציל געווען פּאַריז... די נאַכט איז פאַרביי רויק און אין פולקומער אָרדענונג; מען האָט געכאַפּט גנבים, ווי אויך פאַרדעכטיקע לייט און פּאַר גרעסערע חטאים תיכּף געהאַנגען (גראַף דע-סאַלמורס בריוו פונם 16 יולי 1789, דרעזדענער אַרכיוו). אָט-וואָס די שטעל פון ד"ר ריגבים בריוו, וואָס פלאַמערמאַן האָט געבראַכט אין זיין הערה און וואָס איך ברענג דאָ וואָרט ביי וואָרט, זאָגט: „בעת ס'איז געוואָרן

זאָלן די היינטיקע בורזשואזע רעפּובליקאַנער ניט האָבן קיין תרעומות, וואָס די רעוואָלוציאָנערן פון 1789 האָבן זיך געכאַפּט פאַר „קאָמפּראָמעטירנדיקער הילף“, וועגן וועלכער עס דערמאָנט מיראַבאָ. זיי האָבן זי געזוכט אין די לעבער פון די קוואַרטאַלן הינטער דער שטאָט. און הגם עס זיינען פאָרגעקומען עטלעכע רויב-פאַלן, האָבן די דאָזיקע „הילף-אָפּטיילונגען“ זיך גיכער באַנוצט מיטן געווער צוליב דער אַלגעמיינער טובה, ווי צוליב זייער פּערזענלעכער שנאה, אָדער כּדי צו לינדערן זייער נויט.

עס איז אויך זיכער, אַז די רויב-פאַלן זיינען געווען זייער אַ זעלטענע זאַך. אדרבה, די שטימונג פון דעם באַוואָפנטן המון, בעת ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם קאַמף צווישן מיליטער און בירגערטום, איז געוואָרן זייער אַן ערנסטע. די לייט, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט פּיקעס, האָבן זיך משמעות געהאַלטן פאַר שטאָט-פאַרטיידיקער, אויף וועלכע עס ליגט אַ גרויסע אחריות. מאַרמאָנטעל, אַן אויסגעשפּראָכענער שונא פון דער רעוואָלוציע, באַמערקט פונדעסטוועגן דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן שטריך: „די רויבער אַליין, וואָס זיינען געווען באַהערשט פונם אַלגעמיינעם פּחד (?), האָבן קיין שום היזיקות ניט געמאַכט. מען האָט זיך גע-היטן בלויז עפענען די געשעפטן פון די געווער-סוחרים און אַרויס-גענומען פון דאָרט דאָס בלויזע געווער“, — זאָגט ער אין זיינע זכרונות. און בעת דאָס פאָלק האָט געוואָלט פאַרברענען די קאַטש פונם פּירשט דע-לאַמבע און זי אַוועקגעפירט אויפן דע-גרעוו-

---

נאַכט, האָט מען געזען זייער ווייניק פון יענע, וואָס האָבן מיט אַ נאַכט פריער זיך באַוואָפנט. עטלעכע לייט האָבן ניט געוואָלט אַוועקלייגן דאָס געווער; זיי האָבן אין משך פון דער נאַכט דערוויזן, ווי גערעכט עס איז געווען די מורא פון די איינוואוינער בנוגע זיי; מחמת זיי האָבן זיך גענומען צו רויב. ס'איז געווען צו שפּעט, צו קענען דאָס טאָן אומבאַשטראָפט; מען האָט זיי אַנטדעקט און תּיכּף געכאַפּט און צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עטלעכע פון די דאָזיקע אויסוואורפן, וואָס מען האָט געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט מען אויפ-געהאַנגען“. לייענענדיק די דאָזיקע ערטער (Dr Rigby's Letters, זייט 55—57), מוזן מיר מודה זיין, אַז אין מאָרעלעס דערציילונג, לויט וועלכער מען איז „אין דער נאַכט פונם 13טן אויפן 14טן באַגאַנגען פאַרברעכנס קעגן מענטשן און אייגנטום“, איז פאַראַן אַ ביסל אמת.

פּלאַץ, האָט עס דעם קופער מיט אַלע זאַכן אוועקגעטראָגן פון דאָרט אינם ראָטהויז. ביי די לאַזאַריסטן האָט דאָס פאָלק קיין געלט ניט גערירט און צוגענומען בלויז מעל, געווער און וויין, אוועקטראָגנדיק עס אויפן פּלאַץ דע־לאַ־גרעוו. קיין זאַך איז דעם טאָג ניט אין דעם מלוכה־אוצר, ניט אין דער עסקאָנט־קאַסע — באַמערקט דער ענגלישער געזאַנדטער אין זיין באַריכט,—ניט גערירט געוואָרן.

ס'איז אמת, אַז דער פּחד פון דער בורזשואַזיע, וואָס האָט דערזען די מאַנסליים מיט די ווייבער אין צעריסענע מלבושים, אויסגעהונגערטע און באוואָפנטע מיט שטעקנס, ווי אויך מיט „בלערליי פּיקעס" — דער פּחד פאַר די דאָזיקע הונגער־געשפּענסטער, וואָס זיינען אַרוים אויף דער גאַס, איז געווען אַזוי גרויס, אַז די בורזשואַזיע האָט זיך קיינמאָל דערפון ניט געקענט באַפרייען. שפּעטער, אין די יאָרן 1791 און 1792, האָבן אַפילו יענע בורזשואַ, וואָס זיינען להוט געווען אַראָפּצוזעצן די קיניגלעכע מאַכט, גיכער געוואָלט די רעאַקציע, איידער אַ נייעם רוף צו אַ פאָלקס־רעוואָלוציע. זיי האָבן געציטערט שוין ביים דערמאָנען דעם הונגעריקן און באוואָפנטן המון, וואָס זיי האָבן דערזען דעם 12טן, 13טן און 14טן יולי 1789.

„געווער!" — דאָס איז געווען דער אויסגעשריי פונם פאָלק, בעת עס האָט שוין געפונען אַ שטיקל ברויט. מען האָט עס אומעטום געזוכט, אָבער אָן רעזולטאַט, בעת בייטאָג און ביינאַכט האָט מען אין די פאָרשטעט געשמידט בלערליי פּיקעס פון אייזן, וואָס איז געקומען אונטער דער האַנט.

דערווייל האָט דאָס בירגערטום קיין איין מינוט ניט פאַרלאָרן און זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן זיין עפנטלעכע מאַכט און איינגעשטעלט זיין שטאָט־פאַרוואַלטונג אינם ראָטהויז און זיין מיליץ.

ווי באַוואוסט, זיינען די וואַלן אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג געווען דירעקטע; אָבער נאָך די וואַלן האָבן די ווײלער פונם דריטן שטאַנד, אָן וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן עטלעכע ווײלער מצד די גייסטלעכע און איידללייט, זיך ווייטער צונויפגע־

זאַמלט אינם ראַטהויז — פונם 27טן יוני, לויט דער ערלויבעניש פון דער שטאָט־אָפּטיילונג און דעם מיניסטער פון פּאַריז. די דאַזיקע ווילער האָבן אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו אינם אָר־גאַניזירן די בירגערלעכע מיליץ. מיר האָבן געזען, אַז שוין דעם 1טן יולי האָבן זיי אָפּגעהאַלטן זייער צווייטע זיצונג. דעם 12טן יולי האָט מען איינגעשטעלט אַ פּערמאַנענטן קאָמיטעט, וואָס איז אָנ־געפירט געוואָרן דורכן פּאַרזיצער פונם סוחרים־צעך פלעסעל, און מען האָט באַשלאָסן, אַז יעדערער פון זעכציק דיסטריקטן דאַרף אויסקלייבן צוויי הונדערט בירגער באַוואוסטע און פעיִקע צום טראָגן געווער, וואָס זאָלן שאַפן אַ מיליץ פון 12.000 מאַן, וועלכע זאָלן השגחה האָבן איבער דער עפנטלעכער זיכערהייט. די דאַזיקע מיליץ האָט אין משך פון פיר טעג באַדאַרפט פאַרגרעסערט ווערן ביז 48.000 מאַן, און פאַר דער צייט האָט דער קאָמיטעט זיך באַדאַרפט מיען וועגן אַנטוואָפענען דעם המון.

„אַזוי אַרום, — זאָגט זייער ריכטיק לוי בלאַן, — האָט די בורזשואַזיע זיך געשאַפן אַ פּרעטאָריאַנישע אַרמיי פון 12.000 מאַן. הגם מען האָט מורא געהאַט, אַז דער הויף זאָל ניט זיגן, האָט מען דאָס פאָלק ניט אַנטוואָפנט".

אָנשטאָט דעם גרינעם קאָליר פון די ערשטע טעג, האָט די מיליץ איצט באַדאַרפט טראָגן אַ רויט־בלאָע קאָקאַרדע, און דער פּערמאַנענטער קאָמיטעט האָט אָנגענומען מיטלען, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך ניט אַריינמישן אין אירע רייען. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז ווער עס טראָגט ביי זיך געווער מיט אַ רויט־בלויער קאָקאַרדע, בשעת ער איז ניט אַריינגעצויגן אין דער רשימה פון אַ דיסטריקט, וועט איבערגעגעבן ווערן צום קאָמיטעט־געריכט. דער פּערמאַנענטער קאָמיטעט האָט באַשטימט אין דער נאַכט פונם 13טן אויפן 14טן אַ הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. דאָס איז געווען אַן איידלמאַן, פּירשט ד'אָמאָן. היות ער האָט דעם וואָל ניט אָנגענומען, האָט די הויפּט־קאָמאַנדע גענומען אויף זיך אַן אַנדער איידלמאַן, מאַרקיז דע־לאַ־סאַל, וואָס איז שוין פריער באַשטימט געוואָרן אַלס צווייטער קאָמענדאַנט.

מיט איין וואָרט, בשעת דאָס פאָלק האָט געשמידט פּיקעס

און זיך באַוואָפנט, בעת עס האָט אָנגענומען מיטלען, אַז מען זאָל ניט אַרויספירן קיין פּולווער פון פּאַריז, בעת עס האָט צוגענומען דאָס מעל און עס אַוועקטראָגן אין די האַנדלס־האַלעס אָדער אויפן פּלאַץ דע־לאַ־גרעוו, בעת עס האָט דעם 14טן געבויט באַריקאַדעס, כּדי צו שטערן דעם אַריינטריט פונם מיליטער קיין פּאַריז, בעת עס האָט צוגענומען דאָס געווער פונם אינוואַלידן־פּאַלאַץ און מאַסנווייז אַוועק אונטער באַסטיליע, כּדי זי צו צווינגען קאַפּיטולירן, האָט דאָס בירגערטום אָפּגעהיט, אַז די מאַכט זאָל זיך אים פון די הענט ניט אַרויסגליטשן. עס האָט איינגעשטעלט אַ בורזשואַזע קאָמונע איבער פּאַריז, וועלכע האָט פּרובירט איינצוהאַלטן די פאָלקס־באַוועגונג און בראש פון דער דאָזיקער קאָמונע האָט עס אַוועק־געשטעלט פלעסעלן, דעם אָנפירער פונם סוחרים־צעך, וואָס האָט געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דער פירשטין פּאָליניאַק, ווי אַזוי צו שטערן דעם פּאַריזער אויפשטאַנד. ס'איז באַוואוסט, אַז דעם 13טן, בעת דאָס פאָלק האָט פאַרלאַנגט פון אים געווער, האָט ער זיך געהייסן ברענגען קאַסטנס, אין וועלכע עס איז געווען אַלטע וועש, און ניט קיין ביקסן. צומאָרגנס ווידער האָט ער אָנגעווענדט אַלע כּוחות, כּדי צו שטערן דעם פאָלק צו נעמען באַסטיליע.

אַט־אַזוי האָט זיך אויפן צד פון די פלינקע אָנפירער פונם בירגערטום זיך אָנגעהויבן די סיסטעם פון בגידות, וואָס האָט — ווי מיר וועלן זען — זיך איבערגעחזרט אין משך פון דער גאַנצער רעוואָלוציע.

---

## צוועלפטער קאַפּיטל

# דאָס נעמען באַסטיליע.

באַסטיליע. — די שנאה פון פאָלק קעגן טורמעס בכלל. — דער אָנגריף אויף באַסטיליע. — דער גאַרניזאָן גיט זיך אונטער. — דער טויט פון דעלאָנע. — דער ערשטער ניצחון פון פאָלק.

פון דעם 14טן אינדערפרי אָן איז די אויפמערקזאַמקייט פונם פּאַריזער אויפשטאַנד געווענדט געווען אויף באַסטיליע — אויף דער דאָזיקער פינסטערער פעסטונג מיט די דיקע, הויכע, אימהדיקע טורעמס, וואָס איז געשטאַנען צווישן די הייזער פון אַ באַפעלקערטן קוואַרטאַל, ביים אַריינגאַנג אין דער פאָרשטאָט פונם הייליקן אַנטאָניוס. נאָך היינט פרעגן זיך די היסטאָריקער, ווער האָט געווענדט די אויפמערקזאַמקייט פונם פאָלק אין דער זייט אַריין. אַ טייל האָבן געהאַלטן, אַז דאָס האָט געטאָן דער פּערמאַנענטער קאָמיטעט אינם ראַטהויז, וואָס האָט, כדי צו געבן אַ ציל דעם אויפשטאַנד, געווענדט אים קעגן דעם סימבאָל פון דער קיניגלעכער מאַכט. קיין זאַך באַשטעטיקט אָבער ניט די השערה, בעת עטלעכע וויכטיקע פאַקטן ריידן בפירוש קעגן דעם. דאָס האָט גיכער דער פאָלקס־אינסטינקט פאַרשטאַנען שוין דעם 12טן אָדער דעם 13טן, אַז אינם פּלאַן פונם הויף, וואָס האָט געשטרעבט צו דערשטיקן די פּאַריזער באַוועגונג, האָט באַסטיליע באַדאַרפט שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע; עס האָט דעריבער באַשלאָסן זי צו באַהערשן.

באַוואוסט איז אָבער, אַז אויף מערב פון פּאַריז האָט פּאַריז דרייסיק טויזנט בעזאַנוואַלס מענטשן, וואָס האַלטן זייער לאַגער אויפן מאַרס־פעלד; אויף מזרח האָט עס געהאַט אַלס שטיצפּונקט די טורעמס פון באַסטיליע, וואָס די האַרמאַטן זיינע זיינען געווענדט געווען אויף דער רעוואָלוציאָנערער פאָרשטאָט פונם הייליקן אַנטאָניוס און איר הויפּט־גאַס, ווי אויך אויף אַן אַנדערער גרויסער קאָמוניקאַציע־אַרטעריע: די גאַס פונם הייליקן

אַנטאָניוס, וואָס פירט צום ראַטהויז, צום קיניגלעכן פּאַלאַץ און טיוילרי. די באַדייטונג פון באַסטיליע איז בכן געווען אַ גענוג קלאָרע, אַז דעם 14טן יולי זיינען פון אינדערפרי אָן — ווי עס שרייבן די „צוויי פרייהייטס־פריינד" — די ווערטער: צו באַס־טיליע! געגאַנגען פון מויל צו מויל, פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן *.

וואָס אמת, דער גאַרניזאָן פון באַסטיליע האָט ניט איבער־געטראָטן 114 מאַן, דהינו 84 אינוואַלידן און 30 שווייצער, און דער גובערנאַטאָר האָט קיין זאַך ניט געטאָן, אַז זי זאָל באַוואָרנט ווערן מיט שפּייז; דאָס באַווייזט בלויז, אַז דעם געדאַנק וועגן אַן ערנסטן אָנפאַל אויף דער פעסטונג האָט מען געהאַלטן פאַר אַ שטות און פאַר אוממעגלעך. דאָס פאָלק האָט אָבער געוואוסט, אַז די קיניגלעכע פאַרשווערער האָבן געלייגט האָפענונגען אויף דער פעסטונג; פון די איינוואוינער פון דעם קוואַרטאַל האָט עס זיך דערוואוסט, אַז אין דער נאַכט פונם 12טן אויפן 13טן זיינען די פולווער־רעזערוון איבערגעפירט געוואָרן פונם אַרסענאַל אין באַסטיליע; מען האָט אויך באַמערקט, אַז דער קאָמענדאַנט־מאַרקיז דעלאָנע האָט שוין דעם 14טן אינדערפרי צוגעפירט האַרמאַטן, כדי צו קענען שיסן אויפן פאָלק, אויב עס וועט מאַסנווייז אָנ־שטראָמען צום ראַטהויז־צו.

מען מעג אויך צוגעבן, אַז דאָס פאָלק האָט תמיד פיינט געהאַט תּפיסות, אַ שטייגער — ביסעטר, דעם טורעם אין ווערסאַל, באַסטיליע. ווען בעת די אומרוען פון 1783 האָבן די איידללייט פּראָטעסטירט קעגן די ווילקירלעכע אַרעסטן, האָט דער מיניסטער ברעטייל באַשלאָסן אָפּצושאַפן די תּפיסה אין ווענסען. דעם

---

* שוין אין עטלעכע העפטן האָבן די ווילער געפאָדערט, אַז „פון באַס־טיליע זאָלן קיין שטיין אויף אַ שטיין ניט בלייבן". די העפטן פון די דיסקריטן: האַל, טאַמירען, קאָרדעליע, סעפּולקר א. אַז. וו., וואָס שאַסען ברענגט אין „Les Élections et les cahiers de Paris". די ווילער זיינען גערעכט געווען, טאַקע נאָך בעת דעם רעוואָלוציאָנען האָט מען אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו באַהאָפּענען באַסטיליע. אויך אין דער נאַכט פונם 30טן יוני איז געווען אַ רייד וועגן פאַר־נעמען די פעסטונג.

באַרימטן טורעם האָט מען געמאַכט פאַר אַ תבואה=מאַגאַזין, און וועלנדיק חנפענען די געזעלשאַפטלעכע מיינונג, האָט ברעטייל ערלויבט צו באַזוכן די שרעקלעכע לעכער פון די, וואָס זיינען פאַרמשפּט געווען אויף אייביקער תפיסה. מען האָט אַ סך דערציילט, זאָגט דראָ *, וועגן די אכזריות, וואָס מען האָט דעמאָלט געקענט זען, און ממילא האָט מען צווישן זיך גערעדט, אַז אין באַסטיליע מוז זיין נאָך ערגער.

בכל אופן איז זיכער, אַז שוין דעם 13טן אינאָוונט האָבן די אָפּטיילונגען פון די באַוואָפנטע פּאַריזער איינוואוינער זיך איבערגעשאָסן, פאַרביייגייענדיק די תפיסה, מיט אירע פאַרטיידיקער, און אַז דעם 14טן יולי פון אינדערפרי אָן האָבן מער אָדער ווייניקער באַוואָפנטע מאַסן, וואָס האָבן אַ גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט אויף דער גאַס, זיך אָנגעהויבן צונויפזאַמלען אויף די וועגן צו באַסטיליע=צו. שוין מיט אַ נאַכט פריער איז אומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז דאָס קיניגלעכע מיליטער דערנענטערט זיך פון דער זייט פון די=טראָן-שלאַגבוים אויף דער פאָרשטאָט פונם הייליקן אַנטאָניוס, — און די מאַסן זיינען אַוועק אויף מזרח=זייט, בויענדיק באַריקאַדן אויף די גאַסן פון צפון=מזרח פונם ראַטהויז.

דער ערפאָלגרייכער אַנגריף אויפן אינוואַלידן=פּאַלאַץ האָט געשאַפן פאַרן פאָלק געווער מיט האַרמאַטן. שוין מיט אַ טאָג פריער זיינען די בירגער, וואָס די דיסטריקטן האָבן אַוועקגעשיקט, אַוועק אינם אינוואַלידן=פּלאַץ און געפאָדערט געווער, זאָגנדיק, אַז די הייזער זייערע דראָט באַרויבט צו ווערן מצד רויבער, און באַראָן דע=בעזאַנוואַל, דער קאָמאַנדיר פונם קיניגלעכן מיליטער אין פּאַריז, וואָס האָט זיך געפונען אינם אינוואַלידן פּאַלאַץ, האָט זיי צוגעזאָגט געווער, אויב מאַרשאַל דע=בראָלי וועט אים עס ערלויבן. קיין ערלויבעניש איז נאָך ניט געהאַט אָנגעקומען און זיבן אַ זייגער אינדערפרי, — בעת די אינוואַלידן אונטער דער קאָמאַנדע פון סאָמברייל האָבן זיך געשטעלט ביי זייערע האַרמאַטן מיט אַ לונט אין די הענט, גרייטע צום שיסן — האָט דער המון פון זיבן=אַכט טויזנט מאַן זיך פלוצלונג שנעל אַ רוק אַרויס געטאָן פון די דריי שכנותדיקע גאַסן. זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע

* Droz: Histoire du régne de Louis XVI, ב. I.

געהאָלפֿן און כּהרף עין אריבער דעם ריוו, אַכט פוס די טיף און צוועלף די ברייט, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ פונם אינ־וואַלידן־פּאַלאַץ. זיי זיינען אַרויף אויפֿן פּלאַץ און פאַרכאַפּט דאָרט צוועלף האַרמאַטן (צוואַנציק־, אַכצן־ און צענפונטיקע) און איין מערזער. די אינוואַלידן, וואָס זיינען געווען דורכגענומען מיטן „גייסט פון מרידה", האָבן זיך ניט פאַרטיידיקט, און דער המון, וועלכער איז זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן, האָט זיך תיכף אַריינ־געריסן אין די קעלערס און אינם קלויסטער, וווּ עס זיינען געווען באַהאַלטן 32.000 ביקסן און אַ געוויסע צאָל פּולווער *. די דאָזיקע ביקסן און האַרמאַטן האָבן נאָך דעמזעלבן טאָג געדינט צום נעמען באַסטיליע. שוין מיט אַ טאָג פריער האָט דאָס פאָלק אַרויסגעכאַפּט זעקס־ און־דרייסיק פּולווער־פעסער, וואָס האָבן געזאָלט אַרויסגעשיקט ווערן אין רואַן: מען האָט זיי געבראַכט אינם ראָטהויז אַריין; אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געטיילט פּולווער צווישן דעם פאָלק, וואָס האָט זיך באַוואָפנט.

דאָס אַרויסטראָגן די ביקסן פונם אינוואַלידן־פּאַלאַץ איז פאָרגעקומען זייער פּאַמעלעך; עס איז באַוואוסט, אַז צוויי אַ זייגער איז דאָס פאָלק נאָך דערמיט ניט געהאַט פאַרטיק געוואָרן. מען זאָלט אַלזאָ געהאַט גענוג צייט אָראָפּצובורענגען מיליטער און צו צעטרייבן דאָס פאָלק, בפרט, אַז די פוסגייער, קאַוואַלעריע און אַפילו אַרטילעריע זיינען שוין נאָענט געשטאַנען, אין דער מילי־טערישער שול און אויפֿן מאַרס־פעלד. די אָפיצירן פון דעם מילי־טער האָבן קיין צוטרוי צו זייערע זעלנער ניט געהאַט, אַגב האָבן זיי אַליין געמוזט ציטערן, בעת זיי האָבן געזען אַזאַ געווימל פון מענטשן פון כּלערליי עלטער און שטאַנד, וועלכע האָבן אין אַ צאָל פון העכער 200.000 פאַרפלייצט די גאַסן. די פאָרשטעט, וואָס זיינען באַוואָפנט געווען מיט ווייניק ביקסן, פּיקעס, האַמערס, העק אָדער אַפילו פּשוטע שטעקנס, זיינען טאַקע אַרוים אויף די גאַסן און ריזיקע מאַסן מענטשן האָבן זיך געשטופּט אויפֿן פּלאַץ פון לודוויק דעם XVטן (היינט קאָנקאָרדיע־פּלאַץ), לעבן דעם ראָטהויז

---

* איך האַלט זיך דאָ גענוי ביי גראַף דע־סאַלמורס בריוו, ווי אויך ביי די בריוו פון מאַטעאַס דיומאַ, וואָס ווערן געבראַכט ביי פלאַמערמאָנען.

און באסטיליע, ווי אויך אויף די זייטיקע גאסן. די פאריזער בור־זשואזיע אליין האָט זיך דערשראָקן, בעת זי האָט דערזען אויף די גאסן די דאָזיקע חברה באוואָפנטע לייט.

ווען דער פערמאנענטער קאָמיטעט אין ראָטהויז האָט זיך דערוואוסט, אז די דורכגענג צו דער באסטיליע זיינען פארפלייצט מיט מענטשן, האָט ער שוין דעם 14טן אינדערפרי געשיקט פאר־לאָמענטאריער צום גובערנאטאָר פון דער פעסטונג — דעלאָנע — מיט א בקשה, אז ער זאָל אראָפנעמען די הארמאטן, וואָס זיינען געווענדט אויף די גאסן, און ניט מאכן קיין שום פיינטלעכע שריט קעגן דעם פאָלק; אָנשטאָט דעם האָט דער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך גענומען די מאכט, וועלכע ער האָט ניט געהאָט, צוגעזאָגט, אז דאָס פאָלק „וועט זיך ניט לאָזן אויף קיין שום געפערלעכע אונטערנעמונגען קעגן דער פעסטונג". דער גובערנאטאָר האָט זייער גוט אויפגענומען די דעלעגאטן, וואָס האָבן פארבראכט ביי אים אויף פרישטיק ביז אינמיטן טאָג. דעלאָנע האָט, משמעות, געוואָלט געווינען צייט און דערווייל געוואַרט אויף גענויע באפעלן פון ווערסאל. ער האָט זיי אָבער ניט באקומען, מחמת דאָס פאָלק האָט זיי אינדערפרי איבערגענומען. פונקט ווי אַנדערע קאָמאנדירן, האָט דעלאָנע פאראויסגעזען, אז עס וועט אים צו שווער זיין צו שטעלן א ווידערשטאנד פאריז, וואָס איז מאסנווייז ארויס אויף דער גאס; דעריבער האָט ער אָפגעצויגן. דערווייל האָט ער גע־הייסן צוריקציען די הארמאטן אויף פיר פוס, און כדי דאָס פאָלק זאָל זיי ניט זען דורכן שיס־חלל, האָט ער די לעכער געהייסן פאר־קלאפן מיט ברעטער.

ארום מיטאָגצייט האָט דער סען־לוי־לא־קולטור־דיסטריקט ארויסגעשיקט צוויי דעלעגאטן, וואָס האָבן אין זיין נאָמען געזאָלט ריידן מיטן גובערנאטאָר: איינער פון זיי, אדוואָקאט טיריא־דע־לא־ראָזיער, האָט דערהאלטן פון מארקיז דעלאָנע א צוזאָג, אז ער וועט ניט הייסן שיסן, אויב ער וועט ניט ווערן אָנגעגריפן. צוויי בייע דעפוטאציעס האָט דער פערמאנענטער קאָמיטעט געשיקט צום גובערנאטאָר ארום איינס און צוויי א זייגער; זיי זיינען אָבער ניט געוואָרן אָנגענומען. ביידע האָבן זיי געפאָדערט פונם גובער־

נאַטאָר, אַז ער זאָל אָפּגעבן די פעסטונג דער בירגער־מיליץ, וואָס זאָל זי היטן צוזאַמען מיט די זעלנער און שווייצער.

צום גליק האָט דאָס פאָלק די אַלע אָפּמאַכן צונישט גע־מאַכט; עס האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז עס מוז פאַר יעדן פּרייז פאַרנעמען באַסטיליע. ער איז געווען דער האַר פון די ביקסן און האַרמאַטן פונם אינוואַלידן־פּאַלאַץ, האָט זיך זיין ענטוזיאַזם וואָס אַמאָל מער געשטאַרקט. דער המון האָט פאַרפלייצט די גאַסן, וואָס פירן צו באַסטיליע, ווי אויך די הויפן, וואָס רינגלען אַרום די פעסטונג. עס האָט זיך תיכּף אַנטוויקלט אַ שיסעריי צווישן אָנפאַלנדיקן המון און די אינוואַלידן, וואָס שטייען אויף די וואַלן. בעת דער פערמאַנענטער קאָמיטעט האָט פּרובירט שטילן די התלהבות פונם פאָלק און געמאַכט הכנות, כּדי צו מעלדן אויפן דע־גרעוו־פּלאַץ, אַז הער דעלאָנע האָט צוגעזאָגט ניט צו שיסן, אויב ער וועט ניט ווערן אָנגעגריפן, האָט דער המון מיט אַ געשריי: „מיר ווילן באַסטיליע! אַראָפּלאָזן די בריקן!" — זיך געשפּאַרט צו דער פעסטונג.

מען זאָגט, אַז דער גובערנאַטאָר האָט שיר ניט געחלשט, ווען ער האָט דערזען פון די מויערן, אויף וועלכע ער איז אַרויף מיט טיריאָן, די פאַרשטאָט פונם הייליקן אַנטאָניוס מיט די שכנותדיקע גאַסן, וואָס זיינען שוואַרץ געווען פונם מענטשלעכן געווימל, וואָס גייט אויף באַסטיליע. דאַכט זיך אַפילו, אַז ער האָט בדעה געהאַט אָפּצוגעבן די פעסטונג דעם מיליץ־קאָמיטעט, אָבער די שווייצער האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט *.

די ערשטע הענגל־בריקן פון דעם אויסערלעכן טייל באַס־טיליע, וואָס האָט געהייסן אַוואַנסע, זיינען שנעל אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אַדאַנק איינעם פון יענע מוטיקע אַקטן פון יחידים, וואָס עס האָבן אין ענלעכע פאַלן קיינמאָל ניט אויסגעפעלט. אַכט אָדער צען מענטשן, וועלכע עס האָט צוגעהאָלפן דער קרעמער פּאַנעטיע, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיין פריילעכקייט, אַ מענטש אַ הויכער און אַ שטאַרקער, האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט דורך אַ הויז, וואָס גרעניצט

* הער דע היס בריוו צו זיינע ברידער אויף דייטש איז געבראַכט ביי פלאַמערמאָנען, זייט CXCVIII, אין דער הערה.

מיט אַוואַנסע אויפן מויער; זיי האָבן זיך אויף אַלע פיר צוגערוקט ביזן ביידל פונם היטער. וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער קליינער הענגל-בריק אין אַוואַנסע און פון דאַנען זיינען זיי אַראָפּגעשפּרונ-גען אויפן ערשטן הויף פון דער אמתער באַסטיליע — דעם גובער-נאַטאָרס הויף, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דעם גובערנאַטאָרס הויז. דער דאָזיקער הויף איז געווען ניט באַזעצט, מחמת נאָך טיריאָס אַוועקגיין האָבן די אינוואַלידן זיך צוריקגערוקט מיט דעלאָנען צו דער אמתער פעסטונג. אַכט אָדער צען מענטשן, וואָס זיינען אַראָפּ אויף דעם הויף, האָבן מיט קלעפּ פון העק פריער אַראָפּגעלאָזט די קליינע הענגל-בריק, צעשמעטערט דעם טויער, דערנאָך די גרויסע בריק, דערנאָך האָבן זיך איבער דריי הונדערט מאַן אַריינגעריסן אין דעם גובערנאַטאָרס הויף און זיינען געלאָפן צו די צוויי אַנדערע הענגל-בריקן, וואָס האָבן דורך אַ ברייטן ריוו געפירט ביז דער פעסטונג. די דאָזיקע ביידע בריקן זיינען, פאַר-שטייט זיך, געווען אויפגעהויבן.

דאָ איז פאָרגעקומען אַ פאַל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין שרעקלעכן באַסט די פּאַריזער באַפעלקערונג און האָט גורם געווען דעלאָנעס טויט. בעת דער המון האָט זיך אַריינגעריסן אויפן גובער-נאַטאָרס הויף, האָבן די פאַרטיידיקער פון באַסטיליע אָנגעהויבן שיסן פון אויבן, און אַ טייל פון זיי האָבן אפילו פּרובירט צוריק אויפצוהויבן די הענגל-בריק אין אַוואַנסע כדי צו שטערן דעם המון צו פאַרלאָזן דעם גובערנאַטאָרס הויף און אַזוי אַרום צו נעמען אים אין געפאַנגענשאַפט אָדער אויסשעכטן *. דעמאָלט גראָד, ווען טיריאָ און קאָרני האָבן אויפן פּלאַץ דעלאַ-גרעוו געמאָלדן, אַז דער גובערנאַטאָר האָט צוגעזאָגט ניט צו שיסן, האָבן די זעל-נער, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די וואַלן, געשניטן דעם גובער-נאַטאָרישן הויף מיט מושקעט-פייער, און די באַסטיליע-האַרמאַטן

---

* דער פּאַריזער פּרווו איז, ווי מען האַלט איצט, געמאַכט געוואָרן ניט לויט דעלאָנעס באַפעל, נאָר לויט איינעמס ווילן דורך עטלעכע אינוואַלידן, וואָס זיינען אַרויס איינקויפן לעבנסמיטל און האָבן זיך אומגעקערט אין פעסטונג. עס דאַכט זיך מיר אומוואַרשיינלעך, אַז די דריי-פיר זעלנער, וואָס פאַרלירן זיך פּשוט צווישן המון, זאָלן עפּעס ענלעכס קענען טאָן. און אַחוץ דעם, — צו וואָס וואָלט מען דעם המון אָפּגעשניטן, אויב ניט צו מאַכן פון זיי ערבות-לייט קעגן דעם פאָלק?

האָבן געשפּיגן מיט אַ האָגל קוילן אויף די שכנותדיקע גאַסן. נאָך די אַלע אונטערהאַנדלונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אינדערפרי, האָט מען דאָס פייער, וואָס איז געשיקט געוואָרן אויפן פאָלק, אויסגעטייטשט, פאַרשטייט זיך, אַלס בגידה-אַקט מצד דעלאָנען, וועלכן דאָס פאָלק האָט באַשולדיקט, אַז ער האָט אַליין געהייסן אַראָפּלאָזן די ערשטע צוויי. הענגל-בריקן אין אַוואַנסע, כדי צו פאַרנאַרן דאָס פאָלק אונטערן פייער פון די וואַלן *.

ס'איז געווען דעמאָלט אַרום איינס. די ידיעה, אַז פון די באַסטיליע-הארמאַטן האָט מען געשאָסן צום המון, איז זיך צעגאַנגען איבער גאַנץ פּאַריז און האָט אַרויסגערופן אַ צווייַקן רעזולטאַט. דער פּערמאַנענטער קאָמיטעט פון דער פּאַריזער מיליץ האָט וואָס גיכער אַרויסגעשיקט צום קאָמענדאַנט אַ נייע דעפּוטאַציע מיט דער אָנפראַגע, צי ער איז נוטה אָנצונעמען אין די מויערן פון דער פעסטונג אַ מיליץ-אָפּטיילונג, וואָס זאָל אין פאַרשטענדיקונג מיטן מיליטער היטן באַסטיליע. די דעפּוטאַציע איז אָבער צום קאָמענ-דאַנט ניט צוגעקומען, מחמת די גאַנצע צייט האָט געדויערט אַן אומאויפהערלעכע שיסעריי צווישן די אינוואַלידן און די אָנגריי-פער, וועלכע האָבן, באַהאַלטן הינטער די מויערן, געשאָסן דער עיקר צו די זעלנער, וואָס באַדינען די האַרמאַטן. דאָס פאָלק האָט איבעריקנס פאַרשטאַנען, אַז די דעפּוטאַציעס שטערן בלויז אינם אָנגריף: „זיי ווילן שוין ניט קיין שום דעפּוטאַציע; זיי באַלאַגערן באַסטיליע; זיי ווילן חרוב מאַכן די שרעקלעכע תּפיסה און

* אויף פאַרשיידענע אופנים האָט מען אויסגעטייטשט די דאָזיקע פיינט-לעכע שריט. היות דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אויפן לאָרם-הויף און אויפן גובערנאַטאָרס הויף, האָט זיך גענומען ראַבירן דעם קאָמענדאַנטס הויז מיט די בנינים פון די אינוואַלידן, האָבן די פאַרטיידיקער פון באַסטיליע באַשלאָסן צו שיסן. דאָך פונם מיליטערישן שטאַנדפּונקט זיינען דער אָנגריף אויף אַוואַנסע און דאָס נעמען עס, וואָס האָט געגעבן דעם פאָלק אַ צוטריט צו די הענגל-בריקן פון דער פעסטונג און די טויערן גופא — געווען אַ גענוגנדיקע סיבה. ס'איז אָבער אויך מעגלעך, אַז אין דער רגע האָט מען דערלאָנגען דעם באַפעל, ער זאָל פאַרטיידיקן באַסטיליע ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. ס'איז באַוואוסט, אַז איין באַפעל אַזעלכן האָט מען איבערגעכאַפּט, וואָס עס איז אָבער קיין ראיה ניט, אַז קיין אַנדערער איז צו אים ניט דערגאַנגען. מען רעכנט אַפילו, אַז אין דער אמתן האָט דעלאָנע באַקומען אַזאַ באַפעל.

פאָדערן דעם גובערנאַטאָרס טויט" — מעלדן נאָך זייער אומקער די דעלעגאַטן.

דאָס האָט ניט געשטערט דעם קאָמיטעט אויפן ראָטהויז צו שיקן אַ דריטע דעפּוטאַציע. מען האָט נאָכאַמאָל באַפוילן עטי דע קאָרני, דעם קיניגלעכן און שטאָטישן פּראָקוראָר און עטלעכע אַנדערע בירגער, צו קילן די פאָלקס-היץ, איינצוהאַלטן דעם אַנגריף און זיך דורכצוריידן מיט דעלאָנען וועגן אָננעמען אין די מויערן פון דער פעסטונג די קאָמיטעט-מיליץ. די כוונה צו שטערן דעם פאָלק צו באַהערשן באַסטיליע איז געווען אַ קלאָרע *.

תּיכּף ווי די ידיעה וועגן דער שיסעריי האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, איז דאָס פאָלק צוגעטראָטן צו מעשים אָן שום באַפעלן, בלויז דורך זיין רעוואָלוציאָנערן אינסטינקט. די האַרמאַטן, וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן ביי די אינוואַלידן, האָט עס אַוועקגעפירט אין ראָטהויז, און בעת קאָרנים דעפּוטאַציע האָט זיך אַרום האַלב דריי אַ זייגער אומגעקערט, כּדי אָפּצוגעבן אַ באַריכט וועגן איר דורכפאַל, האָט זי באַגעגנט בלויז דרייהונדערט פראַנצויזישע גוואַרדייער און אַ געוויסע צאָל באַוואָפנטע בירגער, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט אַן אַלטער זעלנער מיטן נאָמען הילען. זיי זיינען געגאַנגען אויף באַסטיליע, פירנדיק הינטער זיך פינף האַרמאַטן. די שיסעריי האָט שוין געדויערט העכער דריי שעה.

---

* „זיי האָבן געהאַט אַ באַפעל צו רופן אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען ניט ווייט פון באַסטיליע, זיך צוריקצורוקן אין זייערע דיסטריקטן, כּדי מען זאָל זיי דאָרט תּיכּף אָננעמען אין דער פּאַריזער מיליץ; צו דערמאָנען הער דעלאָנען דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן די הערן טיריאָ-דע-לאַ-ראָזיער און בעלאָן"... (פלאַמערמאָן). נאָכדעם, ווי די דעפּוטאַציע איז געקומען אויפן אַוואַנסע-הויף, וואָס איז געווען פול מיט באַוואָפנטע מענטשן מיט העק א. אַז. וו., האָט זי זיך געווענדט צו די אינוואַלידן. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, געפאָדערט, אַז דאָס פאָלק זאָל קודם-כּל אַוועק פונם גובערנאַטאָרס הויף, דערנאָך האָט די דעפּוטאַציע געהייסן דעם פאָלק צוריקציען זיך. צום גליק האָט דאָס פאָלק ניט בעטראַכט אַפילו זיך צוצופאַסן צו אירע פאַרלאַנגען. עס האָט ווייטער אָנגעגריפן. עס איז געווען אַזוי איבערצייגט, אַז ס'איז שוין ניטאָ קיין צייט צו פירן אונטערהאַנדלונגען, אַז עס האָט געשלאָגן די הערן פון דער דעפּוטאַציע. עס איז געווען אַפילו אַ רייד זיי צו דערהרגענען אַלס בוגדים (בושראָן, ציטירט דורך פלאַמערמאָנען, ווי אויך דער „פּראָטאָקאָל פון די וויילער").

דאָס פֿאָלק האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן פֿאַר דער גרויסער צאָל דערהרגעטע און פֿאַרוואונדעטע *; עס האָט ווייטער באַלאַגערט, באַנוצנדיק זיך מיט בלעכלײַ טאַקטישע מיטלען; מען האָט, למשל, געבראַכט צוויי פֿורן שטרוי מיט מיסט, כּדי אונטער דער שוץ פֿונם רויך צו פֿאַרלייכטערן זיך דעם אָנגריף אויף די צוויי אַרייַנגאַנגס=טויערן (פֿון דער קליינער און גרויסער הענגל=בריק). די בנינים אויפֿן גובערנאַטאָרישן פּלאַץ האָבן שוין אָנגעהויבן ברענען.

די האַרמאַטן זיינען אָנגעקומען גראָד צו דער רעכטער צייט. מען האָט זיי אַרויפֿגעשלעפּט אויפֿן גובערנאַטאָרס הויף און אוועקגעשטעלט קעגנאיבער די וויכטיקסטע הענג=בריקן און טויערן, אויף אַ מהלך בסך=הכּל פֿון דריי הונדערט מעטער.

מען קען זיך לייכט פֿאָרשטעלן, ס'אַראַ איינדרוק די דאָזיקע האַרמאַטן — אין די הענט פֿונם פֿאָלק — האָבן געמוזט מאַכן אויף די באַלאַגערטע! ס'איז קיין ספק ניט געווען, אַז די הענגל=בריקן וועלן אײַנגיכן פֿאַלן און די טויערן וועלן ווערן אַרויסגעזעצט אין דער לופֿטן. דער המון, וואָס אַמאָל געפֿערלעכער, איז אין גרויסע מאַסן אָנגעקומען.

דעמאָלט איז געקומען די מינוט, ווען די פֿאַרטיידיקער האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז לענגער שטעלן אַ ווידערשטאַנד הייסט אַרונטערפֿאַלן אונטער אַ שחיטה. דעלאָנע האָט באַשלאָסן צו קאַפּיטולירן: זעענדיק, אַז זיי וועלן זיך בשום אופֿן קיין עצה ניט געבן מיט גאַנץ פּאַריז, וואָס באַלאַגערט זיי, האָבן די אינוואַלידן פֿון אַ געוויסער צייט אָן געראַטן זיך אונטערצוגעבן — און אַרום פֿיר אַ זייגער, אָדער צווישן פֿיר און פֿינף, האָט דער קאָמענדאַנט געהייסן אַרויסהענגען אַ ווייסע פֿאָן, און האָט געגעבן אַ צייכן אויפֿצוהערן שיסן און אַראָפּצוציִען פֿון די טורעמס.

דער גאַרניזאָן האָט זיך אונטערגעגעבן און געפֿאָדערט פֿאַר זיך אַ פֿרייען אַרויסגאַנג — מיט געווער אין די הענט. גאַנץ מעגלעך, אַז הילען און עלי, וואָס זיינען געשטאַנען קעגן דער גרויסער הענגל=בריק, האָבן פֿון זייער צד דערויף מסכּים געווען, דאָס פֿאָלק

* 83 געפֿאַלענע, 15 געשטאָרבענע פֿון וואונדן, 13 שווער פֿאַרוואונדעטע, 60 — לייכט.

האָט אָבער ניט געוואָלט הערן דערפון. דאָס געשריי: „אַראָפּלאָזן די בריקן!“ האָט זיך געלאָזט הערן וואָס אַמאָל פאַרביסענער. דעמאָלט האָט דער קאָמענדאַנט פינף אַ זייגער געהייסן וואַרפן דורכן שיס=חלל ביי דער קליינער הענגל=בריק אַ צעטעלע מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „מיר האָבן צוויי הונדערט צענטנער פולווער; מיר וועלן אַרויסזעצן אין דער לופטן דעם גאַנצן קוואַרטאַל צוזאַמען מיטן גאַרניזאָן, אויב איר וועט ניט אָננעמען אונזער קאַפּיטולאַציע“. ווען ער זאָל געווען בדעה האָבן אויסצופירן די דאָזיקע דראָונג, וואָלט דער גאַרניזאָן קיינמאָל דערויף ניט מסכים געווען, און אַ פאַקט איז דאָך, אַז דעלאָנע האָט אַליין געגעבן דעם שליסל, מען זאָל עפענען דעם טויער פון דער קליינער הענגל=בריק...

דאָס פאָלק איז תיכף אַריין אין דער פעסטונג, האָט אַנטוואָפנט די שווייצער מיט די אינוואַלידן, האָט גענומען דעלאָנען אין געפאַנגענשאַפט און אים אַוועקגעפירט אינם ראָטהויז. אויפן וועג האָט דער המון, אַן אויפגערייצטער פון זיין בגידה, אויף פאַרשיידענע אופנים אים געשענדט; ער וואָלט צוואַנציק מאָל געווען געטויט געוואָרן, ווען ניט די העלדישע באַמיִונגען פון שאָלאַ און עפּעס נאָך אַ מענטש *, וואָס האָבן אים געשיצט מיט זייערע אייגענע קערפּערס. עטלעכע הונדערט טריט פון דעם ראָטהויז האָט מען אים אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און אויפן אָרט געקעפּט. דע=הי, דער אָנפירער פון די שווייצער, איז אַרוים מיטן לעבן, ערקלערנדיק, אַז ער גיט זיך אונטער דער שטאָט און דעם פאָלק און טרינקט פאַר זייער געזונט. דריי אָפיצירן פונם באַסטיליע=שטאַב און דריי אינוואַלידן זיינען דערהרגעט געוואָרן. פלעסעל, דער אָנפירער פונם סוחרים=צעך, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט בעזאַנוואַלן און מיט דער פירשטין פּאָליניאַק, און — ווי עס איז צו זען פון זיינס אַ בריוו — האָט געהאַט אַ סך סודות צו פאַרבאָרגן, וואָס האָבן שטאַרק קאָמפּראָמעטירט די קיניגין, האָט שוין געזאָלט געמשפּט ווערן דורכן פאָלק, ווי עפּעס אַן אומבאַקאַנטער האָט אים מיט אַ שאָס פון אַ פּיסטויל דערהרגעט. —

* איז עס ניט געווען מאַיאַר? ס'איז באַוואוסט, אַז ער האָט עס געכאַפּט דעלאָנען.

האט דען דער אומבאקאנטער גערעכנט, אז בלויז פארשטארבענע רײדן ניט?

תיכף, ווי די בריקן פון דער באסטיליע זײנען געוואָרן אראפגעלאזט, איז דאס פאלק אריין אין די הויפן, האט אנגעהויבן דורכצונישטערן די פעסטונג און געוואלט באפרייען די ארעסטאנטן, וואס זײנען געווען באגראבן אין די אונטערערדישע הײלן. עס איז געווירט געוואָרן און געגאסן טרערן פון צער, בעת עס האט דער־זען די שאטנס, וואס גײען ארויס פון זײערע קברים, וועלכע זײנען פארבלענדט פון דער ליכטיקער שײן; וואס זײנען צעטומלט פון די קלאנגען פון אזוי פיל שטימען, וועלכע האבן צו זײ געשריען; עס האט מיט טריומף געפירט איבער די גאסן פון פאריז די דאזיקע מארטירער פונם קיניגלעכן דעספאטיזם. אינגיכן האט דער שגעון פון פרייד ארומגעכאפט די גאנצע שטאט פון דער ידיעה, אז באסטיליע געפינט זיך אין די הענט פונם פאלק; מען האט פארטאפלט די התמדה, כדי צו באווארענען דעם נצחון. — די פארשווערונג פונם הויף האט זיך ניט אײנגעגעבן.

אט אזוי האט זיך אנגעהויבן די רעוואלוציע. דאס פאלק האט געהאט זײן ערשטן נצחון. אזא נצחון האט עס באדארפט האבן. די רעוואלוציע האט געמוזט קעמפן און איז ארויס פון דעם קאמף מיט נצחון. דאס האט ארויסגעוויזן זײן קראפט, האט גע־וועקט דרך־ארץ בײ זײנע שונאים, האט אריינגעגעבן מוט גאנץ פראנקרײך און זיך געשפארט אומעטום צו מרידה, צו באקומען פרײהײט.

## דרייצנטער קאפיטל

# די רעזולטאטן פון 14טן יולי אין ווערסאל.

דער צושטאנד אין קיניגלעכן הויף. — דעם קיניגס באזוך אין פאריז. — דער אויפשטאנד אין פאריז פארשטארקט זיך. — דער אדל עמיגרירט.

בעת די רעוואלוציע איז אויסגעבראכן, האט יעדע געשעעניש אירע געהאט אין זיך ניט בלויז דעם וועג, וואס זי האט דורכגעמאכט: עס שטעקן שוין אין איר די עיקר-עלעמענטן פון די קומענדיקע געשעענישן; ווען די מענטשן פון יענער צייט וואלטן זיך קענען באפרייען פון מינוטלעכע איינדריקן און אויסטיילן אין דעם, וואס זיי האבן דורכגעלעבט, דעם עיקר פונם טפל, וואלטן זיי תיכף צומארגנס נאכן 14טן יולי געקענט שוין פאראויסזען דעם וועג, מיט וועלכן די רעוואלוציע האט באדארפט אין דער צוקונפט גיין.

נאך דעם 13טן אינאוונט האט דער הויף זיך ניט אפגעגעבן קיין חשבון פון דער וויכטיקייט פון דער באוועגונג אין פאריז.

דעם אוונט איז פארגעקומען א סעודה אין ווערסאל. מען האט געטאנצט אין דער אראנזשעריי, מען האט אויסגעבויגן די בעכערס לכבוד דעם נאענטן נצחון איבער דער אויפגעברויזטער הויפטשטאט, און די קיניגין, איר פריינדין פאליניאק און אנדערע שיינהייטן פונם הויף, די פירשטן און פירשטינס האבן זיך צע-געפוצט אן א שיר צו פרעמדע זעלנער אין די קאזארמעס, זועלנדיק וועקן אין זיי התלהבות צום קאמף *. אין דער מטורפער, ממש אומפארשטענדלעכער לייכטזיניקייט, אין דער וועלט פון אילוזיעס און קאנווענציאנעלע שקרים, וואס זיינען כאראקטע-ריסטיש פאר יעדן הויף, האט מען זיך אפילו ניט משער געווען,

---

* לויט מיראבאס רעדע, וואס ער האט געהאלטן אויף דער זיצונג פון דער פארזאמלונג, וועלכע האט זיך אנגעהויבן דעם 15טן, — אכט א זייגער אינ-דערפרי, וואלט אויסגעקומען, אז די סעודה איז געמאכט געווארן מיט א טאג פריער. זי איז אבער פארגעקומען דעם 13טן

אַז עס איז שוין צו שפּעט צו מאַכן אַן אַנגריף אויף פּאַריז: אַז מען האָט די געלעגנהייט דורכגעלאָזט. לודוויק דער XVIטער איז אינפאָרמירט געוועזן ניט בעסער, ווי די קיניגין און פירשטינס. בעת די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט אַ דערשראָקענע פון דער פאָלקס־מרידה זיך געאײַלט אהין דעם 15טן אינאַוונט און אין הכנעהדיקע ווערטער זיך געבעטן רחמים, אַז עס זאָל צוריק אײַנ־לאַדן די געוועזענע מיניסטאָרן און אָפּרופן דאָס מיליטער, האָט עס זיי שטאָלץ געענטפערט, אַ זיכערם אין דעם נצחון. עס האָט געגלייבט אין דעם פּלאַן, וואָס מען האָט אים גערעטן — אוועק־שטעלן די געטרייע פירער בראש פון דער בירגעם־מיליץ און מיט זייער הילף באַהערשן דאָס פאָלק; דערנאָך וואָלט עס זיך באַנוגנט מיט ארויסגעבן צווייידייטיקע פאַראָרדענונגען בנוגע דעם אָפּרופן דאָס חייל. דאָס איז געווען די קינסטלעכע וועלט, גיכער פון אילוזיע, ווי פון ווירקלעכקייט, אין וועלכער עס האָבן געלעבט דער קיניג מיטן הויף, — און אין וועלכן עס האָט, ניט געקוקט אויף די קורצע רגעס פון אויפוואַכונג, ווייטער געשטראָמט זייער לעבן, ביז עס איז געקומען די רגע, וואָס זיי זײַנען ארויף אויף די טרעפּלעך פונם עשאַפאָט.

ווי פּלאַסטיש עס לאָזן זיך שוין דעמאָלט באַמערקן די כאַ־ראַקטערן! דער קיניג — אַ היפּנאָטיזירטער פון זײַן אַבסאָלוטער מאַכט און צוליב דעם טאַקע אַ לָהוטער תמיד צו מאַכן אַ שריט, וואָס פירט צו אַ קאַטאַסטראָפע. און בעת זי קומט, שטעלט ער איר אַנטקעגן זײַן אָנמאַכט — בלויז די אָנמאַכט, — שפּעטער טרעט ער פּאָרמעל אָפּ, און דווקא דעמאָלט, ווען אַלע זײַנען זיכער, אַז ער וועט שטעלן אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד. אָדער די קיניגין: אַ מוטוויליקע, אַ פאַרדאָרבענע ביז די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון איר האַרץ, אַן אַבסאָלוטער הערשערינס האַרץ; זי שטויסט צו אַ קאַטאַסטראָפע, בשעת־מעשה שטעלט זי אַ העפטיקן ווידערשטאַנד די געשעענישן, דערנאָך טרעט זי פּלוצלונג מיט יאוש אָפּ און קערט זיך ווידער אום צו די קינדערישע פאַרווייַלונגען פונם הויפישן לעבן. און די פירשטן? זיי העצן אונטער דעם קיניג צו די געפערלעכסטע באַשלוסן, פאַרלאָזן אים תיכּף בײַ זײַן ערשטן

דורכפאַל, עמיגרירן, אַנטלויפן פון פראַנקרייך תיכּף נאָכן נעמען באַסטיליע און אינטריגירן אין דייטשלאַנד אָדער איטאַליע. מיט וואָס פאַר אַ בולטקייט די אַלע כאַראַקטערן טרעטן אַרויס אין משך פון עטלעכע טעג, פונם 8טן ביזן 15טן יולי.

און פון דער צווייטער זייט זעט מען דאָס פאָלק אין אַ דערהויבענעם אויפשוואונג, פול מיט התלהבות און איידלקייט. עס גייט געוויין אַף דאָס לעבן פאַרן נצחון פון פרייהייט, עס איז גרייט, מען זאָל עס פירן, עס זאָלן רעגירן די נייע הערן, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער מאַכט אינם ראַטהויז. משיג געווען אַזוי קלאָר די אונטערשיסעלעך פונם הויף, בעסער פון די גרעסטע חריפים אַריינגעדרונגען אין דער פאַרשווערונג, וואָס איז צייטיק געוואָרן ביז סוף יוני, ערלויבט עס זיך ווידער אַרומצופלעכטן מיט אַ נייער פאַרשווערונג, דער פאַרשווערונג פונם פאַרמעגלעכן קלאַס, וואָס ווילן אינגיכן אַוועקשיקן אין די אָרעמע אונטערשטעטישע געסלעך די הונגעריקע, מיט פּיקעס באַוואָפנטע מענטשן, וואָס מען האָט אַרויסגערופן אויף עטלעכע שעה, בעת עס איז געגאַנגען אין אַנטקעגנשטעלן דער קראַפט פון דער אַרמיי — דעם כּוח פון אַ פאָלקס־אויפשטאַנד.

אויב מיר ווילן לסוף נעמען אין אַכט דאָס פאַרהאַלטן זיך פונם בירגערטום, ווילן מיר שוין אין די ערשטע טעג זען די גרויסע געשעענישן פון דער רעוואָלוציע, וואָס לאָזן זיך אויסשיילן, דעם 14טן יולי, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ירידה פון דער קיניגלעכער מאַכט, וואָס לאָזט זיך בהדרגה באַמערקן, וועקט דאָס פאָלק אַן אימה ביי די פאַרשטייער פונם דריטן שטאַנד, וואָס זיינען צונויפגעקליבן אין ווערסאַל. ניט געקוקט אויף מיראַבאָס העפטיקע רייד, וואָס ער לאָזט הערן צוליב דער סעודה אין דער אָראַנזשעריי, איז געגנוג, אַז דער קיניג זאָל זיך באַווייזן אין דער פאַרזאַמלונג, ער זאָל אָנערקענען די מאַכט פון די דעפּוטאַטן און זיי צוזאָגן אומבאַרירלעכקייט, אַז זיי זאָלן אויסברעכן מיט אַ גדולה און אַריינפאַלן אין התפּעלות, אַרויסלויפנדיק אין די גאַסן, כּדי צו שאַפן אַן ערן־וואַך, און גאַנץ ווערסאַל זאָל לאָזן הערן די אויסגעשרייען: „זאָל לעבן דער קיניג!" און דאָס גראַד דעמאָלט,

ווען אין פּאַריז הרגעט מען אוים דאָס פאָלק אין נאָמען פון דעמ־
זעלבן קיניג, און אין ווערסאַל דראָט דער המון דער קיניגין און
פירשטין פּאָליניאַק און פרעגט זיך, צי דער קיניג מאַכט שוין ניט
ווידער איינס פון זיינע געוויינטלעכע שטיק.

אין פּאַריז האָט דאָס פאָלק זיך ניט געלאָזט איינגעמען מיט
דער הבטחה, אז דאָס מיליטער וועט אָפּגעצויגן ווערן. עס האָט
קיין רגע אין דעם ניט געגלייבט. עס האָט ליבערשט זיך אָרגאַ־
ניזירט אין א גרויסער מרידה־קאָמונע, און די דאָזיקע קאָמונע,
פונקט ווי א מיטלאַלטערלעכער שטאָט, האָט אָנגענומען די געהע־
ריקע פאַרטיידיקונגס־מיטלען קעגן דעם קיניג. אויף די גאַסן האָט
מען געבויט באַריקאַדעס מיט וואַלן און דורך דער שטאָט זיינען
דורכגעגאַנגען פּאַטרולן, וואָס זיינען גרייט געווען אויפן קלענסטן
פּיפּס צו שלאָגן אין גלאָק אויף אַלאַרם.

דעם קיניגס וויזיט אין פּאַריז האָט ניט געווירקט צו שטאַרק
באַרויִקנדיק אויפן פאָלק. בשעת לודוויק דער XVIטער האָט דעם
17טן דערזען, אַז ער איז באַזיגט און פאַרלאָזן, האָט ער באַ־
שלאָסן צו קומען קיין פּאַריז אינם ראָטהויז, כּדי צו געווינען פאַר
זיך די קרוינשטאָט, און דאָס בירגערטום האָט זיך באַמיט צו
מאַכן דערפון א מאַניפעסטאַציע־אַקט פון שלום־שליסן מיטן קיניג.
די בורזשואזע רעוואָלוציאָנערן, וואָס א גרויסער טייל זייערער האָט
געהערט צו די פריימויערער, האָבן באַגריסט דעם קיניג, וואָס
איז געקומען אין ראָטהויז מיט צונויפגעקרייצטע שווערדן, אַלס
סימן פון שטאַלערנער פעלזיקייט, און בעין, וואָס איז באַשטימט
געוואָרן אַלס בירגערמייסטער פון פּאַריז, האָט אים צוגעטשעפּעט
צום הוט א דרייפאַרביקע קאָקאַרדע. צווישן די בורזשואַ איז
אַפילו געווען א רעיון אויפצושטעלן לודוויק דעם XVIטן א סטאַ־
טוע אויפן פּלאַץ פון דער חרוב־געמאַכטער באַסטיליע; דאָך האָט
דאָס פאָלק נאָך געהאַלטן זיך אין רעזערוו און געקוקט אויף דעם
אַלעם מיט חשד, וואָס איז געבליבן ביי אים אַפילו נאָכן באַזוך
אינם ראָטהויז. אפשר דער קיניג פון דער בורזשואזיע, אָבער ניט
דער קיניג פונם פאָלק!

דער הויף פון זיין זייט האָט שוין אינגאנצן משיג געווען, אַז נאָכן אויפשטאַנד פונם 14טן יולי האָט קיין שלום צווישן קי־ניגרייך און דעם פאָלק ניט געקענט געמאָלט זיין. די פירשטין פּאָליניאַק האָט מען — ניט געקוקט אויף מאַריאַ־אַנטואַנעטאַס טרערן — געצוואונגען אַרויסצופאָרן אין דער שווייץ; צומאָרגנס האָבן אויך די פירשטן אָנגעהויבן עמיגרירן. יענע, וואָס זיינען געווען די נשמה פון דער ניט־געלינגענער פאַרשווערונג — די פירשטן און די מיני־סטאָרן — האָבן וואָס גיכער איצט פאַרלאָזן פראַנקרייך. גראף ד'אַרטואַ איז ביינאַכט אַנטלאָפן — ער האָט אַזוי מורא געהאַט פאַר זיין לעבן, אַז נאָכדעם, ווי ער איז איבערגעטאָנערהייט דורכגעגאַנגען בשלום די שטאָט, האָט ער אַ גאַנצן פּאָלק צוזאַמען מיט צוויי האַרמאַטן זיך געהייסן באַגלייטן. דער קיניג האָט צוגעזאָגט, אַז ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט וועט ער נאָכקומען נאָך זיינע געליבטע עמיגראַנטן, און דעמאָלט טאַקע איז עס נולד געוואָרן דער פּלאַן, אַז דער קיניג זאָל עוקר זיין קיין אויסלאַנד און זיך אומקערן קיין פראַנקרייך בראש פון אַ דייטשער אינוואַזיע.

און באמת טאַקע, דעם 16טן יולי איז אַלץ גרייט געווען צו זיין אָפּפאָר. דער קיניג האָט באַדאַרפט פאָרן קיין מעץ, זיך שטעלן בראש פון דער אַרמיי און זיך לאָזן אויף פּאַריז. מען האָט שוין געהאַט איינגעשפּאַנט די קאָטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַוועקפירן לודוויק דעם XVIטן צום מיליטער, וואָס איז קאָנצענ־טרירט געווען צווישן דער גרעניץ און ווערסאַל. און בראָזשי האָט ניט געוואָלט באַגלייטן דעם קיניג קיין מעץ, די פירשטן ווידער האָבן זיך צו שטאַרק געאיילט מיט זייער אַנטלויפן. צוליב דעם האָט לודוויק דער XVIטער, — ווי ער האָט שפּעטער אַליין דער־ציילט, — זענענדיק, אַז ער איז פאַרלאָזט פון די פירשטן און די איידללייט, זיך מייאש געווען פון דעם פּלאַן פון אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, וואָס די געשיכטע מיט קאַרל דעם Iטן האָט אים אָנגערעגט. ער איז אַוועק קיין פּאַריז און זיך אונטערגעגעבן.

עטלעכע ראַיאַליסטישע היסטאָריקער האָבן פּרובירט אַרויס־צוזאָגן ספקות בנוגע דער פאַרשווערונג, וואָס דער הויף האָט אָנגעגרייט קעגן דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אין פּאַריז, די דאָזיקע

דאָקומענטן, וואָס באַווייזן, אַז אַזאַ פאַרשווערונג איז געווען, זיינען אָבער פאַרהאַן אין אַ גרויסן סכום. מיניע, וואָס איז באַרימט געווען מיט זיינע מעסיקע אָנשויונגען, און וועלכער האָט געהאַט די מעלה, וואָס ער האָט געשריבן תיכף נאָך די געשעענישן, איז לחלוטין ניט געווען אין ספק דערינען, — די שפּעטערדיקע פאַרשונגען ווידער האָבן באַשטעטיקט זיין קוק. דעם דרייצנטן יולי האָט דער קיניג געזאָלט באַנייען זיין מעלדונג פונם 23טן יולי און די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט באַדאַרפט פונאַנדערגעלאָזט ווערן. פּערציק טויזנט עקזעמפּלאַרן פון דער דאָזיקער מעלדונג זיינען שוין געווען אָפּגעדרוקט און האָבן געזאָלט פאַרשפּרייט ווערן אין גאַנץ פראַנקרייך. דער קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי, וואָס איז קאָנצענטרירט געוואָרן צווישן ווערסאַל און פּאַריז, האָט באַקומען אומבאַגרעניצטע פולמאַכטן צו מאַכן אַ שחיטה צווישן דעם פאָלק פון פּאַריז און צום אַרויסטרעטן — אין פאַל פון אַ ווידערשטאַנד — מיט דער גאַנצער שטרענגקייט קעגן דער פאַרזאַמלונג.

מען האָט פאַבריצירט אויף די באַדערפעניש פונם הויף הונדערט מיליאָן פּאַפּיר-געלט און קיין וואָרט ניט געפרעגט די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. אַלץ איז גרייט געווען, בעת מען האָט דעם 12טן זיך דערוואוסט, אַז פּאַריז כאַפּט זיך אויף. דער הויף האָט עס באַטראַכט בלויז פאַר אומרוען, וואָס וועלן אים דינען צו זיינע פּלענער. שפּעטער אַ ביסל, ווען מען האָט זיך איבערצייגט, אַז די מרידה ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער, האָט זיך דער קיניג נאָך געגרייט צום אַרויספאָר און איבערגעגעבן זיינע מיניסטאָרן די זאַך וועגן צעטרייבן די פאַרזאַמלונג מיט דער הילף פון פרעמד מיליטער. די מיניסטאָרן האָבן אָבער געזען, אַז די כוואַליע וואַקסט, האָבן זיי ניט געוואַגט דעם פּלאַן דורכצופירן. דעריבער איז אַזאַ בהלה באַפאַלן דעם הויף, בעת ער האָט זיך דערוואוסט, אַז באַסטיליע איז גענומען און דעלאָנע איז געטויט געוואָרן; דעמאָלט האָט די משפחה פּאָליניאַק, די פירשטן און אַ סך אַנדערע איידללייט, וואָס זיינען געווען די נשמה פון דער פאַרשווערונג, אויס מורא פאַר אַ מסירה, וואָס גיכער פאַרלאָזן פראַנקרייך.

דאָס פאָלק איז אָבער געשטאַנען אויף דער וואַך. עס האָט

זיך משער געווען, וואָס די עמיגראַנטן פון דער צווייטער זייט גרענעץ ווילן, און די פויערים האָבן געשטיצט די אַנטלאָפענע. צווישן זיי האָבן זיך געפונען פולאַן און בערטיע.

מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דער נויט, וואָס האָט געהערשט אין פּאַריז און דער אומגעגנט, ווי אויך וועגן די תבואה־שפּעקו־לאַנטן, וואָס די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט זייערע פאַרברעכנס ניט געוואָלט אויספאָרשן. צווישן יענע, וואָס האָבן שפּעקולירט אויפן דלות פון די אָרעמעלייט, האָט מען דער עיקר אויסגערעכנט פולאַנען, וואָס האָט אַלס פינאַנסיסט, און שפּעטער אַלס אינטענ־דאַנט פון דער אַרמיי און פלאָט, געמאַכט אַ ריזיק פאַרמעגן. עס איז אויך באַקאַנט זיין שנאה צום פאָלק און צו דער רעוואָלוציע. בראָלי האָט אים געוואָלט האָבן אַלס מיניסטער, בעת ער האָט צוגעגרייט די פאַרשווערונג אויפן 16טן יולי, אָבער דער דאָזיקער ראַפינירטער שפּעקולאַנט האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּאָסטן, מחמת ער האָט געזען, אַז עס שמעקט מיט סכּנות נפשות. קיין גוטע עצות האָט ער דערפאַר קיינמאָל ניט געקאַרגט. ער האָט פאָרגעלייגט, אַז מיט איין קלאַפּ זאָל מען פּטור ווערן פון יענע, וואָס האָבן באַקומען השפּעות אינם רעוואָלוציאָנערן לאַגער.

ווען ער האָט זיך דערוואוסט נאָכן נעמען באַסטיליע, ווי מען האָט דעלאָנעס קאָפּ געטראָגן איבער די גאַסן, האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז עס איז אים מער ניט געבליבן, ווי נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון די פירשטן און עוקר צו זיין פונם לאַנד. היות אָבער דאָס איז שוין צוליב דער וואַכזאַמקייט פון די דיסטריקטן געווען ניט אַזוי לייכט, האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס אַ באַ־דינטער איז ביי אים געשטאָרבן, כּדי צו פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג וועגן זיין טויט און דער לוויה; דערווייל האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון פּאַריז און איז אַנטלאָפן קיין פאָנטענעבלאָ צו זיינעם אַ פריינד.

דאָרט האָבן אים די פויערים אַנטפּלעקט און געכאַפּט. זיי האָבן זיך אָן אים נוקם געווען פאַר זייערע לאַנגע יסורים און נויט. מיט אַ בינטל היי אויף די אַקסלען — אַ רמז אויפן היי, וואָס די פאַריזער איינוואוינער דאַרפן, לויט אים, עסן — האָט דאָס פאָלק אַראָפּגעבראַכט דעם געמיינעם שפּעקולאַנט קיין פּאַריז.

אינם ראָטהויז האָט לאַפּאיעט פּרובירט אים מציל זיין. אָבער דאָס פּאָלק, וואָס איז דערפּירט געוואָרן ביז דער העכסטער מדרגה פון אויפרעגוונג, האָט אים אויפגעהאַנגען אויף אַ לאַמטערן.

זיין איידעם בערטיע, דעם אינטענדאַנט פון בראָלים אַרמיי, וואָס האָט געוואוסט וועגן דער פאַרשווערונג, האָט מען געכאַפּט אין קאָמפּיען און אויך אַראָפּגעבראַכט קיין פּאַריז, וואו מען האָט אים געזאָלט אויפהענגען אויף אַ לאַמטערן; ער האָט פּרובירט קעמפן פאַר זיין לעבן און איז דערביי דערהרגעט געוואָרן.

אַנדערע מיטשולדיקע, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין צו דער גרענעץ, האָט מען געכאַפּט אויף צפון און צפון־מזרח פון פראַנקרייך און צוריקגעבראַכט קיין פּאַריז.

מען קען זיך פאָרשטעלן, סאַראַ אימה די דאָזיקע עקזע־קוציעס, וואָס דאָס פּאָלק האָט דורכגעפירט, האָבן געוואָרפן אויף די משפּחות אין הויף, ווי אויך די וואַכזאַמקייט פון די פּויערים. זייער חוצפּה איז געבראָכן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם ווידערשטאַנד קעגן דער רעוואָלוציע. זיי האָבן בלויז געטראַכט, ווי אַזוי זיך צו באַגראָבן, אַז מען זאָל אָן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן, די פּאַרטיי פון דער רעאַקציע האָט געכאַפּט אַ מפּלה, פון וועלכער זי איז שוין ניט בכּוח געווען מער זיך אויפצוהייבן.

## פערצנטער קאפיטל

# די פאלקס-אויפשטאנדן.

די נויטווענדיקייט פון פאלקס-מרידות. — דער אונטערשייד צווישן די אויפשטאנדן פון די ענגלישע און פראנצויזישע פויערים. — די וויכטיקייט פון דעם פויערים-אויפשטאנד.

דורכן צונישט מאכן די פארשווערונגען פונם הויף האט פאריז דערלאנגט א טויט-קלאפ אויף דעם אווטאריטעט פונם קיניג. פון דער אנדער זייט ווידער האט דאס באוויזן זיך פונם פאלק אויף די גאסן אין צעריסענע מלבושים, אלס רעוואלוציאנערע קראפט, צוגעגעבן דער גאנצער באוועגונג א נייעם כאראקטער, א נייע ריכטונג, א ריכטונג צו גלייכהייט. די רייכע, די מעכטיקע האבן זייער גוט תופס געווען אלץ, וואס עס איז פארגעקומען אין משך פון די עטלעכע טעג אין פאריז, און די עמיגראציע, תחילת פון די פירשטן, און שפעטער פון די קיניגלעכע פאוואריטן און וואכערער, האט נאך בולטער געמאכט דעם נצחון. דער הויף האט אנגעהויבן זוכן אין אויסלאנד שטיצע קעגן דעם רעוואלוציאנערן פראנקרייך.

ווען דער אויפשטאנד זאל געווען זיך באגרעניצן בלויז מיט דער הויפטשטאט, וואלט די רעוואלוציע קיינמאל ניט געווען דער-גאנגען אזוי ווייט, אז זי זאל אין משך פון א קורצער צייט דער-פירן צום אראפזעצן די אלטע זכיות. דער בונט אינם צענטער איז נייטיק געווען, כדי א קלאפ צו געבן דער צענטראל-מאכט, זי א וואקל טאן, דעמאראליזירן אירע פארטיידיקער. כדי אבער א תל צו מאכן פון דער קראפט פון דער רעגירונג אין די פראווינץ-ערטער, כדי צו דערלאנגען א קלאפ דער אלטער ארדענונג אין דער מלוכה מיט אירע מאכט-אטריבוטן און ווירטשאפטלעכע זכיות, האט מען באדארפט האבן א ברייט-פארצווייגטן פאלקס-אויפ-שטאנד אין די שטעט, שטעטלעך און אין דארף. און דאס טאקע איז געשען אין משך פון יולי אויף די גרויסע שטחים פון פראנקרייך.

אַלע היסטאָריקער האָבן זיך גענוי געהאַלטן, באַוואוסטזיניק צי ניט, ביי „די צוויי פרייהייטס-פריינד", דעריבער האָבן זיי פאַר-געשטעלט די באַוועגונג אין די שטעט און אין דאָרף אַלס פועל-יוצא פון דעם נעמען באַסטיליע: אויף דער ידיעה, אַז זי איז גענומען, האָבן זיך אַ רים אויף געטאָן די שטעט. מען האָט אָנגע-הויבן ברעגנען שלעסער, און דער דאָזיקער פּויערים-אויפשטאַנד האָט אַרויסגערופן אַזאַ שרעקלעכן פּחד, אַז דעם 4טן אויגוסט האָבן די איידעללייט מיט די גייסטלעכע זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע פעאָדאַלע רעכט.

דאָך איז אָבער דער דאָזיקער אַלגעמיינער בליק בלויז טייל-ווייז ריכטיק. וואָס שייך די שטעט, האָט זיך טאַקע אַ גרויסע צאָל מרידות אָנגעהויבן אונטער דער השפּעה פון פאַרכאַפּן באַסטיליע: אַ טייל, ווי למשל, דער אויפשטאַנד אין טרוא דעם 18טן יולי, אין שטראַסבורג דעם 19טן, אין שערבורג דעם 21טן, רואן דעם 24טן, מאָבעזש דעם 27טן, זיינען טאַקע געקומען תיכּף נאָכן פּאַריזער אויפשטאַנד, בעת אַנדערע זיינען אויסגעבראָכן נאָך זיי אין משך פון די נאָענטסטע דריי-פיר חדשים — ביז די פאָלקס-פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען דאָס מוניציפּאַל-געזעץ פונם 14טן דעצעמבער 1789, וואָס האָט לעגאַליזירט דאָס איינשטעלן די בורזשואַזע שטאָט-פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט גענאָסן פון גרויס אומאָפּהענגיקייט מצד דער צענטראַלער מאַכט.

וואָס שייך ווידער די פּויערים, איז קלאָר, אַז צוליב דער פאַמעלעכער קאָמוניקאַציע אין יענער צייט, זיינען די צוואַנציק טעג, פונם 14טן יולי אָן ביזן 4טן אויגוסט, לחלוטין ניט גענוג, כּדי אויפצוקלערן די השפּעה פון דעם נעמען באַסטיליע אויפן דאָרף און ווי אַזוי די פּויערים-מרידות האָבן געווירקט אויף די באַשלוסן פון דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג. באמת טאַקע, אַזוי באַ-נעמען די געשעעניש, הייסט בלויז דערנידעריקן די אומגעהייערע וויכטיקייט פון דער באַוועגונג אינם דאָרף.

דער פּויערים-אויפשטאַנד, וואָס האָט דעם ציל אָפּצושאַפן די פעאָדאַלע רעכט און צו באַקומען צוריק די געמיינדע-ערד, וואָס איז צוגענומען געוואָרן ביי די דאָרפישע געמיינדעס פונם

17טן יאָרהונדערט אָן דורך די וועלטלעכע פריצים און גייסטלעכע, *איז דער קערן און דער מהות פון דער גרויסער רעוואָלוציע*. דאָס איז געווען דער הויפּט־אָנלען פון דער בורזשואַזיע אין איר קאַמף וועגן פּאָליטישער רעכט. ווען ניט זי, וואָלט די רעוואָלוציע קיינמאָל ניט דערגאַנגען צו אַזאַ טיפקייט, וואָס זי האָט דערגרייכט אין פראַנקרייך. דער גרויסער אויפשטאַנד פונם דאָרף, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין יאַנואַר 1789 (און אַפילו נאָך אין 1788) און האָט *געדויערט פינף יאָר*, האָט מעגלעך געמאַכט דער רעוואָלוציע צו מאַכן די גראַנדיעזע צעשטערונגס־אַרבעט, וואָס מיר האָבן איר צו פאַרדאַנקען. אַדאַנק דעם איז זי בכוח געווען אַריינצוקלאַפּן אירע ערשטע גלייכהייט־סטויפּן, צו אַנטוויקלען אין פראַנקרייך דעם רעפּובליקאַנישן גייסט, וואָס קיינער איז פון דעמאָלט אָן שוין ניט בכוח געווען צו דערשטיקן, ווי אויך אָנצוזאָגן די גרויסע פרינציפּן פונם *אַגראַר־קאָמוניזם*, וואָס וועלן זיך אויסשיילן אין 1793. דער דאָזיקער אויפשטאַנד האָט לסוף אַן ענדגילטיקע השפּעה אויפן אייגנטלעכן כאַראַקטער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און טיילט זי דערמיט אויס טיף פון דער איבערקערעניש, וואָס איז אין 1648—57 פאָרגעקומען אין ענגלאַנד.

דאָרט האָט אויך דאָס בירגערטום אין משך פון די דאָזיקע צען יאָר אַראָפּגעזעצט דעם קיניגס אַבסאָלוטע מאַכט און די פּאָליטישע זכיות פון דער הויף־קאַמאַרילע. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער ענגלישער רעוואָלוציע איז אָבער דער קאַמף, אַז יעדער יחיד באַזונדער זאָל קענען זיך האַלטן פריי בײַ זיין אמונה, ער זאָל קענען זיך אויסטייטשן די ביבל ווי זיין הארץ געלוסט, זיך מעגן אַליין אויסקלייבן גייסטלעכע, — מיט איין וואָרט, די פרייהייט פונם יחיד זיך צו אַנטוויקלען אינטעלעקטועל און רעליגיעז; אחוץ דעם האָט זיך דאָרט נאָך געהאַנדלט אָן דעם רעכט פון יעדער געמיינער באַזונדער, און אַזוי אַרום פון דער גאַנצער שטאָט־באַפעלקערונג, אויף אַווטאָנאָמיע. די ענגלישע פּויערים זיינען אָבער ניט אויפגעשטאַנען אַזוי מיטאַמאָל, ווי אין פראַנקרייך, כדי אַראָפּצושליידערן פון זיך די פעאָדאַלע פליכטן מיטן מעשר, אָדער

כּדי צוריק צו באַקומען די געמיינדע-ערד; הגם קראָמוועלס באַנדעס האָבן אַ תּל געמאַכט פון אַ געוויסער צאָל שלעסער, וואָס זיינען געווען אַן אמתע פעסטונג פונם פעאָדאַליזם, האָבן זיי דאָך ניט אויסגעשטרעקט זייער האַנט, צום באַדויערן, אויף די פּריצישע תּביעהס אויף ערד, אָדער אַפילו אויף דעם פעאָדאַלן געריכטס-וועזן, וואָס די ערד-באַזיצער האָבן אָנגעווענדט בנוגע דער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען פון זיי אָפּהענגיק. פון דאַנען נעמט זיך, וואָס די ענגלישע רעוואָלוציע, הגם זי האָט פאַרן יחיד געשאַפן וויכטיקע רעכט, האָט אָבער ניט אַראָפּגעוואָרפן די פעאָדאַלע מאַכט פונם פּריץ; זי האָט זיי בלויז לינדער געמאַכט, איבערלאָזנדיק אים זיין רעכט אויף דער ערד — רעכט, וואָס עקסיסטירן נאָך עד-היום.

די ענגלישע רעוואָלוציע האָט טאַקע איינגעשטעלט די פּאָליטישע מאַכט פונם בירגערטום; אָבער די דאָזיקע מאַכט האָט זי דערגרייכט בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט זי געטיילט מיט דער ערד-אַריסטאָקראַטיע. הגם די רעוואָלוציע האָט געבראַכט דעם בירגערטום אין ענגלאַנד די תּקופה פון אויפבלי פאַר זיין מסחר און אינדוסטריע, דאָך איז דער דאָזיקער אויפבלי דערגרייכט געוואָרן בלויז בתּנאי, אַז די ערד-זכיות פון די איידללייט זאָלן בלייבן. דאָס בירגערטום האָט געהאָלפן אַפילו די איידללייט, אַז דער ווערט פון די דאָזיקע זכיות, לכל-הפּחות אין מאַטעריעלן זין, זאָל נאָך שטאַרקער ווערן. עס האָט געהאָלפן אויף אַ געזעצגעבערישן אופן די פּריצים צו פאַרכאַפּן די געמיינדע-ערד דורך גדרים (Enclosure Acts), וואָס האָט דערפירט די דאָרפישע באַפעלקערונג צו דלות, האָט זי געוואָרפן אויפן חסד און אומחסד פון דעם ערד-באַזיצער און געצוואונגען אַ גרויסן טייל צו עמיגרירן אין די שטעט, וואו די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטן האָבן פּיסטעמאַטיש עקספּלאָאַטירט די דאָזיקע פּראָלעטאַריער. דאָס ענגלישע בירגערטום האָט אחוץ דעם געהאָלפן די איידללייט צו שאַפן פון זייערע ריזיקע גיטער ניט בלויז אַ מקור פון פּאַבּאַפטע הכנסות, נאָר אויך אַ מיטל פון פּאָליטישער מאַכט און אַ מקור פון לאָקאַלן געריכטס-וועזן, אַדאַנק דעם, וואָס אונטער די

נייע פאָרמען איז צוריק געשאַפן געוואָרן דאָס אַמאָליקע פריצישע
געריכט. עס האָט לסוף געהאָלפן אויך די איידעללייט צו פאַרצענ=
פאַכן די הכנסה דורך אָנערקענען פאַר זיי (אויפן סמך פון אַ פאַר=
באָט=געזעצגעבונג וועגן פאַרקויפן ערד) דעם ערד=מאָנאָפּאָל, וואָס
האָט זיך געלאָזט וואָס אַמאָל מער פילן אַדאַנק דעם כסרדיקן
וואוקס פונם מסחר און אינדוסטריע.

היינט איז באַוואוסט, אַז דאָס פראַנצויזישע בירגערטום,
דער עיקר דאָס גרויסע אינדוסטריעלע און האַנדלס=בירגערטום,
האָט געוואָלט אין רעוואָלוציע נאָכמאַכן דעם ענגלישן בירגערטום.
עס וואָלט אויך גערן געמאַכט פשרות מיטן קיניג און מיט די איידל=
לייט, אַבי צו דערגרייכן די מאַכט. די דאָזיקע האָפענונג איז אָבער
צערונען געוואָרן, מחמת דער יסוד פון דער פראַנצויזישער רע=
וואָלוציע איז, צום גליק, געווען אַסך אַ ברייטערער, ווי אין
ענגלאַנד. אין פראַנקרייך איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געווען
נים בלויז אַן אויפשטאַנד צו באַקומען רעליגיעזע פרייהייט פאַרן
יחיד, אָדער פרייהייט פון מסחר און אינדוסטריע, אָדער בלויז,
כדי נאָכן באַקומען אַ שטאָט=פאַרוואַלטונג, זי איבערצוגעבן אין די
הענט פון עטלעכע גבירים. דאָס איז קודם=כל געווען אַ פּ ו י ע ר י ם=
א ו י פ ש ט א נ ד: אַ פאָלקס=באַוועגונג צו באַקומען ערד און צו
באַפרייען זי פון די פעאָדאַלע פליכטן, וואָס ליגן אויף איר; און
הגם עס איז געווען דערינען אַ ריזיקער אינדיווידואַליסטישער
עלעמענט — דער חשק צו באַזיצן אינדיווידועל ערד — האָט
געשטעקט דערינען אויך אַ ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ע ר עלעמענט: ד אָ ס
ר ע כ ט פ ו נ ם ג אַ נ צ ן פ אָ ל ק א ו י ף ע ר ד; די אָרעמע קלאַסן
וועלן עס פאָדערן בקול רם אין יאָר 1793.

דעריבער וואָלט מען מאָדנע קלענער געמאַכט די באַדייטונג
פונם פויערים=אויפשטאַנד אין 1789, ווען מען זאָל וועלן אים
פאָרשטעלן אַלס אַן עפּיזאָד, וואָס האָט ניט לאַנג געדויערט און
איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכן ענטוזיאַזם פונם נעמען באַסטיליע.

---

# פופצנטער קאַפּיטל

## די שטעט.

די פּעאָדאַלע רעכט. — די נויטווענדיקייט פון מוניציפּאַלע רעפאָרמען. — די פּאַריזער קאָמונע. — אַנדערע שטעט טוען נאָך דעם פּאַריזער ביישפּיל. — דאָס בירגערטום באַפרייט פון פּעאָדאַליזם. — אומרוען אין טרוא, אַמיען און אַנדערע שטעט.

אינם אַכצנטן יאָרהונדערט זיינען די אַנשטאַלטן פון דער שטאָטישער זעלבסט=פאַרוואַלטונג געווען פאַרזונקען אין פולקומער ירידה צוליב די אַלע רדיפות און באַגרעניצונגען, וואָס האָבן אויף זיי געווירקט אין משך פון צוויי הונדערט יאָר מצד דער פאָלקס=קיניגלעכער מאַכט. זינט עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די פאַרזאַמלונג פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, וואָס האָט פריער געהאַט השגחה איבער דער יוסטיץ און אַדמיניסטראַציע, האָט זיך אין די ענינים פון די גרויסע שטעט אָנגעהויבן פילן וואָס אַמאָל אַ גרעסערע ירידה. די אַמטן פון די „שטאָט=ראַטמענער", וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרן אינם אַכצנטן יאָרהונדערט, האָבן געמוזט געקויפט ווערן דורך דער געמיינדע, און אָפטמאָל איז דער געקויפטער אַמט געווען אַ לעבנסלענגלעכער *. די פאַרזאַמלונגען פון די ראַטמענער זיינען פאָרגעקומען וואָס אַמאָל, אַלץ זעלטענער — אין אַ טייל שטעט איינמאָל אין אַ האַלב יאָר — און דערצו האָט מען נאָך אין זיי קיין רעגולערן אָנטייל ניט גענומען. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פונם שטאָט=שרייבער, וואָס האָט ביי יעדער געלעגנהייט זיך געהייסן אָרנטלעך באַצאָלן. די פּראָקוראָרן און אַדוואָקאַטן, דער עיקר אָבער דער פּראָווינץ=אינטענדאַנט, האָבן זיך כסדר אריינגעמישט, כדי צו דערשטיקן יעדן סימן פון שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

ביי די דאָזיקע באַדינגונגען זיינען די שטאָטישע ענינים אריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ פינף=זעקס משפחות, פאַר וועלכע אַלע שטאָט=הכנסות זיינען געווען אַ מקור פון פּערזענלעכע נוצן.

Babeau, La ville sous l'ancien régime *

די פּאַטרימאָניאַלע הכנסות, וואָס זיינען פאַרבליבן אין עטלעכע שטעט, די הכנסות פונם צאָל-שטייער, דער שמאָטישער מסחר, די שטייערן — דאָס אַלץ האָט געדינט בלויז זיי רייך צו מאַכן. אחוצדעם, האָבן געוויינטלעך בלויז די מערן און סינדיקעס זיך פאַרנומען מיט האַנדל פון תבואה און פלייש, דעריבער זיינען זיי שנעל געוואָרן וואַכערערס. די אַרבעטער-באַפעלקערונג האָט תמיד געפילט צו זיי אַ שנאה. די הכנעה פון די סינדיקעס, ראַטמענער און בייזיצערס לגבי דעם „העראינטענדאַנט" איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געוווּגן געטאָן יעדן קאַפּריז זיינעם. די שטאָט-אָפּצאָלונגען אויף אַ דירה פאַרן אינטענדאַנט, אָדער אויף צו פאַרגרעסערן זיין שכירות, מתנות פאַר אים, טויף-געשאַנקען פאַר זיינע קינדער זיינען כסדר געוואַקסן — שוין אָפּגערעדט פון די מתנות, וואָס מען האָט יאָר-יערלעך געמוזט שיקן געוויסע איינפלוסרייכע פערזאָנען אין פאַריז.

אין די שטעט, ווי אין דאָרף, איז דאָס פעאָדאַלע רעכט פאַרבליבן אין דער פולער מאָס. זיי זיינען צוגעשמידט געווען צום אייגנטום. דער בישאָף איז פאַרבליבן פעאָדאַלער פריץ און די וועלטלעכע פריצים אָדער די גייסטלעכע, — ווי, למשל, די פּופּציק קאַטעדראַלע קאַנאָניקער אין ברִיוּד — האָבן געהאַט ניט בלויז ערן-רעכט, אָדער דאָס רעכט צו נעמען אָנטייל אינם באַשטימען בייזיצערס, נאָר אין אַ טייל שטעט אויך דאָס געריכטס-וועזן. אין אַנזשע זיינען געווען זעכצן פריצישע געריכטן, דיזשאָן האָט געהאַט, אחוץ שטאָט-געריכטן, זעקס קירכלעכע געריכטן: „דאָס בישאָפטום, די קאַפּיטולע, די מאָנאַכן פון הייליקן בענעדיקט, סען-שאַפּעל שאַרטרעז און דעם ריטערטום פון דער הייליקער מאַגדאַלענע". דאָס אַלץ האָט זיך געשטאָפּט צווישן דעם האַלב-הונגעריקן פאָלק. אין טרוי זיינען געווען אַזעלכע ניין מינים געריכטן, און דערצו נאָך „צוויי קיניגלעכע מעריעס". די פּאָליציי איז אויך ניט תמיד געווען אונטערגעוואָרפן דער שטאָט; טיילמאָל האָט זי געהערט צו יענע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן געריכט. מיט איין וואָרט, עס איז נאָך כסדר געווען אַ פעאָדאַלע אָרדענונג *.

* זע באַבאָ: „La ville"

דער עיקר האָט ארויסגערופן פאַרדראָס ביי דער שטאָ־טישער באַפעלקערונג דאָס, וואָס כּלערליי פּעאָדאַלע שטייערן, קאָפּ־שטייער, די צוואַנציקסטע פּרוטה, אָפּטמאָל „טאַי" און „פרייוויליקע נדבות" (וואָס זיינען ארויפגעלייגט געוואָרן אין 1758 און אָפּגע־שאפט ערשט אין 1789), ווי אויך די אָפּצאָלונגען, וואָס זיינען אויפ־געמאָנט געוואָרן דורכן האר פון דער ערד פון דער אונטערגעוואָר־פענער באַפעלקערונג, אין פאַל פון שליסן אַן אַקט פון מקח־וממכּר, זיינען געלעגן אַלס לאַסט אויף די הייזער פון די בּור־זשואַס, און דער עיקר פון די בעלי־מלאכות. הגם זיי זיינען אפשר ניט געווען אזוי הויך, ווי אין דאָרף, האָבן זיי זיך דאָך, צוזאַמען מיט אנדערע שטייערן און שטאָט = אָפּצאָלונגען, זיך געלאָזט שטאַרק פילן.

די שטייערן זיינען געוואָרן נאָכמער איבערדריסיק צוליב דעם, וואָס הונדערטער פּריווילעגירטע האָבן, בעת די שטאָט איז צוגע־טראָטן צו צעליינן די שטייערן, געהאַט טענות ומענות, אַז מען זאָל זיי דערפון באַפרייען. די גייסטלעכע, די איידללייט, די אָפיצירן זיינען געווען פריי פון זיי שוין אויפן סמך פון געזעץ; דאָס זעלבע אויך די „קיניגלעכע גרויסע לייט" — די ערן־ריטערס און אַנדערע, וואָס האָבן זיך געקויפט די דאָזיקע אַמטן אָן פליכטן, כּדי זייער גאווה זאָל ווערן באַפרידיקט און כּדי באַפרייט צו ווערן פון שטייערן. ווער עס האָט אויף זיין טיר געהאַט אַ טיטל, האָט געקענט דער שטאָט גאָרניט צאָלן. מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלן די שנאה, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט צו די אַלע פּריווילעגירטע.

מען האָט די גאַנצע סיסטעם פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג באַדאַרפט ענדערן. ווער ווייס אָבער, ווי לאַנג זי וואָלט נאָך אזוי דויערן, ווען מען זאָל די זאָרג פאַר רעפאָרמעס געווען לאָזן פאַר דער קאָנסטיטואַנטע. דאָך האָט דאָס פאָלק אַליין גענומען אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע, בפרט נאָך, אַז אין משך פון 1789 האָט זיך צו די אַלע סיבּות, וואָס זיינען דורך אונז אויסגערעכנט געוואָרן, אָנגעשלאָסן נאָך אַ נייע. דאָס איז געווען דער יקרות, די אומגעהייערע מקחים אויף ברויט און דער מאַנגל אין ברויט, אויף וועלכן עס האָט געליטן די אָרעמע באַפעלקערונג פון דער

גרעסטער צאָל שטעט. אפילו דאָרט, וואו די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געטאָן וואָס זי האָט געקענט, אַז די פּרייזן זאָלן פאַלן דורך איינקויפן תבואה אָדער איינשטעלן די מקחים, האָט כסדר אויס־געפעלט ברויט; דער הונגעריקער עולם פלעגט שטיין אין לאַנגע רייען פאַר די בעקערייען.

אָבער אין אַ סך שטעט איז דער מער מיט די בייזיצערס געגאַנגען לויטן ביישפּיל פונם הויף און די פירשטן און אַליין שפּעקולירט אויפן יקרות. צוליב דעם האָט די שטאָטישע באַפעל־קערונג, תיכף נאָכדעם, ווי עס איז זיך צעגאַנגען איבער דער פּראָווינץ די ידיעה וועגן נעמען באַסטיליע און אומברענגען פולאָנען מיט בערטיען, אָנגעהויבן ברויזן כמעט אין אַלע ערטער. קודם־כל האָט זי געפאָדערט, אַז די פּרייזן אויף ברויט און פלייש זאָלן איינגעשטעלט ווערן. זי האָט אַ תל געמאַכט פון די הייזער פון די רייכע וואָכערערס, וואָס די באַלעבאַטים זייערע זיינען אָפטמאָל געווען מאַגיסטראַט־באַאַמטע; זי האָט באַהערשט דאָס ראָטהויז און באַשטימט דורך אַ פאָלקס־אָפּשטימונג אַ נייע שטאָט־פאַר־וואַלטונג און דערביי ניט לחלוטין געדאַגהט וועגן די תקנות פונם געזעץ, ניט — וועגן די רעכט פון דער אַמאָליקער מוניציפּאַלער מאַכט, וואָס זיינען געזעצליך גאַראַנטירט געוואָרן, לסוף ניט וועגן „די אמטן", וואָס זיינען געקויפט געוואָרן דורך די „ראַטמענער". עס איז אַלזאָ פאָרגעקומען דאָ אַ באַוועגונג, וואָס האָט אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג, מחמת די שטאָט האָט אַרויסגעוויזן ניט בלויז איר זעלבשטענדיקייט, נאָר אויך דעם רצון צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם אַלגעמיינעם רעגירן. דאָס איז אַלזאָ געווען, ווי עס האָט זייער טרעפליך באַמערקט אָלאַר *, אַ קאָמו־נאַליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט אַן אומגעהייערע באַדייטונג; אין דער דאָזיקער באַוועגונג האָט די פּראָווינץ נאָכגעטאָן פּאַריז, וואָס האָט, ווי מיר האָבן געזען, דעם 13טן יולי, איינגעשטעלט זיין קאָמונע. ס'איז קיין ספק ניט, אַז די דאָזיקע באַוועגונג איז לגמרי ניט געווען קיין אַלגעמיינע. מיט אַ גרעסערן כוח האָט זי זיך בלויז אין אַ געוויסער צאָל גרעסערע און קלענערע שטעט —

* „Histoire politique de la Révolution française".

דער עיקר אין דעם מזרחדיקן טייל פראנקרייך געלאָזט באַמערקן. אומעטום אָבער האָט די שטאָט־מאַכט פון דער אַלטער אָרדענונג זיך געמוזט בייגן פארן ווילן פונם פאָלק, אָדער לכל־הפּחות פאַר דעם ווילן פון די שטאָטישע וואַל־פאַרזאַמלונגען. אזוי ארום איז פאָרגעקומען — פריער פאַקטיש — אין יולי און אווגוסט די געמיינדע־רעוואָלוציע, וועלכע די קאָנסטיטואַנטע האָט שפּעטער באַשטעטיקט דורך מוניציפּאַלע געזעצן פון 14טן דעצעמבער 1789 און 21 יוני 1790. די דאָזיקע באַוועגונג האָט, פאַרשטייט זיך, צוגעגעבן דער רעוואָלוציע אַ ריזיקן עלעמענט לעבן און קראַפט. די גאַנצע קראַפט פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אין די יאָרן 1792 און 1793 קאָנצענטרירט, — ווי מיר וועלן דאָס שפּעטער זען — אין די דאָזיקע זעלבע טפּארוואַלטערישע קאָרפּאָראַציעס פון די שטעט און דערפער, פאַר וועלכע די רעוואָלוציאָנערע קאָמונע פון פאַריז איז געווען אַ מוסטער.

דער לאָזונג צו דעם דאָזיקן נייעם האָט געשטאַמט פון פאַריז. ניט געוואַרט אויפן מוניציפּאַלן געזעץ, וואָס די פאַרזאַמלונג וואָלט ערשט שפּעטער אַמאָל אפשר אָנגענומען, האָט פאַריז פאַר זיך אַליין געשאַפן אַ קאָמונע. עס האָט באַשטימט זיין שטאָט־ראַט, זיין בירגערמייסטער, באַיִי און דעם קאָמענדאַנט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, לאַפאַיעטן. נאָכמער, עס האָט אָרגאַניזירט זעכציק זיינע דיסטריקטן — „זעכציק רעפּובליקעס, לויט מאַנטזשואַס גליקלעכן אויסדרוק: וואָרעם די דאָזיקע דיסטריקטן, וועלכע האָבן איבערגעגעבן די מאַכט דער פאַרזאַמלונג פון די קאָמונע־פאָרשטייער און דעם מער, האָבן זי גלייכצייטיק געלאָזט פאַר זיך. „קראַפט איז אומעטום", זאָגט באַיִי, עס איז אָבער ניטאָ קיין שום צענטראַלע מאַכט. „יעדער דיסטריקט איז אַן אומאָפּהענגיק וועזן פאַר זיך", באַקלאָגן זיך די אָנהענגער פון איין שאַבלאָן, ניט פאַרשטייענדיק, אַז דווקא אויף אַזאַ אופן ווערן געמאַכט רעוואָלוציעס.

ווען־זשע, למשל, האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אָנגעווענדעט אַלץ, זי זאָל ניט ווערן אויפגעלייזט, וואָס האָט געהאַט אזוי פיל ענינים צו ערליידיקן, — ווען האָט עס געקענט אָנהייבן אַ דיסקוסיע איבערן געזעץ וועגן דעם אָרגאַניזירן די געריכטס־

פּראָצעדור? קוים נאָך צען חדשים איז עס בכּוח געווען צוצוטרעטן צום דאָזיקן ענין. אָבער דער דיסטריקט פון „די קליינע אווגו־סטינער" באַשליסט שוין דעם 18טן יולי, — „אינגאַנצן פאַר זיך" — ווי עס זאָגט באַי אין זיינע זכרונות — „איינצושטעלן פרידנסריכטער" און טרעט תיכּף־ומיד צו זיי אויסצוקלייבן. אַנ־דערע דיסטריקטן און אַנדערע שטעט (דער עיקר שטראַסבורג) טוען דאָסזעלבע, און בעת עס וועט קומען די נאַכט פונם פערטן אווגוסט, ווען די פּריצים וועלן געצוואונגען זיין זיך אָפּצוזאָגן פון זייער טעריטאָריאַל געריכטס־וועזן, וועט עס שוין אין אַ סך שטעט זיין אַ געשעענער פאַקט, נייע ריכטערס באַשטימט שוין דאָס פאָלק, און דעם דאָזיקן פאַקט דאַרף די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג בלויז איינפּאַסן אין דער קאָנסטיטוציע פון 1791.

טען און אַלע אַנדערע אָנהענגער פון דער אַדמיניסטראַ־טיווער אָרדענונג פון די פאַרשלאָפענע מיניסטעריומס, זיינען פאַרשטייט זיך, זייער ניט צופרידן פון די דאָזיקע דיסטריקטן, וואָס לויפן פאָראויס מיט זייערע באַשלוסן פאַר דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, געבנדיק איר דורך די החלטות זייערע צו דערקענען דעם ווילן פונם פאָלק. אָבער אַזוי אַנטוויקלען זיך אַנשטאַלטן, בעת זיי זיינען ניט קיין פּראָדוקט פון ביוראָקראַטיע. אַזוי זיינען אַנטשטאַנען אַלע גרויסע שטעט און עד־היום אַנטשטייען זיי נאָך אויף אַזאַ אופן. אַ קופּקעלע הייזער און אַ ביסל ווייטער עטלעכע כאַטעס: דאָס וועט זיין דער צענטער פון דער קומענדיקער שטאָט; אַ שטעגל, וואָס ווערט וואָס אַמאָל בולטער — דאָס איז איינע פון די ערשטראַנגיקע קומענדיקע גאַסן. דאָס איז די אַנאַרכישע עוואָלוציע, די איינציקע, וואָס עקסיסטירט אין דער פרייער נאַטור. דאָס זעלבע איז אויך מיט די אַנשטאַלטן, בעת זיי זיינען אַן אָרגאַנישער פּראָדוקט פונם לעבן; דעריבער טאַקע האָבן די רע־וואָלוציעס אַזאַ ריזיקע באַדייטונג אינם לעבן פון דער געזעלשאַפט; מהמת זיי ערלויבן די מענטשן זיך צו נעמען צו דער דאָזיקער אָרגאַנישער, קאָנסטרוקטיווער אַרבעט און עס בינדט זיי ניט קיין שום מאַכט־אויטאָריטעט, וואָס רעפּרעזענטירט ממילא תּמיד די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער.

לאָמיר זיך אַלזאָ צוקוקן צו אַ טייל פון די דאָזיקע געמיינדע-רעוואָלוציעס.

די ידיעות האָבן זיך פאַרשפּרייט אין 1789 אַזוי פּאַמעלעך, אַז היינט זיינען מיר עס גאָר ניט מסוגל זיך פאָרצושטעלן. אַזוי, אַ שטייגער, האָט אַרטור יונג ניט געפונען דעם 12טן יולי אין שאַטאָ-טיערי, דעם 27טן אין בעזאַנסאָן קיין איין קאַפע-הויז, קיין איין צייטונג. די נייס, וואָס מען האָט אַרומגערעדט, זיינען פאָרגעקומען מיט פערצן טעג פריער. אין ניין טעג אַרום נאָכן גרויסן אויפשטאַנד פון שטראַסבורג און נאָכן באַזעצן דאָס ראָטהויז דורך די מורדים, האָט נאָך אין דיזשאָן קיינער דערפון ניט געוואוסט. אָבער די ידיעות פון פּאַריז, אויב זיי זיינען אַפילו געווען לעגענדאַרישע, האָבן זיי געמוזט שטויסן דאָס פּאָלק צו מרידה. מען האָט דערציילט, אַז אַלע דעפּוטאַטן האָט מען אַריינגעשפּאַרט אין דער באַסטיליע; און וועגן די „מוראַדיקע מעשים", וואָס מאַריע-אַנטואַנעטע האָט געזאָלט האָבן אָפּגעטאָן, האָבן אַלע מיט דער פולער זיכערקייט גערעדט.

אין שטראַסבורג האָבן זיך די אומרוען אָנגעהויבן דעם 19טן יולי, תיכף נאָכדעם, ווי איבער דער שטאָט איז זיך צעגאַנגען די ידיעה, אַז באַסטיליע איז גענומען און דעלאָנע איז אומגעבראַכט. דאָס פאָלק האָט זיך שוין געבייזערט אויפן מאַגיסטראַט צוליב דעם פּאַמעלעכן מודיע זיין „די פאָרשטייער פונם פאָלק", דאָס הייסט די וויילער, וועגן די רעזולטאַטן פון זיינע זיצונגען איבערן העפט פון די אָנקלאָגעס, וואָס די אָרעמעלייט האָבן צונויפגעשטעלט. דער המון האָט זיך געוואָרפן אויפן הויז פונם בירגערמייסטער לעמפּ און געמאַכט דערפון אַ תל.

דורך דער פאַרמיטלונג פון „דער פאַרזאַמלונג פון די שטאָט-לייט" האָט דאָס פאָלק געפאָדערט (איך ציטיר וואָרט-ביי-וואָרט): פאַראָרדענונגען,—„כּדי צו פאַרזיכערן די בירגער פּאָליטישע גלייכהייט און השפּעות ביים אויסקלייבן באַאַמטע, וואָס פאַרוואַלטן מיט דעם געמיינדע-פאָרמעגן, ווי אויך ריכטער, וואָס וועלן פריי געוויילט" *.

* דער בריוו פון די פאָרשטייער פון די שטאָטלייט צו די דעפּוטאַטן פון שטראַסבורג און ווערסאַל פונם 28טן יוני 1789.

עס האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל קיין אַכט ניט לייגן אויפן געזעץ און אויסקלייבן אַ נייע שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט נייע ריכ־טער דורך אַלגעמיינע וואַלן. דער מאַגיסטראַט האָט וועגן דעם ניט געוואָלט הערן אַפילו און „האָט קעגנגעשטעלט דעם פּאַרגע־לייגטן שינוי אַ פּראָצעדור פון עטלעכע הונדערט יאָר צוריק". דעריבער האָט דאָס פאָלק באַלאַגערט דאָס ראַטהויז — אַ האָגל מיט שטיינער האָט זיך אַ שאָט געטאָן אין זאַל, אין וועלכן עס זיינען פאָרגעקומען די אונטערהאַנדלונגען פונם מאַגיסטראַט מיט די פאַרשטייער פון דער רעוואָלוציע. דער מאַגיסטראַט האָט אָפּגעטראָטן.

בעת דאָס פאַרמעגלעכע בירגערטום האָט דערזען די אָרעמע־לייט, וואָס לאָזן זיך אַרוים אויף דער גאַס, האָט עס אָנגעהויבן זיך באַוואָפענען קעגן דעם פאָלק און ס'איז אַוועק צום פּראָווינץ־קאָמענדאַנט, גראַף ראַשאַמבאָ, — „וועלנדיק באַקומען פון אים אַן ערלויבעניש, אַז דאָס לאָיאַלע בירגערטום זאָל זיך קענען באַ־וואָפענען און פאַראייניקן מיטן מיליטער, כּדי צו האַלטן אָרדע־נונג". דער פאָלק־שטאָב ווידער, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַריסטאָקראַטישע אידעען, האָט דעם פאַרשלאָג קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן, — פּונקט ווי עס האָט עס געטאָן דעלאָנעי אין באַסטיליע.

צומאָרגנס איז איבער דער שטאָט זיך צעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז דער מאַגיסטראַט האָט זיינע הנחות אָפּגערופן. דאָס פאָלק האָט ווידער גענומען שטורעמען דאָס ראַטהויז, פאָדערנדיק, אַז דער צאָל־שטייער מיט די שפּייז־שטייערן זאָלן בטל ווערן. אַזוי ווי דאָס איז שוין געהאַט געשען אין פּאַריז, האָט מען עס אויך געקענט טאָן אין שטראַסבורג. זעקס אַ זייגער האָבן מאַסן „אַרבעטער, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט העק און האַמערס", זיך אַ לאָז געטאָן דורך דריי גאַסן אויפן ראַטהויז. מען האָט אויפגעבראָכן מיט העק די טויערן, מען האָט אָפּגעריסן די וועלבונג און אָנגעהויבן מיט אַ ווילדן באַסט צו פאַרניכטן די אַלטע פּאַפּירן, וואָס זיינען געווען אָנגעזאַמלט אין די ביוראָס. „מען האָט אָנגעווענדט אַ משוגענע ווילדקייט בנוגע די פּאַפּירן, מען האָט זיי אַלע פאַרניכט און אַרויס־געוואָרפן דורכן פענסטער", — שרייבט דער נייער מאַגיסטראַט.

כּדי צו פאַרברענען די אַלטע דאָקומענטן, האָט מען צעבראָכן די טאָפּל-טירן פון אַלע אַרכיוון, און אין דער שנאה זיינער צום מאַגיסטראַט האָט דאָס פאָלק צעבראָכן אַפילו דאָס מעבל פונם ראַטהויז און עס אויף דער גאַס אַרויסגעשליידערט. די פאַרשריַבענע געריכטס-פּאַפּירן און די קאַמער, אין וועלכער עס איז געלעגן דאָס געלט פון די צדדים, וואָס פירן צווישן זיך פּראָצעסן, האָט געטראָפן דערזעלבער גורל. אין דער קאַנצעלאַריע פון דער שטייערן-קאַסע האָט מען אויסגעבראָכן די טירן, אַ תל געמאַכט פון דער קאַסע און צערויבט. דאָס מיליטער, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דעם ראַטהויז, איז געווען מאַכטלאָז: דאָס פאָלק האָט געטאָן, וואָס עס האָט נאָר געוואָלט.

דער איבערגעשראָקענער מאַגיסטראַט האָט גיך אַראָפּגעלאָזט פון די פּרייזן אויף פלייש און ברויט: אַ זעקספונטיק ברייטל האָט געזאָלט קאָסטן צוועלף סו *. דערנאָך איז ער אַריין אין פריינטלעכע אונטערהאַנדלונגען מיט די צוואַנציק „טריבונען" אָדער שטאָט-גילדעס, כּדי אויסצואַרבעטן אַ נייע אָרגאַניזאַציע פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג. די צייט האָט געיאָגט, מחמת די אומרוען אין שטראַסבורג און אין די שכנותדיקע קרייזן האָבן ניט אויפגעהערט. דאָס פאָלק האָט דאָ אַראָפּגעזעצט די „באַשטימטע" געמיינדע-פּרעזידענטן און לויט זיין איינזען אַוועקגעשטעלט אַנדערע אויף זייער אָרט, האָט געשטעלט „פאָדערונגען בנוגע וועלדער און אַנדערע רעכט, וואָס געפינען זיך אין שאַרפער סתירה צו דעם לעגאַל-באַקומענעם באַזיץ-רעכט. אין דער רגע מיינט יעדער איינער, אַז ער איז בכּוח צוריק צו באַקומען די כּלומרשטע רעכט", — זאָגט דער מאַגיסטראַט אינם בריוו פונם 5טן אַווגוסט.

תּיכּף נאָכדעם, דעם 11טן אַווגוסט, קומט אָן קיין שטראַסבורג די ידיעה וועגן דעם 4טן אַווגוסט ביינאַכט אין נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, און די אומרוען ווערן נאָך דראָענדיקער, בפרט, אַז די אַרמיי שליסט זיך אָן אָן די מורדים

* פאַר אַ זעקל תּבואה האָט מען געצאָלט 19 ליוור. די פּרייזן האָבן זיך געהויבן סוף אַווגוסט אויף 28 און 30 ליוור, אַזוי, אַז מען האָט פאַרווערט אויסצובאַקן די בעקערס צוקער-געבעקס, פּוטער-בולקעלעך א. אַז. וו.

דעמאלט אנטשליסט זיך דער מאגיסטראט צו לייגן די מאנדאטן, צומארגנס, דעם 12טן אווגוסט, האבן דריי הונדערט בייזיצערס אויך געלייגט זייערע „מאנדאטן", אדער ריכטיקער זייערע זכיות.

די נייע בייזיצערס האבן פון זייער זייט ווידער באשטימט ריכטערס. אזוי איז קאנסטיטוירט געווארן דעם 14טן אווגוסט דער נייער מאגיסטראט, דער צייטווייליקער סענאט, וואס האט באדארפט אנפירן מיט די שטאטישע ענינים אזוי לאנג, כל-זמן די פארזאמלונג אין ווערסאל וועט ניט איינפירן קיין נייע שטאטישע קאנסטיטוציע. ניט ווארטנדיק אויף דער דאזיקער קאנסטיטוציע, האט שטראסבורג לויטן אייגענעם איינזען זיך איינגעשטעלט א קאמונע מיט ריכטער.

אזוי ארום איז געפאלן די אלטע רעגירונג אין שטראסבורג, און דעם 17טן אווגוסט האט דיטריך באגריסט די נייע בייזיצערס בזה הלשון:

„מיינע הערן, די רעוואלוציע, וואס איז די טעג פארגעקומען אין אונזער שטאט, וועט זיין א תקופה פונם צוריק-קער פונם צוטרוי, וואס דארף פאראייניקן די בירגער פון איין געמיינדע. די געערטע פארזאמלונג האט אויפגענומען טאקע דעם פרייען רצון פון אירע בירגער, אז עס זאל זיין איר פארשטייערשאפט. דער ערשטער געברויך, וואס איר האט געמאכט פון אייער מאכט, איז געווען דאס באשטימען אייערע ריכטער... וואס פאר א קראפט עס וועט פון דער דאזיקער אייניקונג ארויסוואקסן!"

און דיטריך האט פארגעלייגט, אז די שטאט זאל יאר-יערלעך פייערן דעם 14טן אווגוסט, אלס דעם רעוואלוציע-טאג אין שטראסבורג.

א וויכטיקער פאקט דארף אין דער דאזיקער רעוואלוציע באצייכנט ווערן. דאס שטראסבורגער בירגערטום האט זיך באפרייט פון פעאדאליזם, עס האט פאר זיך געשאפן א דעמאקראטישע שטאט-פארוואלטונג. עס האט אבער ניט בדעה געהאט לחלוטין זיך אפצוזאגן פון די פעאדאלע (פאטרימאניאלע) רעכט, וואס עס האט געהאט אין עטלעכע ארומיקע גיטער. בעת

די דעפוטאטן האבן אין דער נאכט פונם 4טן אווגוסט געפאדערט אין דער נאציאנאל-פארזאמלונג פון אנדערע צוויי דעפוטאטן, אז זיי זאלן זיך אפזאגן פון זייערע רעכט, האבן זיי בשום אופן ניט געוואלט.

שפעטער, ווען איינער פון די דאזיקע צוויי דעפוטאטן (שווענדט) האט באשוואוירן דאס בירגערטום פון שטראסבורג, אז עס זאל זיך ניט אנטקעגנשטעלן דעם שטראם פון דער רעוואלוציע, האבן זיינע ווייל ער דאך זיך געהאלטן ביי דער פאדערונג צו בלייבן ביי די פעאדאלע רעכט. ס'איז אלזא קלאר, אז אין דער דאזיקער שטאט שאפט זיך שוין אין 1789 א פארטיי, וואס וועט זיך קאנצענטרירן ארום דעם קיניג, „דעם בעסטן פון די קיניגן", „דעם פרידלעכסטן פון די מאנארכן" — כדי צו רעזערווירן זייערע רעכט אויף די רייכע פריצישע גיטער, וואס געהערן צו דער שטאט פאר די צייטן פון פעאדאלן רעכט. דער בריוו, וואס ריס האט פארעפנטלעכט, אין וועלכן דער צווייטער דעפוטאט פון שטראסבורג, טירקהיים, לייגט נאך זיין אנטלויפן פון ווערסאל, דעם 5טן אקטאבער, זיין מאנדאט, איז אין דעם פרט דער אינטערעסאנטסטער דאקומענט. מיר זעען שוין אין אים, אויף וואסער אופן און פארוואס זשיראנדע וועט אונטער זיין בורזשואזער פאן צונויפזאמלען „די פארטיידיקער פון אייגנטום" און די ראיאליסטן.

---

די געשעענישן אין שטראסבורג גיבן א גענוג בולט בילד פון דעם אלעם, וואס עס איז פארגעקומען אין אלע אנדערע גרעסערע שטעט. אזוי באשטייט די באוועגונג אין טרוא, וועגן וועלכן מיר האבן אויך גאנץ גענויע דאקומענטן, פון די זעלבע עלעמענטן. דאס פאלק, וואס איז געשטיצט פון די ארומיקע פויערים, גיט זיך א כאפ אויף שוין דעם 18טן יולי — תיכף, ווי עס דערוויסט זיך, אז אין פאריז זיינען די צאל-וואכן געווארן פארברענט. דעם 20טן יולי קומען די פויערים, וואס זיינען באוואפנט מיט ווידלעס, שניידמעסערס און צעפן, אין שטאט אריין, מיסתמא, כדי פארכאפן תבואה, וואס פעלט אוים, און וואס די

תבואה-שפעקולאַנטן האָבן באַהאַלטן אין זייערע שפייכלערעס. דאָס בירגערטום אָרגאַניזירט זיך אין אַ נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און שטויסט אָפּ די פּויערים, — וועלכע עס רופט שוין איצט אָן „רויבער". בעת די שפּעטערדיקע צען צי פערצן טעג אָרגאַניזירט די בורזשואַזיע, וואָס נוצט אויס די בהלה, וועלכע פאַרשפּרייט זיך (מען זאָגט, אַז פינף הונדערט „רויבער" קומען פון פּאַריז און ווילן פון אַלץ אַ תל מאַכן), איר נאַציאָנאַלע גוואַרדיע און אַלע קלענערע שטעט טוען זיי נאָך. אָבער דאָס פאָלק ווערט שוין אומצופרידן. דעם 8טן אַווגוסט, מיסתמא צוליב דער ידיעה וועגן דער נאַכט פונם פערטן אַווגוסט, פאָדערט עס געווער פאַר אַלע פרייוויליקע, ווי אויך, אַז די פּרייזן אויף ברויט זאָלן פעסטגעשטעלט ווערן. די שטאָט-מאַכט שלעפּט אָפּ. צוליב דעם האָט מען זי דעם 19טן אַווגוסט אַראָפּגעוואָרפן און געטאָן אַזוי, ווי אין שטראַסבורג: מען האָט אויסגעוויילט אַ נייע שטאָט-פאַרוואַלטונג.

דאָס פאָלק רייסט זיך אַריין אינם ראָטהויז, נעמט זיך פאַר געווער און צעטיילט עס צווישן זיך. עס ברעכט אויס די טירן פון אַ זאַלץ-מאַגאַזין, אָבער רויבט ניט: „עס צעטיילט זאַלץ צו זעקס סו". לסוף דעם 9טן סעפּטעמבער דערגרייכן די אומרועס, וואָס דויערן פונם 19טן אַווגוסט, דעם העכסטן פּונקט. דער המון פירט אַוועק דעם מער היעזן, וועלכן ער באַשולדיקט אין נעמען אונטערן שוץ שפּעקולאַנטן, און דערהרגעט אים. ער מאַכט אַ תל פון זיין הויז, ווי אויך פונם נאָטאַריוס הויז, דעם אַמאָליקן קאָמענדאַנט פון סען-זשאָרזש, וואָס האָט מיט צוויי וואָכן צוריק געהייסן שיסן צום פאָלק, דעם זשאַנדאַמעריע-שעף, וואָס האָט ביי די פריערדיקע אומרועס געהייסן איינעם אויפהענגען, — און דראָט (ווי אין פּאַריז נאָכן 14טן יולי), אַז עס וועט אַ תל מאַכן נאָך פון אַ סך הייזער. נאָך די דאָזיקע געשעענישן באַהערשט אויף עפּעס אַ טאָג פערצן די בורזשואַזיע אַ בהלה. עס געלינגט איר אָבער דערווייל צו אָרגאַניזירן אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע און דעם 26טן סעפּטעמבער באַקומט זי לסוף אַ איבערוואָג איבער דעם שוצלאָזן פאָלק.

אין אַלגעמיין, דאַכט זיך, אַז די אויפרעגונג פונם פאָלק איז
געווענדט געווען פונקט אַזוי קעגן די פאָרשטייער פון דער בור=
זשואַזיע, וואָס האָבן פאַרכאַפּט לעבנסמיטל, ווי קעגן די ערד=
באַזיצערס, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די ערד. אין אַמיען, פונקט ווי
אין טרואַ, האָט דער אויפגעהעצטער המון שיר ניט דערהרגעט דריי
סוחרים — צוליב וואָס די בורזשואַזיע האָט ווי צומשנעלסטן באַ=
וואָפנט איר מיליץ. מען קען אַפילו זאָגן, אַז דאָס שאַפן מיליץ
אין די שטעט, וואָס מען האָט אין אַווגוסט און אין סעפּטעמבער
געטאָן, וואָלט מיסתּמא ניט געשען, ווען דער אויפשטאַנד זאָל זיך
געווען באַגרעניצן בלויז מיטן דאָרף און געווענדט זיין בלויז קעגן
די ערד=באַזיצערס. דאָס בירגערטום, וואָס איז באַדראָט געווען
דורכן פאָלק אין זיין באַזיץ, האָט, ניט וואַרטנדיק אויף די
באַשלוסן פון דער נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג, איינגעאָרדנט, לויטן
מוסטער פון דעם ראָט פון דרייהונדערט פון פּאַריז, זיינע שטאָט=
פאַרוואַלטונגען; צו וועלכע עס האָט ממילא געמוזט צולאָזן פאָר=
שטייער פונם רעוואָלטירטן פאָלק.

אין שערבורג איז דעם 21טן יולי, אין רואַן דעם 24טן און
אין אַ סך קלענערע שטעט געקומען צו ענלעכע אומרוען. דאָס
אויסגעהונגערטע פאָלק מאַכט אַ מרידה און שרייט: „ברויט! אַ טויט
די שפּעקולאַנטן! נידער מיטן שלאַגבוים!" (דאָס הייסט: פרייער
אריינפיר פון לעבנסמיטל פון דאָרף). ער צווינגט די שטאָט=מאַכט
אראָפּצולאָזן פון די פּרייזן אויף ברויט, אָדער רייסט זיך אריין
אין די לאַגערס פון די תבואה=שפּעקולאַנטן און נעמט צו די
תבואה, מאַכט אַ תל פון די הייזער פון די מענטשן, וואָס זיינען
באַקאַנט פון שפּעקולירן אויף יקרות. דאָס בירגערטום נוצט אויס די
דאָזיקע באַוועגונג און באַפרייט פון דער אַמאָליקער פעאָדאַלער שטאָט=
פאַרוואַלטונג, באַשטימט אַ נייע, וואָס איז אויסגעוויילט אויף דע=
מאָקראַטישע יסודות. אויסנוצנדיק גלייכצייטיק די בהלה, וואָס איז
ארויסגערופן געוואָרן דורך דער מרידה פונם „המון=עם" אין די
שטעט און די „רויבער" אין דאָרף, באַוואָפנט עס זיך און אָרגאַ=
ניזירט זיין שטאָט=גוואַרדיע. דערנאָך שטעלט עס צוריק איין אַן
„אָרדענונג", פאַרמשפּט אויף טויט די פאָלקס=פירער — און פירט

זייער אָפּט איין אויך אַן „אָרדענונג” אין דאָרף, וואו עס פירט אַ קאַמף מיט די פּויערים און הייסט הענגען – קיין זאַך, נאָר הענגען— „די אָנפירער” פון די צעבונטעוועטע פּויערים.

נאָך דער נאַכט פונם 4טן אווגוסט פאַרשפּרייטן זיך די דאָזיקע שטאַט-מרידות וואָס אַמאָל מער. קיין שטאַט-אָפּצאָלונגען — צאָל, שטייערן, שפּייז-אָפּצאָל, זאַלץ-שטייער א. אַז. וו. — צאָלט שוין קיינער ניט. די חוכרים פון דעם „טאַי”-שטייער זיינען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, זאָגט נעקער אין זיין באַריכט פונם 7טן אווגוסט. אין צוויי צעבונטעוועטע שטייער-קרייזן האָט מען געצוואונגען, די פּרייז אויף זאַלץ זאָל אַראָפּגעלאָזט ווערן אויף העלפט, דער לעבנסמיטל-שטייער האָט שוין קיין השפּעה ניט, — און אַזוי ווייטער. „די ריזיקע צאָל ערטער” האָבן זיך אָפּן צעבונטעוועט קעגן דער פינאַנס-מאַכט. דאָס פאָלק וויל ניט צאָלן קיין אומדירעקטע שטייערן; וואָס שייך די דירעקטע שטייערן, זאָגט עס זיך ניט אָפּ פון צאָלן, אָבער עס שטעלט געוויסע באַדינגונגען. אין עלזאַס, למשל, „האָט דאָס פאָלק אומעטום זיך אָפּגעזאָגט עפּעס צו צאָלן, כּל-זמן אַלע באַפרייטע און פּריווילעגירטע וועלן ניט אַריינגעצויגן ווערן אין די שטייערן-רעגיסטערס”.

אַזוי אַרום מאַכט דאָס פאָלק אַ ס ך פ ר י ע ר, ווי די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, די רעוואָלוציע אויפן אָרט, אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן שאַפט עס פאַר זיך אַ נייע שטאַט-אַדמיניסטראַציע, שיידט אונטער די שטייערן, אויף וועלכע עס איז מסכּים, פון אַזעלכע, אויף וועלכע עס גיט ניט קיין הסכּמה און באַשטימט דעם אופן פון גלייכמעסיקן צעלייגן די שטייערן, וואָס עס דאַרף להבא איינצאָלן דער מלוכה אָדער דער געמיינדע.

בלויז דעמאָלט, ווען מיר פאָרשן אויס, ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט אויף דעם באַשריבענעם אופן געאַרבעט, און ניט דעמאָלט, ווען מיר קוקן בלויז אַריין אין דער געזעצגעבערישער אַרבעט פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, פאַרשטייען מיר דעם גייסט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — דעם גייסט, אין תּוך גענומען, פון אַלע פריערדיקע און שפּעטערדיקע רעוואָלוציעס.

---

## זעכצנטער קאַפּיטל

# דער פּויערים־אויפשטאַנד.

די פּויערים הייבן אָן צו רעוואָלטירן. — די סיבות פון די אויפשטאַנדן. — דאָס בירגערטום און זיין מורא. — טעראָר איבער גאַנץ פראַנקרייך. — די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג קלייבט זיך צונויף.

מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַז פון ווינטער 1788, און דער עיקר פון מערץ 1789, האָט דאָס פאָלק קיין שום אָפּצאָלן די פּריצים ניט אריינגעטראָגן. ס'איז אַ גרויסער אמת, אַז דערצו האָבן זיי אַ שטויס געגעבן די בירגערלעכע רעוואָלוציאָנערן: צווישן דעם בירגערטום פון 1789 האָבן זיך געפונען אַסך פערזאָנען, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז אָן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד וועלן זיי קיינמאָל די אַבסאָלוטע ממשלה ניט אראָפּזעצן. פאַרשטייט זיך, אַז די וויכוחים פון די נאַטאַבל־פאַרזאַמלונגען, בעת וועלכע מען האָט ארומגערעדט די פראַגע פון אָפּשאַפן די פעאָדאַלע לאַסטן, האָבן אַ טובה געטאָן דעם אויפשטאַנד, און דאָס צונויפשטעלן די העפטן פון פאָדערונגען און אָנקלאָגן (וואָס זיינען פאַר די פאַרשטייער געווען אַ וועגווייזער ביי די ערשטע וואַלן) האָט געווירקט אין דעמזעלבן גייסט. רעוואָלוציע איז קיינמאָל ניט קיין פּועל־יוצא פון יאוש, ווי עס מיינען געוויינטלעך יונגע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האַלטן זייער אָפט, אַז פון איבערפלוס פון שלעכטס, קען ארויסקומען עפּעס גוטס. אדרבא, דאָס פאָלק פון 1789 האָט באַמערקט אַ שטראַלעכל פון גיכער אויסלייזונג, האָט עס פול מיט האָפענונג זיך אַ ריס געטאָן צו מרידה. ס'איז אָבער ווייניק צו האָפן — מען דאַרף אויך טאָן: מען דאַרף אין די ערשטע מרידות, פאַר דער רעוואָלוציע, מקריב זיין דאָס לעבן; אַזוי האָט טאַקע געטאָן דאָס פראַנצויזישע פאָלק.

די פּויערים האָבן שוין דעמאָלט געבעריוזט, ווען יעדע מרידה איז נאָך באַשטראָפט געוואָרן מיט קלעם, פּייניקונגען און תליה. שוין אין נאָוועמבער 1788 האָבן די אינטענדאַנטן געשריבן צום מיניס־

טער, אַז עס וואָלט שוין אוממעגלעך געווען צו דערשטיקן אַלע מרידות. יעדע באַזונדער האָט קיין גרויסע באַדייטונג ניט געהאַט, אָבער צוזאַמען האָבן זיי אונטערגעגראָבן די עקסיסטענץ פון דער מלוכה.

אין יאַנואַר 1789 האָט מען צונויפגעשטעלט די אָנקלאָגע=העפטן, מען האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלן, — און פון דעמאָלט אָן האָבן די פויערים אויפגעהערט זיך אונטערצוּוואַרפן אין עניין אַרבעטס=פליכטן דעם פריץ און דער מלוכה. עס האָבן זיך געשאַפן צווישן זיי געהיימע פאַראייניגן, דאָ און דאָרט האָבן די פויערישע מורדים אויסגעהרגעט די פריצים. דאָ האָבן זיי אויפגענומען די שטייער=מאָנער מיט שטעקנס, דאָרט האָבן זיי פאַרנומען און באַ=אַרבעט פריצישע ערד.

פון חודש צו חודש האָבן זיך די אומרוען אַלץ מער גע=שטאַרקט. אין מערץ האָט די מרידה אַרומגעכאַפּט שוין גאַנץ מזרח=פראַנקרייך. אוודאי איז די באַוועגונג ניט געווען קיין כסדרדיקע, ניט קיין אַלגעמיינע. אַן אַגראַר=באַוועגונג איז קיינמאָל ניט אַזאַ. ס'קען אפילו זייער זיין — ווי דאָס מאַכט זיך תמיד מיט פויערישע מרידות — בעת דער אַרבעט=צייט אין די פעלדער — אַז אין אַפּריל, און שפּעטער אַהייב שניט, זיינען די אומרוען קלענער געוואָרן. תיכף אָבער ווי אין דער צווייטער העלפט יולי 1789 און אין אויגוסט האָבן זיך געענדיקט די ערשטע שניט=אַרבעטן, האָבן די אומרוען אויפדאָסניי זיך געשטאַרקט, דער עיקר אין מזרח, צפון און דרום=מזרח פון פראַנקרייך.

עס זיינען ניטאָ קיין גענויע דאָקומענטן וועגן דעם אויפ=שטאַנד. יענע, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, זיינען צו ווייניק, און טראָגן על=פּי=רוב אויף זיך דעם שטעמפּל פון פּאַר=טייִשקייט. אויב מיר זאָלן זיך ווענדן צום „מאָניטאָר", וואָס האָט, כידוע, אָנגעהויבן אַרויסגיין דעם 24טן נאָוועמבער 1789 און וואָס די 93 נומערן, פונם 8טן מאַי ביזן 23טן נאָוועמבער, זיינען שפּע=טער פאַבריצירט געוואָרן אין IVטן יאָר *, וועלן מיר געפינען

* אַחוץ דעם, זיינען די נומערן פונם 24טן נאָוועמבער 1789 ביזן 3טן פע=ברואַר 1790 אויך איבערגעבאַכט געוואָרן אויף דאָס ניי אין 4טן יאָר

דאָרט אַ טענדענץ אויפֿצווייזן, אַז די גאַנצע באַוועגונג איז געווען אַן אַרבעט פֿון די שונאים פֿון דער רעוואָלוציע: פֿון מענטשן אָן אַ האַרץ, וואָס האָבן אויסגענוצט די פֿינסטערקייט פֿון די דאָרפֿסלייט. אַנדערע מקורים זאָגן נאָך אַפֿילו, אַז דאָס האָבן די פּריצים, די איידללייט, אָדער גאָר די ענגלענדער אונטערגעהעצט די פּויערים. די דאָקומענטן ווידער, וואָס דער אויספֿאָרשונגס-קאָמיטעט האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין יאַנואַר 1790, ווילן ווידער מאַכן פֿונעם גאַנצן עסק אַ מיספֿאַרשטענדעניש: רויבער האָבן געמאַכט אַ תּל פֿון דערפֿער, האָט דאָס בירגערטום זיך באַוואָפֿנט קעגן זיי און געמאַכט זיי תּחת הרב!

היינט זיינען מיר שוין תּופֿס, ווי פֿאַלש עס איז אַזאַ מין אופֿן פֿון פֿאַרשטעלן די געשעענישן, און ס'איז קיין ספֿק ניט, אַז יעדער איינער, וואָס וועט זיך מטריח זיין און אויספֿאָרשן די דאָקומענטן אין די אַרכיוון, וועט אויפֿטאָן זייער אַ ווערטפֿולע אַרבעט, וועלכע איז נייטיק, מחמת די אומרוען פֿון די פּויערים האָבן געדויערט ביז דעם מבטל מאַכן די פֿעאָדאַלע רעכט דורכן קאָנווענט אין אויגוסט 1793, ביז די דאָרפֿישע געמיינדעס האָבן אויפֿדאָסניי באַקומען רעכט איבערצונעמען אין באַזיץ די געמיינדע-ערד, וואָס איז ביי זיי אָוועקגערויבט געוואָרן אין משך פֿון יאָרהונדערטער. דערווייל זיינען אָבער די דאָזיקע אַרכיוואַלע פֿאָרשונגען ניט געמאַכט געוואָרן, מוזן מיר אונזערע ידיעות שעפּן פֿון עטלעכע לאָקאַלע געשיכטעס, פֿון אַ טייל מעמוארן און עטלעכע מחברים, דערביי שטעלן מיר דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1789 פֿאַר אין אַזאַ באַלייכטונג, וואָס דאָס באַקענען זיך גענוי מיט די באַוועגונגען פֿון די שפּעטערדיקע יאָרן וואַרפֿט אויף דעם דאָזיקן אויסברוך.

אַז דער יקרות האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די דאָזיקע אומרוען — דאָס איז זיכער. אָבער די הויפּט-סיבה איז געווען דאָס שטרעבן מבטל צו זיין די פֿעאָדאַלע פֿליכטן, וואָס זיינען פֿאַרשריבן געווען אין די ערד-פּנקסים, דאָס אָפּשאַפֿן דעם מעשׂר, ווי אויך די שטרעבונג צו באַקומען ערד.

אַחוץ דעם, האָבן די דאָזיקע מרידות נאָך אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך. אויסער ברעטאַניע זיינען זיי אָפּגעזונדערט איינס

פון דאָס אַנדערע אין מיטל-פראַנקרייך, אויף דרום און מערב. זייער פאַרשפּרייט זיינען זיי אָבער אויף מזרח. דער עיקר דעל-פינאַט, פראַנש-קאָנטע, מאַסאָנע זיינען אַרומגעכאַפּט. אין פראַנש-קאָנטע האָט מען כּמעט אַלע שלעסער פאַרברענט, זאָגט דאַניאַל; דריי שלעסער אויף פינף האָט מען חרוב געמאַכט אין דעלפינאַט. דאָס צווייטע אָרט פאַרנעמט עלזאַס, ניווערנע, באָזשאָלע, בור-גונדיע, אָווערן. בכלל — ווי כ'האָב עס שוין באַמערקט ערגעץ אַנדערש, — אויב מיר וועלן אויף דער קאַרטע אָנצייכענען די ערטער, וואו עס זיינען אויסגעבראָכן אויפשטאַנדן, וועט זי זיין שטאַרק ענלעך צו דער קאַרטע פון „די דריי הונדערט דריי און זעכציק קרייזן", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1877 נאָך די וואַלן, וואָס האָבן פאַרפעסטיקט די דריטע רעפּובליק. דער עיקר האָט געקעמפט פאַר דער רעוואָלוציע מזרח-פראַנקרייך און אַפילו ביי היינטיקן טאָג איז דאָס דאָזיקע געביט נאָך אויך פּראָגרעסיווער פאַר אַנדערע.

זייער ריכטיק האָט באַמערקט דאַניאַל, אַז דער מקור פון די דאָזיקע מרידות האָט געשטעקט שוין אין די העפטן, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן פאַר די וואַלן פון 1789. היות מען האָט די פּויערים געזאָגט, אַז זיי זאָלן פאַרצייכענען די עוולות, זיינען זיי זיכער געווען, אַז עפּעס וועט מען פאַר זיי טאָן. די אמונה, אַז דער קיניג, צו וועלכן זיי האָבן זיך געווענדט מיט זייערע אָנקלאָגעס, אָדער אַן אַנדער קראַפט, וועט זיי קומען צו הילף און פאַרריכטן די עוולות, אָדער לכל-הפּחות זיי געבן פריי-הייט, — אָט-אָ-דאָס האָט תּיכף נאָך די וואַלן געשטויסן זיי צו מרידה, נאָך איידער די פאַרזאַמלונג איז זיך צונויפגעקומען. בעת די גענעראַל-שטאַטן האָבן אָנגעהויבן אָפּהאַלטן די זיצונגען, האָבן די ידיעות, וואָס זיינען אָנקומען פון פּאַריז, הגם אומקלאָרע, ממילא בוטה געמאַכט די פּויערים צו גלויבן, אַז עס איז שוין געקומען די מינוט צו פאָדערן, די פעאָדאַלע רעכט זאָלן בטל ווערן און די ערד זאָל צוריק באַקומען ווערן.

די קלענסטע שטיצע, וואָס זיי האָבן געפונען, הן ביי די רעוואָלוציאָנערן, הן ביי די אָרלעאַניסטן, אָדער ביי וועלכע עס

איז ניט אגיטאַטאָרן, איז גענוג געווען, כּדי אונטערצוהעצן גאַנצע דערפער, — בעת עס זיינען אָנגעקומען אויפרייצנדיקע ידיעות פון פּאַריז און אנדערע צעבונטעוועטע שטעט. עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז אין דאָרף האָט מען זיך באַנוצט מיטן נאָמען פונם קיניג אָדער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג: זייער אַ סך דאָקומענטן דערציילן וועגן פאַלשע דעקרעטן פונם קיניג אָדער פון דער פאַרזאַמלונג, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין דאָרף. אין אַלע מרידות אין פראַנקרייך, רוסלאַנד, דייטשלאַנד, האָבן די פּויערים תּמיד זיך באַמיט מיטצורייסן מיט זיך די אומאַנטשלאָסענע — נאָכמער: איבערצייגן זיך אַליין, אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַ כּוח, וואָס איז גרייט זיי צו שטיצן. דאָס האָט געמאַכט די באַוועגונג מער קאָנצענטרירט, און אין פאַל פון אַ מפּלה אָדער רדיפות האָט מען נאָך תּמיד געקענט ווי עס איז זיך פאַרענטפערן. די פּויערים האָבן גערעכנט — און דאָס רוב האָט דערינען אויפריכטיק געגלויבט, — אַז זיי טוען לויטן פאַרלאַנג, אויב ניט לויטן באַפעל פונם קיניג אָדער פאַרזאַמלונג. דעריבער, תּיכף, ווי מען איז נאָר פּאַרטיק געוואָרן זומער 1789 מיטן ערשטן שניט, תּיכף, ווי אויבן דאָרף האָט מען צוריק גענומען עסן צו דער זאַט, און די ידיעות פון ווערסאַל און פּאַריז האָבן באַגייסטערט די הערצער און באַמוטיקט, האָבן די פּויערים אָנגעהויבן צו ברויזן. זיי זיינען אַרויף אויף די שלעסער, כּדי אַ תּל צו מאַכן פון די אַרכיוון, פון די פּאַפּירן, דאָקומענטן; זיי האָבן געברענט שלעסער, אויב די פּריצים האָבן מיט גוטן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון די פעאָדאַלע רעכט, וואָס זיינען פאַרשריבן אין די אַרכיוון, פּאַפּירן א. אַז. וו.

אין די אומגעגנטן פון די שטעט וועסול און בעלפאָר האָט זיך די מלחמה קעגן די שלעסער שוין אָנגעהויבן דעם 16טן יולי; דעם טאָג איז מען אָנגעפאַלן אויפן שלאָס סאַנסי און שפּעטער אויף ליר, ביטען און מאָלאַן. תּיכף האָט זיך אַ כאַפּ אויף געטאָן גאַנץ לאָטאַרינגיע. „די פּויערים, איבערצייגטע, אַז די רעוואָלוציע וועט אויסגלייכן דאָס פאַרמעגן און די לאַגע פון דער געזעלשאַפט, האָבן זיך דער עיקר געווענדט קעגן די פּליכטן", שרייבט דער „פראַנצויזישער קוריער". אין סאַארלו, פאַרבאַש, סאַרגימען,

פאַלצבורג און טיאָנוויל האָט מען די שטייערן-באַאמטע ארויס־געטריבן און די ביוראָען זייערע בארויבט און פארברענט. זאַלץ האָט מען פארקויפט צו דריי סו א פונט. די ארומיקע דערפער האָבן נאָכגעטאָן די שטעט.

אין עלזאס איז די פויערים־מרידה געווען כמעט אַן אַלגע־מיינע. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז אין משך פון אכט טעג, סוף יולי, האָט מען א תל געמאכט פון דריי אבאטשאפטן, מען האָט חרוב געמאכט עלף שלעסער, אנדערע ווידער האָט מען צערויבט, די פויערים האָבן צוגענומען און א תל געמאכט פון אַלע ערד־פנקסים. אויך אַלע רעיעסטערס פון די פעאָדאַלע שטייערן, ארבעטס־פליכטן און צינזן האָט מען צוגענומען און פארברענט. אין א טייל ערטער האָבן זיך געשאפן לויפנדיקע פויערים־אָפּטיי־לונגען צו עטלעכע הונדערט אָדער אפילו עטלעכע טויזנט מאַן. זיי פלעגן קומען פון די שכנותדיקע דערפער, גיין אויף די פעסטסטע שלעסער, זיי באַלאַגערן, צונעמען אַלע פאַפּירן און אָנצינדן פון זיי פייערן פון פרייד. מען האָט חרוב געמאכט און געראַבירט די אבאטשאפטן צוליב די זעלבע טעמים, וואָס די הייזער פון די רייכע סוחרים אין די שטעט. אינם אבאטשאפט מירבאך, וואָס האָט מיסתמא געשטעלט א ווידערשטאנד, איז פון אַלץ געמאכט געוואָרן א תל *.

אין פראַנש־קאָנטע האָבן זיך שוין דעם 19טן יולי געשאפן אין לוי־לע־סאָניע די ערשטע צוזאמענלויפן, בעת מען האָט זיך דערוואוסט וועגן די הכנות צו א מלוכה־איבערקערעניש און וועגן באַ־זייטיקן נעקערן; מען האָט אָבער, ווי סאָמיער זאָגט **, נאָך קיין זאַך ניט געוואוסט וועגן דעם נעמען באַסטיליע. עס איז תיכף

---

* לויט סטראָבלען („Vaterländische Geschichte des Elsass") איז די מרידה פאָרגעקומען געוויינטלעך אויף אַזאַ אופן: דאָס דאָרף האָט אויפגעברויזט, דערנאָך האָט זיך געשאפן אַ באַנדע פון איינוואוינער פון פארשיידענע דערפער, וואָס פלעגן צוזאמען אָנפאַלן אויף די שלעסער. אָפטמאָל האָבן די דאָזיקע באַנדעס זיך געמוזט באַהאַלטן אין די וועלדער.

** Histoire de la Révolution dans le Jura 1846. פון איין שיין לידל, וואָס געפינט זיך אינם העפט פון אוואַל, קען מען ארויסזען די שטימונג אין זשוראַ.

געקומען צו אַ צוזאַמענלויף — די בורזשואַזיע האָט דעם זעלבן טאָג באַוואָפנט איר מיליץ (וואָס האָט געטראָגן אַ דריי=פאַרביקע באַנד), וועלנדיק שטעלן אַ ווידערשטאַנד „די אַנפאַלן פון די רויבער, וואָס ווילדעווען אינם קיניגרייך". עס האָט זיך תיכף אָנגעהויבן אַן אויפשטאַנד אינם דאָרף. די פויערים האָבן געטיילט צווישן זיך די פויערישע לאַנקעס און וועלדער. ערגעץ אַנדערש האָבן זיי געצוואונגען די פריצים זיך אָפּצוזאָגן פון זייער רעכט אויף דער ערד, וואָס האָט פריער געהערט צו די געמיינדעס אָדער זיי האָבן אָן שום פאָרמאַליטעטן צוריק איבערגענומען אין באַזיץ די וועלדער, וואָס זיינען פריער געווען אַ געמיינדע=אייגנטום. אַלע תביעהס, וואָס די בערנאַרדינער=אַבאַטשאַפט האָט געהאַט צו די שכנותדיקע געמיינדעס, זיינען געוואָרן אָפּגעוואָרפן. אין קאַסטר האָבן זיך אָנגעהויבן מרידהס נאָכן 4טן אַווגוסט. אין דער שטאָט האָט מען אויפגעמאָנט שטייערן אין נאַטור — אַ געוויסן סכום פון אַ סעסטער — פון אַלע תבואהס, וואָס מען האָט געבראַכט צוריק פון אויסלאַנד אין דער פּראָווינץ אַריין. דאָס איז געווען דאָס פעאָדאַלע רעכט, וואָס דער קיניג האָט ארויסגעגעבן אין אַרענדע פריוואַטע פערזאָנען. דעריבער, אַז מען האָט זיך דעם 19טן דערוואוסט אין קאַסטר וועגן דער נאַכט פונם 4טן אַווגוסט, האָט זיך דאָס פאָלק אַ כאַפּ אויף געטאָן און געפאָדערט, אַז דאָס דאָזיקע רעכט זאָל ווערן אָפּגעשאַפט; תיכף האָט די בורזשואַזיע, וואָס האָט שוין דעם 5טן אַווגוסט געשאַפן אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע פון 600 מאַן, זיך פאַרנומען מיט „מאַכן צוריק אָן אָרדענונג", אָבער אויפן דאָרף איז די מרידה אַריבער פון איין אָרט אויפן אַנדערן, און די שלעסער אין גע, מאָנטלעדיע, דער קאַרטוזן=קלויסטער אין פּע, די אַבאַטשאַפט אין וויעלמור א. אַז. וו. זיינען צעראַבירט געוואָרן און פון די אַרענדע=ביכער זיינען געוואָרן אַ תל *.

אין אַווערן האָבן די פויערים אָנגעווענדט אַ סך פאָרזיכטסמיטלען, כדי צו האָבן דאָס רעכט אויף זייער זייט, און בעת זיי פלעגן קומען אין שלאָס, צו ברענען די אַרענדע=ביכער, האָבן זיי ניט אויסגעמיטן צו זאָגן דעם פּריץ, אַז זיי טוען עס

* Anacharsis Combes, ,,Histoire de la viille de Castres etc".

לויטן באַפעל פונם קיניג *. אין די מזרח־פּראָווינצן ווידער האָבן די פּויערים קיין מורא ניט געהאַט אָפן צו זאָגן, אַז עס איז שוין געקומען די מינוט, ווען דער דריטער שטאַנד וועט ניט לאָזן מער די איידלליייט און די מאַנאַכן הערשן. די הערשאַפט פון די צוויי קלאַסן דויערט שוין צו לאַנג — עס איז שוין לסוף געקומען די צייט, זיי זאָלן נעמען דעם וועג. אַ סך פאַראַרעמטע פּריצים, וואָס זיינען געזעסן אויף דער ערד און זיינען באַליבט געווען אין דער אומגעגנט, האָבן די מורדים געטאָן פערזענלעכע טובות. מען האָט זיי ניט באַוואָלט; מען האָט ניט אָנגערירט זייער באַשיידן פאַר־מעגן; אָבער אין פּרט פון ערד־פּנקסים און אייגנטום־דאָקומענטן אויף פעאָדאַלע רעכט זיינען זיי געווען אומברחמנותדיק. זיי האָבן זיי געברענט, צווינגענדיק למפּרע דעם פּריץ, ער זאָל שווערן, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיינע רעכט.

פונקט ווי די שטאָט־בורזשואַזיע, וואָס האָט גוט געוואוסט צו וואָס זי שטרעבט, אַזוי האָבן אויך די פּויערים אויסגעצייכנט געוואוסט צו וואָס זיי שטרעבן און וואָס זיי וואַרטן פון דער רע־וואָלוציע: די ערד, וואָס איז צוגענומען געוואָרן ביי די געמיינדעס, מוז זיי אומגעקערט ווערן, און אַלע פליכטן, וואָס שטאַמען פון פעאָדאַליזם, דאַרפן פאַרשוואונדן ווערן. דער געדאַנק, אַז אַלע גבירים מוזן פאַרשווינדן, האָט שוין דעמאָלט אפשר אויפגעבליצט

* קסאַוויע רו, וואָס האָט אין 1891 אונטערן נאָמען: Mémoire sur la marche des brigandages dans le Dauphiné, en 1789 (מעמאָריאַל וועגן די רויבע־רייען אין דעלפינאַט אין 1789) געגעבן גענויע גביעת־עדות דער אויפאָרשונג אין דעם ענין, שרייבט צו די גאַנצע באַוועגונג אויפן חשבון פון אַגיטאַטאָרן. „ווען מען זאָל פּרובירן רופן דאָס פאָלק צו מרידה קעגן קיניג, וואָלט מען דעם ציל ניט דערגרייכט, — זאָגט דער מחבר. „מען האָט אים אָבער דערגרייכט אויף אַ אומדירעקטן אופן. אויפן גאַנצן שטח פון דער פּראָווינץ האָט מען אָנגענומען און דורכגעפירט אַ גאָר דרייסטן פּלאַן. ער לאָזט זיך אויסדריקן אין אָט־די ווערטער: מען האָט געוואָלט אין נאָמען פונם קיניג אונטערהעצן דאָס פאָלק קעגן די פּריצים; תּיכף נאָך זייער אונטערוואַרפן אַ לאָזונג טאָן זיך אויפן טראָן, וואָס האָט ניט קיין באַשיצער, און פון אים אַ תּל מאַכן". די דאָזיקע ווערטער שטעלן מיר אַנטקעגן רוס ווערטער גופא. „אַלע אויספאָרשונגען האָבן ניט דערפירט צום אַנט־דעקן דעם נאָמען פון איין אַגיטאַטאָר אפילו. דאָס גאַנצע פאָלק האָט גענומען אָנטייל אין דער פאַרשווערונג".

אין די מוחות; דאָך האָט די פּויערים־מלחמה דערווייל זיך באַ־נוגנט מיט זאַכן, און אויב עס האָבן זיך אָפּטמאָל געמאַכט פאַלן פון ארויסטריטן קעגן פּערזאָנען, זיינען דאָס געווען איינצל־פאַלן, מחמת געוויינטלעך האָט זיך געהאַנדלט אין אַ פּריץ, וואָס מען האָט באַשולדיקט אין וואָכעריי, אין שפּעקולירן אויף יקרות. אויב מען האָט ארויסגעגעבן די ערד־פּנקסים, אָדער אויב מען האָט זיך אָפּגעזאָגט, איז אַלץ פאָרגעקומען אויפן רויִקסטן אופן: מען האָט געברענט ערד־לייסטערס, פאַרזעצט אין דאָרף פרייהייטס־ביימער, מען האָט אויף די ביימער אויפגעהאַנגען די עמבלעמעס פון פעאָדאַליזם * און מען האָט ארום דעם געטאַנצט. אויב מען האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד, אויב דער פּריץ אָדער זיין פּאַרוואַלטער האָט גערופן זשאַנדאַרמעריע, אָדער גע־הייסן שיסן — דעמאָלט האָט מען אינם שלאָס אַלץ צעבראָכן, און דעם שלאָס גופא אָפּטמאָל פאַרברענט. אזוי האָט מען אין דעל־פינאַט אָנגעציילט דרייסיק צעשטערטע אָדער פאַרברענטע שלעסער; אין ערך פערציק אין פראַנש־קאָנטע; צוויי־און־זיבעציק אין מאַ־קאָנע און באָזשאָלע; בלויז ניין אין אָווערן, צוועלף קלויסטערס ווידער און פינף שלעסער אין וויענוא.

מיר זיינען אגב־אורחא מוסיף, אז די פּויערים האָבן לחלוטין קיין אכט ניט געלייגט אויף די פּריצימס איבערצייגונגען; זיי זיינען אזוי אָנגעפאַלן אויף די שלעסער פון די „פּאַטריאָטן", ווי פון די „אַריסטאָקראַטן".



וואָס־זשע האָט דאָס בירגערטום געטאָן צו די דאָזיקע אויפשטאַנדן?

הגם אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט זיך געפונען אַ גע־וויסע צאָל מענטשן, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אז דער פּויערים־אויפשטאַנד איז אין דער רגע געווען אַ רעוואָלוציאָנערער פאַקטאָר,

* אין דרום־פראַנקרייך האָט מען טיילמאָל אַריינגעשטעלט אַזאַ מין אויפשריפט: „לויט באַפעל פונם קיניג און דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג — ענד־גילטיקע ערליידיקונג פונם צינז".

האָט די בירגערלעכע מאַסע אויף דער פּראָווינץ איינגעזען דערינען אַ סכנה, קעגן וועלכער מען האָט זיך באַדאַרפט באַוואָפענען. דאָס, וואָס מען האָט דעמאָלט אָנגערופן „גרויס פחד", האָט באמת אַרומגעכאַפּט אַ גרויסע צאָל שטעט אין דער אומגעגנט פון די דאָזיקע אויפשטאַנדן. אין טרואַ, למשל, זיינען די דאָרפסלייט באַוואָפנט מיט שניידמעסערס און דרעש־העלצער, אַריין אין שטאָט און וואָלטן מיסתמא געווען געמאַכט אַ חורבן פון די הייזער, פון די תבואה־שפּעקולאַנטן, ווען די בורזשואַזיע — „אַלע ערלעכע עלעמענטן פונם בירגערטום" — וואָלטן ניט געווען זיך באַוואָפנט קעגן די דאָזיקע „רויבער" און זיי ניט אָפּגעשטויסן. דער זעלבער פאַקט איז פאָרגעקומען אין אַ סך אַנדערע שטעט. אַ בהלה האָט אַרומגעכאַפּט די שטאָטלייט. מען האָט זיך געריכט אויף „גזלנים", מען האָט זיי געזאָלט האָבן געזען גיין אַ „זעקס טויזנט מאַן", כּדי אַלץ מיט דער ערד אויסצוגלייכן" — און די בורזשואַזיע האָט צוגענומען דאָס געווער, וואָס האָט זיך געפונען אין ראַטהויז אָדער ביי די וואָפנמייסטערס און אָרגאַניזירט איר נאַציאָנאַלע גוואַרדיע אוים מורא, די אָרעמע באַפעלקערונג זאָל ניט האַלטן מיט די „רויבער" און זיך ניט וואַרפן אויף די גבירים.

אין פּעראָן, דער הויפּט־שטאָט פון פּיקאַרדיע, האָבן די איינוואוינער אויפגעהויבן אַ מרידה אין דער צווייטער העלפט יולי. זיי האָבן אונטערגעצונדן דעם שלאָגבוים, אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין די צאָל־באַאַמטע, פאַרכאַפּט די קאַסעס פון די מלוכה־אַמטן און באַפרייט אַלע אַרעסטירטע. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען פאַרן 28טן יולי. אין דער נאַכט פונם 28טן יולי — האָט געשריבן דער מער פון פּעראָן, הענאָ — האָט פלאַנדריע און גאַנץ פּיקאַרדיע זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן געווער אויף דער ידיעה וועגן די געשעענישן אין פּאַריז; די גלעקער האָבן געקלונגען אויף אַלאַרם אין אַלע שטעט און דערפער. דריי מאָל הונדערט טויזנט מאַן בירגער־מיליץ זיינען כּסדר געווען אונטערן געווער — און דאָס, כּדי אויפצונעמען צוויי טויזנט „רויבער", וואָס זיינען—ווי מען האָט געזאָגט—געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף און געבערענט די תבואה. אין תוך גענומען, זיינען— ווי עס האָט עפּעס עמעץ זייער ריכטיק געזאָגט אַרטור יונגן — די

דאָזיקע אַלע „רויבער" פּשוט געווען וואוילע פּויערים, וואָס האָבן אָנגעמאַכט טאַקע די מרידה, זיך באַוואָפנט מיט ווידלעס, דרענגער און שניידמעסערס, געצוואונגען די פּריצים זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע פעאָדאַלע רעכט און פאַרהאַלטן פאַרבייגייער, פרעגנדיק זיי, צי זיי זיינען פאַרן „פאָלק"? דער מער פון פּעראָן האָט אויך זייער ריכטיק געזאָגט: „מיר ווילן זיין אין שרעק. אדאנק די דאָזיקע שרעקלעכע קלאַנגען קענען מיר האַלטן אונטער־געווער אַ דריימיליאָניקע אַרמיי בורזשואַ און פּויערים אין גאַנץ פראַנקרייך".

אדריען דיפּאָר, אַן אַלגעמיינער באַקאַנטער מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און ברעטאָנישן קלוב, האָט זיך אפילו באַרימט, אַז ער האָט אויף אַזאַ אופן באַוואָפנט די בירגער אין זייער אַ סך שטעט. ער האָט געהאַט צוויי אָדער דריי אַגענטן, „מענטשן ענערגישע, אָבער אומבאַקאַנטע", וואָס האָבן אויסגעמיטן די שטעט; בעת זיי פלעגן אָבער קומען אין דאָרף אריין, פלעגן זיי מודיע זיין, אַז „די רויבער דערנענטערן זיך". זיי גייען — האָבן די דאָזיקע שלוחים געזאָגט — פינף הונדערט, טויזנט, דריי טויזנט מאַן — זיי האָבן אין דער גאַנצער אומגעגנט פאַרברענט דעם גאַנצן שניט, זיי ווילן אויסהונגערן דאָס פאָלק... מען האָט דעמאָלט גענומען קלינגען אין די גלעקער אויף אַלאַרם. די פּויערים האָבן זיך באַוואָפנט. די ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט וואָס אמאָל מער, און וואָס מער מען האָט געקלונגען, אַלץ מער איז די צאָל געוואַקסן; עס זיינען שוין געווען זעקס טויזנט רויבער, בעת די בייזבאַשערטע בשורה איז אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט אריין. מען האָט זיי געזען ניט ווייט, אַ מייל וועגס אין דעם און דעם וואַלד — און די באַפעלקערונג, דער עיקר די בורזשואַזיע, האָט זיך באַוואָפנט און געשיקט אירע פּאַטרולן אין וואַלד אריין, וואו זי האָט קיינעם ניט געפונען. אַלע זיינען אָבער געווען באַוואָפנט און — היט זיך, קיניג! בעת ער וועט אין 1791 וועלן אַנטלויפן, וועט ער אויף זיין וועג זען באַוואָפנטע פּויערטעס.

מען קען זיך מאָלן, וואָס פאַר אַ שרעק די מרידות האָבן צעטראָגן איבער גאַנץ פראַנקרייך; מיר פאַרשטייען, וואָס פאַר

אַן איינדרוק זיי האָבן געמאַכט אין ווערסאַל; באַהערשט פון דער אימה, האָט זיך די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג צונויפגעקליבן דעם 4טן אויגוסט אינאָווענט, כדי אַרומצורייִדן די מיטלען אויף צו דערשטיקן די פּויערים-אומרוען.

---

## זיבעצנטער קאפּיטל

# די נאַכט פונם 4טן אַווגוסט און אירע רעזולטאַטן.

די נאַכט פון 4טן אַווגוסט. — די אַריסטאָקראַטיע. — אַ סצענע אין דער פאַרזאַמלונג. — ווי ווייט מען האָט ווירקלעך נאָכגעגעבן. — די ווירקונג פון די נייַעס אויף דער פּראָווינץ. — דאָס בירגערטום באַוואָפנט זיך קעגן די פויערים.

די נאַכט פונם 4טן אַווגוסט איז איינע פון גרויסע רעוואָלוציע־דאַטעס; ווי דער 14טער יולי און 5טער אָקטאָבער 1789, ווי דער 21טער יוני 1791, דער 10טער אַווגוסט 1792 און דער 31טער מאַי 1793, איז זי איינער פון גרויסע עטאַפּן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס באַשטימט אגב דעם כאַראַקטער פון דעם קומענדיקן פעריאָד.

די היסטאָרישע לעגענדע האָט ליב געהאַט צו באַשיינען די דאָזיקע נאַכט און כמעט אַלע היסטאָריקער, וואָס גייען בלינד נאָך דער דערציילונג פון עטלעכע מענטשן פון יענער צייט, שטעלן זי פאָר, ווי אַ נאַכט, וואָס איז פול מיט התלהבות און הייליקן מסירת־נפש.

„מיטן נעמען באַסטיליע“ — ווי עס זאָגן אונז די דאָזיקע היסטאָריקער — „האָט די רעוואָלוציע געהאַט איר ערשטן נצחון. די דאָזיקע ידיעה לויפט אַריבער די פּראָווינץ און בלאָזט אומעטום אויף ענלעכע מרידות. זי דערגרייכט דאָס דאָרף, און די פויערים, וואָס ווערן אונטערגעהעצט דורך פאַרשיידענע עלעמענטן, פאַלן אָן אויף זייערע פּריצים און ברענען זייערע שלעסער. דעמאָלט באַפאַלט אַרום אַ פּאַטריאָטיש געפיל פון התלהבות די גייסטלעכע און איידעללייט; זיי זעען, אַז זיי האָבן נאָך קיין זאַך פאַר די פויערים ניט געטאָן און זיי זאָגן זיך אָפּ אין דער דאָזיקער היסטאָרישער נאַכט פון זייערע פעאָדאַלע רעכט. די גייסטלעכע, די איידעללייט, די אָרעמסטע פּראָבסטן און די רייכסטע פעאָדאַלע פּריצים, די שטעט, די דערפער — אַלע ווילן אַוועקלייגן זייערע זכיות אויפן מזבח פון פאָטערלאַנד. דער ענטוזיאַזם דערגרייכט

אויך און כאפט ארום די גאנצע נאציאנאל=פארזאמלונג און אלע איילן זיך מיט זייער קרבן. „די זיצונג איז געווען א הייליקע פייערלעכקייט, די טריבונע — א מזבח, דער זיצונגס=זאל — א טעמפל,— זאגט איינער פון די היסטאריקער, וואס איז געוויינלעך באקאנט מיט זיין רויקייט. „דאס איז פארן אייגנטום געווען א נאכט פון הייליקן בארטאלאמעוס", זאגן אנדערע. „און בעת די ערשטע שטראלן פון דער זון האבן צומארגנס אויפגעשיינט איבער פראנקרייך – האט די אלטע פעאדאלע ארדענונג אויפגעהערט שוין צו עקסיסטירן. נאכדעם, ווי פראנקרייך האט אויף א שייטערהויפן פארברענט אלע זכיות פון זייערע פריווילעגירטע קלאסן, איז עס געווארן א באנייט לאנד".

דאס איז אבער א לעגענדע. אמת, א התלהבות האט באהערשט די פארזאמלונג, בעת די צוויי פריצים, וויקאנט דע נאאל און פירשט ד'עגיאן האבן געפאדערט, אז די פעאדאלע רעכט צוזאמען מיט כלערליי אײדללײט=זכיות זאלן ווערן אפגעשאפן, און בעת צוויי בישאפן (פון נאנסי און שארטר) האבן געהאלטן רעדעס פארן מבטל מאכן דעם מעשר. ס'איז אמת, אז דער ענטוזיאזם איז געווארן וואס אמאל גרעסער, אז מען האט געקענט זען, ווי בעת דער דאזיקער נאכט=זיצונג האבן איינס נאך דאס אנדערע זיך באוויזן איידללייט און גייסטלעכע אויף דער טריבונע, ווי זיי האבן זיך געריסן צום ווארט, ווענדיק זיך אפזאגן פון זייער פריציש געריבטס=וועזן; מען האט געהערט, ווי די פריווילעגירטע האבן געפאדערט א פריי, אומזיסט, גלייך געזעץ פאר אלע; מען האט געזען וועלטלעכע און גייסטלעכע פריצים, וואס האבן זיך אפגעזאגט פון געיעג=רעכט... דער ענטוזיאזם האט ארומגעכאפט און מיטגעריסן די פארזאמלונג... און אין דעם דאזיקן ענטוזיאזם האט מען ניט באמערקט אפילו דעם תנאי פון א ו י ס ק ו י פ ן די פעאדאלע רעכט און מעשר, וואס די דאזיקע פריצים האבן ארייגעפלאכטן, צוזאמען מיט די בישאפן, אין זייערע רעדעס; דאס איז געווען א שרעקלעכער באדינג, טאקע צוליב דער אומקלארקייט זיינער, מחמת ער האט געקענט באדייטן אלץ אדער גארניט — ער האט איבערגערוקט, ווי מיר וועלן דאס זען, דאס אפשאפן די פעאדאלע רעכט אויף פיר יאר — ביז אווגוסט 1793.

דאָך, ווער פון אונז איז, לייענענדיק די הערלעכע באַשרייבונג פון דער דאָזיקער נאַכט, וואָס איז אונז איבערגעגעבן געוואָרן דורך די מענטשן פון יענער צייט — אויך ניט דורכגענומען געוואָרן מיט התלהבות? און ווער פון אונז האָט ניט דורכגעלייענט די דאָזיקע פּאַררעטערישע ווערטער: דאָס אויסקויפן, וואָס באַטרעפט אַ דרייסיקמאָליקע יערלעכע הכנסה, און ניט פאַרשטאַנען די שרעק, וועלכע איז אין זיי פאַרבאָרגן! אַזוי איז עס אויך געווען אין פראַנקרייך אין 1789.

קודם-כל, אַלזאָ, האָט די אוונט-זיצונג פונם 4טן אויגוסט זיך אָנגעהויבן מיט אַ מהומה, און ניט מיט התלהבות. מיר האָבן מיט אַ רגע פריער געזען, אַז אין משך פון די לעצטע פערצן טעג האָט מען צערויבט און פאַרברענט אַ גאַנצע ריי שלעסער. דער פּויערים-אויפשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן אויף מזרח, האָט זיך פאַרשפּרייט צו דרום-צו, צפון און אינם צענטער: ער האָט צו יעדער רגע געקענט ווערן אַלגעמיין. אין אַ טייל ערטער זיינען אַרויסגעטראָטן די פּויערים מיט ווילדן האַסט קעגן זייערע פּריצים; דערביי האָבן די ידיעות, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דער פּראָווינץ, פאַרגעשטעלט די געשעענישן אין אַ גוזמאדיקער באַלייכטונג. די פּריצים האָבן מיט שרעק זיך געכאַפּט, אַז עס איז אין ערגעץ ניט פאַרהאַן די קראַפט, וואָס זאָל קענען איינהאַלטן די באַוועגונג.

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט דורכלייענען אַ פאָרשלאָג, וואָס פאָדערט אַ דעקלאַראַציע קעגן די דאָזיקע אויפשטאַנדן. מען האָט אַפּעלירט צו דער פאַרזאַמלונג, אַז זי זאָל שאַרף זיך אַרויסזאָגן קעגן די מורדים און בקול-רם באַפעלן אָפּצוהיטן פרעמד אייגנטום, סיי דעם פעאָדאַלס, סיי ניט דעם פעאָדאַלס, אָן אונטערשייד פון וואַנען עס שטאַמט, כל-זמן די פאַרזאַמלונג וועט דעם דאָזיקן ענין אויף אַ געזעצגעבערישן אופן ניט ערליידיקן.

„עס איז צו זען, אַז יעדער אייגנטום ווערט אַ רויב-זאַך פון די פאַרבּרעכערישסטע רציחות" — זאָגט דער באַריכטגעבערישער קאָמיטעט. „אומעטום ברעכט מען שלעסער, מען מאַכט חרוב קלויסטערס, מען גיט אָפּ געדונגענע גיטער אויף גזלהשן באַראָט. מען צאָלט ניט קיין שטייערן, קיין פּריצישן מס, פון

אַלץ מאַכט מען אַ תּל. די געזעצן האָבן קיין האפט ניט, די מאַכט — קיין אווטאָריטעט״... דער באַריכט פאָדערט, אַז די פאַרזאַמלונג זאָל שאַרף אַרויסזאָגן זיך קעגן די אומרועז און ערקלערן, „אַז די אַמאָליקע געזעצן (די פעאָדאַלע) בלייבן אין זייער קראַפט, כּל־זמן די מאַכט פון פאָלק וועט זיי ניט אָפּשאַפן אָדער ניט ענדערן; אַז אַלע צינזן און צאָלונגען, וואָס זיינען געשטיצט אויפן טראַדיציאָנעלן רעכט, מוזן אויך ווייטער ווערן אָפּגעהיט, ביז די פאַרזאַמלונג וועט אין דעם ענין ניט אַרויסגעבן אַן אַנדער פאַראָרדענונג.

„דאָס זיינען ניט קיין רויבער!״ — רופט אויס פּירשט ד׳עגילאָן, „אין אַ סך פּראָווינצן פאַראייניקט זיך דאָס פאָלק, כּדי חרוב צו מאַכן די שלעסער, אַ תּל צו מאַכן פון די פעלדער *, דער עיקר אָבער כּדי צו פאַרבאַפן די אַרכיוון, וואו עס זיינען געווען די דאָקומענטן פון דעם פעאָדאַלן רעכט און אייגנטום״. די דאָזיקע ווערטער דריקן, דאַכט זיך, ניט אויס קיין ענטוזיאַזם, — אַ סך גיכער אימה.

די פאַרזאַמלונג האָט דעריבער געזאָלט בעטן דעם קיניג, ער זאָל אָננעמען שטרענגע מיטלען קעגן די אויפגעשטאַנענע פּויערים. עס איז שוין געווען וועגן דעם אַ רייד פריער, דעם 3טן אווגוסט. דאָך האָט פון עטלעכע טעג שוין אַ הייפל איידללייט, וואָס האָבן געהאַט אַ ביסל פּראָגרעסיווערע אָנשויונגען פון די איבעריקע חברים זייערע און האָבן טרעפלעך אָפּגעשאַצט די געשעענישן — דער וויקאָנט דע נאָאיל, פּירשט ד׳עגילאָן, פּירשט דע־לאַ ראָשעפוקאָל, אַלעקסאַנדער דע־לאַמעט און עטלעכע אַנדערע — זיך געהיים פאַרשטענדיקט, וואָסער שטעלונג אָנצונעמען לגבי דעם פּויערים־אויפשטאַנד. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איינציקע מיטל, כּדי מציל צו זיין די פעאָדאַלע רעכט, איז מוותר

* אַ תּל מאַכן פון די פעלדער האָט מיסתּמא געהייסן דאָס, וואָס אין אַ ביסל ערטער האָבן די פּויערים געשניטן פרימצייטיקע תּבואה „נאָך גרינע״, ווי עס זאָגן די באַריכטן. דאָס איז אָבער געווען סוף יולי און די תּבואה איז שוין דעמאָלט געווען כמעט צייטיק — און דאָס פאָלק, וואָס האָט קיין עסן ניט געהאַט, האָט צוגענומען די פרייצישע פּירות.

צו זיין אויף ערן=רעכט און קלענערע פּריווילעגיעס, און פאָדערן פון די פּויערים אויסצוקויפן די פעאָדאַלע פליכטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער ערד און האָבן אַרעאַלן ווערט. דאָס אַנטוויקלען די דאָזיקע געדאַנקען אין דער פאַר=זאַמלונג האָט מען איבערגעגעבן פירשט ד'עגיאָן. אַזוי אַרום האָבן רער וויקאָנט דע נאָאַי און פירשט ד'עגיאָן דערפילט די דאָזיקע אויפגאַבע.

פון אָנהייב רעוואָלוציע אָן האָט די דאָרפישע באַפעלקע=רונג געפאָדערט, די פעאָדאַלע רעכט זאָלן ווערן אָפּגעשאַפט *. איצט, האָבן געזאָגט די צוויי טוער פון די ליבעראַלע איידללייט, זיינען די פּויערים, אומצופרידענע, וואָס מען האָט פאַר זיי אין משך פון דריי חדשים גאָרניט געטאָן, אַרוים מיט אומרוען; מען קען זיי שוין ניט איינהאַלטן — אין דער איצטיקער רגע דאַרף מען אויסקלייבן „צווישן דעם אונטערגאַנג פון דער געזעלשאַפט און עטלעכע הנחות. די הנחות האָט פאָרמולירט וויקאָנט דע נאָאַי אויף אַזאַ אופן: גלייכהייט פון אַלע לגבי די הכנסה=שטייערן; אַלע געזעלשאַפטלעכע צינזן זיינען חל אויף אַלעמען; „אַלע פעאָ=דאַלע רעכט ווערן אויסגעקויפט דורך די געמיינדעס" (די דאָרפישע לויט דעם פּראָפּאָרציאָנעלן יערלעכן איינטראָג, לסוף „דאָס אָפּ=שאַפן די פּריצישע אַרבעטן, די טויטע האַנט און אַנדערע פער=זענלעכע פליכטן, אָן שום שכר=היזק". **

* די אויסדרוקן פון התלהבות און איידעלע געפילן, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט וואָס אַמאָל לעבעדיקער און באַוועגלעכער געשאַפן, האָבן ניט איבערגעלאָזט גענוג צייט אויף גענויער אַרומריידן און באַשטימען די קלוגע מיטלען, דורך וועלכע די דאָזיקע גאָולהדיקע פּראָיעקטן זאָלן אויף אַ געהעריקן אופן רעאַליזירט ווערן, — פּראָיעקטן, וואָס זיינען שוין דורך אַזוי פיל טעמאָ=ריאַלן באַשלאָסן געוואָרן, דורך אַזוי פיל הייסע פאָדערונגען, וואָס האָבן אויפגערודערט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג און זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויף די פּראָווינציעלע און קרייז=פאַרזאַמלונגען און אומעטום, וואו די בירגער האָבן אין משך פון אַסך חדשים זיך געקענט צונויפזאַמלען".

** „אַלע פעאָדאַלע רעכט דאַרפן אויסגעקויפט ווערן דורך די געמיינדעס פאַר געלט אָדער דורך אויסטויש", — האָט געזאָגט וויקאָנט דע=נאָאַי. „אַלע

מען דאַרף נאָך דערצו מוסיף זיין, אַז פון אַ געוויסער צייט אָן האָבן שוין די פויערים זייערע פערזענלעכע פליכטן ניט אויסגעפירט. דאָס זעט מען ארויס זייער קלאָר פון די ערקלערונגען פון די אינטענדאַנטן. נאָכן יולי-בונט איז שוין קלאָר געווען, אַז די פויערים וועלן די דאָזיקע פליכטן שוין מער ניט אויספירן — אומאָפּהענגיק דערפון, צי די פּריצים וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע רעכט, צו ניט.

די דאָזיקע הנחות, וואָס וויקאָנט דע-נאָאַי האָט פאָרגעשלאָגן, האָבן נאָכמער באַגרעניצט די אײדללײט מיט די בורזשואַס, צווישן וועלכע זייער אַ סך האָבן געהאַט ערד-אייגנטום צוזאַמען מיט די פעאָדאַלע זכיות, וואָס זיינען מיט זיי פאַרבונדן. פירשט ד׳עגיאָן, וואָס איז אַרויף אויף דער טריבונע נאָך הער דע-נאָאַי און וואָס די אייבנדערמאָנטע אײדללײט האָבן אויסגעוויילט פאַר זייערס אַ טוער, האָט מיט סימפּאַטיע גערעדט וועגן די פויערים; ער האָט פאַרענטפערט זייער אויפשטאַנד, אָבער צו וואָס? כדי צוצוגעבן: „די איבעריקע פעאָדאַלע געזעצן, וואָס פאַרפליכטן נאָך אין פראַנקרייך, זיינען — און דאָס מוז געזאָגט ווערן — אייגנטום, און יעדער אייגנטום איז הייליק. דער יושר פאַרוואַרט צו פאָדערן פון וועמען עס איז זיך אָפּצוזאָגן פון אייגנטום אָן אַ געהעריקן שכר-היזק פאַרן אייגנטימער. צוליב דעם האָט

אָן אויסנאַם דאַרפן טראָגן די עפנטלעכע פליכטן, אַלע שטייערן״, האָט געזאָגט ד׳עגיאָן. „איך פאָדער אויסקויף-געלט פאַר דער קלויסטער-ערד״, האָט געזאָגט לאַפּאַר, דער בישאָף פון נאַנסי, — „און פאָדער אויך, אַז דאָס אויסקויפן זאָל ניט זיין קיין טובה פאַרן גייסטלעכן פּריץ, נאָר, אַז די הכנסה דערפון זאָל גיין אויף נוצלעכע פאָנדן פאַר אָרעמעלייט״. דער בישאָף פון שאַרטר פאָדערט, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן דאָס גייעג-רעכט און זאָגט זיך אַליין אויך דערפון אָפּ. דעמאָלט שטייען די אײדללײט און גייסטלעכע אויף פון זייערע ערטער און שליסן זיך אָן אָן זיי. דע-רישע פאָדערט, אַז ניט בלויז דאָס פּריצישע גערעכטס-וועזן זאָל אָפּגעשאַפט ווערן, נאָר אויך אַן אומזיסט געריכט. עטלעכע פּראָבסטן פאָדערן, מען זאָל זיי ערלויבן זיך אָפּצוזאָגן פון זייטיקע הכנסות, און פאַרבייטן דעם מעשר אויף אַ געלט-אָפּצאָל.

פירשט ד'עגיאן אפגעשוואכט העד דע=נאאיס אויסדרוק בנוגע שטייערן, זאגנדיק, אז אלע בירגער מוזן זיי צאלן לויט „זייער מעגלעכקייט". וואס שייך די פעאדאלע רעכט, האט ער געפאדערט, אז די אלע פליכטן — הן פערזענלעכע, הן אנדערע, זאלן די פויערים אויסקויפן, „אויב זיי פארלאנגען עס", פאר א דרייסיק= פאכיקער הכנסה, דאס הייסט פאר דעם סכום צינז, וואס איז דעמאלט אויסגעפאלן אויף א יאר, נאר דרייסיק מאל פארגרעסערט! דאס האט געהייסן מאכן דעם אויסקויף אילוזאריש, מחמת פאר ערד=רענטעס איז א פינף=און=צוואנציקפאכיק אויסקויף=געלט זייער שווער און אין מכחר ווערט די ערד=רענטע געוויינלעך קאפיטאליזירט אויף צוואנציק מאל, אדער אפילו זיבעצן מאל אווי פיל.

די דאזיקע בײדע רעדעס האבן די הערן פונם דריטן שטאנד אויפגענומען מיט התלהבות; זיי זיינען אריבער צו די ווייטער= דיקע דורות אלס אקטן פון דערהויבענער אפפערוויליקייט מצד די איידללייט, בעת אין דער אמתן האט די נאציאנאל=פארזאמ= לונג, גייענדיק נאך דעם פראגראם, וואס פירשט ד'עגיאן האט אנגעצייכנט, געשאפן אזוי ארום דאס פייער פון די שרעקלעכע קאמפן, וואס האבן געכאכט די רעוואלוציע אזוי בלוטיק. עטלעכע פויערים, וואס האבן זיך געפונען אין דער דאזיקער פארזאמלונג, האבן ניט גענומען דאס ווארט, כדי ארויסצווייזן דערמיט די מינדערווערטיקייט פון די „קרבנות" פון די איידללייט; און די מאסע דעפוטאטן פונם דריטן שטאנד, דאס רוב בורזשוא, האבן געהאט זייער א נעפלדיקע השגה וועגן דעם גאנצן סכום פעאדאלע רעכט, ווי אויך וועגן דעם כוח פון דער פויערים=מרידה. פאר זיי איז דאס אפזאגן זיך פון די פעאדאלע רעכט, אפילו מיטן תנאי פון אויסקויפן, געווען שוין א דערהויבענער קרבן, וואס זיי האבן גע= בראכט דער רעוואלוציע.

לע גיאן די קעראנגאל, דער ברעטאנישער דעפוטאט, „וואס איז געגאנגען פויעריש געקליידט", האט דעמאלט ארויסגעזאגט שיינע און ריכטיקע ווערטער. די דאזיקע ווערטער, ווען ער האט גערעדט וועגן די „פארשאלטענע פארמעטן", וואס אנטהאלטן התחייבותן אויף פערזענלעכע פליכטן, אפגעלעבטע זאכן פון אונ=

טערטעניקייט, האָבן מיטגעריסן און רייסן נאָך היינט מיט די הערצער. אָבער אויך ער האָט ניט באַקעמפט דעם אויסקויף פון די פעאָדאַלע פליכטן, וואָס נעמען אַרום די זעלבע „פאַרשאָלטענע" פליכטן, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אין די צייטן פון אומוויסן און פינסטערקייט, און וואָס זייער אומרעכט האָט ער אַזוי אָראַטאָריש אַנטפּלעקט.

מען קען ניט לייקענען, אַז דאָס בילד פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אין דער נאַכט פונם 4טן אויגוסט האָט געמוזט זיין אַ פראַכטפולס, מחמת מען האָט געזען דעפּוטאַטן-איידלליט און גייסטלעכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זכיות, וועלכע מען האָט אָן שום פראָטעסט אין משך פון יאָרהונדערטער אויסגעפירט. דאָס זיינען געווען הערלעכע זשעסטן און ווערטער, בעת די פריצים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע שטייערן-זכיות, בעת די גלחים זיינען אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער און זיך אָפּגעזאָגט פון מעשר, די אָרעמסטע פראָבסטן פון זייערע זייטיקע הכנסות, די גרויסע פריצים פון זייער פּאַטרימאָניאַל געריכט, און אַלע צוזאַמען פון געיעג-רעכט, פאָדערנדיק, אַז די טויבנשלאַקן, אויף וועלכע די פויערים האָבן זיך באַקלאָגט, זאָלן באַזייטיקט ווערן. ס'איז אויך שיין געווען צו זען, ווי גאַנצע פראָווינצן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון פריווילעגיעס, וואָס האָבן פאַר זיי געשאַפן אַ ספּעציעלע לאַגע אין דער מלוכה. אַזוי אַרום האָט מען באַזייטיקט די שטאַנד-פראָווינצן און אָפּגעשאַפן די זכיות פון די שטעט, וואָס עטלעכע פון זיי האָבן אין די אַרומיקע גיטער געהאַט פעאָדאַלע רעכט. די דעפּוטאַטן פון דעלפינאַט (וואו, ווי מיר האָבן געזען, די מרידה איז געווען אַ סך שטאַרקער און אַלגעמיינער) האָבן אָנגעהויבן אָפּשאַפן דעם אונטערשייד צווישן די פראָווינצן און אַלע איבעריקע זיינען זיי נאָכגעגאַנגען.

אַלע עדות פון דער דאָזיקער היסטאָרישער זיצונג באַשרייבן מיט ענטוזיאַזם די נאַכט. בעת די איידלליט האָבן אין פּרינציפּ אָנגענומען דעם אויסקויף פון די פעאָדאַלע רעכט, האָט מען זיך געווענדט צו די גייסטלעכע, אַז זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן אין דער דאָזיקער פראַגע. די גייסטלעכע זיינען פולקום מסכים אויסצוקויפן

די קלויסטערישע פּעאָדאַלע פליכטן, בתנאי, אַז דער אויסקויף=
מקח זאָל ניט שאַפן קיין פּערזענלעכע פאַרמעגנס צווישן זיי גופא,
נאָר די גאַנצע הכנסה זאָל פאַרוועגדעט ווערן אויף כּלל=זאַכן.
דערנאָך שטעלט איין בּישאָף פאָר די היזקות, וואָס די מחנות
הינט מאַכן אָן אויף די פּויערישע פעלדער, און פאָדערט, אַז די
געיעג=פּריווילעגיע זאָל אָפּגעשאַפט ווערן — דערויף ענטפערן די
איידעללייט תיכּף מיט אַ התלהבותדיקן אויסגעשריי און דריקן אויס
זייער הסכּמה. דאָס התלהבות האָט דערגרייכט דעם העכסטן שפּיץ,
און בעת די פאַרזאַמלונג גייט צווויי בּיינאַכט זיך פונאַנדער, פילט
יעדער איינער, אַז מען האָט געלייגט אַ יסוד פאַר אַ נייער
געזעלשאַפט.

מיר זיינען ווייט פונם געדאַנק צו פאַרקלענערן די וויכטי=
קייט פון דער דאָזיקער נאַכט. מען דאַרף האָבן אַזא התלהבות, אַז
די געשעענישן זאָלן ווערן צוגעאיילט. מען וועט עס נאָך דאַרפן האָבן
אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, מחמת אין רעוואָלוציע איז זייער
וויכטיק דאָס אַרויסרופן התלהבות און דאָס פריידיקן ווערטער,
וועלכע זאָלן ריידן צום הארץ. דער פאַקט אַליין, וואָס די איידל=
לייט, די גייסטלעכע און כּל=המינים פּריווילעגירטע לייט האָבן אויף
דער דאָזיקער נאַכט=זיצונג אָנערקענט די פאָרשריט פון דער רעוואָ=
לוציע, וואָס זיי האָבן באַשלאָסן זיך אונטערצוגעבן, אָנשטאָט זיך
צו באַוואָפענען קעגן איר — דער פאַקט גופא איז שוין געווען
אַ נצחון פון מענטשלעכן גייסט. און געווען איז עס נאָכמער דער=
פאַר, ווייל דאָס אָפּזאָגן זיך איז פאָרגעקומען בּיי התלהבות.
אמת — בּיי אַ לאָנגע פון ברענענדיקע שלעסער: אָבער ווי אָפט
האָט אָן ענלעכע לאָנגע געשטויסן די פּריווילעגירטע בלויז צו
עקשנותדיקן ווידערשטאַנד, צו שנאה און שחיטה. די נאַכט פונם
4טן אווגוסט האָבן די דאָזיקע ווייטע לאָנעס אַרויסגערופן אַנדערע
ווערטער — ווערטער פון סימפּאַטיע פאַר די אויפגעשטאַנענע —
און אַנדערע אַקטן — באַרויִקונגס=אַקטן.

דאָס האָט געשטאַמט דערפון, וואָס פונם 14טן יולי אָן
האָט דער גייסט פון רעוואָלוציע — אַ רעזולטאַט פון דעם גאַנצן
בּרויזן, וואָס האָט זיך געשאַפן אין פראַנקרייך — זיך געטראָגן

איבער אַלץ, וואָס האָט געלעבט און געפילט, און דער דאָזיקער גייסט, אַ פּועל־יוצא פון מיליאָניאָניקע מענטשלעכע מאַסן, האָט אָנגע־שטעקט מיט שוואונג, וואָס האָט געפעלט דאָרט אין געוויינלעכע צייטן.

נאָכדעם ווי דער היסטאָריקער ווייזט אָן אויף די שיינע רעזולטאַטן, וואָס נאָר די רעוואָלוציע איז בכּוח געווען ארויסצו־רופן, מוז ער נאָך ווארפן אַ רויִקן בליק אויף די געשעענישן און באַמערקן, ווי ווייט דאָס התלהבות איז דערגאַנגען און וואָסער גבול עס האָט ניט געוואַגט איבערצוטרעטן; ער מוז אָנווייזן, וואָס דער ענטוזיאַזם האָט געגעבן דעם פאָלק און וואָס ער האָט אים ניט געוואָלט אָנערקענען.

אַן אַלגעמיינער כאַראַקטער־שטריך איז שוין געגוג, כּדי אָנ־צוּווייזן דעם גבול. די פאַרזאַמלונג האָט באַרעכטיקט און פאַראַל־געמיינערט בלויז דאָס, וואָס דאָס פאָלק האָט אין אַ טייל ערטער אַליין אויפגעטאָן. ווייטער איז זי ניט געגאַנגען.

לאָמיר זיך דערמאָנען וואָס דאָס פאָלק האָט שוין אויפגע־טאָן אין שטראַסבורג און אין אַנדערע שטעט. עס האָט, ווי מיר האָבן געזען, באַשטייערט אַלע בירגער, די איידללייט און די בורזשואַס, ווי אויך פּראָקלאַמירט אַ הכנסה־שטייער: די פאַרזאַמלונג האָט עס אין פּרינציפּ אָנגענומען. עס האָט אָפּגעשאַפט די ערן־אַמטן — די איידללייט האָבן זיך אָפּגעזאָגט דערפון דעם 4טן אווגוסט; האָט זי דעם דאָזיקן רעוואָלוציאָנערן אַקט באַשטעטיקט. דאָס פאָלק האָט אויך אָפּגעשאַפן דאָס פּריצישע געריכט־וועזן און אַליין דורך וואַלן באַשטימט זיינע ריכטער. די פאַרזאַמלונג האָט דאָס אויך אָנגע־נומען. לסוף האָט דאָס פאָלק אומגעוואָרפן די פּריווילעגיעס פון די שטעט און די צאָל־ראַגאַטקעס פון דער פּראָווינץ — דאָס איז פאָרגעקומען אויף מזרח — און איצט האָט די פאַרזאַמלונג דעם דאָזיקן פאַקט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן שוין אין אַ טייל פונם קיניגרייך, דערהויבן ביז אַן אַלגעמיינעם פּרינציפּ.

וואָס שייך דעם דאָרף, האָט דער קלער אין פּרינציפּ מסכּים געווען אויסצוקויפן דעם מעשר, אָבער אין וויפל ערטער האָט דאָס פאָלק שוין גאָר עס ניט געצאָלט! און בעת די פאַרזאַמלונג האָט בקרוב געפאָדערט, אַז עס זאָל צאָלן אַזש ביזן יאָר 1791, האָט

מען באַדאַרפט דראָען מיט תּליה, כּדי צו צווינגען די פּויערים זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן.

פאַרשטייט זיך — מען דאַרף זיך פרייען, וואָס דער קלער האָט זיך אונטערגעגעבן, אַז דער מעשר זאָל אָפּגעשאַפט ווערן בדרך אויסקויף. וויפל קאַמפן, וויפל שנאה, וויפל בלוט וואָלט ער געווען פאַרשפּאַרט, ווען ער זאָל זיך געווען אָפּזאָגן פון דעם מעשר און זיך געווענדט צו פאָלקס=נדבות, אָדער גאָר צו זיינע געמיינדע=לייט, כּדי צו פאַרזיכערן זיין עקסיסטענץ. וואָס שייך די פעאָדאַלע רעכט — איז וויפל קאַמפן וואָלט מען געווען אויסגעמיטן, ווען די פאַרזאַמלונג וואָלט, אַנשטאָט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג פון פירשט ד'עגיאָן, שוין דעם 4טן אַווגוסט געווען מסכּים זיין אויף הער דע נאָאַיס, אין תּוך גענומען, זייער באַשיידענעם פאָרשלאָג: מ'זאָל אָפּשאַפן די פערזענלעכע פליכט אָן אויסקויף, נאָר בלויז אויסקויפן די אָפּצאָלן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער ערד! וויפל בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אין משך פון דריי יאָר, ווען מען האָט אין 1792 דערגרייכט דעם ציל, שוין אָפּגערעדט פון די פאַרביסענע קאַמפן, וואָס מען האָט געמוזט פירן, כּדי דורכצופירן אין 1793 דאָס פולקומע אָפּשאַפן פון די פעאָדאַלע רעכט!

לאָמיר אָבער דערווייל טאָן, ווי עס האָבן געטאָן די מענטשן פון 1789. אַלע זיינען געווען פאַרשיכּורט פון פרייד נאָך דער דאָזיקער זיצונג. אַלע האָבן זיך גראַטולירט צוליב דער דאָזיקער נאַכט, דער נאַכט פונם הייליקן באַרטאָלעמעוס פאַר פעאָדאַלע כּיסבּרויכן. דאָס באַווייזט אונז, וואָס עס הייסט אין רעוואָלוציע אָנערקענען, אָדער לכל=הפּחות פּראָקלאַמירן אַ נייעם פּרינציפּ. אין דער אמתן טאַקע, די קוריערן פון פּאַריז האָבן צעטראָגן אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון פראַנקרייך דאָס גרויסע נייס: „אַלע פעאָדאַלע רעכט זיינען אָפּגעשאַפט!" מחמת אַזוי האָט פאַרשטאַנען די באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג דאָס פאָלק און אַזוי איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דאָס ערשטע אַרטיקל פונם באַשלוס פון 5טן אַווגוסט! אַלע פעאָדאַלע רעכט זיינען אָפּגעשאַפט! ס'איז שוין ניטאָ מער קיין מעשר! ניטאָ מער קיין צינז, ניטאָ קיין אָפּ=

צאָל ביים קויפן און פאַרקויפן, ניטאָ קיין גאַרבן=צינז, ניטאָ קיין אַרבעטס=פליכטן, ניטאָ קיין קאָפּ=שטייער! ניטאָ קיין געיעג=רעכט! אַוועק מיט די טויבנשלאַקן! ניטאָ, לסוף, קיין פּריצים, ניט עפּעס קיין פּריווילעגירטע: אַלע זיינען גלייך לגבי דעם ריכטער, וואָס ווערט דורך אַלעמען אויסגעוויילט!

אַזוי לכל=הפּחות האָט מען אויף דער פּראָווינץ פאַרשטאַנען די נאַכט פונם 4טן אַווגוסט. אַ סך פריער פאַר דעם זיינען די באַשלוסן פון 5טן ביז 11טן אַווגוסט צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג און איידער נאָך עס איז דורכגעפירט געוואָרן די גרעניץ צווישן דעם, וואָס מען האָט געהייסן אויסקויפן און וואָס עס איז שוין תיכף געוואָרן אָפּגעשאַפט, — אַ סך פריער, ווי די דאָזיקע אַקטן און אָפּזאָגן זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין אַרטיקלען פון געזעץ, האָבן די קוריערן שוין מודיע געווען דעם פּויער די בשורה טובה. פון דער רגע אָן — מען זאָל אים אפילו געווען דראָען מיט דערשיסן — וועט ער שוין מער גאָרניט וועלן צאָלן.

די פּויערים=מרידה ווערט דעמאָלט וואָס אַמאָל שטאַרקער. זי כאַפּט אַרום די פּראָווינצן, וואָס זיינען, ווי ברעטאַניע, געבליבן ביז איצט רויק. און אויב די באַלעבאַטים פאָדערן איצט עפּעס מס, פאַרכאַפּן די פּויערים זייערע שלעסער און ברענען אַלע אַרכיוון מיט די ערד=פּנקסים. זיי ווילן זיך ניט אונטערוואַרפן די אַווגוסט=דעקרעטן און *אונטערשיידן די רעכט, וואָס דאַרפן ווערן אויסגעקויפט, פון די אָפּגעשאַפענע*, זאָגט די=שאַטעליע *. אומעטום, אין גאַנץ פראַנקרייך, מאַכט מען אַ תל פון די טויבנשלאַקן און מען ראַט אויס די חיות. אין דאָרף האָט מען זיך דעמאָלט אָנגעגעסן צו זאַט. מען האָט צוריק פאַרנומען די ערד, וואָס האָט געהערט אַמאָל צו דער געמיינדע און איז שפּעטער פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די פּריצים.

דעמאָלט האָט זיך עס אין מזרח=פראַנקרייך באַוויזן דער פאַקט, וואָס האָט שפּעטער אַזוי אָפט זיך געלאָזט פילן אין משך

---

* Histoire de la Révolution dans les départements de l'ancienne Bretagne, I.

פון די ווייטערדיקע צוויי יאָר רעוואָלוציע, — דאָס בירגערטום ווענדט זיך קעגן די פּויערים. די ליבעראַלע היסטאָריקער מיידן דאָס אויס מיט שטילשווייגן. אָבער דאָס איז אַ גאָר וויכטיקער פאַקט, וואָס מיר מוזן אונטערשטרייכן.

מיר האָבן געזען, אַז דער פּויערים־אויפשטאַנד האָט אַמשטאַרקסטן זיך אַנטפּלעקט אינם דעלפינאַט און בכלל אויפן מזרח. די גבירים, ערד־באַזיצער, זיינען זיך צעלאָפן, און נעקער האָט זיך באַקלאָגט, אַז אין משך פון צוויי וואָכן האָט ער געמוזט אויסשטעלן פאַר די גבירים 6000 פּעסער. זיי האָבן פאַרפּלייצט די גאַנצע שווייץ.

געבליבן איז אָבער די מיטל־בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך באַוואָפנט און אָרגאַניזירט איר מיליץ, און די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט אינגיכן אָנגענומען (דעם 10טן אויגוסט) אַ דראַקאָניש געזעץ קעגן די צעבונטעוועטע פּויערים *. מיטן תירוץ, אַז דער אויפשטאַנד איז אַ שטיקל אַרבעט פון רויבער, האָט זי באַפולמעכטיקט די שטאָט־פאַרוואַלטונגען אַרויסצורופן מיליטער, צוצונעמען דאָס געווער ביי לייטן, וואָס האָבן ניט קיין שטענדיקע פּראָפעסיע און וואוינאָרט, צעטרייבן די באַנדעס און אויספירן מאַסן־עקזעקוציעס.—דאָס דעלפינאַט־בירגערטום האָט אין דער פולער מאָס אויסגענוצט די דאָזיקע רעכט. בעת די חברה־מורדים פון די פּויערים האָבן זיך דערנענטערט פון דער זייט פון בורגונדיע, ברענענדיק אויפן וועג די שלעסער, האָט די בורזשואַזיע פון שטאָט און דאָרף זיך פאַראייניקט קעגן זיי. איינע פון די דאָזיקע באַנדעס, שרייבן די „צוויי פרייהייטס־פריינד", איז דעם 27טן יולי צעקלאַפּט געוואָרן אונטער קאָרמאַנטען — דאָרט זיינען געפאַלן 20 מאַן און 60 מאַן זיינען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אונטער קליני איז געווען 100 דערהרגעטע און 160 געפאַנגענע. די מאַכט פון דער שטאָט מאַסאָן האָט געפירט אַן אמתע מלחמה מיט די פּויערים, וואָס האָבן ניט געוואָלט צאָלן קיין מעשר — צוואַנציק פון זיי האָט זי אויפגעהאַנגען. אין דוע זיינען צוועלף פּויערים אומגעקומען אויף דער תליה. די ליאָנער

* בישע און רו: „Histoire parlamentaire",

בורזשואַזיע האָט אינם קאַמף מיט די פּויערים דערהרגעט 80 און 60 געפאַנגען גענומען. די הויפּט־שוץ פון דעלפינאַט האָט געשלעפּט איבערן גאַנצן לאַנד און געהאַנגען די צעבונטעוועטע פּויערים. „אין דער רוערגי־פּראָווינץ האָט די שטאָט מילאָ גערופן די איבעריקע שטעט צו הילף און אויפגעפאָדערט זיי זיך צו באַוואָפענען קעגן די רויבער און קעגן די אַלע, וואָס ווילן ניט צאָלן קיין שטייערן („קוריער פּאַריזיען“, די זיצונג פונם 19טן אויגוסט, 1789) *.

מיט איין וואָרט פון די אויבנדערמאָנטע פאַקטן איז צו זען — און זיי וואָלט איך לייכט געקענט ברענגען, — אַ סך מער, אַז דאָרט, וואו דער פּויערים־אויפשטאַנד איז געווען ראַשער, האָט דאָס בירגערטום זיך באַמיט אים צו דערשטיקן; און עס וואָלט זיך אין אַ גרויסער מאָס אים געווען דאָס איינגעגעבן, ווען די

---

* נאָך דער מפּלה פון די צוויי פּויערים־באַנדעס, וואָס איינע פון זיי האָט געדראָט דעם שלאָס קאָרמאַנטען, און די צווייטע דער שטאָט קליני און נאָך די גוזמאַדיק־האַרבע שטראָפן, זאָגן בושה און רו, האָט די מלחמה נעדויערט ווייטער, — זי איז אָבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַרטיזאַנישן קאַמף. „דערווייל האָט די פּערמאַנענטע אָפּטיילונג פון מאַסאָן אומגעזעצלעך זיך אָנגעוואָרפן אַלס טריבונאַל: זי האָט פאַרמשפּט אויף טויט צוואַנציק אומגליקלעכע פּויערים, וואָס זייער גאַנצער חטא איז באַשטאַנען אין זיין הונגעריק און וואָס זיי זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דעם מעשר און קעגן די פעאָדאַלע רעכט“. אומעטום איז דער אויפשטאַנד סוף־כּל־סוף אַרויסגערופן געוואָרן דורך קלייניקייטן: סיכסוכים מיט די פּריצים אָדער מיט די גייסטלעכע וועגן אַ לאָנקע אָדער אַ קוואַל; אָדער צוליב דעם, וואָס אויפן שלאָס, צו וועלכן עס האָט אויך געהערט דאָס נידריקערע געריכטוועזן, האָט מען טעלעכע פּויערים אויפגעהאַנגען פאַר רויבערייען א. אַז. וו. די פלוג־בלעטער פון יענער צייט, וואָס זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך בישע און רו, טיילן מיט, אַז דער פּאַרלאַמענט אין דוע האָט געהייסן אומברענגען צוועלף אָנפירער פון די פּויערים־אויספאַלן; דער ליאָנער ווילער־קאָמיטעט האָט געהייסן אַן אָפּטיילונג פרייוויליקע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אַרויסטרעטן. איין פלוג־בלאַט פון יענער צייט פאַרזיכערט, אַז אָט־די קליינע אַרמיי האָט בלויז אין איין קליינעם צוזאַמענשטויס „דערהרגעט 80 מאַן פון די, וואָס מ׳האָט גערופן רויבער, און האָט פאַרכאַפּט 60 געפאַנגענע“. דער הויפּט־וואָרט פון דעלפינאַט, וואָס איז אונטערשטיצט געוואָרן דורך דעם בירגערלעכן מיליציע־קאָרפּוס, האָט געשלעפּט דורכן דאָרף און האָט געהאַנגען (בישע און רו. 11).

ידיעות, וואָס קומען אָן פון פּאריז נאָכן 4טן אווגוסט, וואָלטן ניט צוגעגעבן דער מרידה א נייעם כּוח.

די פּויערים־מרידה איז, דאכט זיך, ערשט אָפּגעשוואכט געוואָרן אין סעפּטעמבער אָדער אָקטאָבער, ס'קען זיין צוליב די פעלד־ארבעטן; אין יאַנואַר אָבער 1790, זיינען ווי עס איז צו זען פונעם באריכט פון קאָמיטעט פאר פעאָדאלע רעכט, אויסגעבראָכן פויערים־אומרוען מיט א באַנייטער ענערגיע, משמעות דערפאר, ווייל מען האָט געפאָדערט אָפּצאָלן. די פויערים האָבן ניט געוואָלט זיך צופּאסן צו דעם חילוק, וואָס די נאַציאָנאַל־פאַרזאמלונג האָט איינגעשטעלט צווישן די פליכטן, וואָס זיינען פארבונדן מיט דער ערד און די פערזענלעכע פליכטן, און זיינען אויפגעשטאַנען, כּדי מער שוין ניט צו צאָלן.

מיר וועלן זיך אומקערן צו דעם דאָזיקן וויכטיקן ענין אין איינעם פון די נאָענטסטע קאַפּיטלען.

---

## אכצנטער קאַפּיטל

# די פעאָדאַלע רעכט בלייבן

די רעשטלעך פון לייב-אייגנטום. — די אַנטוישונג פון די פויערים. — די יאַגד-געזעצן. — דאָס אויסקויפן פון דער ערד איז אוממעגלעך. — די באַשטימונגען פון דעם 4טן אויגוסט 1789 דאַרפן ניט גענומען ווערן בוכשטעבלעך. — די פויערים אָנטזאָגן זיך צו צאָלן. — דער קיניג דער מיטלפונקט פון פעאָדאַליזם. — די טאַקטיק פון דער פאַרזאַמלונג.

בעת די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט זיך דעם 5טן אוגוסט צונויפגעזאַמלט, כּדי אין דער פאָרם פון באַשלוסן צונויפצושטעלן די אָפּזאַגן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער היסטאָרישער נאַכט פונם 4טן, האָט מען געקענט זען, ווי ווייט דער פּאַרלאַמענט איז געווען וואוילגענייגט צו אייגנטום: ווי ער האָט זיך באַמיט צו באַשיצן יעדער געלט-נוצן, וואָס איז פאַרבונדן מיט די זעלבע פעאָדאַלע זכיות, פון וועלכע ער האָט ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק זיך אָפּגעזאָגט.

עס האָבן נאָך עקסיסטירט אין פראַנקרייך, אונטערן נאָמען די טויטע האַנט, טעריטאָריאַלע פאַרבאָט-רעכט א. אז. וו., רעשטלעך פון דער אַמאָליקער לייבקנעכטשאַפט. אין פראַנש-קאָנטע, ניווערנע, בור-באָנע האָבן זיך געפונען פויערים, וואָס זיינען געווען אונטערגעוואָרפן דער טויטער האַנט. דאָס זיינען געווען פויערים-קנעכט אין דעם אמתן זין פון וואָרט; זיי האָבן ניט געטאָרט פאַרקויפן זייער פאַרמעגן, ניט לאָזן זיי אַלס ירושה, סיידן יענע פון זייערע קינדער, וואָס האָבן געוואוינט צוזאַמען מיט זיי. צוזאַמען מיט זייערע קינ-דער זיינען זיי, אַלזאָ, געווען צוגעשמידט צו דער ערד. מיר קענען ניט גענוי די ציפערן. דאָך אָנערקענט מען די ציפער דריי מאָל הונדערט טויזנט, וואָס באָנסערף האָט אויפגעגעבן, אַלס די וואַרשיינלעכסטע.

אחוץ די דאָזיקע אונטערגעוואָרפענע זיינען נאָך געווען אַ סך פרייע פויערים, און אפילו איינוואוינער פון שטעט, וואָס זיינען — ניט געקוקט דערויף — געבליבן אונטערן צוואַנג פון פערזענלעכע

פליכטן בנוגע זייערע פריערדיקע פריצים, אָדער די פריצים פון דער ערד, וואָס זיי האָבן געקויפט אָדער גענומען אין פאכט *.

מען שאַצט אָפּ, אַז די פריווילעגירטע — די איידעללייט און די גלחים — האָבן פאַרמאָגט בסך־הכל אַ העלפט פון דער ערד פון אַלע דערפער. אַחוץ דער ערד, וואָס איז געווען זייער אייגנטום, האָבן זיי נאָך געהאַט כלערליי פעאָדאַלע רעכט אויף דער ערד, וועלכע האָט געהערט צו די פויערים. די קליינע ערד־באַזיצער זיינען שוין דעמאָלט אין פראַנקרייך פאַרהאַן אין אַ גרויסער צאָל; אַזוי זאָגן יענע, וואָס האָבן דעם ענין געפאָרשט. דאָך, זאָגט סאַניאַק, איז ניטאָ קיין סך — „וואָס האָבן פרייע ערד, וועלכע זיינען ניט מחויב צו צאָלן דעם פריץ לכל־הפחות צינז אָדער עפּעס אַן אַנדער מין אָפּצאָל, וואָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער ערד־הערשאַפט". כמעט אַלע ערד־באַזיצער צאָלן עפּעס די פריצים צי אין מזומנים, צי אין אַ געוויסער צאָל תבואה־איינזאַמלונגען, אָדער אין אַרבעטס־פליכטן?

די דאָזיקע פליכטן זיינען געווען פאַרשיידן, זיי זיינען איינגעטיילט געווען אין פינף קאַטעגאָריעס: 1) פּערזענלעכע פליכטן, אָפטמאָל זייער דערנידריקנדיקע, — איבערבלייבענישן פון דער אונטערטאַנשאַפט (אין אַ טייל ערטער האָבן די פויערים, למשל, געמוזט קלאַפּן אינמיטן דער נאַכט אין די סטאַוון, אַז די פרעש זאָלן ניט שטערן דעם פריץ שלאָפן); 2) מס אין מזומנים און כלערליי צאָלונגען, אין נאַטור אָדער אין אַרבעט, וואָס עס האָט געקומט פאַר אמתע אָדער כלומרשטע ערד־אָפּטרעטונגען: דאָס איז געווען די טויטע האַנט, און זאַך־לייבקנעכטשאַפט **, לען־

* דאָס צושמידן צו דער ערד איז דער מהות פון קנעכטשאַפט. אומעטום, וואו די אונטערטאַנשאַפט האָט שוין געדויערט עטלעכע הונדערט יאָר, האָבן די פריצים באַקומען פון דער מלוכה אויך רעכט אויף דער פּערזאָן גופא פון דעם אונטערטאַן, וואָס עס האָט דערגענטערט די אונטערטאַנשאַפט (אין רוסלאַנד, למשל, פונם XVIIIטן י"ה) צו קנעכטשאַפט. דערמיט לאָזט זיך ערקלערן, וואָס אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך ווערן די דאָזיקע צוויי באַגריפן אונטערטאַנשאַפט און קנעכטשאַפט צונויפגעמישט.

** „זאַך"־לייבקנעכטשאַפט אַלס קעגנזאַץ צו „פּערזענלעכער" הייסט דאָ אַ פליכט, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ זאַך, ד. ה. צו באַזיצן עפּעס אַ באַשטימט שטיק ערד.

ציִנז, גאַרבן=ציִנז, ערד=רענטע, מַס ביים קויפן און פאַרקויפן;
3) פאַרשיידענע אָפּצאָלן, וואָס זיינען אַ פּועל=יוצא פון די פּרי=
צישע מאָנאָפּאָלן; דאָס הייסט, אַז די פּריצים האָבן גענומען אַ גע=
וויסן אָפּצאָל, שטייערן אָדער ציִנז פון יענע, וואָס האָבן זיך באַ=
נוצט מיט מאַגאַזינען אָדער פּריצישע מאָסן, פּריצישע מילן, דרוקן,
באַק=אויוונס א. אַז. וו.; 4) געריכט=אָפּצאָלן, וואָס דער פּריץ האָט גע=
נומען דאָרט, וואו דאָס געריכטס=וועזן איז געווען אָפּהענגיק פון אים,
אָפּצאָלונגען, שטראָפן א. אַז. וו.; לסוף 5) דער פּריץ האָט געהאַט
אויסשליסלעכע רעכט אויף געיעג אויף זיין ערד און אויף דער
ערד פון די שכנותדיקע פּויערים, ווי אויך רעכט צו האַלטן
טויבנשלאַקן, קיניגלעך=שטייגן, וועלכע זיינען געווען זייער אַ גע=
זוכטע ערן=פּריווילעגיע.

די אַלע רעכט זיינען געווען העכסט=קווייַלנדיקע: זיי האָבן
אָפּגעקאָסט דעם פּויער אַ שלל מיט געלד, און דער פּריץ האָט אָפּט=
מאָל ווייניק, אָדער כמעט גאָרניט געגעבן. און אַ פאַקט איז (באַנ=
סערף באַמערקט עס און שטרייכט אונטער אין זיין וויכטיק ווערק
„Les inconvenients des droits feodaux", אַז פון 1776 אָן זיינען
די פּריצים אינגאַנצן פאַראָרעמט געוואָרן, און דער עיקר זייערע
פאַרוואַלטערס, און האָבן אָנגעהויבן וואָס אַמאָל מער ארויסצודריקן
פון די פאַכטערס, ציִנז=צאָלער און בכלל פּויערים. אין 1786 איז
געקומען אפילו צו אַן אַלגעמיינער רעוויזיע פון די ערד=פּנקסים,
כדי צו פאַרגרעסערן דעם פעאָדאַלן מַס.

נאָכדעם, ווי די פאַרזאַמלונג האָט אין פּרינציפּ זיך ארויס=
געזאָגט פאַרן אָפּשאַפן די פאַרעלטערטע יסודות פון דער פעאָ=
דאַלער אָרדענונג, האָט זי זיך צוריקגעצויגן, בעת עס האָט זיך גע=
האַנדלט אין געבן די דאָזיקע אָפּזאָגונגען אַ קאָנקרעטן פּרצוף
פון געזעץ: זי האָט זיך דע מאָלט געשטעלט אויפן צד פון די
באַזיצער.

אַזוי, למשל, קען מען רעכענען, אַז קוים האָבן די פּריצים
מקריב געווען די טויטע האַנט, דאַרף שוין מער דערפון קיין רייד
ניט זיין: מען האָט דעם אָפּזאָג בלויז באַדאַרפט איינפאַסן אין
דער פאָרם פון אַ דעקרעט. אָבער אפילו איבער דעם דאָזיקן ענין

האָבן זיך אָנגעהויבן וויכוחים. מען האָט זיך באמת פעסטצושטעלן דעם חילוק צווישן דער פערזענלעכער טויטער האַנט, וואָס מען האָט באַזייטיקט אָן שום שכר־היזק, און זאַך־טויטער האַנט (וואָס איז פאַרבונדן מיט דער ערד און ווערט איבערגעטראָגן דורך אַרענדע אָדער קויפן ערד), וואָס מען וואָלט געמוזט אויס־קויפן. און ווען די פאַרזאַמלונג האָט לסוף זיך אַנטשלאָסן אָפּצו־שאַפן אָן שום שכר־היזק אַלע רעכט און פליכטן, אַזוי פעאָדאַלע, ווי צינזיקע, „וואָס געהערן צו דער פערזענלעכער אָדער זאַכיקער טויטער האַנט און פערזענלעכע פליכטן", האָט מען נאָך געמוזט דאָ באַזייטיקן געוויסע ספקות, — דהיינו, אין אַלע פאַלן, וואו ס'איז שווער געווען אָפּצוטיילן די רעכט פון דער טויטער האַנט פון די פעאָדאַלע רעכט בכלל.

די זעלבע אומאַנטשלאָסענע לאַגע האָט זיך געלאָזט באַ־מערקן בנוגע דעם קירך־מעשר. ווי באַוואוסט, האָט דער דאַזיקער „מעשר" באַטראָפן אָפטמאָל אַ פינפטל אָדער אפילו אַ פערטל פון דעם גאַנצן שניט און די גייסטלעכע האָבן נאָך אפילו געהאַט פּרעטענזיעס אויף אַנטייל אין היי, ניסלעך א. אז. וו. דער דאַזיקער מעשר איז זעווען אַ שווערע לאַסט פאַר די פויערים, דער עיקר די אָרעמע. דעם פערטן אויגוסט האָבן די גייסטלעכע ערקלערט, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון אַלע מעשרים אין נאַטור, בתנאי, אַז זיי וועלן ווערן אויסגעקויפט דורך יענע, וואָס האָבן זיי ביזאהער געצאָלט. היות מען האָט ניט פעסטגעשטעלט — ניט קיין תנאים פון אויסקויף, ניט קיין תקנות, ווי אַזוי די זאַך דורכצופירן, איז דער אָפּזאָג געווען בלויז אַ געוויינלעכער צוזאָג. די גייסטלעכע האָבן צוגענומען דעם אויסקויף, ערלויבט די פויערים אויסצוקויפן דעם מעשר, אויב זיי האָבן עס געוואָלט, און פעסטגעשטעלט מקחים מיט זייערע באַלעבאַטים. אָבער ווען מען איז דעם 6טן אויגוסט צוגעטראָטן צונויפּצושטעלן דעם באַשלוס וועגן מעשר, האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף אַ געוויסער מניעה.

עס זיינען געווען מעשרים, וואָס די גלחים האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער פאַרקויפט פּריוואַטע פּערזאָנען; זיי האָבן גע־הייסן וועלטלעכע אָדער פעאָדאַליזירטע. דעם אויסקויף פון דעם

דאָזיקן מעשר האָט מען געהאַלטן פאַר אַן אומבאַדינגט נייטיקער זאַך, כּדי צו לאָזן פאַר זיך די באַזיץ=רעכט פונם לעצטן קונה. נאָך ערגער, דעם מעשר, וואָס די פויערים האָבן געצאָלט די גייסטלעכע, האָבן אַ טייל רעדנער פון דער פאַרזאַמלונג פאַרגע=שטעלט אפילו, ווי אַ שטייער, וואָס ווערט געצאָלט דורכן פאָלק, כּדי אויסצוהאַלטן „זיינע גייסטלעכע"; בּיסלעכווייז האָט אינם וויכּוח גענומען די איבערהאַנט די מיינונג, אַז וועגן אויסקויפן דעם מעשר קען נאָר דעמאָלט זיין אַ רייד, ווען דאָס פאָלק וועט זיך מתחייב זיין צו געבן אַ רעגולער שכירות דעם קלער. די דיסקוסיע האָט געדויערט פינף טעג, אַזש ביזן 11טן אויגוסט; אין דעם טאָג האָבן עטלעכע פּראָבסטן, וועלכע עס האָבן נאָכגעטאָן די אַרציבּי=שאָפן, ערקלערט, אַז זיי ברענגען דעם מעשר אַלס קרבן פאַרן באַטערלאַנד און פאַרלאָזן זיך אויפן יושר און איידלקייט פונם פאָלק.

מען האָט נאָך באַשלאָסן, אַז דער מעשר, וואָס ווערט גע=צאָלט די גייסטלעכע, ווערט אָפּגעשאַפט, איידער אָבער עס וועלן אויסגעזוכט ווערן אַנדערע מיטלען אויף צו דעקן די קירכלעכע הוצאות, דאַרף מען צאָלן ווייטער דעם מעשר לויטן אַלטן שטייגער. דעם פעאָדאַליזירטן מעשר דאַרף מען צאָלן אַזוי לאַנג, כּל=זמן ער וועט ניט ווערן אויסגעקויפט.

מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע אַנטטוי=שונג דער דאָזיקער באַשלוס איז געווען פאַר די פויערים און וואָס פאַר אַ באַאומרויִקונג ער האָט אַרויסגערופן. טעאָרעטיש האָט מען דעם מעשר אָפּגעשאַפט, אָבער אין דער אמתן האָט מען אים גע=הייסן צאָלן, ווי פריער. „ווי לאַנג נאָך?" — האָבן זיך געפרעגט די פויערים; און מען האָט זיי געענטפערט: „ביז מען וועט גע=פינען אַנדערע מיטלען צו צאָלן די גייסטלעכע!" היות מיט די מלוכה=פינאַנסן איז וואָס אַמאָל ערגער געוואָרן, האָט דער פויער ריכטיק געפרעגט, צי דער מעשר וועט בכלל ווען עס איז ווערן אָפּגעשאַפן. דער שטילשטאַנד אין דער אַרבעט און דער רעוואָ=לוציאָנערער שטורעם האָבן, פאַרשטייט זיך, געשטערט דעם אַריינ=פלוס פון שטייערן, בעת די הוצאות אויף אַ נייער אַדמיניסטראַציע און נייע געריכטס=וועזן זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. די

דעמאָקראַטישע רעפאָרמעס קאָסט. טייער און ערשט נאָך אַ לאַנגער צייט איז דאָס פאָלק, וואָס לעבט איבער אַ רעוואָלוציע, בכוח צו דעקן זייערע אויסגאַבן. דערווייל האָט עס געמוזט צאָלן מעשר, און ביזן 1791 האָט מען עס געפאָדערט פון אים מיט דער גאַנצער שטרענגקייט. היות דער פויער האָט אים שוין מער ניט געוואָלט צאָלן, האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען איינס נאָך דאָס אַנדערע אַ געזעץ אויף אַ געזעץ, אַ שטראָף נאָך אַ שטראָף.

דאָס זעלבע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן דעם געיעג־רעכט. אין דער נאַכט פונם 4טן אַווגוסט האָבן די אײדעללייט זיך אָפּגעזאָגט פונם דאָזיקן רעכט. בעת מען האָט אָבער געוואָלט פאָרמולירן דעם אינהאַלט פונם אָפּזאָג, האָט מען באַמערקט, אַז ער באַדייט געיעג־רעכט פאַר אַלע. די פאַרזאַמלונג האָט זיך דערפאַר דערשראָקן און אויסגעשפּרייט דאָס געיעג־רעכט בלויז אויף אַלע אייגנטימער, אָדער ריכטיקער אויף אַלע ערד־באַזיצער און דערצו נאָך „אויף זייער ערד". אָבער אויך דאָ האָט מען נאָך געלאָזט אַ געוויסע אומקלאָרקייט אין דער פאָרמול, אויף וועלכער מען האָט סוף־כל־סוף זיך אָנטשלאָסן. די פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעשאַפן דאָס אויסשליסלעכע געיעג־רעכט און דאָס באַזיצן אָפענע אַרומצוימונגען, זי האָט אָבער ערקלערט, אַז „יעדער באַלעבאָס האָט רעכט אויסצוראָטן אָדער באַפעלן אויסצוראָטן די חיות בלויז אויף זיין באַזיץ־שטח". צי איז דאָס נוגע געווען אויך פאַכטערס? דאָס איז געווען אַ ספק. די פויערים האָבן אָבער ניט געוואָלט—ניט וואַרטן און ניט זיך אַריינלאָזן אין אַדוואָקאַטן, וואָס ברענגען דערצו, מען זאָל זיך האַלטן אין איין לאָדן. תּיכּף נאָכן 4טן אַווגוסט האָט מען אומעטום אָנגעהויבן פירן געיעג אויף פּריצישע חיות. זעענדיק אין משך פון לאַנגע יאָרן, ווי די חיות מאַכן אַ תּל פון זייער תּבואה, האָבן זיי אַליין גענומען אויסראָטן די שאָדן־ווינקלען און ניט געוואַרט אויף קיין ערלויבעניש.

וואָס שייך, לסוף, דער עיקר־זאַך — דער גרויסער פראַגע פון פעאָדאַלע רעכט, וואָס האָט געהאַלטן אין אָנשטרענגונג צוואַנציק מיליאָן פראַנצויזן, — האָט די פאַרזאַמלונג, פאָרמירנדיק אין

באשלוסן די אפזאגונגען פון דער נאכט פונם 4טן אווגוסט, זיך באגרענעצט בלויז מיט ארויסזאגן דעם הוילן פרינציפ.

„די נאציאנאל-פארזאמלונג שאפט אפ די גאנצע פעאדאלע אָרדענונג", האט געזאגט דאס ערשטע ארטיקל פונם באשלוס פון 5טן אווגוסט. דער המשך פון די ארטיקלען אין די באשלוסן פונם 5טן ביזן 11טן אווגוסט האט אויפגעקלערט, אז בלויז פערזענלעכע פליכטן, וואס זיינען פוגע בכבוד, ווערן אינגאנצן אפגעשאפט. אלע אנדערע פליכטן, אָן אונטערשייד, אָן שום חילוק פון וואנען זיי שטאמען און פון וואסער ארט זיי זיינען, בלייבן אין קראפט. מען וועט זיי אמאל קענען אויסקויפן, די אווגוסט-החלטות האבן אבער ניט אנגעוויזן ניט ווען, ניט ביי וואסערע באדינגונגען דאס האט געקענט געשען. מען האט קיין שום טערמין ניט באשטימט. קיין איין ווארט האט מען ניט דערמאנט וועגן דער געזעצלעכער פראצעדור, דורך וועלכער דער אויסקויף האט געקענט געשען. קיין זאך ניט, קיין זאך אחוץ דעם פרינציפ, אחוץ דעם פרומען וואונטש. דערווייל האט דער פויער געמוזט אלץ ווייטער צאלן — ווי אמאל.

נאך עפעס ערגערס האט געשטעקט אין די אווגוסט-באשלוסן פון 1789. זיי האבן געמאכט א וועג דער פאראָרדענונג, אדאנק וועלכער דער אויסקויף איז געווארן אילוזאריש, מחמת אין זיבן חדשים ארום, אין פעברואר 1790, האט די פארזאמלונג ארויפגעלייגט אויפן פויער א סאלידארן אויסקויף פון אלע ערד-רענטעס און אזוי ארום גורם געווען, אז דער אויסקויף זאל זיין פאר אים ממש אומצוטריטלעך. סאניאק זאגט (אויפן 90טן עמוד פון זיין בארימט ווערק), אז שוין דעם 6טן צי דעם 7טן אווגוסט האט אן ענלעכע פאראָרדענונג פארגעשלאגן דעמעניע. און די פארזאמלונג, ווי מיר וועלן דאס זען, האט ארויסגעגעבן אין פעברואר א געזעץ, לויט וועלכן דער אויסקויף פון פליכטן, וואס זיינען פארבונדן מיט דער ערד, איז געווארן אוממעגלעך אָן דעם גלייכצייטיקן אויסקויף פון פערזענלעכע פליכטן, וואס זיינען אפגעשאפט געווארן שוין דעם 5טן אווגוסט 1789.

מיטגעריסן דורך דער התלהבות, מיט וועלכער פּאַריז האָט אויפגענומען צוזאַמען מיט גאַנץ פראַנקרייך די ידיעה וועגן דער זיצונג פונם 4טן אווגוסט, האָבן די היסטאָריקער ניט גענוג בולט געמאַכט די ווירקלעכקייט פון די באַגרענעצונגען, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט מוסיף געווען צום ערשטן פּאַראַגראַף פון איר באַשלוס אויף די ווייטערדיקע זיצונגען, פונם 5טן ביזן 11טן אווגוסט. אפילו לוי בלאַן, וואָס האָט אינם קאַפּיטל „אייגנטום און רעוואָלוציע" (בוך II, קאַפּ. I) געבראַכט די נייטיקע פאַקטן, כדי אָפּצושאַצן דעם אינהאַלט פון די אווגוסט־באַשלוסן, וואַקלט זיך, משמעות, צי ער זאָל צעזייען די הערלעכע לעגענדע, און איז מרמז קוים־קוים וועגן די באַגרענעצונגען, אָדער באַמיט זיך זיי אפילו צו פאַרענטפערן, זאָגנדיק, אַז די לאָגיק פון די פאַקטן אין דער געשיכטע איז להלוטין ניט אַזוי שנעל, ווי די לאָגיק פון אידעען אינם מוח פון אַ דענקער". אַ פאַקט איז אָבער, אַז די דאָזיקע אומקלאָרקייט, די דאָזיקע ספקות, דאָס דאָזיקע אָפּשלעפּן, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט אָנגעוואָרפן די פויערים, בעת יענע האָבן געפאָדערט קלאָרע און קאַטעגאָרישע מיטלען, כדי אָפּצושאַפן די פּאָרנלאַנגע מיסברויכן, האָבן גורם געווען די שרעקלעכע קאַמפן, וואָס האָבן אין משך פון די ווייטערדיקע פיר יאָר געהאַט אָן אָרט אין פראַנקרייך. ערשט נאָכן אַרויסטרייבן די זשיראָנדיסטן האָט מען אויפדאָסניי אויפגעהויבן די גאַנצע פראַגע וועגן די פעאָדאַלע רעכט און מען האָט זי פאַרענטפערט אין גייסט פונם ערשטן אַרטיקל פונם באַשלוס פון 4טן אווגוסט *.

היינט, אין העכער הונדערט יאָר אַרום, גייט שוין ניט אין באַקלאָגן זיך אויף דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. זי האָט באמת

* בישע און רו זעען אין זייער „Histoire parlamentaire de la Révolution française" II, זייט 243, אין די אָפּזאָגונגען פונם 4טן אווגוסט בלויז הנהות, האָס זיינען אומפאַרמיידלעך צוליב דעם וויכוח אַרום דער דעקלאַראַציע פון די רעכט פון מענטש. היות מען האָט באַקומען אַ מערהייט פאַר דער דאָזיקער דעקלאַראַציע, וואָלט דאָס אָנגעמען זי ממילא גורם געווען, אַז די זכיות זאָלן ווערן אָפּגעשאַפט. עס איז אויך אינטערעסאַנט, ווי פרוי עליזאַבעט האָט דערציילט איר פריינדין, פרוי דע מאָמבעל, וועגן דער נאַכט פונם 4טן אווגוסט:

אַלץ געטאָן, וואָס מען האָט זיך געקענט ריכטן פון אַ פאַרזאַמלונג פון בורזשואזע אייגנטימער און פאַרמעגלעכע בורזשואַס; עס קען זיין, אַז עס האָט אַפילו נאָך מער געטאָן. עס האָט געוואָרפן דער וועלט דעם פּרינציפּ און דערמיט אין אַ געוויסער מאָס צוצוגעבן השק אַנדערע, אַז זיי זאָלן גיין נאָך ווייטער. ס'איז אָבער זייער וויכטיק זיך גוט אָפּצוגעבן אַ חשבון פון די דאָזיקע באַגרענעצונגען, מחמת, נעמענדיק בוכשטעבלעך דעם אַרטיקל, וואָס זאָגט וועגן גרינדלעכן אומוואַרפן די פעאָדאַלע אָרדענונג, שטעלן מיר זיך אָוועק פאַר דער פראַגע פון לחלוטין ניט פאַרשטיין די גאַנצע שפּעטערדיקע פיר יאָר רעוואָלוציע, און נאָך מער די קאַמפן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אינם קאָנווענט אין יאָר 1793.

* * *

די מניעות, אויף וועלכע די דאָזיקע באַשלוסן האָבן אָנגע־טראָפן, זיינען געווען געוואַלדיקע. הגם זיי האָבן לחלוטין ניט געקענט באַפרידיקן די פּויערים און זיינען געוואָרן אַ לאָזונג, אַז די פּוי־ערים־מרידות זאָלן זיך פאַרשטאַרקן, האָבן די פּריצים, די הויכע גייסטלעכע און דער קיניג איינגעזען אין די דאָזיקע באַשלוסן אַ באַרויבונג פונם קלער און פון די איידללייט. פון דעם טאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַן אונטערערדישע אַגיטאַציע, וואָס האָט אָן אויפהער און וואָס אַמאָל שאַרפער זיך געווענדט קעגן דער רע־וואָלוציע. די פאַרזאַמלונג האָט גערעכנט, אַז זי באַוואָרנט די רעכט פון ערד־אייגנטום. אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט אַזאַ געזעץ אפשר דערגרייכט דעם ציל. די פּויערים האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז די נאַכט פון 4טן אויגוסט איז געווען אַ מוראַדיקער קלאַפּ

"די איידללייט" — האָט זי געשריבן — "האָבן זיך מיט התלהבות, וואָס פּאַסט זיך טאַקע פאַר אַ פראַנצויזיש האַרץ, אָפּגעזאָגט פון אַלע פעאָדאַלע רעכט און פון גייעג־רעכט. איך מיין, אַז דאָס איז אויך ניגע פיש־פאַנג. אויך די גייסטלעכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונם מעשר, פון די זייטיקע הכנסות און פון דער מעגלעכקייט צו באַזיצן עטלעכע גיטער. דעם דאָזיקן באַשלוס האָט מען צעשיקט אין אַלע פּראָ־ווינצן. איך האָף, אַז דאָס וועט מאַכן אַ סוף צו דעם ברענען די שלעסער, וואָס באַטרעפט שוין זיבעציק.

פאַר אַלע פעאָדאַלע רעכט און אַז די אווגוסט-באַשלוסן האָבן אָפּגענומען ביי די פּריצים די רעכט, הגם זיי האָבן געהייסן זיי אויסקויפן. די אַלע באַשלוסן, צווישן זיי אויך דאָס אָפּשאַפן דעם מעשר, דאָס געיעג-רעכט און אַנדערע זכיות, האָבן געוויזן דעם פאָלק, אַז די אינטערעסן פונם פאָלק זיינען העכער פון די אייגנטום-רעכט, וואָס זיינען דערוואָרבן געוואָרן אין משך פון דעם געשעפט. זיי האָבן אַנט-האַלטן אין זיך דאָס פאַרמשפּטן, אין נאָמען פון יושר, אַלע זכיות וואָס זיינען געירשנט געוואָרן פון דעם פעאָדאַליזם, און קיין זאַך האָט פון איצט אָן ניט געקענט מער צוריקגעבן די דאָזיקע רעכט זייער אווטאָריטעט אין די אויגן פונם פּויער.

דער פּויער האָט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע פליכטן זיינען געוואָרן פאַרמשפּט און האָט זיי שוין ניט געוואָלט אויסקויפן. ער האָט פּשוט אויפגעהערט זיי צו צאָלן. די פאַרזאַמלונג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין מוט — ניט אָפּצושאַפן אין דער גאַנצער מאָס די פעאָדאַלע רעכט, ניט צו באַצייכענען דעם אופן פון אויסקויף, וואָס זאָל זיין צוטריטלעך פאַר די פּויערים, האָט דורך דעם גע-שאַפן צווויידייטיקע באַציִונגען, וואָס האָבן געזאָלט ווערן דער פּונק פון אַ היימישער מלחמה אין גאַנץ פראַנקרייך. די פּויערים האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף קיין זאַך ניט אויסקויפן און קיין זאַך ניט צאָלן, נאָר ווייטער פירן די רעוואָלוציע, כדי אָפּצו-שאַפן די פעאָדאַלע רעכט אָן אויסקויף. פאַר די גבירים אָבער איז קלאָר געווען, אַז די אווגוסט-באַשלוסן האָבן קיין זאַך ניט אָנגענומען, אַז פאַקטיש איז נאָך קיין זאַך ניט פאַרגעקומען, אחוץ סיידן דעם אָפּזאָגן זיך פון דער טויטער האַנט און פונם געיעג-רעכט און אַז האַלטנדיק זיך ביי דער קאָנטער-רעוואָלוציע און דעם קיניג אַלס פאַרשטייער, וועט זיך זיי אפשר איינגעבן צו בלייבן ביי די פעאָדאַלע רעכט און פאַרהאַלטן די ערד, וואָס איז דורך זיי און זייערע עלטער-זיידעס צוגענומען געוואָרן ביי די דאָר-פישע געמיינדעס.

דער קיניג, משמעות אונטערן איינפלוס פון זיינע מקורבים, האָט זייער גוט פאַרשטאַנען די ראָלע, וואָס די קאָנטער-רעוואָ-

לוציע האָט אים אָנגעצייכנט; ער האָט פארשטאַנען, אַז דער טראַן דאַרף קאָנצענטרירן ארום זיך די פּאַרטייאידיקער פון די פעאָדאַלע זכיות. ער האָט דעריבער שנעל אָנגעשריבן צום ארציבישאָף פון אַרל, אַז ער וועט קיינמאָל, סיידן אונטערן דראַנג פון צוואַנג, ניט געבן קיין סאַנקציע אויף די אַווגוסט־באַשלוסן. „דער קרבן (פון די צוויי העכערע שטאַנדן) איז הערלעך — האָט ער געשריבן — איך קען אים בלויז באַוואונדערן; פאַר קיין פּרייז וועל איך ניט מסכים זיין צו באַרויבן מיינע גייסטלעכע, מיינע איידללייט. איך וועל קיינמאָל ניט געבן קיין סאַקנציע אויף די דעקרעטן, וואָס צילן זיי צו באַרויבן...“

און ער האָט אַזוי לאַנג אָפּגעזאָגט זיין הסכמה ביז דאָס פאָלק האָט אים — אַלס געפאַנגענעם — געבראַכט קיין פּאַריז. און דעמאָלט אַפילו, ווען ער האָט, נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיט די באַזיצנדיקע, מיט די גייסטלעכע, מיט די איידללייט און מיטן בירגערטום זי געגעבן, האָט ער געטאָן אַליץ, אַז זיינע ערקלערונגען זאָלן ניט באַקומען קיין פאָרם פון אַ געזעץ און זיי זאָלן אייביק בלייבן אַ טויט אות.

---

מיין פריינד דזשעמס גיאָם איז געווען אַזוי ליבנסווערדיק און דורכגעלייענט מיין כתב־יד, צוגעבנדיק בנוגע דער סאַנקציע פון די באַשלוסן פונם 4טן אַווגוסט אַ צושריפט, וואָס איך ברענג דאָ גאַנצערהייט:

„די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט גלייכצייטיק געהאַט די איינאָרדענונגס־מאַכט (pouvoir constituant) און די געזעצגעבע־רישע מאַכט; האָט אַ סך מאָל ערקלערט, אַז אירע אַקטן, אַלס איינאָרדענונגס־מאַכט, זיינען אומאָפּהענגיק פון דעם קיניגלעכן אַווטאָריטעט; בלויז די געזעצן האָבן באַדאַרפט האָבן אַ סאַנקציע פונם קיניג (זיי האָבן פאַר דער סאַנקציע געהייסן — דעקרעט, נאָך דער סאַנקציע ווידער — געזעץ).

די אַקטן פונם 4טן אַווגוסט זיינען געווען פון איינאָרדע־נונגס־כאַראַקטער: די פאַרזאַמלונג האָט זיי צונויפגעשטעלט אין דער פאָרם פון באַשלוסן, און האָט אַפילו קיין רגע זיך ניט פאַר־

טראַכט, אַז כּדי די פּריווילעגירטע זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע זכיות, דאַרף מען האָבן אַן ערלויבעניש פונם קיניג. דער כאַראַק־טער פון די דאָזיקע באַשלוסן — אָדער פון דעם באַשלוס, — מחמת עס ווערט גערעדט דערפון אַמאָל אין לשון רבים, אַמאָל אין לשון יחיד — באַשטימט דער לעצטער, נײַנצנטער אַרטיקל, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט פאָלגנדיקס: „די נאַציאָנאַל־פאַר־זאַמלונג וועט תיכּף נאָך דער קאָנסטיטוציע זיך פאַרנעמען מיט צונויפשטעלן די געזעצן, וואָס זײַנען נייטיק, כּדי די פּרינציפּן, וואָס זײַנען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דעם דאָזיקן באַשלוס, זאָלן ווערן אַנטוויקלט און די הערן דעפּוטאַטן וועלן זיי תיכּף־ומיד צעשיקן אין אַלע פּראָווינצן א. אַז. וו. — דעם עלפטן אַוו־גוסט איז אָנגענומען געוואָרן ענדגילטיק די רעדאַקציע פון די דאָזיקע באַשלוסן; גלייכצייטיק האָט די פאַרזאַמלונג באַשלאָסן צו געבן דעם קיניג דעם טיטל „באַנייער פון דער פראַנצויזישער פרייהייט" און פאַראָרדנט, עס זאָל געזונגען ווערן Te Deum * אין דער שלאָס־קאַפּעלע.

דעם צוועלפטן קומט דער פאָרזיצער (לע שאַפּעליע) צום קיניג מיט אַן אָנפראַגע, ווען ער וועט באַוויליקן אָנצונעמען די פאַרזאַמלונג אויף Te Deum; דער קיניג ענטפערט, אַז דעם 13טן בייטאָג. דעם דרייצנטן גייט די גאַנצע פאַרזאַמלונג אין שלאָס; דער פאָרזיצער האַלט אַ רעדע; ער פאַרלאַנגט לחלוטין ניט קיין כאַנקציעס; ער ערקלערט דעם קיניג, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט געטאָן, און איז אים מודיע וועגן דעם טיטל, וואָס מען האָט אים געגעבן; לודוויק דער XVI ענטפערט, אַז ער נעמט אָן דעם טיטל מיט דאַנקבאַרקייט; ער באַגריסט די פאַרזאַמלונג און דריקט איר אויס זײַן צוטרוי. דערנאָך זינגט מען אין דער קאַפּעלע Te Deum.

דאָס איז גאָרניט, וואָס דער קיניג האָט אין אַ געהיימען בריוו צום אַרציבישאָף פון אַרל געבראַכט צום אויסדריק אַן אַנ־דער געפיל: דאָ גייט בלויז אין זײַנע עפנטלעכע אַקטן.

ובכן איז תּחילת מצד דעם קיניג ניט געווען אפילו די קלענסטע אָפּאָזיציע קעגן די באַשלוסן פונם 4טן אווגוסט.

* „דיך גאָט" — די ערשטע ווערטער פון אַ הימן.

בעת מען האט שבת דעם 12טן סעפטעמבער ארומגערעדט די אומרוען, וואס האבן אויפגעטרייסלט פראנקרייך, האט די פאט־ריאטישע פארטיי, כדי זיי צו דערשטיקן, געהאלטן פאר נייטיק פייערלעך צו פראקלאמירן די באשלוסן פונם 4טן אווגוסט; צו דעם צוועק האט די מערהייט באשלאסן, אז די דאזיקע החלטות זאלן פארגעשטעלט ווערן דער קיניגלעכער סאנקציע, ניט געקוקט אויף דער אפאזיציע פון די שונאים פון דער רעוואלוציע, וועלכע עס וואלט אנגענעמער געווען, ווען עס זאל וועגן די באשלוסן גאר קיין רייד ניט געווען.

שוין מאנטאג דעם 14טן סעפטעמבער האבן די פאטריאטן באמערקט, אז דאס ווארט „סאנקציע" קען ארויסרופן א מיספאר־שטענדעניש. מען האט טאקע דעבאטירט איבער דעם אפשטעל־וועטא; בארנאוו האט באמערקט, אז דאס דאזיקע וועטא קען ניט אנגע־ווענדט ווערן צו די באשלוסן פונם 4טן אווגוסט. מיראבא רעדט אין דעמזעלבן גייסט: „די באשלוסן פונם 4טן אווגוסט, זיינען צונויפגעשטעלט געווארן דורך דער איינארדענונגס־מאכט, און פאלן דעריבער ניט ארונטער דער סאנקציע. אויב איר האט דעריבער ארויסגעשיקט די אקטן פונם 4טן אווגוסט צו דער קיניג־לעכער סאנקציע, האט איר עס בלויז געגעבן צו פארעפנטלעכן. (promulgation). שאפעליע לייגט פאר טאקע בנוגע די דאזיקע באשלוסן, צו פארבייטן דעם ווארט „סאנקציע" מיט דעם ווארט „פארעפנטלעכן" און גיט צו: „איך האלט, אז עס איז איבעריק די קיניגלעכע סאנקציע פאר באשלוסן, וואס זיין קיניגלעכע מאיעס־טעט האט אן שום ספק באשטעטיקט הן דורך א בריוו צו מיר, בעת איך האב געהאט דעם כבוד צו זיין אן ארגאן פון דער פארזאמלונג (אלס פארזיצער), ווי אויך דורך דער פייערלעכער דאנק־תפילה און Te Deum, וואס איז געזונגען געווארן אין דער קיניגלעכע קאפעלע". מען האט געמאכט א פארשלאג, אז די פאר־זאמלונג זאל אפלייגן דעם סדר־היום (דעם ענין וועטא) ביז דער קיניג וועט פארעפנטלעכן די ארטיקלען פונם 4טן אווגוסט. א מהומה. די זיצונג ווערט איבערגעריסן אן קיין שום באשלוס.

דעם פופצנטן בלייבט דער נייער וויכוח ווידער אן רע־

וואָלטאַט. דעם 16טן און 17טן ווערן אַרומגערעדט אַנדערע ענינים, צווישן אַנדערע די פראַגע וועגן דער ירושה פון טראָן.

לסוף קומט אָן דעם 18טן אַן ענטפער פונם קיניג. בכלל לויבט ער דעם גייסט פון די אַרטיקלען פונם 4טן אַווגוסט, — ער איז אָבער מוסיף דערביי, אַז עס זיינען פאַרהאַן צווישן זיי עטלעכע, אויף וועלכע ער קען בלויז מסכים זיין על־פּי תנאי; ער ענדיקט בזה הלשון: „איך לויב אַלזאָ דאָס רוב פון די אַרטיקלען און וועל זיי געבן אַ סאַנקציע, תּיכּף ווי זיי וועלן נאָר ווערן איינגעשטעלט אין דער פאָרם פון געזעצן". די דאָזיקע אָפּשלעפּנדיקע תּשובה האָט אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט; מען האָט איבערגעחזרט, אַז מען פאַרלאַנגט פונם קיניג בלויז אַן אָפיציעלע פאַרעפנטלעכונג, און פון דעם קען ער זיך ניט אָפּזאָגן. מען האָט באַשלאָסן, אַז דער פאָרזיצער זאָל אַוועק צום קיניג מיט אַ בקשה תּיכּף צו פאַראָרדענען דאָס פאַרעפנטלעכן. צוליב די דראָענדיקע ווערטער פון די פאַרזאַמלונגסרעדנער האָט לודוויק דער XVIטער פאַרשטאַנען, אַז ער מוז אָפּטרעטן, אָבער גייענדיק אויף די הנחות, האָט ער זיך נאָך אָנגעכאַפּט אָן ווערטער; דעם 20טן סעפּטעמבער האָט ער אַרויסגעשיקט צום פאָרזיצער (קלערמאָן טאָנער) אָט־אָ־די תּשובה: „איר האָט מיך געבעטן, מיינע הערן, כ'זאָל געבן אַ סאַנקציע אויף די באַשלוסן פונם 4טן אַווגוסט... כ'האָב אייך שוין אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די געדאַנקען, וואָס די דאָזיקע באַשלוסן האָבן ביי מיר אַרויסגערופן... איר בעט מיך איצט צו פאַרעפנטלעכן (פּראָמולגירן) די דאָזיקע באַשלוסן: געזעצן בלויז פאַרעפנטלעכט מען... דאָך האָב איך אייך שוין געזאָגט, אַז אין כּלל גענומען געפעלט מיר דער גייסט פון די באַשלוסן. איך וועל פאַראָרדענען, אַז זיי זאָלן ווערן באַקאַנטגעמאַכט (פּובליקירט) אין דער גאַנצער מלוכה. איך צווייפל ניט, אַז איך וועל קענען סאַנקציאָנירן אַלע געזעצן, וואָס איר וועט אָננעמען (דעקרעטירן) וועגן פאַרשיידענע פראַגן, וואָס די דאָזיקע באַשלוסן זיינען כּולל אין זיך".

אויב די באַשלוסן פונם 4טן אַווגוסט אַנטהאַלטן בלויז פּרינ־

ציפּן, טעאָריעס, — אויב מיר זוכן אין זיי בחינם קאָנקרעטע מיטלען, שטאַמט עס דערפון, וואָס אַזאַ האָט אייגנטלעך באַדאַרפט זיין דער כאַראַקטער פון די באַשלוסן, וואָס איז אַזוי קלאָר אָנגעצייכנט געוואָרן אין דעם אַרטיקל 19 דורך דער פאַרזאַמלונג. דעם 4טן אווגוסט האָט מען אין פּרינציפּ פאַרעפנטלעכט דאָס אָפּשאַפן די פעאָדאַלע אָרדענונג און מען האָט צוגעגעבן, אַז די פאַרזאַמלונג וועט אַרויסגעבן געזעצן, אַז דער דאָזיקער פּרינציפּ זאָל ווערן אָנגעווענדט ערשט נאָכן פאַרטיק מאַכן די קאָנסטיטוציע. אויב עמעץ וויל מאַכן אַ פאָרוואורף דער פאַרזאַמלונג פאַרן דאָזיקן מעטאָד, מוז מען אָבער מודה זיין, אַז זי האָט קיינעם ניט אַריינגעפירט אין קיין טעות און האָט קיין וואָרט ניט געבראָכן דורך באַשטימען געזעצן תיכף, מחמת זי האָט פאַרגעזאָגט זיי אַרויסצוגעבן ערשט נאָך דער קאָנסטיטוציע. היות אָבער סעפּטעמבער 1791 איז די קאָנסטיטוציע שוין פאַרטיק געווען, האָט די איינאָרדענונגס־פאַרזאַמלונג (קאָנסטיטואַנטע) געמוזט זיך פונאַנדערגיין און אָפּטרעטן איר אָרט דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג".

די דאָזיקע צושריפט פון דזשעמס גיאָם וואַרפט אַ נייעשיין אויף דער טאַקטיק פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. בעת די מלחמות קעגן די שלעסער האָבן אַרויסגערוקט די פראַגע וועגן פעאָדאַלע רעכט, האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג געהאַט פאַר זיך צוויי וועגן: אָדער זי האָט געקענט אויסאַרבעטן געזעץ־פּראָיעקטן וועגן די פעאָדאַלע רעכט, פּראָיעקטן, וואָס האָבן פאַרלאַנגט חדשים אָדער אפילו יאָרן באַטראַכטן, און צוליב די פאַרשיידענע מיינונגען פון די דעפּוטאַטן בנוגע דעם דאָזיקן ענין וואָלט דאָס דערפירט בלויז צו אַ שפּאַלטונג פון דער פאַרזאַמלונג (דעם דאָזיקן פעלער האָט געמאַכט די רוסישע דומע ביי דער אַגראַר־פראַגע) — אָדער די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט זיך געקענט בלויז באַגרעניצן מיט באַשטימען עטלעכע גרונד־פּרינציפּן, וואָס וואָלטן דינען אַלס יסוד צו רעדאַגירן די קומענדיקע געזעצן. די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג. אויף ווי ווייט מעגלעך האָט זי בחיפּזון אויף עטלעכע זיצונגען צונויפגעשטעלט די

קאנסטיטוציע=באשלוסן, וועלכע דער קיניג איז סוף=כל=סוף געצוואונגען געווען צו פארעפנטלעכן. די דאזיקע דעקלאראציעס האבן געהאט אויפן דארף אזא ווירקונג און האבן אזוי טיף אויפגעטרייסלט די פעאדאלע ארדענונג, אז אין פיר יאר ארום האט דער קאנווענט שוין געקענט באשליסן אינגאנצן אפצושאפן די פעאדאלע רעכט אן שום אויסקויף. צי מען האט עס געוואלט באוואוסטזיניק צי ניין, — בכל אופן איז די דאזיקע טאקטיק געווען א בעסערע פון דער פריערדיקער.

## נײנצנטער קאַפּיטל

# די דעקלאַראַציע פון די רעכט פונם מענטשן.

די באַדײַטונג פון דער דעקלאַראַציע. — אירע חסרונות. — איר השפּעה. — דער אַרײַנפיר צו דער קאָנסטיטוציע.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָכן נעמען באַסטיליע, האָט דער קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן, כּדי צונויפצושטעלן די קאָנסטיטוציע, אָנגעהויבן די דיס־קוסיע איבער דער „דעקלאַראַציע פון די רעכט פונם מענטשן און בירגער". דער געדאַנק פון אַזאַ מין דעקלאַראַציע, וואָס שטאַמט פון דער באַרימטער דעקלאַראַציע פון דער אומאָפּהענגיקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז געווען זייער אַ גערעכטער. היות עס איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע, און אַלס פּועל־יוצא דערפון האָט באַדאַרפט זײַן די שנאה אין די באַציִונגען צווישן פאַרשיי־דענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, איז גוט געווען צו באַשטימען גע־וויסע אַלגעמיינע כּללים פון דער דאָזיקער איבערקערעניש, איידער זיי וואָלטן געפונען זייער אויסדרוק אין דער טערמינאָלאָגיע פון דער קאָנסטיטוציע. אַזוי אַרום וואָלט מען געוויזן די פאָלקמאַסן, ווי אַזוי די רעוואָלוציאָנערע מינדערהייטן האָבן משיג געווען די רעוואָלוציע און אין נאָמען פון וואָס פאַר אַ לאָזונגען זיי האָבן גערופן דאָס פאָלק צום קאַמף.

דאָס וואָלטן ניט געווען בלויז קיין שיינע ווערטער; דאָס האָט באַדאַרפט זײַן אַ רים אין דער צוקונפט אַרײַן, וועלכע מען האָט בדעה געהאַט צו באַצווינגען; און אין דער פייערלעכער פאָרם פון דער רעכט־דעקלאַראַציע, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק האָט צו־נויפגעשטעלט, האָט דער אויפשוואונג באַקומען די באַדײַטונג פון אַ פאָלקס־שבועה. די פּרינציפּן, וואָס מען האָט געוואָלט אײַנ־פירן אין לעבן, האָבן באַדאַרפט אויסגעדריקט ווערן אין קורצע ווערטער און אַזוי אַרום אָנפילן די הערצער מיט באַגײַסטערונג.

בלויז אידעען הערשן איבער דער וועלט, און גרויסע אידעען, וואָס זיינען איינגפאַסט אין קערנדיקע ווערטער, האָבן תמיד באַזיגט די מוחות. און אין דער אמתן טאָקע — תיכּף ווי די צפון-אַמעריקאַנער רעפּובליק האָט אָראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון ענגלאַנד, האָבן זיי פאַרעפנטלעכט אַזאַ מין דעקלאַראַציע און פון דעמאָלט אָן איז די דעקלאַראַציע וועגן דער אומאָפּהענגיקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן געוואָרן די כאַרטיע, איך וואָלט נאָך געזאָגט אפילו — די עשרת-הדברות פון דעם יונגן צפון-אַמעריקאַנער פאָלק *.

---

* „בעת דער לויף פון די מענטשלעכע געשעענישן — ווערט געזאָגט אין דער דעקלאַראַציע פון דער אומאָפּהענגיקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן — שטעלט אַוועק דאָס פאָלק פאַר דער נייטיקייט צו איבעררייסן די פּאָליטישע פעדים, וואָס האָבן עס ביזאַהער געבונדן מיט אַן אַנדער פאָלק, כּדי צו פאַרנעמען צווישן די כּוחות פון דער ערד אַ באַזונדער אָרט און אַ גלייכע ריי, אויף וואָס עס האָט דערצו אויפן סמך פון די נאַטירלעכע רעכט און אויפן סמך פון גאָט פון דער נאַטור, דעמאָלט הייסט אים דאָס שוינען די מענטשהייט צו ברענגען און צו ערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט די טעמים, וואָס צווינגען עס צו אַזאַ דערווייטערן זיך.

מיר האַלטן פאַר אומבאַדינגט און קלאָר באַשיינפּערלעך די פאָלגנדיקע אמתן: אַלע מענטשן ווערן לעולם געבאָרן גלייך: דער בורא-עולם האָט זיי אַלעמען איינגעטיילט אין רעכט; אין דער ערשטער ריי געהערט צו די דאָזיקע רעכט דאָס לעבן, די פרייהייט און דאָס זוכן גליק; וועלנדיק זיך פאַרזיכערן דאָס געניסן פון רעכט, האָבן זיי איינגעשטעלט צווישן זיך אַ רעגירונג, וואָס איר אמתע מאַכט שטאַמט פון דער הסכּמה פון די רעגירטע; יעדעס מאָל, ווען די פאָרם פון עפּס אַ רעגירונג ווערט סכּנות-נפשותדיק פאַר די צילן, צוליב וועלכע זי איז געוואָרן איינגעשטעלט, האָט דאָס פאָלק רעכט זי צו ענדערן, אָדער מבטל צו מאַכן, און איינצופירן אַ נייעם אופן פון רעגירן, וואָס זאָל זיין געבויט אויף פּרינציפּן, און אָרגאַניזירן די מאַכט אין דער פאָרם, וואָס וועט זיך אים אויסווייזן פאַר צוזאַמען פאַסיק פאַר זייער וואוילשטאַנד און גליק" (די דעקלאַראַציע איז צונויפגעשטעלט אין פילאַדעלפיע דעם 4טן יולי 1776). — די דאָזיקע דעקלאַראַציע האָט באַשטימט ניט אַנטשפּראָכן די קאָמוניסטישע פאַרלאַנגען, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געלאָזט הערן צווישן אַ סך גרופּעס בירגער, זי האָט אָבער אויסגעדריקט און פּינקטלעך באַשטימט זייערע אידעען וועגן דער פּאָליטישער פאָרם, וואָס זיי האָבן געוואָלט באַקומען, און אַריינגעבלאָזן אין די אַמעריקאַנער מורדים דעם שטאָלצן גייסט פון אומאָפּהענגיקייט.

דעריבער האָט מען תיכּף, ווי די נאַציאָנאַל=פּאַרזאַמלונג
האָט נאָר באַשטימט (דעם 9טן יולי) אַ קאָמיטעט פאַר צוגרייטונגס=
אַרבעט איבער דער קאָנסטיטוציע, אָנגעהויבּן ריידן וועגן צונויפ=
שטעלן די רעכט פונם מענטש, און נאָכן 14טן יולי האָט מען זיך גע=
נומען צו דער אַרבעט. אַלס מוסטער האָט מען גענומען די דע=
קלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן,
וואָס האָט שוין געשמט פון 1776 אַלס דעמאָקראַטישער אני=מאמין *.
מען האָט אָבער אויך נאָכגעטאָן זייערע פעלערן; פּונקט ווי די
מיטגלידער פונם אַמעריקאַנער גרינדונגס=קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע,
האָט די פאַרזאַמלונג אויסגעשלאָסן פון איר דעקלאַראַציע יעדע
מין באַמערקונג וועגן די עקאָנאָמישע באַציִונגען צווישן די בירגער
און זיך באַגרעניצט מיט באַצייכענען די גלייכקייט פון אַלע לגבי
דעם געזעץ, דאָס רעכט פונם פאָלק צו שאַפן פאַר זיך אַ רעגי=
רונג, ווי עס געפעלט אים און די קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטן פון
יחידים. וואָס שייך דעם אייגנטום, האָט די דעקלאַראַציע זיך גע=
איילט צו דערקלערן, אַז עס איז „אומבּאַרירלעך און הייליק”, און
דערביי צוגעגעבן, אַז קיינער טאָר ניט באַרויבט ווערן דערפון,
אַחוץ אין פאַלן, ווען די עפנטלעכע נויט, וואָס איז פעסטגע=
שטעלט געוואָרן דורכן געזעץ, פאָדערט עס בפירוש און
דערצו בתנאי, אַז עס וועט פאָראויס געגעבן באַשטימט ווערן דער
שכר היזק”. דורך דעם האָט מען אָפּן פאַרלייקנט דאָס רעכט אויף
ערד פאַר די פויערים און דאָס אָפּשאַפן דעם צינז פון פעאָדאַ=
לער אָפּשטאַמונג.

דאָס בירגערטום האָט פאַרעפנטלעכט בלויז זיין ליבעראַל
גלייכהייטס=פּראָגראַם לגבי דעם געזעץ און דער רעגירונג, וואָס
פאַלט אונטער פאָלק און עקסיסטירט בלויז פון זיין רצון.
און ווי אין אַלע מינימאַלע פּראָגראַמען, אַזוי איז אויך פון דאַנען

* דזשעמס גיאָם האָט אין זיין אַרבעט Le Déclarations des droits de l'homme et de citoyen — פּאַריז, 1900, זייט 9 — דערמאָנט, אַז דער באַריכט=
געבער פונם קאָנסטיטוציע=קאָמיטעט האָט גערעדט וועגן דעם ענין. כּדי זיך צו איבער=
צייגן דאַרף מען פאַרגלייכן בלויז די טעקסטן פון די פראַנצויזישע פּראָיעקטן
בּיַם די אַמעריקאַנער דעקלאַראַציעס, וואָס זיינען געבראַכט אין גיאָמס ווערק.

ארויסגעדרונגען, אַז דאָס פאָלק דאַרף ניט גיין ווייטער: עס דאַרף ניט פוגע זיין די אייגנטום־רעכט, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן דורכן פעאָדאַליזם און דער דעספּאָטישער מאַכט פונם קיניג.

אין די דיסקוסיעס וועגן דעם טעקסט פון דער דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט האָט מען מיסתּמא פּראָקלאַמירט אידעען, וואָס האָבן געהאַט אַ געזעלשאַפטלעכן און גלייכהייטס־כאַראַקטער — האָט מען זיי געמוזט באַזייטיקן. אַלנפאַלס געפינען מיר ניט קיין זכר אפילו וועגן זיי אין דער דעקלאַראַציע פון 1789 *. אפילו דעם געדאַנקען־גאַנג, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין סיעס פּראָיעקט: „הגם די מענטשן זיינען ניט גלייך אינם פּרט פון מיטלען, ד. ה. עשירות, גייסט, כּוח א. אַז. וו., איז נאָך פון דאַנען ניט געדרונגען, אַז זיי זאָלן ניט זיין גלייך בנוגע דעם געזעץ (דער 16טער אַרטיקל אין סיעס פּראָיעקט) — אפילו דעם באַשיידענעם געדאַנק געפינען מיר ניט אין דער דעקלאַראַציע פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג; אָנשטאָט אָט־אָ־די ווערטער סיעס האָט מען דעם ערשטן פּונקט פון דער דעקלאַראַציע רעדאַגירט אויף אַזאַ אופן: „מענטשן ווערן געבאָרן פרייע און גלייך אין רעכט און אַזעלכע פאַרבלייבן זיי. די געזעלשאַפטלעכע אונטערשייד קענען געשטיצט זיין בלויז אויף דעם טובֿת הכּלל (utilité commune)", דאָס מאַכט אַן איינדרוק, ווי די געזעלשאַפטלעכע אונטערשיידן וואָלטן איינגעפירט געוואָרן דורכן געזעץ אינם אַלגעמיינעם אינטערעס, צוליב וואָס די דאָזיקע פיקציע מאַכט אַ וועג פאַר יעדער אומגלייכקייט.

בכלל, לייענענדיק היינט די דעקלאַראַציע פון רעכט פון מענטש און בירגער פון 1789, ווילט זיך אונז אַ פרעג טאָן, צי די דעקלאַראַציע האָט באמת טאַקע אויף די דעמאָלטיקע מוחות געמאַכט אַזאַ רושם, ווי די היסטאָריקער שרייבן זי צו. פאַרשטייט

---

* אין אַמעריקע האָט די באַפעלקערונג פון אַ טייל שטאַטן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַרעפנטלעכן אַ געמיינזאַם רעכט פון פאָלק אויף דער גאַנצער דאָרטיקער ערד. אָבער די דאָזיקע אידעע, וואָס איז פונם בורזשואַזן שטאַנדפּונקט אַפּשטויסנדיק, האָט מען פון דער אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע אויסגעשלאָסן.

זיך, אַז דער ערשטער אַרטיקל פון דער דעקלאַראַציע, וואָס פּראָ־
קלאַמירט גלייכהייט פון אַלעמען לגבי דעם געזעץ, דער אַרטיקל 6,
וואָס זאָגט, אַז די געזעצן מוזן זיין „גלייך פאַר אַלע און אַז אַלע
בירגער האָבן רעכט פערזענלעך, אָדער דורך זייער פאָרטרעטער
מיטצואַרבעטן אין זייער שאַפן", דער אַרטיקל 10, וואָס אויף זיין
סמך טאָר מען קיינעם ניט באַאומרויקן צוליב זיינע אַנשויונגען
און רעליגיעזע גלויבונגען, אַבי דאָס אַנטפּלעקן זיי זאָלן ניט דראָען
דער אָרדענונג, וואָס איז רעכטלעך איינגעשטעלט", און לסוף דער
אַרטיקל 12, וואָס ערקלערט, אַז דאָס עפנטלעכע געזעץ איז „איינ־
געשטעלט געוואָרן לטובת אַלע, און ניט צוליב דעם פערזענלעכן נוצן
פון יענע, וואָס מען האָט אָנגעטרויט" — פאַרשטייט זיך, אַז די
דאָזיקע הנחות, וואָס זיינען געוואָרפן געוואָרן אין דער געזעלשאַפט,
אין וועלכער עס האָבן נאָך עקסיסטירט פעאָדאַלע פליכטן און וואו
די קיניגלעכע משפחה האָט זיך געהאַלטן פאַר דער אייגנטימערין
פון פראַנקרייך, האָבן אָנגעמאַכט אין די מוחות אַן אמתע רע־
וואָלוציע.

עס איז אָבער אויך זיכער, אַז די דעקלאַראַציע פון 1789
וואָלט קיינמאָל ניט געבראַכט צו דעם רעזולטאַט, וואָס זי האָט
גורם געווען שפּעטער אין משך פונם XIXטן י"ה, ווען די רעוואָ־
לוציע זאָל זיך געווען באַנוגענען מיט די אויסדריקן פון אמונה
פון בורזשואזן ליבעראַליזם. די רעוואָלוציע האָט זיך אָבער
געריקט ווייטער. בעת אין צוויי יאָר אַרום, אין 3 סעפּטעמבער
1791, האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג פאַרטיק געמאַכט די קאָנ־
סטיטוציע, האָט זי צו דער דעקלאַראַציע פון מענטשלעכן רעכט
צוגעגעבן אַן אַריינפיר אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט שוין
אַנטהאַלטן די פאָלגנדיקע ווערטער: „די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג
שאַפט אומאָפּרופלעך אָפּ די איינאָרדענונגען, וואָס באַוועלן די
פרייהייט און די גלייכהייט פון רעכט". און ווייטער: „ס'איז שוין
ניטאָ קיין איידלקייט, קיין טיטל פער, קיין ירושה־ און שטאַנד־אונ־
טערשיידן פון פעאָדאַלער אָרדענונג, פּאַטרימאָניאַלן
געריכטסוועזן, קיין שום טיטלען, נעמען און זכיות, וואָס
שטאַמען פון זיי, קיין שום ריטער־אָרדנס, קיין שום קאָרפּאָראַציעס

אָדער ערן־סימנים, וואָס האָבן פריער געפּאָדערט באַווייזן פון איידלקייט, אָדער וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף שטאַם־אונטער־שיידן, ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער בכורה, ווי די בכורה פון באַאַמטע אינם אויספירן זייער אַמט. ס׳איז שוין ניטאָ—ניט קיין צעכן, ניט קיין אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע קאָרפּאָראַציעס פון קונסט אָדער מלאכה (דער אידעאַל פון דער אַלמעכטיקער בורזשואַזער מלוכה שלאָגט דורך אין די דאָזיקע צוויי לעצטע שורות). דאָס געזעץ אָנערקענט ניט קיין שום רעליגיעזע השבעות און קיין שום אַנדערע התחייבותן, וואָס זיינען אַ סתירה צו די נאַטירלעכע רעכט און צו דער קאָנסטיטוציע.

בעת מען גיט אַטראַכט, אַז דעם דאָזיקן רוף האָט מען געוואָרפן איירָאָפּע, וואָס איז געווען פאַרזונקען אינם חשכות פון דער קיניגלעכער אַלמאַכט און פעאָדאַלע פליכטן, ווערט קלאָר, פאַרוואָס די דעקלאַראַציע פון מענטשלעכע רעכט, וועלכע מען האָט זייער אָפט צונויפגעמישט מיט דעם אַריינפיר אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס גייט דערנאָך, האָט אַרומגעכאַפּט מיט אַזאַ התלהבות די פעלקער בעת די מלחמות פון דער רעפּובליק און פאַרוואָס זי איז אינם XIXטן יאָרהונדערט געוואָרן דער לאָזונג פון פּראָגרעס פאַר אַלע פעלקער פון איירָאָפּע. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז ניט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, ניט אַפילו דאָס בירגערטום פון 1789 האָבן דאָס אויסגעדריקט זייערע פאַרלאַנגען אינם דאָזיקן אַריינפיר. דאָס האָט די פאָלקס־רעוואָלוציע זיי בהדרגה געצוואונגען צו אָנערקענען די רעכט פונם פאָלק און איבערצורייסן מיטן פעאָדאַליזם — אינגיכן וועלן מיר זען מיטן פּרייז פון וואָסערע קרבנות.

## צוואנציקסטער קאפיטל

# די טעג פון 5טן און 6טן אָקטאָבער 1789.

דאָס בירגערטום און דאָס פאָלק אין אָפּאָזיציע צום קיניג. — די שוואַכקייט פון דער פאַרזאַמלונג. — דער דוחק פון שפּייז אין פּאַריז. — די סכּנה פון נאַציאָנאַלן באַנקראָט. — דער אַריינמאַרש פון די פרויען אין ווערסאַל. — דער קיניג סאַנקציאָנירט די דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט. — לאַפאַיעט הייבט אָן זיין מאַרש אויף ווערסאַל. — דער סוף פון דער מאָנאַרכיע.

אין די אויגן פונם קיניג און דעם הויף איז די דעקלאַראַציע פון רעכט געווען, פאַרשטייט זיך, אַן אַטענטאַט אויף אַלע געטלעכע און מענטשלעכע רעכט, וואָס לאָזט זיך גאָרניט אויסקויפן. דער קיניג האָט דעריבער פּשוט אָפּגעזאָגט זיך צו געבן דערויף זיין סאַנקציע. אמת, פונקט ווי די באַשלוסן פונם 4טן ביזן 11טן אווגוסט, איז די דעקלאַראַציע געווען בלויז אַ פעסטשטעלונג פון געוויסע פּרינציפּן; זי האָט געהאַט, ווי מען האָט דעמאָלט געזאָגט, אַ „גרינדונגס"־כאַראַקטער און אַלס אַזעלכע האָט זי ניט באַדאַרפט האָבן קיין קיניגלעכע סאַנקציע; דער קיניג האָט זי בלויז באַדאַרפט פאַרעפנטלעכן.

דאָס האָט ער אָבער ניט געוואָלט טאָן און ער האָט זיך מיט פאַרשיידענע תירוצים אַרויסגעדרייט דערפון. דעם פינפטן אָקטאָבער האָט ער נאָך געשריבן צו דער פאַרזאַמלונג, אַז איידער ער וועט געבן דער דעקלאַראַציע זיין סאַנקציע, וויל ער פריער זען, ווי די דאָזיקע פּרינציפּן אירע וועלן ווערן אָנגעווענדט *.

מיר האָבן געזען, אַז דיזעלבע אָפּזאָג־תשובה האָט ער אַנטקעגנגעשטעלט די באַשלוסן פון 4—11 אווגוסט וועגן אָפּשאַפן די פעאָדאַלע רעכט; מען קען זיך אַלזאָ פאָרשטעלן, וואָסער געוואָר עס

---

* „איך גיי ניט אַריין נענטער צו באַטראַכטן די דעקלאַראַציע פון מענטשן רעכט: זי אַנטהאַלט זייער גוטע גרונד־אידעען, וואָס טויגן צו אָנפירן מיט אייער אַרבעט. דאָך זיינען אין איר פאַראַן פּרינציפּן, וואָס קענען ווערן אויסגעטייטשט, אָדער אַפילו ערקלערט אויף פאַרשיידענע אופנים. ערשט דעמאָלט וועט מען זיי קענען טרעפלעך משפּטן, ווען זייער אמתע באַדייטונג וועלן באַשטימען די געזעצן, פאַר וועלכע די דעקלאַראַציע וועט דינען אַלס יסוד. געחתמעט: לודוויק".

האט זיך אויסגעשמידט די פארזאמלונג פון די דאזיקע ביידע אפזאגן. „וואס הייסט, די פארזאמלונג האט אפגעשאפט די פעאדאלע ארדענונג, די פערזענלעכע פליכטן און די שעדלעכע פריצישע זכיות, און האט פראקלאמירט די גלייכהייט פון אלע לגבי דעם געזעץ, — שטעלט זיך גאר דער קיניג און דער עיקר די פרינצן, די קיניגן, דער הויף, די משפחה פאליניאק, צי לאמבעלס און ווי זיי הייסן דארט אלע, — אנטקעגן דער דאזיקער זאך! ווען דאס זאל זיך געווען האנדלען בלויז אין רעדעס, אפילו די רעוואלוציאנערסטע, וואס מען וואלט זיי געשטערט האלטן! אבער ניין, די גאנצע פארזאמלונג — מיט די אידלליים און בישאפן — האבן פה=אחד ארויסגעגעבן געזעצן לטובת דעם פאלק און זיך אפגעזאגט פון אלע זכיות (פארן פאלק, וואס האט ניט געדאגהט וועגן יורידישע אויסדריקן, זיינען די דאזיקע באשלוסן געווען געזעצן), — און אט האט זיך געשטעלט אין וועג עפעס א קראפט, אז די דאזיקע געזעצן זאלן ניט באקומען קיין פארפליכטנדיקע קראפט! דער קיניג וואלט זיי נאך געווען אנגענומען: ער איז דאך נאכן 14טן יולי געקומען קיין פאריז און געשלאסן יד=אחת מיטן פאלק; אבער דער הויף, די פירשטין, די קיניגין ווילן ניט, אז די פארזאמלונג זאל גליקלעך מאכן דאס פאלק".

אזוי ארום האט אינם גרויסן דועל צווישן דער קיניגלעכער מאכט און דער בורזשואזיע די לעצטע, אדאנק איר געשיקטער פאליטיק און געזעצבערישן טאלאנט, באוויזן אריבערצוציען דאס פאלק אויף איר זייט. איצט איז דאס פאלק שוין ארויסגעטראטן מיט דער גאנצער פארביסנקייט קעגן די פירשטן, דער קיניגין און די הויכע אידלליים, פאר דער פארזאמלונג, וואס איר ארבעט האט ער אנגעהויבן נאכקוקן מיט וואקסנדיקן אינטערעס.

גלייכצייטיק האט דאס פאלק אליין משפיע געווען אויף איר אינם דעמאקראטישן גייסט.

אזוי וואלט, למשל, די פארזאמלונג אפשר אנגענומען די צוויי=קאמערדיקע סיסטעם לויטן ענגלישן מוסטער. אבער דאס פאלק האט עס פאר קיין פרייז ניט געוואלט. עס האט אינסטינקטיוו פארשטאנען, וואס די געלערנטע יוריסטן האבן שפעטער אזוי גוט

אויפגעקלערט, אַז אין אַ רעװאָלוציע איז אַ העכערע קאַמער אומ־מעגלעך: זי קען ערשט פונקציאָנירן דעמאָלט, װען דער כּוח פון דער רעװאָלוציע האָט זיך שוין אויסגעשעפּט און עס קומט די צייט פון רעאַקציע.

אַזוי איז דאָס פאָלק אויך אַרויסגעטראָטן קעגן דעם קיניג־לעכן װעטאָ מיט אַ סך מער שטורמישקייט, װי די דעפּוטאַטן אין דער פאַרזאַמלונג. און דאָ האָט עס אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די לאַגע; מחמת בעת נאָרמאַלע באַדינגונגען איז די פראַגע, צי דער קיניג קען אָפּהאַלטן דעם באַשלוס פונם פּאַרלאַמענט, צי ניין, אַ קלייניקייט — אין רעװאָלוציע־צייט איז די זאַך פונקט פאַרקערט. ניט דערפאַר, װאָס די מאַכט פונם מושל איז געװאָרן װייניקער געפערלעך; נאָר װייל אין געװיינלעכע צייטן באַשליסט ניט דער פּאַרלאַמענט, דאָס כּלי־זיין פון די פּריװילעגירטע, בכלל קיין זאַך, אין װעלכער דער מושל זאָל לטובת די פּריװילעגירטע קענען שטערן; אין אַ רעװאָלוציע־פּעריאָד װידער באַמיען זיך די באַשלוסן פונם פּאַרלאַמענט, װאָס זיינען אָנגענומען געװאָרן טאַקע אונטערן איינפלוס פון דעם הערשנדיקן פאָלקס־גייסט, צו פאַרהייליקן די אָפּשאַפונג פון די אַלטע פּריװילעגיעס, און דעריבער שטויסן זיי זיך ממילא אָן אויפן װידערשטאַנד פונם הערשער. ער נוצט דע־מאָלט אויס זיין װעטאָ, אויב ער האָט דערויף רעכט און כּוח. אַזוי איז אויך געװען מיט די אױגוסט־באַשלוסן, און אפילו מיט דער רעכט־דעקלאַראַציע גופא.

דאָך איז אין דער פאַרזאַמלונג געװען אַ צאָלרייכע פּאַרטיי, װאָס האָט געװאָלט אַן אַבסאָלוטן װעטאָ, דאָס הייסט זי האָט געװאָלט געבן דעם קיניג אַ מעגלעכקייט לעגאַל צו שטערן יעדער ערנסטער רעפאָרמע. נאָך לאַנגע שקלא־וטריאס איז מען געקומען צו אַ פּשרה: די פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעװאָרפן דאָס אַבסאָלוטע װעטאָ, זי האָט אָבער אָנגענומען קעגן דעם װילן פונם פאָלק אַן אָפּהאַלט־װעטאָ, לויט װעלכן דער קיניג האָט געקענט אָפּהאַלטן אויף אַ געװיסע צייט אַ באַשלוס, אָבער דאָס האָט אים ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט אים מבטל צו מאַכן.

אין הונדערט יאָר אַרום אידעאַליזירט, פאַרשטייט זיך, גערן

דער היסטאָריקער די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג און שטעלט זיך זי-
פאָר אַלס קאָרפּאָראַציע, וואָס איז גרייט צו קעמפן פאַר דער
רעוואָלוציע. מען דאַרף זי אָבער מעסטן מיט אַ קלענערער מאָס,
אויב מיר ווילן זיך פאָרשטעלן די זאַך, ווי זי איז באמת געווען. אַ פאַקט
איז, אַז אפילו די פּראָגרעסיווסטע דעפּוטאַטן פון דער פאַרזאַמ-
לונג זיינען לחלוטין ניט געשטאַנען אויף דער הייך פון די פאָדע-
רונגען פון דער צייט. די פאַרזאַמלונג האָט געמוזט פילן איר
אָנמאַכט; זי איז לחלוטין ניט געווען פון איין גוס. עס זיינען
געווען דאָרט העכער דרייהונדערט, לויט אַנדערע — פיר הונדערט
דעפּוטאַטן, ד. ה. מער, ווי אַ דריטל פאַרזאַמלונג, וואָס וואָלטן
גערן געקומען צו אַן אויסגלייך מיט דער קיניגלעכער מאַכט. אחוץ
דעם, שוין אָפּגערעדט פון יענע, וואָס האָבן זיך געפונען ביים
קיניג אויף געהאַלט — וואָרעם אַזעלכע זיינען אויך געווען עטלעכע, —
איז וויפל האָבן עס גיכער מורא געהאַט פאַר דער רעוואָלוציע,
ווי פאַר דעם קיניגלעכן ווילקיר! די רעוואָלוציע איז געגאַנגען
פאָראויס און, חוץ דעם אוממיטלבאַרן אָנדראַנג פונם פאָלק און
דער שרעק פאַר זיין שנאה, איז נאָך געווען די גייסטיקע אַטמאָספערע,
וואָס איז מנצח פחדנים און צווינגט די פאַרזיכטיקע צו גיין
נאָך די דרייסטערע. קודם-כל אָבער האָט דאָס פאָלק ניט געענ-
דערט זיין דראָענדיקע שטעלונג, און דאָס געדעכעניש פון דעלאָ-
נעי, פילאָנען און בערטיען איז נאָך טיף געווען פאַראַנקערט אין
די מוחות. מען האָט אויף די פאָרשטעט פון פאַריז גערעדט
אפילו, אַז מען דאַרף דערהרגענען די מיטגלידער פון דער פאַר-
זאַמלונג, וועלכע מען האָט חושד געווען אין געהיימע אונטער-
האַנדלונגען מיטן הויף.

דערווייל האָט אין פאַריז כסדר נאָך געהערשט אַן אומגע-
הייערער יקרות. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער; די תבואה
האָט מען נאָר-וואָס געהאַט אָראָפּגערוימט, און דאָך האָט אַלץ נאָך
אויסגעפעלט ברויט. דאָס פאָלק איז מאַסנווייז געשטאַנען פאַר די
בעקערייען און שֶׁעהנווייז געוואַרט, — אָבער נאָך דעם ערשט
זייער אָפט זיך אומגעקערט אהיים אָן ברויט. עס האָט אויסגע-
פעלט מעל. ניט געקוקט אויף דעם איינקויף פון ערד-פּירות, וואָס

די רעגירונג האָט געמאַכט אין אויסלאַנד, ניט געקוקט אויף די פּרעמיעס, וואָס מען האָט געטיילט יענע, וועלכע האָבן די תּבואה אריינגעבראַכט קיין פּאַריז, האָט אויסגעפעלט ברויט סיי אין דער הויפּטשטאָט, סיי אין אַלע שטעט און שטעטלעך אַרום פּאַריז. די אַפּראָוויזאַציע=מיטלען האָבן ניט געקלעקט, און די שווינדלערייען האָבן פּאַראַליזירט די ווייניקע פּאַראָרדענונגען, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן. די גאַנצע אַלטע אָרדענונג, די גאַנצע צענטראַליזירטע מלוכה, אַזוי ווי זי איז אויסגעוואַקסן פונם זעכצנטן יאָרהונדערט, האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער דאָזיקער ברויט=פּראַגע. אין די העכסטע קרייזן פון דער געזעלשאַפט האָט דער ראַפינירטער לוקסוס דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט, אָבער די פּאָלקסמאַסן, וואָס האָבן זיך געבויגן אונטערן יאָך פון די ריזיקע און ווילקירלעך אַרויפגעלייגטע שטייערן, זיינען דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן שוין פאַר זיך ניט געקענט שאַפן קיין גענוגנדיקע צאָל לעבנסמיטל אויף דער רייכער ערד און ביי דעם גוטן קלימאַט פון פראַנקרייך!

אחוץ דעם זיינען אומגעגאַנגען שרעקלעכע באַשולדיקונגען קעגן די פירשטן פון דער קיניגלעכער פאַמיליע און די גרויסע הויף=לייט. מען האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן צוריק איינגעפירט דעם תּבואה=מאָנאָפּאָל און שפּעקולירט אויף די הונגער=מקחים. אין די דאָזיקע קלאַנגען האָט געשטעקט אַ סך אמת, — ווי מען האָט זיך דערינען שפּעטער איבערצייגט פון לודוויק דעם XVIטנס פּאַפּירן, וואָס מען האָט געפונען אין טיוילרי.

לסוף איז נאָך אַלץ געהאַנגען איבער די קעפּ די סכּנה פון אַ מלוכה=באַנקראָט. די מלוכה=חובות האָבן געפאָדערט, אַז די פּראָצענטער זאָלן געצאָלט ווערן פּינקטלעך, די הוצאות זיינען געוואַקסן, און דער מלוכה=אוצר איז געווען פּוסט. אין דער רעוואָלוציע האָט מען ניט געוואַגט זיך צו באַנוצן מיט די עקלהאַפטע מיטלען, מיט וועלכע עס האָבן זיך פריער באַנוצט די רעגירונגען ביים איינמאָנען די שטייערן, צונעמענדיק פּשוט ביים פּויער אַלץ;

דער פויער ווידער האָט געוואָרט אויף אַ יושרדיק פאַרטיילן די שטייערן, האָט ער ניט געצאָלט, — היינט־זשע דער גביר, וואָס האָט גע־פילט אַ שנאה צו דער רעוואָלוציע, האָט ביי זיך אין האַרץ זיך געפרייט, וואָס ער צאָלט גאָרניט דער רעגירונג. נעקער, וועלכער איז דעם 17טן יולי אויפדאָסניי געוואָרן מיניסטער, האָט בחינם זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אויסצוגעפינען מיטלען, אַז דער באַנקראָט זאָל ווערן אויסגעמיטן, — אָבער ער האָט זיי ניט געפונען. וואָרעם ווי אַזוי האָט ער געקענט פאַרהיטן פון באַנקראָט אָן אַ צוואַנגס־הלוואה פון די גבירים, אָדער אָן דעם פאַרנעמען די גיטער פון די גייסטלעכע? דאָס בירגערטום האָט זיך תיכף צוגעוויינט צו דעם דאָזיקן געדאַנק. עס האָט געליען דאָס געלט דער מלוכה און גאָר־ניט ברעה געהאַט היזק צו האָבן. צי וועלן אָבער דער קיניג, דער הויף, די הויכע גייסטלעכע ווען עס איז מסכים זיין אויף דער מלוכה־קאָנפיסקאַציע פון זייער אייגנטום?

אַ מאָדנע געפיל האָט געמוזט באַהערשן די מוחות אין די דאָזיקע חדשים, אין אַווגוסט און סעפּטעמבער 1789. ענדלעך איז נאָך אַזוי פיל יאָרן פון האָפענונג מקויים געוואָרן דער פאַרלאַנג. די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האַלט אין די הענט די געזעצגעבערישע מאַכט. און די דאָזיקע פאַרזאַמלונג, וואָס איז מסוגל — ווי זי האָט שוין אַרויסגעוויזן — זיך דורכצודרינגען מיט דעמאָקראַטישן און רעפאָרמאַטאָרישן גייסט, איז איצט פאַרמשפּט געוואָרן אויף לייטיש געלעכטער פון אָנמאַכט. זי קען זיך אָננעמען באַשלוסן, כדי צו פאַרהיטן דעם באַנקראָט, אָבער דער קיניג, דער הויף, די פירשטן, וועלן איר אָפּזאָגן צו באַשטעטיקן — ווי געשפּענסטער, וואָס האָבן נאָך כוח צו דערשטיקן די פאַרשטייערשאַפט פונם פראַנצויזישן פאָלק, צו פאַראַליזירן זיין ווילן און האַלטן עס כסדר אין צושטאַנד פון אומזיכערקייט.

נאָכמער, די דאָזיקע געשפּענסטער גרייטן צו אַ גרויסע מלוכה־איבערקערעניש, זיי מאַכן אין דער קיניגלעכער סביבה אַ פּלאַן פון זיין אַנטלויפן: דער קיניג דאַרף אינגיכן אַוועק אין ראַמבויע, קיין אָרלעאַן, אָדער זיך שטעלן בראש פון דער אַרמיי

אויף מערב-זייט פון ווערסאַל און פון דאָרט דראָען ווערסאַל און פּאַריז. אָדער לסוף זאָל ער אַנטלויפן אויף דער מזרח-גרעניץ און דאָרט וואַרטן אויפן אָנקום פון די דייטשע און עסטרייכישע אַר-מייען, וואָס די עמיגראַנטן זאָגן אים צו צו שיקן צו הילף. אַט אַזוי קרייצן זיך אין שלאָס כּל-המינים השפּעות: דער פּלאַן פונם פירשט פון אָרלעאַן, וואָס טרוימט וועגן איבערנעמען דעם טראָן נאָך לודוויקס אָפּפּאָר, דער פּלאַן פון „מעסיע" (לודוויק דעם XVI ברודער), וואָס וואָלט געוואָלט זייער צופרידן, ווען דער ברודער זיינער, ווי אויך מאַריע אַנטואַנעטע, צו וועלכער ער האָט געפילט אַ פּערזענלעכע שנאה, זאָלן איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויף אייביק נעלם ווערן.

פון סעפּטעמבער אָן האָט דער הויף אַלץ געטראַכט וועגן אַנטלויפן; מען האָט באַטראַכט פּלערליי פּלענער, אָבער אויף קיין איינעם זיך ניט אַנטשלאָסן. עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז לודוויק דער XVI, און דער עיקר זיין ווייב, האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק איבערצוחזרן די געשיכטע פון קאַרל דעם I און דורכפירן אַ רעגולערע שלאַכט מיטן פּאַרלאַמענט — נאָר מיט מער הצלחה פאַר יענעם. די געשיכטע פון דעם ענגלישן קיניג האָט זיי אויף קיין רגע ניט געלאָזט צו רו: מען זאָגט אפילו, אַז דאָס איינציקע בוך, וואָס לודוויק דער XVI האָט זיך געהייסן נאָכן 6טן אָקטאָבער ברענגען פון זיין ווערסאַלער ביבליאָטעק קיין פּאַריז, איז געווען די געשיכטע פון קאַרל דעם I. די דאָזיקע געשיכטע האָט זיי צו-געשמידט צו זיך מיט אַ מאַגישער קראַפט. זיי האָבן זי אָבער געלייענט, ווי אַרעסטאַנטן לייענען איבער אַ קרימינעלן ראָמאַן. זיי האָבן פון איר ניט אַרויסגעדרונגען, אַז מען דאַרף באַצייטנס אָפּ-טרעטן; זיי האָבן בלויז געזאָגט צו זיך: „דאָ האָט מען באַדאַרפט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, דאָרט באַנוצן זיך מיט רמאות, און ערגעץ אַנדערש ווידער — וואָגן אויף אַ דרייסטער אונטערנעמונג!" לייענט דען ניט אַזוי ביי היינטיקן טאָג דער רוסישער צאַר די געשיכטע פון לודוויק דעם XVI און קאַרל דעם I? און זיי האָבן געמאַכט פּלענער, וואָס ניט זיי אַליין, ניט די אַרומיקע האָבן קיין דרייסטקייט ניט געהאַט זיי אויסצופירן.

פון דער צווייטער זייט ווידער האָט די רעוואָלוציע געהאַט אויף זיי איר כּשופדיקע השפּעה: זיי האָבן געזען פאַר זיך אַ פּאַר־זעעניש, וואָס האָט זיי געוואָלט איינשלינגען, און זיי האָבן ניט געוואַגט — ניט אונטערצוגעבן זיך אים, ניט צו פאַרטיידיקן זיך פאַר אים. פּאַריז, וואָס האָט זיך שוין געגרייט צו אַ מאַרש אויף ווערסאַל, האָט זיי דורכגענומען מיט אימה און פּאַראַליזירט זייערע כּוחות. און ווי אויב דאָס חייל וועט אין דער אַנטשליסנדיקער רגע, בעת דער קאַמף וועט זיך אַנטוויקלען, פאַרראַטן? ווי אויב די מיליטערישע פירער וועלן בוגד זיין אינם קיניג, ווי אַ סך האָבן שוין דאָס זעלביקע געטאָן? וואָס וואָלט דעמאָלט געבליבן, אויב ניט צו טיילן קאַרל דעם I גורל?

דאָך האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו מאַכן פאַרשווערונגען. ניט דער קיניג, ניט זיינע מקורבים, ניט די פּריווילעגירטע קלאַסן זיינען ניט בכּוח געווען צו פאַרשטיין, אַז די צייט פון פּשרות איז שוין אַוועק: אַז איצט דאַרף מען אָן שום תּנאַי זיך אונטער־געבן דער נייער מאַכט און זיך איבערגעבן אין איר שוץ, מחמת די פאַרזאַמלונג האָט מער קיין זאַך ניט פאַרלאַנגט, ווי אַרומ־רינגלען דעם קיניג מיט איר השגחה. אַנשטאָט דאָס צו טאָן, האָבן זיי געמאַכט פאַרשווערונגען און אַזוי אַרום געשטויסן די מעסי־קערע מיטגלידער פון דער פאַרזאַמלונג צו קעגן־פאַרשווערונגען, צו אַ רעוואָלוציאָנערער אַקציע. דערמיט ערקלערט זיך, וואָס מי־ראַבאָ און אַנדערע, וועלכע וואָלטן גערן געאַרבעט ביים איינשטעלן, לכל־הפּחות אין אַ באַשיידענער מאָס, אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָ־נאַרכיע, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן די ראַדיקאַלע גרופּירונגען. און דעריבער האָבן די מעסיקע, ווי דיפּאָר, געשאַפן אַ „פאַרבאַנד פון די קלובן", וואָס מיט זיין הילף האָבן זיי געהאַלטן דאָס פאָלק אין שפּאַן, מחמת זיי האָבן געזען, אַז אינגיכן וועט עס זיי צוניץ קומען.

דער מאַרש אויף ווערסאַל איז ניט געווען אַזוי זעלבסטע־טיק, ווי מען האָט עס געוואָלט פאַרשטעלן. אַפילו אין אַ רעוואָלוציע מוז יעדע באַוועגונג פון פאָלק צוגעגרייט ווערן דורך מענטשן פון פאָלק. די פאַרזאַגער אירע באַקומט זי אין די אומגעלונגענע פּרוּוון. אַזוי האָט שוין דעם 30טן אויגוסט מאַרקיז דע סען־הירויש, איינער

פון די פאלקס־רעדנער אינם קיניגלעכן פאלאץ, געוואלט מיט 1.500 מאן גיין אויף ווערסאל, כדי צו העלפן ארויסטרייבן די נארישע, אונטערגעקויפטע און פארדעכטיקע דעפוטאטן, וואס האבן פארטיידיקט דעם וועטא פונם קיניג. דערווייל האט מען זיי געדראט, אז מען וועט פארברענען זייערע שלעסער און מען האט זיי מודיע געווען, אז צוויי טויזנט בריוו האט מען צו דעם צוועק צעשיקט איבער דער פראווינץ. דאס דאזיקע געזעמל האט מען פונאנדערגעטריבן, אבער דער געדאנק, וואס איז איינמאל אנטשטאנען, האט מען ווייטער באטראכט.

דעם 31טן אווגוסט האט דער קיניגלעכער פאלאץ געשיקט פינף דעפוטאציעס אינם ראטהויז. איינע פון זיי האט געפירט דער רעפובליקאנער לוסטאלא. זיי האבן באדארפט ווירקן אויף דער שטאט־פארוואלטונג פון פאריז, אז זי זאל מאכן א דרוק אויף דער פארזאמלונג און שטערן, אז דאס קיניגלעכע וועטא זאל ווערן אנגענומען. א טייל מיטגלידער פון די דאזיקע דעפוטאציעס האבן געדראט די דעפוטאטן, אנדערע ווידער האבן זיי היים געבעטן. אין ווערסאל האט דער המון מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן ביי מיראבאן, ער זאל משפיע זיין אויף דעם אפווארפן דאס אבסאלוטע וועטא, און דערביי האבן זיי געמאכט די ריכטיקע באמערקונג, אז ווען דער קיניג זאל האבן דאס רעכט, וואלט ער זיך שוין ניט גענייטיקט אין דער נאציאנאל־פארזאמלונג.

דעמאלט האט עס געמוזט געבוירן ווערן דער געדאנק, אז עס וואלט גוט געווען צו האבן דעם קיניג מיט דער פארזאמלונג לעבן זיך אין פאריז. און אין דער אמתן טאקע, האט מען שוין אין די ערשטע טעג סעפטעמבער געפריידיקט אונטערן בלויען הימל אינם קיניגלעכן פאלאץ, אז מען דארף דעם קיניג מיטן „הער דעלפין" אראפברענגען קיין פאריז; צו דעם צוועק האט מען אלע גוטע בירגער גערופן צו א מארש אויף ווערסאל. „דער פראנצויזישער מערקור" דערמאנט וועגן דעם אינם נומער פונם 5טן סעפטעמבער, אויף דער 84טער זייט, און מיראבא האט גערעדט וועגן פרויען, וואס ווילן גיין אויף ווערסאל, נאך מיט צוויי וואכן פריער, איידער דאס איז אין דער אמתן געשען.

די סעודה פון די גוואַרדיע־אָפיצירן דעם 3טן אָקטאָבער און די אונטערשיסעלעך פונם הויף האָבן צוגעאײַלט די געשעע־נישן. אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז דער הויף גרייט זיך צו אַ גרוי־סער פאַרשווערונג. די רעאַקציע האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ; דער שטאַטראַט פון פּאַריז, וואָס איז דער עיקר באַשטאַנען פון בורזשואַזע עלעמענטן, איז וואָס אַ מאָל דרייסטער געוואָרן אין זײַנע רעאַקציאָנערע כּוונות. די ראָיאַליסטן האָבן אָרגאַניזירט זייערע כּוחות, נים פאַרבאָרגנדיק עס אַזוי שטאַרק. דעם וועג פון ווער־סאַל ביז מעץ האָט מען באַזעצט מיט מיליטער; מען האָט הויך געערדט, אַז דעם קיניג וועט מען אַוועקפירן און דורך שאַמפּאַן אָדער ווערדען וועט ער געבראַכט ווערן קיין מעץ. מאַרקיז דע בואיע, דער קאָמאַנדיר פונם מזרח־מיליטער, דע ברעטעי און דע מערסי האָבן זיך אין דעם ענין פאַרשטענדיקט; אין ברעטעיס הענט האָט זיך געפונען די אָנפירונג פון דער אונטערנעמונג. צו דעם צוועק האָט מען פון אומעטום אַראָפּגעבראַכט וואָס מער גאָלד, און וועגן דעם 5טן אָקטאָבער האָט מען געערדט ווי וועגן אַ דאַטע פון אַ וואַרשיינלעכער מלוכה־איבערקערעניש. אין דעם טאָג האָט דער קיניג געזאָלט אַרויספאָרן קיין מעץ און זיך איבערגעבן אונ־טער דער השגחה פונם מאַרקיז דע בואיע. דאָרט האָט ער באַדאַרפט איינלאַדן צו זיך די אײַדלליַיט מיטן מיליטער, וואָס זײַנען אים געבליבן טריי, און ערקלערן די פאַרזאַמלונג אַלס מורדים.

היות מען האָט דעם שריט פאָראויסגעזען, האָט מען אויפן ווערסאַלער שלאָס פאַרגרעסערט די גוואַרדיסטישע שמירה (וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן פון צווישן די אַריסטאָקראַטישע יונגעלייט), און זיי האָבן עס געהאַלטן די וואַך אין שלאָס, אַחוצדעם — האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ פלאַנדריש פּאָלק מיט דראַגונער. דעם ערשטן אָקטאָבער האָבן די גוואַרדיסטן געמאַכט אַ גרויסע סעודה לכּבוד דעם פלאַנדרישן פּאָלק, אויף וועלכער מען האָט איינגע־לאַדן דראַגונער־אָפיצירן און שווייצער, וואָס האָבן געהערט צום ווערסאַלער גאַרניזאָן.

בעתן באַנקעט האָט מאַריע אַנטואַנעטע, די הויף־דאַמען און דער קיניג זיך באַמיט מיט אַלע כּוחות אויפצוועקן אין די

אָפיצירן ראָיאַליסטישע התלהבות. די דאַמען האָבן אייגנהענטיק פונאַנדערגעטיילט ווייסע קאָקאַרדעס, און די נאַציאָנאַלע קאָקאַרדעס האָט מען געוואָרפן אויף דער ערד און געטרעטן מיט די פיס. אין צוויי טעג אַרום איז ווידעראַמאָל פאָרגעקומען אַזאַ מין סעודה.

די דאָזיקע באַנקעטן האָבן צוגעאיילט די געשעענישן. די ידיעה וועגן זיי איז אָנגעקומען קיין פּאַריז, אפשר אַ ביסל איבערגעטריבן אויפן וועג, און דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב עס וועט תיכּף ניט גיין אויף ווערסאַל, וועט ווערסאַל זיך לאָזן אויף פּאַריז.

דער הויף האָט זיך אָפּן געגרייט צו אַ גרויסער פאַרשווערונג. ווען דעם קיניג וואָלט זיך איינמאָל איינגעגעבן אַרויסצפאָרן און זיך באַהאַלטן צווישן מיליטער, וואָלט קיין לייכטערע זאַך ניט געווען, ווי פונאַנדערצולאָזן די פאַרזאַמלונג אָדער צווינגען זי אומצוקערן זיך צו די דריי שטאַנדן, ד. ה. צו דער לאַגע פון פאַר דער קיניגלעכער זיצונג פונם 23טן יוני. וואָרעם טאַקע, ניט שוין זשע איז אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג ניט געווען קיין פּאַרטיי פון 400—300 מיטגלידער, וואָס אירע אָנפירער זאָלן זיך ניט געווען באַראַטן מיט מאַלועטן וועגן איבערטראָגן די פאַרזאַמלונג קיין טור, אויף אַ גענוג ווייטן שטח פונם פּאַריזער רעוואָלוציאָנערן פאָלק? אָבער ווען דער פּלאַן פונם הויף וואָלט זיך ניט איינגעגעבן, וואָלט מען אַלץ געמוזט אָנהייבן פונדאָסניי. די פּרוכט פונם 14טן יולי וואָלטן געווען געגאַנגען לאיבוד; ס'וואָלטן פאַרלאָרן געגאַנגען די רעזולטאַטן פון דעם פּויערים-אויפשטאַנד און די בהלה פונם 4טן אויגוסט. וואָס האָט מען אַלזאָ באַדאַרפט טאָן, כּדי אויסצומיידן די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע? רופן דאָס פאָלק צו אַן אויפשטאַנד! און פאַר די רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען אין דער דאָזיקער קריטישער מינוט אַרויסגערוקט געוואָרן אויף דער שפּיץ פון דער באַוועגונג, וועלן מיר אויף אייביק פאַרצייכענען דעם שבח, אַז זיי האָבן דערקענט דעם אמת, וואָס לגבי אים האָבן די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן געטאָן אויפציטערן. רופן צו אַן אויפשטאַנד דאָס פאָלק — די דאָזיקע פינסטערע און אויסגע-

מאַטערטע פאַלקסמאַסן פון פּאַריז — אַט אויף וואָס עס האָבן מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט זיך געלאָזט די רעוואָלוציאָנערן דעם 4טן אָקטאָבער. דאַנטאָן, מאַראַט און לוסטאַלאָ, וואָס זייערע נעמען האָבן מיר שוין דערמאָנט, זיינען אין דער אַרבעט געווען די פאַרביסנסטע. אַן אַרמיי ווערט ניט באַקעמפט דורך אַ הייפל פאַרשווערער; די רעאַקציע קען ניט באַזיגט ווערן דורך אַ הייפל מענטשן, ווי אַנטשלאָסן זיי זאָלן ניט זיין. אַן אַרמיי דאַרף אַנט-קעגנגעשטעלט ווערן אַן אַרמיי; אָדער, אויב עס איז קיין אַרמיי ניטאָ, דאַרף ווערן אַנטקעגנגעשטעלט דאָס גאַנצע פאָלק, הונדער-טער טויזנטער מאַנסלייט, פרויען און קינדער פון דער גרויסער שטאָט. בלויז זיי זיינען בכוח מנצח צו זיין, בלויז זיי האָבן מנצח געווען די אַרמייען, דעמאָראַליזירנדיק זיי, פּאַראַליזירנדיק זייער ברוטאַלע קראַפט.

דעם 5טן אָקטאָבער איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד אין פּאַריז. אויף די גאַסן האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „ברויט! ברויט!" דער אָפּהילך פון אַ פּויק, אין וועלכער עפּעס אַ יונג מיידל האָט געקלאַפּט, איז פאַר די פרויען געווען אַ סיגנאַל זיך צונויפ-צוזאַמלען. תיכף ווערט געשאַפן אַ פרויען-צוג; מען גייט צום ראַט-הויז, מען ברעכט אויס די טויערן פון דעם געמיינדע-הויז, מען פאָדערט ברויט מיט געווער, און היות מען האָט שוין פון אַ העכער צען טעג נאָכאַנאַנד וועגן דעם גערעדט, איז דאָס געשריי „קיין ווערסאַל" באַלד געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. מאַיאַר, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן אין פּאַריז פון זיין אָנטייל ביים באַלאַגערן באַסטיליע, ווערט אָנערקענט פאַרן פירער פון צוג, און די פרויען לאָזן זיך אין וועג אַריין.

טויזנטער פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן אָן שום ספק זיך געקרייצט אין זייערע קעפּ, אָבער ברויט איז מיסתמא געווען דער עיקר-געדאַנק. דאָרט, אין ווערסאַל, האָט מען געמאַכט אַ פאַרשווע-רונג קעגן דעם גליק פונם פאָלק, דאָרט האָט מען שפּעקולירט אויף די הונגער-פרייזן, דאָרט האָט מען געמאַכט שטערונגען פאַר דעם אָפּשאַפן די פעאָדאַלע רעכט — און די פרויען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף ווערסאַל. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס פאָלק

האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם קיניג אַזוי, ווי דאָס רוסישע פאָלק דעם צאַר, אַלס גוטהאַרציקן מענטשן, וואָס מיינט נאָר די טובה פון פאָלק. דאָס מאָנאַרכיסטישע געפיל איז געווען טיף איינגע־וואָרצלט אין די הערצער. אָבער שוין אין 1789 האָט מען פיינט געהאַט די קיניגין. מען האָט זיך וועגן איר אויסגעדריקט אויף אַ שרעקלעכן אופן. — „וואו איז די פאַרפלוכטע זונה? — די עקלהאַפטע נקבה. — מען דאַרף דאָס נידערטרעכטיקע לומפּ־שטיק קריגן אין די הענט אַריין און דעם קאָפּ עס אראָפּדרייען". — האָבן גערעדט צווישן זיך די ווייבער, און עס הידושט אונז ממש די זאָרגעוודיקייט און אפילו דאָס פאַרגעניגן, מיט וועלכע מען האָט בעת דער אויספאָרשונג אין שאַטעלע פאַרצייכנט די דאָזיקע ווערטער. דאָך האָט דאָס פאָלק ניט בחינם געהאַט אַזאַ באַציִונג צו דער קיניגין. בעת דער קיניג האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם דורכפאַל פון דער קיניגלעכער זיצונג דעם 23טן יוני און געזאָגט: „צו אַלדע שוואַרצע רוחות, זאָלן זיי שוין דאָרטן בלייבן!"—איז מאַריע אַנטואַנעטע געווען דערפון שרעקלעך אויפגערעגט. מיט דער גרעס־טער פאַראַכטונג האָט זי אויפגענומען דעם קיניג „פונם בירגער־לעכן ערב־רב", בעת ער האָט דעם 17טן יולי מיט אַ דרייפאַרבי־קער קאָקאַרדע זיך אומגעקערט פון זיין באַזוך אין פּאַריז, — און פון דעמאָלט אָן איז זי געוואָרן די נשמה פון אַלע פאַרשווערונגען. דער ברייזו־אויסטויש, וואָס זי האָט שפּעטער געפירט מיט פער־סאַנען, כדי אַראָפּצוברענגען אַ פרעמדע אינוואַזיע קיין פּאַריז, שטאַמט טאַקע פון יענע צייטן אָן. מחמת גראָד אין דער נאַכט, דעם 5טן אָקטאָבער, ווען די פרויען זיינען אַריין אין פּאַלאַץ, פּונקט אין דער זעלבער נאַכט, — ווי עס דערציילט די זייער רעאַקציאָנערע פרוי קאַמפּאַן — האָט די קיניגין אויפגענומען פּערזאָנען אין איר שלאָף־צימער.

דאָס פאָלק האָט וועגן דעם אַלעם געוואוסט, טיילווייז פון דער דינערשאַפט אין שלאָס גופא, און דער המון, דער קאָלעק־טיווער גייסט פונם פּאַריזער פאָלק, האָט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס יחידים זיינען קוים מסוגל געווען צו פאַרשטיין: אַז מאַריע אַנטו־אַנעטע איז גרייט אין איר שנאה אויף אַלץ; אַז וועלנדיק שטערן

די אַלע פאַרשווערונגען, מוז מען דעם קיניג מיט זיין משפּחה, ווי אויך די נאציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָבן אין פאַריז, פאַר די אויגן פונם פאָלק.

אין דער ערשטער רגע נאָכן אָנקומען קיין ווערסאַל, האָבן די פרויען — אויסגעמאַטערטע ביז לעצט פון מידקייט און הונגער, דורכגעווייקטע פונם שלאַקס-רעגן — פאַרלאַנגט בלויז ברויט. בעת זיי האָבן זיך אריינגעריסן אין דער פאַרזאַמלונג, זיינען זיי אַנידער-געפאַלן אָפּגעשוואַכטע אויף די דעפּוטאַטן-בענק. אָבער שוין דורך זייער אַנוועזנהייט האָבן די פרויען אָפּגעהאַלטן זייער ערשטן נצחון. די פאַרזאַמלונג האָט אויסגענוצט זייער אַנוועזנהייט, כּדי אַרויס-צובאַקומען פונם קיניג די באַשטעטיקונג פון דער דעקלאַראַציע פון די רעכט פונם מענטשן.

נאָך די פרויען האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין אויך מאַנס-לייט — דעמאָלט איז עס לאַפאַיעט, זיבן אַ זייגער אין אָוונט, אַרוים בראש פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אויף ווערסאַל, וועלנדיק פאַרמיידן עפּעס אַן אומגליק אין שלאָס.

אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט דעם הויף, צי גייט ניט אַמאָל גאַנץ פאַריז אויפן שלאָס? דער הויף האָט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַ-טונג, אָבער — ווי אַלע מאָל — קיין שום באַשלוס ניט אָנגענומען. דערווייל האָט מען געהייסן אַרויספירן די קאַרעטקעס, כּדי מעגלעך צו מאַכן דעם קיניג מיט זיין משפּחה דאָס אַפּפאָרן — אַן אָפּטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָט אָבער באַמערקט און געהייסן זיי צוריק אַוועקפירן אין שטאַל אריין.

דאָס אָנקומען פון דער בירגערלעכער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, לאַפאַיעטס באַמיִונגען, און דער עיקר דער שלאַקס-רעגן, האָבן בּיסלעכווייז צעזייט דעם המון, וואָס האָט אָנגעפילט די גאַסן פון ווערסאַל, די פאַרזאַמלונג און דעם צוגאַנג צום פּאַלאַץ. אין איין אויגנבליק האָבן די מאַנסלייט און די פרויען פונם פאָלק, אַרום פינף צו זעקס אַ זייגער אינדערפרי, באַמערקט אַן אָפענע קראַטע, דורך וועלכער זיי האָבן זיך אָן לאַנגע שהיות אריינגעלאָזט אינם פּאַלאַץ. אין איין רגע האָבן זיי געעפנט דעם שלאָף-צימער פון דער

קיניגין, וואָס האָט קוים־קוים באַוויזן זיך צו באַהאַלטן ביים קיניג, אַניט וואָלט געווען אויסגעשלאָגן איר לעצטע שעה. די לייב־גוואַרדייער האָט שוין אויך געדראָט די זעלבע סכנה, ווען ניט לאַפאַיעט, וואָס איז געקומען אָנצופליען אויף אַ פערד און באַוויזן זיי נאָך מציל צו זיין.

דער פאַקט, אַז דאָס פאָלק האָט זיך אַריינגעריסן אינם פאַלאַץ, איז געווען איינער פון יענע קלעפּ, וואָס האָבן דערשלאָגן דאָס אָפּשטאַרבנדיקע קיניגרייך. און הגם לאַפאַיעט האָט געפּועלט ביים פאָלק צו אַפּלאָדירן דעם קיניג, בעת ער האָט זיך באַוויזן אויפן באַלקאָן, און אַפילו צו באַגריסן אויפן אייגענעם אופן די קיניגין, וועלכע דאָס פאָלק וועט אינגיכן אָנרופן „מעדיטשי”... * איז דאָס אַלץ געווען בלויז אַ נישטיקער טעאַטראַלער עפעקט. דאָס פאָלק האָט באַגריפן די קראַפט, וואָס עס פאַרמאָגט — און תיכף אויס־גענוצט דעם נצחון, צווינגענדיק דעם קיניג זיך צו קלייבן אין וועג אַריין קיין פאַריז. אומזיסט האָט דאָס בירגערטום איינגע־אָרדנט ביי דעם דאָזיקן אומקער פּלערליי סצענעס — דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען, אַז פון דער רגע אָן וועט דער קיניג ווערן זיין געפאַנגענער, און לודוויק דער XVI ווידער האָט, איבערטרעטנדיק די טוילרי, וואָס זיינען פאַרלאָזט געוואָרן נאָך פון לודוויק דעם XIV ממשלה — זיך קיין שום אילוזיעס ניט געמאַכט. — „זאָל זיך יעדער איינער איינאָרדענען, ווי ער וויל!” דאָס זיינען געווען זיינע ווערטער — און געהייסן זיך פון זיין ביבליאָטעק אַריינ־ברענגען... די געשיכטע פון קאַרל דעם I.

דאָס גרויסע קיניגרייך פון ווערסאַל איז דערגאַנגען ביז איר גרעניץ. שפּעטער זיינען אַפילו געווען קיניגן פון דער בורזשואזיע אָדער קייסאָרים; וועלכע האָבן דורך שווינדלערייען פאַרנומען דעם טראָן... אָבער די מלוכה פון די קיניגן פון גאָטס גענאָד איז שוין דערגאַנגען ביז איר סוף.

* קאַטאַרינע דע מעדיטשי, אַנרי דעם II ווייב, האָט איינגעאָרדנט די שחיטה פון די הוגענאָטן, „די בלוטיקע חתונה” אין דער באַרטאָלאָמעוס־נאַכט אין 1872.

אזוי האט נאך איינמאל דאס פאלק, דורך זיין מאסע און דורך זיינע העלדישע מעשים, דערלאנגט, אזוי ווי דעם 14טן יולי, א מוראדיקן קלאפ דער אמאליקער רעגירונג. די רעוואלוציע האט געמאכט א ריזיקן שריט פאראויס.

---

איין=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## די שרעק פונם בירגערטום; די נייע אָרגאַניזאַציע פון דער שטאַט=פאַרוואַלטונג.

אַן אומדערוואַרטע רעאַקציע הייבט זיך אָן. — די רעוואָלוציאָנערן פאַרשטייען ניט די לאַגע. — צו וואָס שטרעבט דער מיטל-קלאַס. — דער ראַט פון די 300. — די אינטריגעס פון דעם פירשט פון אָרלעאַן און גראַף פון פּראָוואַנס. — דער אינטערשייד צווישן אַקטיווע און פּאַסיווע בירגער. — אָפּגעשאַפט די פּאַרלאַמענטן. — אָפּאָזיציע קעגן דער נייער אָרגאַניזאַציע.

מען האָט ווידער געקענט מיינען, אַז איצט וועט די רעוואָלוציע שוין גיין פּאַמעלעך. די קיניגלעכע רעאַקציע איז באַזיגט, דער הער און פרוי וועטאָ זיינען גענומען אין דער צוים און ווערן אַלס געפאַנגענע געהאַלטן אין פּאַריז — וועט, אַלזאָ, די נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג צולייגן מיסתמא איר האַק צום וואַלד פון דורותלאַנגע מיספּרויכן, וועט אומוואַרפן דעם פעאָדאַליזם און רעאַליזירן די גרויסע לאָזונגען, וואָס זי האָט פּראָקלאַמירט אין דער דעקלאַראַציע פון רעכט, דער דעקלאַראַציע, וואָס האָט מיט אַזאַ התלהבות דורכגענומען אַלעמענס הערצער.

ס'איז אָבער געשען אַנדערש. עס לאָזט זיך קוים גלויבן, דאָך איז עס אַזוי געווען: נאָכן 5טן אָקטאָבער הייבט זיך אָן אַ רעאַקציע; זי אָרגאַניזירט זיך און ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער אַזש ביז יוני 1792.

דאָס פאָלק פון פּאַריז קערט זיך אום אין זיינע אָרעמע היימען; די בורזשואַזיע צעלאָזט עס — זי דאַרף עס שוין ניט מער און ווען ניט דער פּויערים=אויפשטאַנד, וואָס איז זיך ווייטער געגאַנגען מיט זיין וועג אַזש ביז די פעאָדאַלע רעכט זיינען געוואָרן אָפּגעשאַפט אין יולי 1793, ווען ניט די מרידות אויף דער פּראָווינץ, וואָס האָבן אָן אויפהער זיך אַנטוויקלט און ניט ערלויבט דער בירגערלעכער מאַכט זיך איינצופעסטיקן, — וואָלט די רעאַקציע שוין געווען טריומפירט אין 1791 אָדער אפילו שוין אין 1790.

„דער קיניג איז אין לוווּר, די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג — אין טיוילרי, די פאַרקער־קאַנאַלן זיינען ווידער געעפנט, די תבואה־שפּייכלערס זיינען איבערפולט, די מלוכה־קאַסע ווערט פול, די מילן גייען, די בוגדים אַנטלויפן, דער קלער איז צעקלאַפּט און אָראָפּגעזעצט, די אַריסטאָקראַטן הויכן אויס זייער לעצטן אָטעם" — האָט געשריבן קאַמיל דע מולען אינם ערשטן נומער פון זיין צייטונג (דעם 28טן נאָוועמבער). אין דער אמתן אָבער האָט די רעאַקציע ווידער אומעטום אויפגעהויבן איר קאָפּ. בעת די רעוואָלוציאָנערן האָבן טריומפירט, מיינענדיק, אַז די רעוואָלוציע איז שוין כמעט פאַרענדיקט — האָט די רעאַקציע פאַרשטאַנען, אַז איצט ערשט וועט זיך אָנהייבן דער אמתער קאַמף צווישן דער אַלטער און דער נייער אָרדענונג אין יעדער פּראָווינץ־שטאָט, צי אַ גרויסער, צי אַ קליינער, און אין יעדן דערפל, און אַז איצט איז געקומען די ריכטיקע מינוט זיך אָפּצופאַרטיקן מיט דער פּראָווינץ.

ניט בלויז דאָס האָט די רעאַקציע פאַרשטאַנען. זי האָט געזען, אַז די בורזשואַזיע, וואָס האָט ביז איצט געזוכט שטיצע ביים פאָלק, כדי צו באַקומען קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט און צו באַזיגן די הויכע איידלליים, האָט איצט, בעת זי האָט דערפילט און דערזען די קראַפט פונם פאָלק, געטאָן אַלץ, כדי צו באַהערשן דאָס פאָלק, צו אַנטוואָפנען עס און ווידער צו פאַריאָכן.

די דאָזיקע שרעק פאַרן פאָלק האָט זיך געלאָזט באַמערקן אין דער פאַרזאַמלונג תיכף נאָכן 5טן אָקטאָבער. העכער צוויי הונדערט דעפּוטאַטן האָבן ניט געוואָלט גיין קיין פּאַריז און געפאָדערט פּעסער, כדי אומצוקערן זיך אַהיים. מען האָט עס זיי אָפּגעזאָגט און זיך באַגאַנגען מיט זיי, ווי מיט בוגדים, דאָך האָבן אַ טייל דעפּוטאַטן, ניט געקוקט דערויף, געלייגט זייערע מאַנדאַטן: זיי האָבן אַזוי ווייט ניט געוואָלט גיין! איצט, פּונקט ווי נאָכן 14 יולי, איז געקומען אַ נייע עמיגראַציע, אָבער דאַסמאָל האָט שוין ניט דער הויף געוואָרפן דעם לאָזונג, נאָר די פאַרזאַמלונג.

דאָך האָט די פאַרזאַמלונג געהאַט צווישן זיך אַ גרויסע מערהייט פאָרשטייער פונם בירגערטום, וואָס זיינען מסוגל געווען אויסצונוצן די ערשטע מינוטן, אַז די מאַכט פון זייער קלאַס זאָל

איך אַנלענען אָן פעסטע יסודות. נאָך פארן אָפּפאָרן קיין פאריז, דעם 19טן אָקטאָבער, האָט די פארזאַמלונג אָנגענומען א באשלוס וועגן דער פאראַנטוואָרטלעכקייט פון די מיניסטאָרן און די אדמיניסטראַציע=באַאַמטע פאַר דער פאָלקס=פאָרשטייערשאַפט און וועגן איינשטעלן שטייערן דורך דער פאַרזאַמלונג — צוויי הויפּט=תּנאים פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער מאַכט. איצט האָט דער קיניג באַדאַרפט טראָגן דעם טיטל — קיניג פון די פראַנצויזן.

בעת די פאַרזאַמלונג האָט אויסגענוצט די באַוועגונג פונם 5טן אָקטאָבער, כּדי פעסטצושטעלן איר איבערהערשאַפט, האָט די בורזשואַזע שטאָט=פאַרוואַלטונג פון פאַריז, דאָס הייסט דער ראָט פון די דרייהונדערט, וואָס האָט איינגעשטעלט איר מאַכט נאָכן 16טן יולי, אויסגענוצט אויך די געשעענישן, כּדי צו פאַרפעסטיקן איר השפּעה. זעכציק אַדמיניסטראַציע=ראָטגעבער, וואָס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פונם ראָט פון די דרייהונדערט און זיינען איינגעטיילט געוואָרן אויף אַכט אָפּטיילונגען (פּראָוויאַנט, פּאָליציי, עפנטלעכע אַרבעט, שפּיטעלער, דערציִונג, גיטער און הכנסות, שטייערן און נאַציאָנאַלע גוואַרדיע), האָבן זיך צוגענומען די אַלע מאַכטן און זיינען געוואָרן אַ גרויסער כּוח, בפרט נאָך, אַז זיי האָבן זיך געקענט שטיצן אויף זעכציק טויזנט מאַן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פון די פאַרמעגלעכע בירגער.

באַ, דער מער פון פאַריז, און דער עיקר לאַפאַיעט, דער פירער פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, זיינען געוואָרן זייער איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן. וואָס שייך דער פּאָליציי, האָט די בורזשואַזיע זיך געמישט אין אַלץ: אין פאַרזאַמלונגען, צייטונגען, קאָלפּאָרטאַזש, מודעות, כּדי צו דערשטיקן אַלץ, וואָס איז געווען פיינטלעך צו איר געשטימט. לסוף, האָט דער ראָט פון די דרייהונדערט, אויסנוצנדיק די דערמאָרדונג פון עפּעס אַ בעקער (דעם 21 אָקטאָבער), זיך געווענדט צו דער פאַרזאַמלונג, אַז זי זאָל אַרויסגעבן אַ געזעץ וועגן באַלאַגערונגס=צושטאַנד, וועלכן זי האָט בחיפּזון אָנגענומען. פון איצט אָן, בעת אַ שטאָט=באַאַמטער האָט אויסגעשפּרייט אַ רויטע פאָן, איז אויסגערופן געוואָרן אויס=

נאַם-צושטאַנד; יעדער צוזאַמענלויף איז דעמאָלט געוואָרן אַ פאַר-ברעך, און דאָס מיליטער, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכן שטאָט-באַאַמטן, האָט — נאָך דריי מאָל רופן — געקענט שיסן צום עולם. אויב דער המון איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען רויק, אָן אַ ווידערשטאַנד, פאַרן לעצטן רוף, דעמאָלט זיינען בלויז די העכער געווען פאַראַנטוואָרטלעך און מען האָט זיי געמשפּט מיט דריי יאָר תּפיסה — אויב דער המון האָט ניט באַנוצט קיין געווער; אויב אָבער ער איז געווען באַוואָפנט — האָט מען זיי פאַרמשפּט צום טויט. אויב דאָס פאָלק איז באַגאַנגען גוואַלט-טאַטן, דעמאָלט האָבן אַלע, וואָס זיינען געווען דערינען פאַרמישט, געקריגן טויט-שטראָף. דער טויט האָט אויך געדראָט יעדן זעלנער, אָדער אָפיציר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס וואָלט גערופן צו צו-זאַמענלויפענישן אָדער זיי געשטיצט.

איין רציחה אויף דער גאַס איז אַלזאָ גענוג געווען, מען זאָל אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע געזעץ, און אין דער גאַנצער פּאַריזער פּרעסע, ווי עס האָט ריכטיק באַמערקט לוי בלאַן, האָט בלויז איין שטים, מאַראַטס, פּראָטעסטירט קעגן דעם דאָזיקן גרוי-זאַמען געזעץ, און האָט באַמערקט, אַז אין דער צייט פון רע-וואָלוציע, בעת דאָס פאָלק רייסט נאָך פון זיך די שטריק און פירט אַ מסירת-נפשדיקן קאַמף קעגן זיינע שונאים, האָט דאָס געזעץ וועגן באַלאַגערונגס-צושטאַנד קיין עקסיסטענץ-באַרעכטיקונג ניט. אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט קיינער, אחוץ ראָבעס-פּיערן און בוזאָן, ניט פּראָטעסטירט; אָבער אויך זיי — האָבן פּראָטעסטירט ניט אויס פּרינציפּ! מען האָט ניט באַדאַרפט — האָבן זיי געזאָגט — פּראָקלאַמירן דאָס געזעץ וועגן דעם אויסנאַם-צושטאַנד פאַרן איינשטעלן דעם טריבונאַל, וואָס דאַרף משפּטן יענע, וועלכע האָבן באַליידיקט דעם מאַיעסטעט פונם פאָלק.

אויסנוצנדיק דעריבער דעם כאַאָס, וואָס האָט געמוזט אַנט-שטיין אינם פאָלק נאָך דער באַוועגונג פונם 5טן און 6טן אָקטאָ-בער, איז דאָס בירגערטום צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די נייע מאַכט פונם מיטלשטאַנד סיי אין דער פאַרזאַמלונג, סיי אין דער שטאָט-פאַרוואַלטונג; דערביי האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געפעלט

קיין צוזאַמענשטויסן צווישן די אַמביציעזע שטרעבונגען פון יחידים, וועלכע האָבן איינע די אַנדערע באַקעמפט און איינע קעגן די אַנ־דערע געפירט אינטריגעס.

דער הויף פון זיין זייט האָט ניט געזען קיין שום סיבה אויף אָפּצוטרעטן; ער האָט אויך געמאַכט פאַרשווערונגען, גע־קעמפט און אויסגענוצט די שווערע פינאַנציעלע לאַגע און די אַמביציעס פון אַ טייל אַנגעזעענע פאַרזאַמלונגס־מיטגלידער, ווי, למשל, מיראַבאָ, כּדי אַריינצוציען זיי אין זיין אַרבעט.

אויף דעם פירשט פון אָרלעאַן, וועלכער האָט זיך קאָמ־פּראָמיטירט אין דער באַוועגונג פונם 6טן אָקטאָבער, וואָס ער האָט שטילערהייט געשטיצט, איז געוואָרפן געוואָרן אַן אומחן און ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַלס באַטשאַפטער קיין ענגלאַנד.

דעמאָלט האָט דער „מאָסיע", דעם קיניגס ברודער, דער גראַף פון פּראָוואַנס, גענומען פירן אינטריגעס, אַז מען זאָל דעם קיניג — דאָס „שטיק האָלץ", ווי ער האָט געשריבן צו איינעם פון זיינע פריינד, צווינגען אַרויסצופאָרן; וואָרעם תּיכּף נאָך זיין אַנטלויפן וואָלט ער געקענט שטעלן זיין קאַנדידאַטור אויפן פראַנצויזישן טראָן. מיראַבאָ, וואָס האָט פונם 23טן יוני באַקומען אַ ריזיקע השפּעה אין דער פאַרזאַמלונג און האָט כּסדר באַדאַרפט דאַגהן וועגן געלט, האָט אויך אינטריגירט צו באַקומען דאָס מיניסטע־ריום, און ווען די פאַרזאַמלונג האָט צונישט געמאַכט זיינע פּלענער, דען זי האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז קיינער פון אירע מיטגלידער קען ניט פאַרנעמען קיין מיניסטער־פּאָסטן, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין די אָרעמס פונם גראַף פון פּראָוואַנס, האָפנדיק, אַז מיט זיין הילף וועט ער קומען צו דער מאַכט. לסוף האָט ער זיך פאַרקויפט דעם קיניג און באַקומען פון אים שכירות — פּאָר 4 חדשים מיטאַמאָל — 50.000 פראַנק אַ חודש, מיט אַ צוזאָג אויף אַן אַמבאַסאַדע, און הער מיראַבאָ האָט זיך דערפאַר מתחייב גע־ווען „צו שטיצן דעם קיניג אין אַלץ מיט זיין שכל, מיט זיין אַווטאָריטעט און מיט זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט, ווען ער וועט איינזען, אַז אַזוי פאַרלאַנגט דער אינטערעס פון דער מלוכה און פון דעם קיניג". וועגן דעם אַלעם האָט מען זיך אָבער ערשט דערוואוסט

שפּעטער, אין 1791, נאָכן אַנגריף אויף טויִלרי, און מיראַבאָ האָט דערוויל ביזן זיין טויט (דעם 2טן אַפּריל 1791) געשפּט אַלס פאָלקס-פאַרטיידיקער.

די נעץ פון אינטריגעס, וואָס איז דעמאָלט געפלאָכטן געוואָרן אין לוווּר און אין די פירשטלעכע פּאַלאַצן, און אין די הויפן פון לאָנדאָן, ווין, מאַדריד, ווי אויך אין די פאַרשיידענע דייטשע פירשטנטימער, וועט קיינמאָל ניט ווערן אויפגעוויקלט. אַרום דער גוססער מאָנאַרכיע האָבן זיך געפּאָרעט אַלע. און וויפל אַמביציעזע שטרעבונגען האָבן געהערשט אין דער פאַרזאַמלונג גופא! אָבער דאָס זיינען בלויז עפּיזאָדן אָן קיין שום באַדייטונג. זיי דינען נאָר צום אויפקלערן אַ טייל פאַקטן, אָבער זיי ענדערן מיט קיין זאַך ניט דעם גאַנג פון די געשעענישן, וואָס די לאָגיק פון דער סיטואַציע און די כּוחות, וועלכע ווערן גענומען אין באַטראַכט, שאַפן.

די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט רעפּרעזענטירט דאָס געבילדעטע בירגערטום אין דעם פּעריאָד פון שאַפן און אָרגאַניזירן די מאַכט, וועלכע האָט זיך אַרויסגעגליטשט ביי דעם הויף, ביי די הויכע גייסטלעכע און ביי די איידעללייט פון די הענט אַרויס. און געפונען האָבן זיך דאָרט מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען צום ציל פּשוט, מיט שכל און מיט אַ געוויסער דרייסטקייט, וואָס איז געוואַקסן מיט יעדער נצחון איבער דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. עס האָט דאָך עקסיסטירט אין דער פאַרזאַמלונג דער אַזוי גערופענער „טריומווירואַט", וועלכער איז באַשטאַנען פון דיפּאָרן, קאַרל דע-לאַמעטן און באַרנאַוון, און אין פּאַריז זיינען אַלעמענס אויגן געווענדט געוועזן אויפן בירגערמייסטער באַי און דעם קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע לאַפאַיעטן. די אמתע מאַכט פונם בירגערטום האָט זיך דעמאָלט געפונען אין די קאָמפּאַקטע כּוחות פון דער פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט געזעצן צו פאַרפעסטיקן די אָרדענונג פונם מיטלשטאַנד.

צו דער דאָזיקער אַרבעט איז די פאַרזאַמלונג צוגעטראָטן מיט התלהבות נאָכדעם, ווי עס איז בכּוח געוועזן, נאָכן איבערטראָגן זיך קיין פּאַריז, רויק צו באַנייען איר טעטיקייט.

די טעטיקייט האָט זי אָנגעהויבן, ווי מיר האָבן געזען, באַלד נאָכן נעמען באַסטיליע. זעענדיק ווי דאָס פאָלק האָט אין משך פון עטלעכע טעג זיך באַוואָפנט, האָט געברענט די צאָל־פּאָסטנס, צוגענומען לעבנסמיטל, וואו עס האָט זיך נאָר געפונען, האָט דאָס בירגערטום, וואָס איז געווען פיינטלעך געשטימט צו די רייכע בירגער, פונקט ווי צו די אַריסטאָקראַטן, זיך דערשראָקן. עס האָט זיך ווי צום שנעלסטן באַוואָפנט, אָרגאַניזירט זיין נאַציאָנאַלע גוואַרדיע—„די בערישע היטלען״ קעגן „די וואָלענע היטלען״ און די פּיקעס, כּדי צו דערשטיקן די פאָלקס־אויפשטאַנדן. דעם 5טן אָקטאָבער האָט עס וואָס גיכער אָנגענומען דאָס געזעץ וועגן צוזאַמענלויפעניש וועגן וועלכע מיר האָבן נאָר־וואָס גערעדט.

גלייכצייטיק האָט דאָס בירגערטום געאײַלט זיך מיטן אַרויסגעבן געזעצן, וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרהיטן, אַז די פּאָליטישע מאַכט, וועלכע גליטשט זיך אַרויס פונם הויפס הענט, זאָל ניט איבערגיין אין די הענט פונם פאָלק. אַזוי האָט שוין סיעס, דער באַרימטער טוער פונם דריטן שטאַנד, אין אַכט טעג אַרום, נאָכן 14טן יולי, געשטעלט אין דער פאַרזאַמלונג אַ פאָרשלאָג, אַז די פראַנצויזן זאָלן צעטיילט ווערן אויף צוויי קאַטעגאָריעס, פון וועלכע בלויז איינע — די טעטיקע בירגער — זאָלן מיטאַרבעטן מיט דער רעגירונג — בעת די אַנדערע, וואָס ווערן אַרונטערגענומען אונטער די פּאַסיווע בירגער, די גרויסע פאָלקסמאַסן, זאָל קיין שום פּאָליטישע רעכט ניט האָבן. אין פינף וואָכן אַרום האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען די דאָזיקע טיילונג אַלס יסוד פון דער קאָנסטיטוציע, אַזוי אַרום איז פון דער דעקלאַראַציע פון די רעכט פון מענטשן, וואָס דער ערשטער פּרינציפּ אירער איז געווען גלייכהייט פון אַלע בירגער — אַ תּל געוואָרן תּיכּף ווי זי איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט.

באַנייענדיק די אַרבעט איבער דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון פראַנקרייך, האָט די פאַרזאַמלונג אָפּגערוקט דעם אַמאָליקן אופן פון טיילן אויף פּראָווינצן אָן אַ זייט, צוזאַמען מיט די ביזאַיצטיקע געוויסע זכיות פון די פעאָדאַלע איידעללייט און די גייסטלעכע. זי האָט צעטיילט פראַנקרייך אויף דעפּאַרטאַמענטן;

האָט אָפּגעשאַפט די אַמאָליקע „פּאַרלאַמענטן", דאָס הייסט די
אַמאָליקע טריבונאַלן, וועלכע האָבן אויך געהאַט געריכטס=פּריווי-
לעגיעס, און איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אַ שפּאָגל נייע און
איינהייטלעכע אַדמיניסטראַציע, אויפן פּרינציפּ פון אויסשליסן די
אָרעמע באַפעלקערונג פון רעגירן.

די נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג, וואָס איז נאָך אויסגעוויילט גע=
וואָרן אין די צייטן פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, האָט, אמת
טאַקע, געשטאַמט פון די אומדירעקטע וואַלן, אָבער די אָפּשטי=
מונג איז געווען כמעט אַן אַלגעמיינע. דאָס הייסט, אַז אין יעדן
וואַל=קרייז האָט מען צונויפגערופן עטלעכע פּאַרוואַל=פאַרזאַמלונגען,
וואָס זיינען באַשטאַנען כמעט פון אַלע דערוואַקסענע מאַנסלייט
אין דעם און דעם אָרט. זיי האָבן באַשטימט וויילער, וואָס האָבן
אין יעדן קרייז באַזונדער געשאַפן אַ וואַל=פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט
פון איר צד געוויילט אַ פאָרשטייער אין דער נאַציאָנאַל=פאַרזאַמ=
לונג. מען דאַרף באַמערקן, אַז נאָך די וואַלן האָבן די וואַל=פאַר=
זאַמלונגען זיך ווידער צונויפגעזאַמלט, דערהאַלטן בריוו פון זייערע
דעפּוטאַטן און אכטונג געגעבן אויף זייער שטימען.

און איצט, באַקומענדיק די מאַכט, האָט דאָס בירגערטום
געטאָן צוויי זאַכן. עס האָט פאַרברייטערט דאָס טעטיקייטס=געביט
פון די וואַל=פאַרזאַמלונגען דורך איבערגעבן זיי דאָס אויסוויילן
דירעקטאָרן פאַר יעדן דעפּאַרטאַמענט, דאָס אויסוויילן ריכטער און
אַ טייל אַנדערע באַאַמטע. אַזוי אַרום האָט עס זיי געגעבן זייער
אַ גרויסע מאַכט.

גלייכצייטיק אָבער האָט עס אויסגעשלאָסן פון די פּאַרוואַל=
פאַרזאַמלונגען די פאָלקסמאַסן און האָט אָפּגענומען פון זיי דערביי
אויף אַזאַ אופן אַלע פּאָליטישע רעכט. עס האָט צוגעלאָזט צו זיי
בלויז אַקטיווע בירגער, ד. ה. יענע, וואָס האָבן געצאָלט אומדי=
רעקטע שטייערן לכל=הפּחות מיט דריי אַרבעטס=טעג. אַנדערע זיינען
געוואָרן פּאַסיווע בירגער *. זיי האָבן שוין ניט געקענט אָנטייל

* יעדע געטיינדע=פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט דעם געלט=ווערט פונם אַרבעטס=
טאָג; אַלס יסוד האָט מען געווייגלעך גענומען דעם אַרבעטס=טאָג פון אַ פּאַרעבאָק.

נעמען אין די פארוואל=פארזאמלונגען, צוליב וואס זיי האבן קיין רעכט ניט געהאט ניט צו באשטימען קיין וויילער, ניט קיין געמיינדע=פארוואלטונג, ניט בכלל קיין שום דעפארטאמענט=מאכט. זיי האבן אויך ניט געקענט געהערן צו דער נאציאנאלער גווארדיע.

אחוץ דעם, האט מען, כדי צו זיין א וויילער, באדארפט צאלן אין דירעקטע שטייערן צען ארבעטס=טעג. צוליב דער דאזיקער פארארדענונג זיינען די פארזאמלונגען אינגאנצן געווארן בורזשואזע קערפערשאפטן (בעת די רעאקציע איז שפעטער, נאך דער שחיטה אויפן מארס=פעלד, געווארן דרייסטער, האט די פארזאמלונג אפילו איינגעשטעלט נאך א ווייטערדיקע באגרעניצונג: ווער עס האט געוואלט זיין א וויילער, האט געמוזט האבן ערד). און בלויז יענער איז אויסגעוויילט געווארן אלס פארשטייער פונם פאלק אין דער נאציאנאל=פארזאמלונג, ווער עס האט געצאלט אומדירעקטע שטייערן אין דער הויך פון א זילבער=מארק, ד. ה. 50 ליר.

נאכמער: די פערמאנענטע זיצונגען פון די וואל=פארזאמלונגען זיינען פארבאטן געווארן. נאך די וואלן האבן די דאזיקע פארזאמלונגען שוין ניט געקענט מער פארקומען. קוים האט מען איינמאל באשטימט בורזשואזע מאכטהאבער, האט מען זיי ניט באדארפט אזוי שטארק קאנטראלירן. אינגיכן האט מען אפילו אפגענומען דאס רעכט פון דערלאנגען פעטיציעס און ארויסזאגן פארלאנגען. „שטומט — און זיצט שטיל!"

די דערפער, ווי מיר האבן געזען, האבן אין די צייטן פון דער אבסאלוטער מאנארכיע אזש ביז דער רעוואלוציע אויפגעהיט כמעט אין גאנץ פראנקרייך די רעכט פון אלגעמיינע פארזאמלונגען פון דער באפעלקערונג, וואס אנטשפרעכט דעם רוסישן „מיר". צו דער דאזיקער פארזאמלונג האט געהערט דאס פירן די ענינים פון דער געמיינדע, דאס איינטיילן און פארוואלטן מיט דער ערד פון

---

* דאס מוניציפאל-געזעץ פונם 14טן דעצעמבער 1789 האט ניט בלויז אויסגעשלאסן פאסיווע בירגער פון אלע וואלן אויף די געמיינדע-אמטן, נאר האט אויך פארבאטן די וואל-פארזאמלונגען זיך צונויפצוקלייבן „לויט די מלאכות, פאכן אדער קארפאראציעס". זיי האבן זיך בלויז געקענט צונויפזאמלען לויט די קווארטאלן אדער קרייזן.

דער געמיינדע, מיט די פעלדער, לאָנקעס, וועלדער, ווי אויך מיט די ניט־פאַרזייטע ערד־שטחים. דאָס מוניציפּאַל־געזעץ פונם 22—24טן דעצעמבער האָט די דאָזיקע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פאַרבאָטן. פון איצט אָן האָבן בלויז די פאַרמעגלעכע אַקטיווע פויערים־בירגער געהאַט רעכט איינמאָל אין יאָר זיך צונויפצוזאַמלען, כּדי צו באַשטימען אַ מער און דעם געמיינדע־ראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי אָדער פיר פאַרמעגלעכע פויערים. אָט־אַזאַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג האָט מען באַשטימט פאַר דער שטאָט — די אַקטיווע בירגער האָבן זיך צונויפגעזאַמלט, כּדי אויסצוקלייבן דעם שטאָטראַט און די געמיינדע־פאַרוואַלטונג — דאָס הייסט, אַז די שטאָט האָט באַקומען די געזעצגעבערישע און די אויספיר־מאַכט, די אויפזיכט איבער דער פּאָליציי און די אָנפירונג מיט דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

אַזוי אַרום האָט די באַוועגונג, וואָס איז אין יולי פאָרגעקומען אין די שטעט און וועלכע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די דאָזיקע שטעט זאָלן זיך שאַפן אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן געמיינדע־פאַרוואַלטונגען און דערצו נאָך דעמאָלט, ווען די געזעצ פון די אַמאָליקע רעגירונגען, וואָס האָבן דאָס דאָזיקע רעכט ניט אָנערקענט, זיינען נאָך אין יעדן פּרט חל געווען, — די דאָזיקע באַוועגונג האָט באַקרוינט דאָס מוניציפּאַלע און אַדמיניסטראַטיווע געזעץ פונם 22טן דעצעמבער 1789. אַדאַנק דעם האָט די רעוואָלוציע, ווי מיר וועלן זען, באַקומען אַ ריזיקע מאַכט. שוין אין סאַמע אָנהייב פון דער באַוועגונג זיינען געשאַפן געוואָרן 30.000 זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־צענטרען, וואָס זיינען געווען אומאָפּהענגיק פון דער צענטראַלער רעגירונג אין טויזנטער ענינים, און זיינען פעיק געווען אויף אַ רעוואָלוציאָנערן טאַט, קוים האָט זיך די רעוואָלוציאָנערן איינגעגעבן צו באַהערשן זיי. וואָס אָן אמת, די בורזשואַזיע האָט מיט כּל־המינים פאָרזיכט־מיטלען זיך באַוואָרנט, אַז די מאַכט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָל בלייבן אין די הענט פון דעם פאַרמעגלעכן טייל פונם מיטלשטאַנד. אַחוץ דעם, איז די געמיינדע־פאַרוואַלטונג געווען אָפּהענגיק פון דעם דעפּאַרטאַמענטס־ראַט, וואָס האָט געשטאַמט פון אומדירעקטע וואַלן און האָט רעפּ־

רעזענטירט דאָס פאַרמעגלעכע בירגערטום, זייענדיק די גאַנצע צייט, וואָס די רעוואָלוציע האָט געדויערט, דער שטיצפונקט און דאָס כּלי-זיין פון די שונאים פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אויך די געמיינדע-פאַרוואַלטונג גופא, וואָס איז געוויילט געוואָרן בלויז דורך אַקטיווע בירגער, האָט גיכער רעפּרעזענטירט די בורזשואַזיע, ווי די פאָלקס-מאַסן, און אין אַ טייל שטעט, ווי ליאָן און אַ סך אַנדערע, איז זי געוואָרן דער צענטער פון דער רעאַקציע. אָבער ניט געקוקט דערויף זיינען די געמיינדע-פאַרוואַלטונגען ניט געוועזן קיין כּלי-זיין פון דער קיניגלעכער מאַכט און מען מוז מודה זיין, אַז דאָס מוניציפּאַלע געזעץ פון דעצעמבער 1739 האָט אין דער גרעסטער מאָס גורם געווען, מער ווי יעדער אַנדער געזעץ, אַז די רעוואָלוציע זאָל זיגן. בעת דעם פּויערים-אויפשטאַנד קעגן די פעאָדאַלע פּריצים, אין אויגוסט 1789, האָבן מיר געזען, ווי די שטאָט-פאַרוואַלטונגען פונם דעלפינאַט זיינען אַרויס צום קאַמף קעגן די פּויערים און האָבן אומברחמנותדיק געהאַנגען די פּויערים-מורדים. ווען די רעוואָלוציע האָט זיך אַנטוויקלט, האָט זיך דעם פאָלק בהדרגה איינגעגעבן צו באַקומען אונטער זיין השפעה די שטאָט-מאַכט. פון דאַנען זעען מיר, אַז וואָס ברייטער עס ווערט דער קרייז פון די פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציע, אַלץ מער ווערן די שטאָט-פאַרוואַלטונגען רעוואָלוציאָניזירט — אין די יאָרן 1793 און 1794 ווערן זיי די אמתע צענטערס פון דער טעטיקייט פון די פאָלקס-רעוואָלוציאָנערן.

אַ וויטערדיקן, זייער וויכטיקן שריט פאַר דער רעוואָלוציע האָט געמאַכט די פאַרזאַמלונג דורכן אָפּשאַפן דאָס אַמאָליקע געריכט-וועזן פון די פּאַרלאַמענטן און איינפירן דאָס אויסוויילן ריכטער דורכן פאָלק. אין דאָרף האָט יעדער קאַנטאָן, וואָס איז באַשטאַנען פון פינף-זעקס געמיינדעס, אַליין, דורך דער פאַרמיטלונג פון זייערע אַקטיווע בירגער, באַשטימט זיינע ריכטער; אין די גרויסע שטעט האָט מען דאָס דאָזיקע רעכט איבערגעגעבן די וויילער-פאַרזאַמלונגען. די אַמאָליקע פּאַרלאַמענטן האָבן, פאַרשטייט זיך, געקעמפט פאַרן בלייבן ביי זייערע זכיות. אויף דרום, אין טולוז, האָבן 80 מיטגלידער פונם פּאַרלאַמענט צוזאַמען מיט

89 איידללייט זיך געשטעלט אפילו בראש פון דער באוועגונג, וואָס האָט בדעה געהאט צוריק אומצוקערן דעם מאָנארך זיין גע־זעצלעכע מאכט מיט זיין „פרייהייט", און דער רעליגיע — איר „גוצלעכע השפעה". אין פּאריז, רואן, מעץ, ברעטאן האָבן די פּאר־לאמענטן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן דער ניוועלירנדיקער מאכט פון דער פארזאמלונג און האָבן צוגעגרייט פארשווערונגען לטובת דער אמאָליקער מאכט.

דאָס פאָלק האָט אָבער די פּארלאמענטן ניט געשטיצט און זיי האָבן ווילנדיק ניט ווילנדיק זיך געמוזט אונטערגעבן דעם דעק־רעט פונם 3טן נאָוועמבער 1789, וואָס אויף זיין סמך זיינען זיי פונאנדערגעלאָזט געוואָרן אזש ביז א ווייטערדיקער פאראָרדענונג. זייער ווידערשטאנד האָט ארויסגערופן בלויז א נייעם דעקרעט (פונם 11טן יאנואר 1790), אין וועלכן מען האָט ערקלערט, אז דער ווידערשטאנד פון דער מוניציפּאלער מאכט פון רואן קעגן דעם געזעץ „מאכט אומפעיִק אויסצופירן די געזעצן פון די אקטיווע בירגער, כל־זמן זיי וועלן, לויט זייער בקשה צו דער געזעצגעבע־רישער קערפּערשאפט, ניט צוגעלאָזן ווערן צו שווערן טריישאפט דער קאָנסטיטוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער נאַ־ציאָנאל־פארזאמלונג און באקומען די הסכמה פונם קיניג".

ווי עס איז צו זען, האָט די פארזאמלונג געקענט צווינגען די בירגער צו אכטן אירע באשלוסן בנוגע דער נייער אדמיני־סטראטיווער אָרגאניזאציע פון פראנקרייך. די נייע אָרגאניזאציע האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף א שרעקלעכן ווידערשטאנד מצד די הויכע גייסטלעכע, די איידללייט און דער גרויס־בורזשואזיע; מען האָט באדארפט האָבן גאנצע יאָרן און א רעוואָלוציע, נאָך א טי־פערער פון דער, וואָס דאָס בירגערטום האָט זיך געוואונטשן, כדי די אמאָליקע אָרגאניזאציע זאָל צעשטערט ווערן און איינצו־פירן א נייע.

## צוויי=און=צוואנציקסטער קאפיטל

# די פינאנסיעלע שוועריקייטן. — דער אויספארקויף פון די גיטער פון די גייסטלעכע.

די פארזאמלונג באשליסט צו קאנפיסקירן די קלויסטער-גיטער. — דער שרעק פון די רייכע גייסטלעכע. — די אונטערדריקונג פון די מאנאר-כיסטישע ארדנס. — פאפיר-געלט. — די גייסטלעכע דם-שונאים פון דער רעוואלוציע. — די גרינדונגס-פארזאמלונג ארבעט פאר דעם בירגערטום.

שווערער פאר אלץ איז פאר דער רעוואלוציע געווען צו מאכן זיך א וועג צווישן די שרעקלעכע עקאנאמישע באדינגונגען. דער באנקראט פון דער מלוכה איז געהאנגען איבער די קעפ פון די יעניקע, וואס האבן זיך אונטערגענומען צו רעגירן מיט פראנק-רייך, און ווען ער זאל געווען געשען, וואלט עס ארויסגערופן א מרידה פונם גאנצן פארמעגלעכן בירגערטום קעגן דער רעוואלוציע. הגם דער דעפיציט איז געווען איינע פון די הויפט=סיבות, וואס האבן געצוואונגען די קיניגלעכע מאכט צו גיין אויף די ערשטע קאנסטיטוציאנעלע הנחות — און האבן צוגעגעבן דעם בירגערטום מוט, אז עס זאל ערנסט פאדערן פאר זיך אן אנטייל אינם רעגירן, האט אבער דער דעפיציט גופא, ווי א קאשמאר, געדריקט בעת דער רעוואלוציע די אלע, וואס זיינען געקומען צו דער מאכט.

אמת, דעמאלט זיינען נאך די מלוכה=הלוואות ניט געווען קיין אינטערנאציאנאלע, און דעריבער האט פראנקרייך ניט באדארפט מורא האבן, אז פרעמדע פעלקער וועלן ארויסטרעטן אלס זיינע בעל=דברם, אז זיי וועלן זיך פארשטענדיקן צווישן זיך און אפנעמען ביי אים די פראווינצן, ווי דאס וואלט געשען ביי היינטיקן טאג, ווען עפעס אן אייראפעישע מלוכה, וואס געפינט זיך אין צושטאנד פון רעוואלוציע, זאל זיך ערקלערן פאר באנקראט. מען האט באדארפט א טראכט געבן וועגן די אינערלעכע בעל=דברם, ווארעם ווען פראנקרייך זאל געווען אויפהערן צו צאלן, וואלט דאס חרוב געמאכט אזוי פיל בירגערלעכע גיטער, אז די רעווא=

לוציע וואָלט געהאַט קענען זיך די גאַנצע גרויסע און מיטעלע בורזשואזיע — מיט איין וואָרט אַלעמען, אחוץ די אַרבעטער און די אָרעמסטע פּויערים. דעריבער טאַקע האָט די גרינדונגס־פֿאַר־זאַמלונג, די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג, דער קאָנווענט און שפּעטער דער דירעקטאָריאַט געמוזט אין משך פון אַ ריי יאָרן אָנשטרענגען אַלע כּוחות, כּדי אויסצומיידן דעם באַנקראָט.

דער אויסגאַנג, אויף וועלכן די פאַרזאַמלונג האָט סוף 1789 זיך אָנטשלאָסן, איז באַשטאַנען אין קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון דער קירך, פאַרקויפן דאָס און מיט דעם געלט אויסצוצאָלן די גייסטלעכע דאָס גאַנצע שכירות. די הכנסות פון דער קירך האָט מען געשאַצט אין 1789 אויף 120 מיליאָן און דעם מעשר־אָפּצאָל אויף 80 מיליאָן, און אַנדערע הכנסות פון פאַרשיידענעם באַזיץ (הייזער, אומבאַוועגלעכע גיטער, וואָס מען האָט געשאַצט אויף איבער 2 מיליאַרד) און אַן ערך 30 מיליאָן אין אָפּצאָלן, וואָס די מלוכה גיט יאָר־יערלעך צו, בסך־הכּל אויף 230 מיליאָן אַ יאָר. די דאָזיקע הכנסות זיינען אָן שום ספק אויף אַ אומיושרדיקסטן אופן צעטיילט געוואָרן צווישן די פאַרשיידענע מיטגלידער פון די גייסטלעכע. די בישאָפן האָבן געלעבט אין ראַפינירטן לוקסוס, און וואָס שייך הוצאות, האָבן זיי געקענט אַפילו קאָנקורירן מיט די רייכע פּריצים און פירשטן, בעת די פּראָבסטן אין די שטעט און דערפער האָבן באַקומען אַ קליין געהאַלט און געלעבט אין גרויס דחקות. דעריבער האָט טאַ־לעיראַן, דער בישאָף פון אָטען, שוין דעם 10טן אָקטאָבער פאָר־געשלאָגן, אַז מען זאָל אין נאָמען פון דער מלוכה נעמען אין באַזיץ אַלע קירכלעכע גיטער, זיי פאַרקויפן, אויסצאָלן אינגאַנצן די שכירות פאַר די גייסטלעכע (1200 ליר יערלעך יעדן גייסטלעכן און דערצו נאָך אַן אומזיסטע דירה), און דאָס איבעריקע דעקן פונם מלוכה־חוב, וואָס האָט באַטראָפן 50 מיליאָן לעבנסלענגלעכע רענטעס, און 60 מיליאָן פעסטע רענטעס. דורך דער דאָזיקער פאַראָרדענונג וואָלט מען געדעקט דעם דעפיציט, מען וואָלט אָפּ־געשאַפט דעם זאַלץ־שטייער, וואָס האָט נאָך טיילווייז עקסיסטירט, און מען וואָלט ניט געמוזט שוין נעמען פון די „אמטן“, פון די אָפיצירישע שטעלעס און די שטעלעס פון די באַאַמטע, וואָס מען

האָט אָפּגעקויפט בײַ דער מלוכה. דורכן פאַרקויפן די קירכלעכע גיטער האָט מען אויך געוואָלט שאַפן אַ נייעם קלאַס פּויערים, וואָס איז צונויפגעוואַקסן מיט דער ערד, וועלכע וואָלט געווען זייער אייגנטום.

דער דאָזיקער פּראָיעקט האָט, פאַרשטייט זיך, אַרויסגערופן מורא בײַ די פּויערים. — „איר פירט אונז צו אַן אַגראַר־געזעץ!" — האָט מען געזאָגט צו דער פאַרזאַמלונג. — „איז ווייסט, אַז יעדעס מאָל ווען איר וועט צוקומען צום אָנהייב פון אייגנטום, וועט דאָס גאַנצע פאָלק צוזאַמען מיט אייך דאָרט צוקומען!" דאָס האָט געהייסן אָנערקענען, אַז אינעם יסוד פון יעדער ערד־אייגנטום שטעקט אומרעכט, גזילה, גנבה און שווינדל.

אָבער דאָס בירגערטום, וואָס האָט קיין ערד־אייגנטום ניט געהאַט, איז געווען פון דעם פּראָיעקט אַנטציקט. אַזוי אַרום האָט מען אויסגעמיטן באַנקראָט, די שטאָט־לייט ווידער האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אײַנצוהאַנדלען ערד. היות דאָס וואָרט „עקספּראָפּריאַציע" האָט געשראָקן די פרומע נשמות פון די בּריצים, האָט מען געפונען אַ מיטל, אַז מען זאָל עס אויסמיידן. מען האָט געזאָגט, די גיטער פון די גייסטלעכע זיינען אָפּגעגעבן צו דיספּאָזיציע דעם פאָלק און מען האָט באַשלאָסן, אַז אַ טייל פון די דאָזיקע גיטער, אין ווערט פון 400 מיליאָן, זאָל מען תּיכּף פאַרקויפן. דער צווייטער נאָוועמבער 1789 איז געווען דער היסטאָרישער טאָג, אין וועלכן דאָס דאָזיקע גלענצנדע אַנטאייגענען איז געוואָרן באַשלאָסן דורך דער פאַרזאַמלונג מיט 568 שטימען קעגן 346. קעגן דריי הונדערט זעקס־און־פערציק שטימען! און די דאָזיקע אָפּאָזיציע, וואָס איז פון דער רגע אָן געוואָרן אַ פאַרביסענער שונא פון דער רעוואָלוציע, וועט אינגיכן הימל און ערד אויפ־דודערן, כּדי דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג, און שפּעטער דער רעפּובליק, אָנצוטאָן וואָס מער היזקות.

אָבער דאָס בירגערטום, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון די ענציקלאָפּעדיסטן פון איין זייט, און וואָס איז פון דער אַנדערער זייט געווען פאַרפאָלגט דורכן געשפּענסט

פון אומפאַרמיידלעכן באַנקראָט, האָט זיך ניט געלאָזט אָפּשרעקן. בעת אַ גרויסער טייל פון די גייסטלעכע, און דער עיקר די אָרדנס, האָבן אָנגעהויבן פירן אינטריגעס קעגן דעם אַנטאייגענען פון די קירכלעכע גיטער, האָט די פאַרזאַמלונג פונם 12טן פעברואַר 1790 באַשלאָסן אָפּצושאַפן די אייביקע שבועות אין די קלויסטער־אָרדנס פון ביידע געשלעכטער. זי האָט אָבער געהאַט די שוואַכקייט, וואָס זי האָט דערוויילֿ די אָרדנס, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אונטעררי֞כט און מיט פלעגן קראַנקע, ניט גערירט. מען האָט זיי אָפּגעשאַפט ערשט דעם 18טן אויגוסט 1792 נאָכן שטורעם אויף טויִלרי.

ס'איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ שנאה די דאָזיקע דעקרעטן האָבן אַרויסגערופן ביי די גייסטלעכע, ווי ביי אַלע יענע, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייער השפעה; און זייער צאָל, דער עיקר אין דער פּראָווינץ, איז געווען אַ ריזיקע. דאָך, כּל־זמן די גייסטלעכע און די אָרדנס האָבן געהאָפט, אַז זיי וועלן קענען איינהאַלטן דאָס פאַרוואַלטן מיט זייערע ריזיקע גיטער, וועלכע מען וואָלט דעמאָלט באַטראַכט בלויז, ווי אַ גאַראַנטיע פאַר די מלוכה־הלוואות, האָבן זיי נאָך ניט אַרויסגעוויזן זייער גאַנצע שנאה. אָבער אַזאַ לאַגע האָט לאַנג ניט געקענט דויערן. דער מלוכה־אוצר איז געווען פּוסט, די שטייערן זיינען ניט אַריינ־געפלאָסן, די דרייסיק־מיליאָניקע הלוואה, וואָס איז באַשלאָסן גע־וואָרן דעם 9טן אויגוסט 1789, האָט זיך ניט איינגעגעבן; די צווייטע, אַכציק־מיליאָניקע הלוואה, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן דעם 27טן פון דעם זעלבן חודש, האָט געבראַכט זייער ווייניק. לסוף, נאָך מיראַבאָס באַרימטע רעדע האָט מען דעם 26טן סעפּ־טעמבער אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן אַן אויסערגעוויינלעכן שטייער אין דער גרויס פון אַ פערט־חלק פון דער הכנסה. אָבער דעם דאָזיקן שטייער האָט תּיכּף פאַרשלונגען דער תּהום פּראָצענטער פון די אַמאָליקע הלוואות. און ד'עמאָלט איז די פאַרזאַמלונג גע־פאַלן אויפן שכל אַרויסצולאָזן אַסיגנאַציעס מיט אַ צוואַנגס־קורס, וואָס זייער ווערט וואָלטן פאַרזיכערט די פאָלקס־גיטער, וועלכע זיינען צוגענומען געוואָרן ביי די גייסטלעכע; די דאָזיקע אַסיגנאַציעס

האָט מען געזאָלט אָפּצאָלן פון די געלטער, וואָס וועלן איינפליסן פון דעם פאַרקויפן די דאָזיקע גיטער.

מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ ריזיקע שפעקולאַציעס עס האָט גורם געווען דער גרויסער אויספאַרקויף פון די פאָלקס־גיטער און דאָס אַרויסלאָזן די אַסיגנאַציעס. ס'איז לייכט צו טרעפן, וואָס פאַר אַן עלעמענט די דאָזיקע צוויי פאַראָרדענונגען האָבן אַריינגעטראָגן אין דער רעוואָלוציע. און דאָך פרעגן זיך נאָך היינט די עקאָנאָמיסטן און די היסטאָריקער, צי ס'איז ניט געווען קיין אַנ־דער מיטל צו באַפרידיקן די אייליקע נייטן פון דער מלוכה. די רציחות, משוגעתן, גנבות און מלחמות פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע זיינען געלעגן ווי אַ משא אויף דער רעוואָלוציע. האָבנדיק תיכף אין אָנהייב אַזאַ פּאַק מיט חובות פון די פריערדיקע רעגירונגען, האָט די רעוואָ־לוציע געמוזט ליידן אַלע קאָנסעקווענצן. באַדראָט פון נאָך אַ שטאַר־קערער בירגער־מלחמה איידער די וואָס האָט זיך שוין צעפלאַקערט — אויס מורא צו פאַרלירן די סימפּאַטיעס פונם בירגערטום, וואָס האָט, אמת טאַקע, שטרעבנדיק צו זיינע צילן, ערלויבט דעם פאָלק זיך צו באַפרייען פון זיינע פּריצים, וואָלט זיך אָבער אַנטקעגנ־געשטעלט יעדן פּרווו זיך צו באַפרייען, ווען די קאַפּיטאַלן, וואָס עס האָט אַריינגעלייגט אין די הלוואות, וואָלטן באַדראָט געווען— האָט די רעוואָלוציע, אַוועקגעשטעלט צווישן די דאָזיקע צוויי סכנות, אָנגענומען דעם פּראָיעקט פון די אַסיגנאַציעס, וואָס זיינען פאַרזיכערט געווען מיט די פאָלקס־גיטער.

דעם 29טן דעצעמבער 1789 האָט מען, לויטן פאָרשלאָג פון די פּאַריזער דיסטריקטן, איבערגעגעבן די פאַרוואַלטונג פון די קירכלעכע גיטער די געמיינדע־אָרגאַנען, וועלכע האָבן אַ טייל פון דאָזיקע גיטער, אין דעם ווערט פון 400 מיליאָן, געזאָלט פאַר־קויפן. דעם דאָזיקן גרויסן שריט האָט מען אויסגעפירט און פון דער רגע אָן האָט דאָס גייסטלעכטום, אחוץ אַ קליינער צאָל דאָר־פישע פּראָבסטן, וואָס זיינען געווען נוטה צום פאָלק, געשוואָרן בלוטיקע שנאה צו דער רעוואָלוציע — אַ קלעריקאַלע שנאה, און די קלויסטערס האָבן שטענדיק געקענט פיינט האָבן. דאָס אָפּשאַפן

די קלויסטער־שבועה האָט נאָך מער אויפגערייצט די דאָזיקע שנאה. פון איצט אָן ווערט דער קלער די נשמה פון די פארשווערונגען אין פראַנקרייך, וואָס שטרעבן אומצוקערן די אַבסאָלוטע רעגירונג און די פעאָדאַלע אָרדענונג. ער איז געבליבן דער גייסטיקער פירער און די נשמה פון דער רעאַקציע, וואָס וועט זיך באַווייזן אין די יאָרן 1790 און 1791 און וועט פּרובירן דערשטיקן די רעוואָלוציע.

דאָס בירגערטום האָט אָבער געקעמפּט און איז ניט אָראָפּ פון זיין וועג. אין יוני און יולי 1790 האָט די פאַרזאַמלונג אָנגעהויבן די דיסקוסיע איבער דעם גרויסן ענין פון אָרגאַניזירן די קירך אין פראַנקרייך. מען האָט באַשלאָסן, אַז די עפּיסקאָפּאַטן דאַרפן געניוי אַנטשפּרעכן זייערע דעפּאַרטאַמענטן; צוליב דעם האָט מען זייער צאָל פאַרקלענערט, און ביידע קרייזן — דאָס בישאָפּטום מיטן אַדמיניסטראַטיוון דעפּאַרטאַמענט, צונויפגעגאָסן אין איינס. דאָס האָט מען נאָך געקענט מוחל זיין; אָבער דאָס נייע געזעץ האָט איבערגעגעבן דאָס אויסוויילן נייע ביסקופּן די ווייל ער — די זעלבע, וועלכע האָבן אויסגעקליבן די דעפּוטאַטן, די ריכטער און די געמיינדע־פאַרוואַלטונגען.

אַזוי אַרום האָט מען ביים בישאָף אָפּגענומען זיין גלחישן כאַראַקטער און אים פאַרוואַנדלט אין אַ מלוכה־באַאַמטן. אמת, אינם אַמאָליקן קירך־וועזן האָט די בישאָפן און די גלחים געקליבן דאָס פאָלק; אָבער די וואַל־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מען האָט אויסגעקליבן פּאָליטישע פאָרשטייער און באַאַמטע, זיינען ניט געווען קיין אַמאָליקע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען פון גלויביקע. מיט איין וואָרט, די גלויביקע האָבן איינגעזען דערינען אַן אַטענטאַט אויף די אַלטע קירכלעכע דאָגמען, און די גלחים האָבן ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט, כדי אויסצונוצן די אומצופרידנהייט פאַר זייערע ציל. די גייסטלעכע האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי גרויסע פאַרטייען: אויפן קאָנסטיטוציאָנעלן קלער, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבן — לכל־הפחות פאָרמעל — די נייע געזעצן און געשוואָרן דער קאָנסטיטוציע, און אויף אומגעשוואָרענעם קלער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער שבועה און זיך געשטעלט אָפּן בראש פון דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. צוליב דעם זיינען אין יעדער

פראווינץ, אין יעדער שטאָט, אין יעדן דאָרף, אויף יעדער ווירט־שאפט די באַלעבאַטים געשטעלט געוואָרן פאַר דער פראגע, צי זיי זאָלן זיך ארויסזאָגן פאַר דער רעוואָלוציע, אָדער ארויסטרעטן קעגן איר? צוליב דעם האָבן אפילו אין די קלענסטע ערטער געמוזט אנטשטיין די שרעקלעכסטע קאמפן, וואָס האָבן באדארפט אנטשיידן, וועלכע פון די בירגער־פאַרטייען וועט איבערוועגן. אזוי איז די רעוואָלוציע געוואָרן איבערגעטראָגן פון פאריז אין די קלענסטע דערפלעך אריין. זי איז ניט פארבליבן קיין פארלא־מענטארישע רעוואָלוציע, נאָר איז געוואָרן א פאָלקס־רעוואָלוציע.

דאָס ווערק פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג איז אָן שום ספק געשאפן געוואָרן אין די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע. אריינ־פירנדיק אָבער אין די מנהגים פון פאָלק דעם פרינציפּ פון פּאָליטישער גלייכהייט, באזייטיקנדיק די פארעלטערטע רעכט פון איין מענטשן לגבי דעם אנדערן, וועקנדיק דאָס געפיל פון גלייכהייט, האָט זי אויפגעטאָן א גרויסע זאך, א טאַט פון ריזיקער באדייטונג. מען דאַרף בלויז געדענקען, וואָס לוי בלאַן האָט שוין באמערקט, אז כדי אויפצוהעצן און אויפצופלאקערן דעם רעוואָלוציאָנערן נעסט, וואָס די פאָלקס־פארזאמלונג איז עס געווען, האָט מען באדארפט האָבן „דעם ווינט, וואָס האָט געבלאָזן דערמאָלט פון דער גאַס". „אפילו די אומרוען, גיט צו לוי בלאַן, האָבן אויסגעשיילט פון זייער ווירוואר אין יענע אומפארגלייכלעכע טעג אזוי פיל געניאלע געדאנקען! יעדער אויפשטאנד איז געווען אזוי רייך אין אידעען!" מיט אנדערע ווערטער, די גאַס, דאָס פאָלק פון דער גאַס, האָט די גאנצע צייט געצוואונגען די פארזאמלונג, אז זי זאָל כסדר גיין פאָראויס אין איר שעפע־רישער ארבעט. אפילו דער רעוואָלוציאָנערער פארלאמענט, אָדער יענער, וואָס האָט, ווי די גרינדונגס־פארזאמלונג, געהאט לכל־הפחות א רעוואָלוציאָנערן אויסזען, וואָלט קיין זאך ניט אויפגעטאָן, ווען דאָס פאָלק וואָלט אים ניט שטויסן פאָראויס און דורך זיינע בילצאָליקע אויפשטאנדן ניט געבראָכן די עקשנות פון די שונאים פון דער רעוואָלוציע.

---

## דריי=און=צוואנציקסטער קאפיטל

# דער יום=טוב פון דער פעדעראציע.

דער סוף פון דעם ערשטן פעריאָד פון דער רעוואָלוציע. — דער דועל
צווישן דעם קיניג און דער פאַרזאַמלונג. — דער קיניג קויפט אונטער
מיראַבאָן. — דער פעריאָד פון פאַרשווערונגען און קעגן-פאַרשווערונגען. —
דער יום-טוב פון אייניקייט. — די שמחה פון פאָלק.

מיטן איבערפירן דעם קיניג און די פאַרזאַמלונג פון ווערסאַל
קיין פאַריז ענדיקט זיך דער ערשטער פעריאָד — מען קען זאָגן
דער העלדישער פעריאָד פון דער גרויסער רעוואָלוציע. דאָס צו=
נויפקומען זיך פון די גענעראַל=שטאַטן, די קיניגלעכע זיצונג פונם
23טן יוני, די שבועה אינם זאַל פון באַל=שפּיל, דאָס נעמען באַ=
סטיליע, דער בונט פון שטאָט און דאָרף אין יולי און אויגוסט,
די נאַכט פון פערטן אויגוסט, לסוף דער צוג פון די פרויען אויף
ווערסאַל און זייער טריומפאַלער אומקער מיטן דעם געפאַנגע=
נעם קיניג — אָט-דאָס זיינען געווען די הויפּט=עטאַפּן פונם דאָזיקן
פעריאָד.

מיטן איבערטראָגן די פאַרזאַמלונג און דעם קיניג — „די
געזעצגעבערישע און די אויספיר=מאַכט” — קיין פאַריז הייבט זיך
אָן דער פעריאָד פון פאַרשטיקטן קאַמף צווישן דער גוסדיקער קיניג=
לעכער מאַכט און דער נייער קאָנסטיטוציאָנעלער מאַכט, וואָס
שאַפט זיך פאַמעלעך פון דער געזעצגעבערישער אַרבעט פון דער
פאַרזאַמלונג און פון דעם שעפערישן ווערק, וואָס ווערט אויפן אָרט
געשאַפן, אין יעדער שטאָט און אין יעדן דאָרף.

פראַנקרייך האָט איצט אין דער נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג
אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאַכט, וועלכע דער קיניג איז געצוואונגען
צו אָנערקענען. און הגם אָפיציעל אָנערקענט ער זי, זעט ער אין
איר כסדר אוזורפּאַציע, באַליידיקונג פון זיין קיניגלעכן אווטאָ=
ריטעט, וואָס זיין אָפּשוואַכונג וויל ער ניט דערלאָזן. דעריבער
ברעכט ער זיך דעם קאָפּ איבערן אויסזוכן טויזנטער מיטלען און
האַלבע מיטלען, כדי געהאָרכזאַם צו מאַכן די פאַרזאַמלונג און

קעמפן מיט איר איבער יעדער פיצל מאַכט. און ביז דער לעצטער רגע פארלירט ער ניט די האָפענונג, אַז ער וועט ווען עס איז צווינגען צו געהאָרזאַמקייט די דאָזיקע מאַכט — און באַדויערט, וואָס ער האָט זי ניט דערשטיקט אין סאַמע אָנהייב.

אינם דאָזיקן קאַמף קלייבט ער ניט איבער אין די מיטלען. פון דער דערפאַרונג ווייסט ער, אַז אַלע לייט פון זיין סביבה זיינען פאַרקויפטע — אַ טייל קען מען קויפן ביליג, אַנדערע ווידער פאַר גוט געצאָלטס — און ער באַמיט זיך שטאַרק צו באַקומען געלט, גרויסע געלט-סומעס, און ער מאַכט הלוואות אין לאָנדאָן, כדי צו קענען איבערקויפן די פירער פון די פאַרטייען אין דער פאַר-זאַמלונג און ערגעץ-אַנדערש. דאָס געלינגט אים גלענצנד מיט איינעם פון יענע, וואָס שטייען אויף די שאַנצונגען פון דער רע-וואָלוציע, דהיינו, מיט מיראַבאָ, וועלכער איז פאַר גרויס געלט געוואָרן דער בעל-יועץ אינם הויף און דער פאַרטיידיקער פונם קיניג, און האָט זיינע לעצטע טעג פאַרבראַכט אין ראַפינירטן לוקסוס. אָבער ניט בלויז אין דער פאַרזאַמלונג געפינט די מאָ-נאַרכיע אירע משרתים: מחוץ איר האָט זי זיי נאָך מער. זי האָט זיי צווישן יענע, ביי וועלכע די רעוואָלוציע האָט אָפּגענומען די פּריווילעגיעס, די ריזיקע שבירות און די קאָלאָסאַלע פאַרמעגנס, וואָס זיינען זיי פון לאַנג-אָן געוואָרן אָנערקענט; זי האָט זיי צווישן די גייסטלעכע, וואָס זעען, ווי זייער השפעה גייט אונטער; זי האָט זיי צווישן די פּריצים, וואָס פאַרלירן צוזאַמען מיט די פעאָדאַלע רעכט זייער פּריווילעגירטע לאַגע; זי האָט זיי צווישן בירגערטום, וואָס האָט מורא פאַר זיינע קאַפּיטאַלן, וואָס שטעקן אינם מסחר, אין דער אינדוסטריע און אין די מלובה-הלוואות, — זי האָט זיי צווישן די זעלבע בירגער, וואָס קומען בשעת דער רעוואָלוציע און אדאַנק דער רעוואָלוציע צו עשירות. און אַזעלכע, וואָס זעען אין דעם רעוואָלוציע אַ שונא — זיינען פאַרהאַן זייער אַ סך. צו זיי ווערן צוגערעכנט אַלע, וואָס האָבן תחילת געלעבט פון די הויכע גייסטלעכע, פונם הויכן אַדל און פון די פּריווילעגירטע צווישן דער גרויס-בירגערטום: דאָס איז העכער אַ העלפט פון דעם גאַנצן טעטיקן און דענקענדיקן טייל פאָלק, פון וועלכן עס באַשטייט

זיין היסטאָריש לעבן. און הגם אינם פאָלק פון פּאַריז, שטראַס=בורג, רואַן און אַ סך אַנדערע גרויסע און קליינע שטעט געפינט די רעוואָלוציע אירע הייסטע אָנהענגער — אָבער וויפל שטעט זיינען פאַרהאַן, ווי ליאָן, וואָס אין זיי איז די לאַנגיאָריקע השפּעה פון די גייסטלעכע און די עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייט פונם בעל=מלאכה און ארבעטער געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס פאָלק אַליין, צוזאַמען מיט זיינע גייסטלעכע וועט איינגיכן זיך ווענדן קעגן דער רעוואָ=לוציע; וויפל אַזעלכע שטעט, ווי די גרויסע פּאָרטן נאַנט, באָרדאָ, סען=מאַלאָ, זיינען פאַרהאַן, וואו די גרויסע סוחרים און די גאַנצע מאַסע מענטשן, וואָס הענגען פון זיי אָפּ, גיבן שוין פּאָראויס די הענט דער רעאַקציע!

און אפילו צווישן די פּויערים גופא, וואָס אין זייערע אינ=טערעסן וואָלט געלעגן צו האַלטן מיט דער רעוואָלוציע, — איז וויפל קליינע אייגנטימער פילן פאַר איר אַ מורא; ניט רייד=ריק שוין פון די גאַנצע פּראָווינצן, וואָס די פעלערן פון די רעוואָלוציאָנערן דערוויייטערן זיי פון דער גרויסער זאַך. צו גרויסע טעאָרעטיקער, צו גרויסע ליבהאָבער פון איינטאָניקייט און פון איין שאַבלאָן, און דעריבער ניט פעיִקע צו פאַרשטיין די כּלערליי פאָרמען פון ערד=אייגנטום, וואָס שטאַמען פון דעם מנהגים=רעכט; פון דער צווייטער זייט ווידער צופיל פאַרביסענע וואָלטעריאַנער, אַז זיי זאָלן באַנעמען די גלויבענישן פונם פאָלק, וואָס איז איבערגעענטפערט דער נויט, און קודם=כּל צו גרויסע פּאָליטיקער, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט פאַרן פּויער די ערד=פראַגע— האָבן די רעוואָלוציאָנערן אַליין געהעצט קעגן זיך די פּויערים אין וואַנדייע, אין ברעטאַן, אויפן גאַנצן דרום=מזרחדיקן שטח.

די קאָנטר=רעוואָלוציע האָט באַוויזן אויסצונוצן די אַלע עלעמענטן. אַזאַ גרויסער טאָג, ווי דער 14טער יולי אָדער 6טער אָקטאָבער, קען טאַקע אונטערגראָבן די לאַגע פון דער רעגירונג; אָבער די רעוואָלוציע האָט נאָך באַדאַרפט פאַרקומען אין פראַנק=רייך אין 36.000 געמיינדעס, אינם גייסט און אין דער טעטיקייט פון די געמיינדעס, און דאָס האָט שוין געפאָדערט אַ ביסל צייט.

די דאָזיקע צייט האָט באַוויזן אויסצונוצן די קאָנטר־רעוואָלוציע, און האָט אַריינגענומען צווישן זיך אַלע אומצופרידענע פון די העכערע קלאַסן, וואָס זייער צאָל איז אין דער פּראָווינץ געווען — אַ וועלט. מחמת פּונקט ווי דאָס ראַדיקאַלע בירגערטום האָט געגעבן דער רעוואָלוציע אַ ריזיקע צאָל אומגעוויינלעכע אינטעלעקטן (וועלכע די רעוואָלוציע גופא האָט אַנטוויקלט), אַזוי האָט פון דער צווייטער זייט ווידער ניט געפעלט קיין אינטעליגענץ, און דער עיקר קיין ביטערקייט און פלינקייט דעם פּראָווינציעלן אַדל, די סוחרים און קודם־כל דעם קלער, וואָס האָבן צוזאַמען געשאַפן אַ גוואַלטיקע ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דער קיניגלעכער מאַכט.

דער דאָזיקער טויבער קאַמף פון די קעגנזייטיקע פאַרשוועכרונגען און אונטערשיסעלעך, טיילווייזע אויפשטאַנדן און פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפן אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און שפּעטער אין דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג — דער דאָזיקער באַהאַלטענער קאַמף האָט געדויערט כמעט דריי יאָר, פון אָקטאָבער 1789 ביז יוני 1792, בעת די רעוואָלוציע האָט אָנגענומען אַ נייעם פאַרנעם. דאָס איז אַ פּעריאָד, וואָס איז געווען אָרעם אין געשעענישן פון היסטאָרישער באַדייטונג. אינם דאָזיקן פּעריאָד פאַרדינט בלויז דערמאָנט צו ווערן דאָס פאַרשטאַרקן זיך פונם פּויערים־אויפשטאַנד אין יאַנואַר און פעברואַר 1790, דער יום־טוב פון דער פעדעראַציע דעם 14 יולי 1790, די שחיטה אין נאַנסי (31טער אווגוסט 1790), דאָס אַנטלויפן פונם קיניג דעם 20 יוני 1791 און די שחיטה פונם פּאַריזער פאָלק אויפן מאַרס־פעלד (דעם 17 יולי 1791).

וועגן די פּויערישע אויפשטאַנדן וועלן מירריידן אין איינעם פון די קומענדיקע קאַפּיטלען. דאָ דאַרף מען כאָטש אין עטלעכע ווערטער דערמאָנען וועגן דעם יום־טוב פון שליסן אַ בונד. ער נעמט אַרום אין זיך דעם גאַנצן ערשטן פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע. פול מיט התלהבות און שלום, ווייסט ער, וואָס די רעוואָלוציע וואָלט געקענט זיין, ווען די פּריווילעגירטע און דער קיניג וואָלטן פאַרשטאַנען, אַז דער שינוי, וואָס קומט פאָר, איז אומפאַרמיידלעך, ווען מען זאָל זיך גוטוויליק אונטערוואַרפן דעם, וואָס מען האָט שוין ניט געקענט שטערן.

טען דריקט זיך אוים אין אַ ביטלדיקן טאָן וועגן די פייער־לעכקייטן פון דער רעוואָלוציע, און באמת טאַקע — די פייער־לעכקייטן פון 1793 און 1794 זיינען אָפּטמאָל געווען צו טעאַט־ראַליש. זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר ן פאָלק און ניט דורכן פאָלק. אָבער דער יום־טוב פון 14 יולי 1790 איז געווען איינער פון די שענסטע פייערלעכקייטן, וואָס די געשיכטע האָט אויף אירע בלעטער אויסגעשריבן.

פאַר 1789 איז פראַנקרייך ניט געווען ענג פאַראייניקט. דאָס איז געווען אַ היסטאָרישע איינהייט, אָבער די פאַרשיידענע טיילן האָבן זיך ווייניק געקענט, ניט זייענדיק פאַראייניקט מיט קיין שום ענגערן קנופּ פון סימפּאַטיע. דאָך האָט זיך נאָך די גע־שעענישן פון 1789 און נאָכן שיטער מאַכן דעם וואַלד פון פעאָ־דאַלע איבערלעבענישן, נאָך די הערלעכע מינוטן, וואָס די פאָר־שטייער פון פאַרשיידענע טיילן פראַנקרייך האָבן איבערגעלעבט, געשאַפן אַ געפיל פון איינהייט, פון סאָלידאַריטעט צווישן די פּראָ־ווינצן, וואָס די געשיכטע האָט לויז צונויפגעבונדן. אייראָפּע איז געווען פול מיט התלהבות פאַר די ווערטער און די מעשים פון דער רעוואָלוציע — ווי אַזוי זשע האָבן די פּראָווינצן, וואָס זיינען גע־ווען דאָרט טעטיק, געקענט זיך אַנטקעגנשטעלן דעם געפיל פון איינהייט אינם גאַנג צו אַ בעסערער צוקונפט? דער סימבאָל דער־פון האָט געזאָלט זיין דער יום־טוב פון שליסן אַ בונד.

נאָך איין כאַראַקטעריסטישן שטריך פאַרמאָגט די דאָזיקע פייערלעכקייט. היות, כדי צוצוגרייטן זי זיינען נייטיק געווען גע־וויסע אַרבעטן, ווי למשל: אויסגלייכן די ערד אויפן מאַרס־פעלד, אויפבויען אַ טריומפאַלן טויער א. אַז. וו. און אַכט טעג פאַר דער פייערונג איז קלאָר געוואָרן, אַז די פופצן טויזנט אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען געווען ביי דער דאָזיקער אַרבעט, וועלן עס ניט מאַכן צו דער צייט — טאָ וואָס־זשע האָט פּאַריז געטאָן? האָט עפּעס אַן אומבאַקאַנטער געלאָזט פאַלן אַ געדאַנק, אַז אַלע, גאַנץ פּאַריז, זאָלן אַרויס צו דער אַרבעט אויפן מאַרס־פעלד, און אַלע — אָרעם און רייך, אַרטיסטן און האַנטווערקער, מאָנאַכן און זעלנער, האָבן זיך אַ נעם געטאָן גערן צו דער אַרבעט. פראַנקרייך, וואָס

איז רעפּרעזענטירט געווען דורך טויזנטער דעלעגאַטן, וועלכע זיינען געקומען פון פּראָווינץ, האָט געפונען זיין נאַציאָנאַלע איינהייט — אויפרודערנדיק די ערד — דעם סימבאָל פון דעם, וואָס וועט אַמאָל ברענגען גלייכהייט און ברידערלעכקייט פון מענטשן און פעלקער.

די שבועה, וואָס טויזנטער מאַסן האָבן געגעבן אויף „דער קאָנסטיטוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קיניג", די שבועה, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורכן קיניג, צו וועלכער די קיניגין האָט פון איר אייגענער איניציאַטיוו זיך אָנגעשלאָסן — דאָס אַלץ האָט קיין גרויסע באַדייטונג ניט געהאַט. יעדער איינער האָט זי געגעבן מיט עפּעס אַ געהיים באַוואָרעניש, יעדער איינער האָט צוגעגעבן צו איר געוויסע באַדינגונגען. דער קיניג האָט געגעבן זיין שבועה אין אַט־אָ־די ווערטער: „איך, דער קיניג פון די פראַנצויזן, שווער, אַז כ'וועל אויסנוצן די גאַנצע מאַכט, וואָס איז מיר באַוואָרנט געוואָרן דורך די קאָנסטיטוציאָנעלע אַקטן פון דער מלוכה, כּדי איינצוהאַלטן די קאָנסטיטוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און וועלכע איך האָב באַשטעטיקט". דאָס האָט שוין געהייסן, אַז ער האָט טאַקע בדעה איינצוהאַלטן די קאָנסטיטוציע, אָבער זאָל מען זי נאָר ברעכן, וועט ער ניט בכּוח זיין דאָס צו שטערן. אין דער אמתן, האָט דער קיניג, אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט געגעבן די שבועה, געטראַכט בלויז וועגן דעם, ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון פּאַריז — מיטן תּירוץ, אַז ער דאַרף פאָרן אינספּעקטירן דאָס מיליטער. ער האָט געטראַכט, מיט וואָסערע מיטלען זיך צו באַנוצן, כּדי אונטערצוקויפן די איינפלוסרייכע מיטגלידער פון דער פאַרזאַמלונג, און האָט געטראַכט וועגן דער הילף, וואָס דאַרף אים אָנקומען פון אויסלאַנד אויף איינצוצאַמען די שטרעבונגען פון דער רעוואָלוציע, וועלכע ער אַליין האָט פריי געמאַכט אירע כּוחות מיט זיין עקשנות קעגן די נייטיקע שינויים און מיט זיין אומערלעכקייט אין דער באַציִונג צו דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג.

די שבועות האָבן ניט געהאַט קיין גרויסן ווערט. אָבער אַחוץ דעם אויפשטאַנד פונם נייעם פאָלק מיטן נייעם אידעאַל,

באַצייכנט די דאָזיקע פייערלעכקייט און אומגעוויינלעכע גוטהאַר־ציקייט פון דער רעוואָלוציע. אין אַ יאָר אַרום נאָכן נעמען באַ־סטיליע, אין דער צייט, ווען מאַראַט האָט זייער ריכטיק געשריבן: „פון וואַנען נעמען זיך די נאַרישע אויסדרוקן פון פריילעכקייט? די רעוואָלוציע איז ביז איצט געווען בלויז אַ שלע־פערדיקער חלום, וואָס איז ווייטאַגלעך פאַרן פאָלק!" — אין דער צייט, ווען מען האָט נאָך קיין זאַך ניט געטאָן, אַז דער גורל פונם אַרבעטער־פאָלק זאָל געלינדערט ווערן, נאָר מען האָט, פאַרקערט, אַלץ געטאָן (ווי מיר וועלן עס באַלד זען), כדי צו שטערן דעם פאַקטישן אָפּשאַפן פון די פעאָדאַלע מיסברויכן, בעת דאָס פאָלק האָט אומעטום מיט זיין לעבן און מיט זיין שרעקלעכער נויט געלייזט דעם פאָרשריט פון דער פּאָ־ליטישער רעוואָלוציע — אין דער דאָזיקער צייט האָט דאָס פאָלק ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, אויסגעבראָכן מיט אַ פריידיקער אויפרעגונג בנוגע די נייע דעמאָקראַטישע איינריכטונגען, וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן בעת דער דאָזיקער פייערלעכקייט. פונקט ווי אין פופציק יאָר אַרום, אין פעברואַר 1848, האָט דאָס פאָלק פון פּאַריז געבראַכט אַ קרבן דער רעוואָלוציע דריי חדשים נויט און איז איצט גרייט געווען אַלץ איבערצוטראָגן, אַבי די קאָנסטיטוציע זאָל אים צוזאָגן אַ לינדערונג אין זיינע ליידן, אַבי זי זאָל אַרויסווייזן כאָטש אַ ביסל גוטן ווילן.

אויב דאָס זעלבע פאָלק, וואָס איז גרייט געווען זיך צו באַנוגענען מיט אַ קלייניקייט, וואָס איז געווען אַזוי געדולדיק, — אויב דאָס זעלבע פאָלק איז אין דריי יאָר אַרום געוואָרן ווילד און האָט מיט פאַרביסנקייט גענומען אויסראָטן די שונאים פון דער רעוואָלוציע, איז דאָס נאָר געווען דערפאַר, ווייל עס האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, ווי אין אַ לעצט מיטל, כדי כאָטש מציל צו זיין וויפל עס איז פונם ווערק פון דער רעוואָלוציע — מחמת עס האָט געזען, אַז עס דראָט איר דער טויט, צוליב דעם, וואָס זי האָט נאָך ניט געבראַכט קיין שום ממשותדיקן שינוי אין דער עקאָנאָמי־שער לאַגע פונם פאָלק.

אין יולי 1790 האָט קיין זאַך ניט געוויזן אויף איר מרה־שחורהדיקן און ווילדן כאַראַקטער. „די רעוואָלוציע איז ביז איצט געווען בלויז אַ שלעפּערדיקער חלום, וואָס איז ווייטאָגלעך געווען פאַרן פאָלק!" זי האָט נאָך ניט מקיים געווען אירע הבטחות. דאָס איז גאָרניט! זי גייט פאָראויס! דאָס איז געגוג. אומעטום איז דאָס פאָלק איבערפולט מיט פרייד.

אָבער די רעאַקציע איז שוין אונטערן געוועהר; אין אַ חודש אָדער צוויי אַרום וועט זי זיך אַרויסווייזן אין איר גאַנצער קראַפט. בעת דעם נאַענטסטן יאָרטאָג פונם 14 יולי — דעם 17טן יולי 1791, וועט זי זיין שוין אַזוי שטאַרק, אַז זי וועט זיך דערוועגן אויף אַ פאָלקס־שחיטה אויף דעם זעלבן מאַרס־פעלד.

## פיר=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די דיסטריקטן און סעקציעס פון פּאַריז.

די בילדונג פון דער קאָמונע. — די קאָמונע פון פּאַריז. — די דיסטריקטן זיינען אַ נוצלעכע זאַך פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער רעוואָלוציע. — די צוזאַמענשטעלונג פון די דיסטריקטן. — דער פאַרבינדונגס-אָרגאַן צווישן פּאַריז און די פּראָווינץ-שטעט. — די סעקציעס — דאָס ווערקצייג פון דער רעוואָלוציע.

מיר האָבן געזען אַז די רעוואָלוציע האָט זיך שוין פון די ערשטע חדשים אָן פון 1789 אָנגעהויבן מיט פאָלקס=אויפשטאַנדן. דאָך, כדי די רעוואָלוציע זאָל זיך אַנטוויקלען, איז נאָך ווייניק, אַז עס זאָלן אויסברעכן מער אָדער ווייניקער זיגרייכע פאָלקס=אויפשטאַנדן. מען דאַרף, אַז נאָך די דאָזיקע אויפשטאַנדן זאָל אין די אַנשטאַלטן בלייבן עפּעס נייס, וואָס זאָל די נייע פאָרמען פון לעבן דערלויבן זיך אויסצובילדן און פאַרפעסטיקן.

דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט זייער גוט פאַרשטאַנען די דאָזיקע נויטווענדיקייט, און דאָס נייס, וואָס עס האָט שוין פון זיינע ערשטע אויפשטאַנדן אַריינגעפירט אינם לעבן פון פראַנקרייך, איז געווען די פאָלקס=קאָמונע. דער רעגירונגס=צענטראַליזם איז אויפגעקומען שפּעטער, אָבער די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן פון שאַפן די קאָמונע, און די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט איר צו=געגעבן, ווי מיר וועלן זען, אַ ריזיקן כוח.

אין דער אמתן, האָבן אויף דעם דאָרף בלויז די פויערישע קאָמונעס געפאָדערט פעאָדאַלע שטייערן, און דאָס ניט צאָלן זיי האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ געזעץ=צושטאַנד; זיי האָבן עס אָפּגע=נומען ביי די פּריצים די ערד, וואָס איז אַמאָל געווען געמיינדישע, זיי האָבן זיך עס קעגנגעשטעלט דעם אָדל, האָבן געקעמפט קעגן די פּירשטן, האָבן פאַרטיידיקט די פּאַטריאָטן, און שפּעטער די סאַנקילאָטן; זיי האָבן עס פאַרהאַלטן די עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט — און זיי האָבן פאַרהאַלטן דעם אַנטלאָפענעם קיניג.

אין די שטעט האָט די שטאָט-קאָמונע געבילדעט גאָר אַ ניי עפנטלעך לעבן, זי האָט זיך אוזורפּירט דאָס רעכט צו באַשטימען

ריכטער, האָט פון אייגענער איניציאַטיוו געענדערט דאָס איינטיילן די שטייערן, און שפּעטער, וואָס מער די רעוואָלוציע האָט אין איר אַנטוויקלונגס־גאַנג זיך גערוקט פאָראויס, איז זי געוואָרן דאָס געווער פון די סאַנקילאָטן אינם קאַמף קעגן דער מאָנאַרכיע, קעגן די פאַרשווערער די ראָיאַליסטן און דער דייטשער אינוואַזיע. נאָך שפּעטער, אינם IIטן יאָר, האָבן בלויז די קאָמונעס זיך גענומען אויסגלייכן די רייכטימער.

די פּאַריזער קאָמונע האָט, לסוף, ווי באַוואוסט, אָראָפּגעוואָרפן דעם קיניג, און נאָכן 10טן אווגוסט איז זי געוואָרן די אמתע נעסט און די ווירקלעכע קראַפט פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געהאַלטן, כּל־זמן די קאָמונע האָט געלעבט.

די נשמה פון דער גרויסער רעוואָלוציע זיינען אַלזאָ געווען די קאָמונעס, און אָן די דאָזיקע נעסטן, וואָס זיינען צעזייט געווען איבערן גאַנצן שטח, וואָלט די רעוואָלוציע קיינמאָל ניט באַוויזן אומצוּוואַרפן די אַמאָליקע אָרדענונג, אָפּצושטויסן פון זיך די דייטשע אינוואַזיע און אויפלעבן פראַנקרייך.

עס וואָלט אָבער ניט געווען קיין גרעסערער טעות, ווי זיך פאָרצושטעלן די אַמאָליקע קאָמונעס אַלס מאָדערנע אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפטן, וואָס די בירגער פאַרטרויען זיי, נאָך עטלעכע טעג וואַלן, אויף אַ נאַיוון אופן צו פירן זייערע ענינים, ניט קימערנדיק זיך שוין וועגן זיי. דער דאָזיקער ווילדער צוטרוי צו די רעפּרעזענטאַנץ־רעגירונגען, וואָס כאַראַקטעריזירן אונזער צייט, האָט אין דער תּקופה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ניט עקסיסטירט. די קאָמונע, וואָס האָט זיך אויסגעשיילט פון די פאָלקס־באַוועגונגען, האָט זיך פונם פאָלק ניט אָפּגעטיילט. דורך אירע דיסטריקטן, סעקציעס, „טריבונען", וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אַלס אָרגאַנען פון דער פאָלקס־אַדמיניסטראַציע, האָט זי ניט אויפגעהערט צו זיין פאָלק — און דאָס איז טאַקע געווען די רעוואָלוציאָנערע מאַכט פון די דאָזיקע אָרגאַניזמען.

היות צום בעסטן קענען מיר די אָרדענונג און דאָס לעבן פון די דיסטריקטן און סעקציעס פון פּאַריז, וועלן מיר דאָ אַ שמועס

טאן וועגן די דאזיקע ארגאנען פון דער שטאט, בפרט, אז פארשנ־דיק דאס לעבן פון איין סעקציע פון פאריז, וועלן מיר לפי־ערך זיך באקענען מיטן לעבן פון טויזנט קאמונעס אין דער פראווינץ.

תיכף ווי די רעוואלוציע איז נאר אויסגעבראכן, און דער עיקר זינט די געשעענישן ערב דעם 14טן יולי האבן אויפגעוועקט די איניציאטיוו פון פאריז, האט דאס פאלק מיט זיין וואונדער־לעכן הויש פון רעוואלוציאנערער ארגאניזאציע שוין אויפגע־שטעלט אויף א פעסטן אופן די יסודות פון קאמף, וואס עס האט באדארפט פירן און וואס זיין באדייטונג האט עס תיכף תופס געווען.

צוליב די וואלן האט מען פאריז צעטיילט אויף זעכציק קרייזן אדער דיסטריקטן, וואס האבן באדארפט קלייבן די וויילער. נאך דעם נאמינירן די וויילער האבן די דיסטריקטן געזאלט בטל ווערן. זיי זיינען אבער פארבליבן און האבן זיך ארגאניזירט פון אייגענער איניציאטיוו, אלס שטענדיקע ארגאנען פון דער שטא־טישער אדמיניסטראציע, צואייגענענדיק פאר זיך פארשיידענע אויפגאבן און פונקציעס, וואס האבן פריער געהערט צו דער פאליציי, צו די געריכטן אדער אפילו אין די צייטן פון דער אב־סאלוטער מאנארכיע צו פארשיידענע מיניסטעריומס.

זיי האבן זיך אלזא ניט געלאזט שוין ארויסשטויסן, און בעת גאנץ פאריז האט פאר דעם 14טן יולי זיך געפונען אין צו־שטאנד פון רעוואלוציאנערן אויפברויז, האבן זיי אנגעהויבן בא־וואפענען דאס פאלק און ארבעטן אלס אומאפהענגיקע מאכט, אזוי ווייט, אז דער שטענדיקער קאמיטעט, וואס איז געשאפן געווארן אין ראטהויז דורך דעם איינפלוסרייכן בירגערטום (זע קאפיטל XII), האט געמוזט צונויפרופן די דיסטריקטן, כדי זיך מיט זיי צו פאר־שטענדיקן. די דיסטריקטן האבן אנטוויקלט זייער א לעבהאפטע טעטיקייט אין דער ריכטונג פון באוואפענען דאס פאלק, פון איינ־שטעלן א פאלקס־גווארדיע, און דער עיקר כדי אוועקצושטעלן ווי געהעריק די פארטיידיקונג פון פאריז קעגן דעם באוואפנטן אנגריף פון ווערסאל.

נאכן נעמען באסטיליע טרעטן ארויס די דיסטריקטן שוין

אַלס אַנערקענטע אָרגאַנען פון דער שטאַט=פאַרוואַלטונג. כּדי צו פירן זיינע ענינים, נאָמינירט יעדער דיסטריקט אַ בירגער=אָפּטיילונג פון 16 ביז 24 מיטגלידער. איבעריקנס, ווי עס האָט זייער ריכטיק באַמערקט ז. לאַקרואַ אין זיין אַריינפיר צום ערשטן טייל Actes de la Commune de Paris pendent la Révolution, האָט זיך יעדער דיסטריקט אַליין אָרגאַניזירט, ווי ער האָט עס געהאַלטן פאַר פאַסיק. זייער אָרגאַניזאַציע צייכנט זיך אַפילו אויס מיט גרויס פאַרשיידנאַרטיקייט. איין דיסטריקט, וואָס איז „געגאַנגען נאָך ווייטער פון די כּוונות פון דער נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג בנוגע דעם אָרגאַניזירן די געריכטן, האָט נאָמינירט זיינע פרידנס=ריכטער און פשרה=ריכטער". דאָך, כּדי זיך קעגנזייטיק צו פאַרשטענדיקן, „שאַפן זיי אַ צענטראַל=קאָרעספּאָנדענץ=ביוראָ, וואו ספּעציעלע דעלעגאַטן קומען זיך צונויף און קומען אין קעגנזייטיקער באַרירונג". די ערשטע פּראָבע פון דער קאָמונע גייט אַלזאָ פון אונטן אַרויף דורכן פאַראייניקן זיך פון דער דיסטריקטן=אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן פון דער פאָלקס=איניציאַטיוו. די רעוואָלוציאָנערע קאָמונע פונם 10טן אַווגוסט אַנטוויקלט זיך שוין אַלזאָ אין יענער צייט, און דער עיקר פון דעצעמבער 1789, בעת די דיסטריקט=דעלעגאַטן האָבן זיך באַמיט צו שאַפן אינם אַרציבישאָף=פּאַלאַץ אַ צענטראַל=קאָמיטעט.

מיט דער הילף פון די דאָזיקע דיסטריקטן האָט זיך שפּעטער איינגעגעבן דאַנטאָנען, מאַראַטן און פיל אַנדערע צו באַגייסטערן די פּאַריזער פאָלקס=מאַסן מיטן גייסט פון מרידה, און די דאָזיקע מאַסן האָבן זיך צוגעוווינט צו באַגיין אָן רעפּרעזענטאַנץ=קערפּערשאַפטן און צו באַנוצן זיך מיט אוממיטלבאַרער רעגירונג *.

תיכּף נאָכן נעמען באַסטיליע האָבן די דיסטריקטן באַפוילן זייערע דעפּוטאַטן, אַז זיי זאָלן, נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיטן פּאַריזער בירגערמייסטער באַי, אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט פון שטאָ=

---

* ז. לאַקרואַ: „Actes de la Commune de Paris pendent la Révolution"; מעליע: Le sections de.

טיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע האָט שפּעטער באַדאַרפט פאַרגעשטעלט ווערן די דיסטריקטן גופא — ביז דער צייט האָבן אָבער די דיסטריקטן געטאָן אַזוי, ווי זיי האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק, פאַרגרעסערנדיק אַליין דעם קרייז פון זייער טעטיקייט.

בעת די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט אָנגעהויבן די דיסקוסיע איבערן געזעץ וועגן דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, האָט זי עס געטאָן, ווי מען האָט זיך געקענט ריכטן פון אַזאַ קערפּער־שאַפט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַזוינע קעגנזעצלעכע עלעמענטן, מיט אַן אומדערטרעגלעכער פּאַמעלעכדיקייט. „נאָך צוויי חדשים, זאָגט לאַקרוּאַ, איז נאָך ניט געווען אָנגעשריבן דאָס ערשטע אַרטיקל פונם פּראָיעקט פון דער שטאָטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג". עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס די דאָזיקע פּאַמעלעכדיקייט האָט זיך אויסגעוויזן די דיסטריקטן פאַר פאַרדעכטיק, און פון דעמאָלט אָן לאָזט זיך באַמערקן וואָס אַ מאָל מערער די שנאה פון אַ געוויסן טייל ווייַלער צו דער פאַרזאַמלונג פון די קאָמונע־פאָר־שטייער. קודם־כל אָבער מוז באַמערקט ווערן, אַז הגם די דיס־טריקטן באַמיען זיך צו שאַפן פאַר דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ רעכטלעכע פאָרם, באַמיען זיי זיך אָבער אויך צו בלייבן אומ־אָפּהענגיק. די אייניקייט פון דער טעטיקייט דערגרייכן זיי ניט דורכן אונטערוואַרפן זיך פון די דיסטריקטן דעם צענטראַל־קאָ־מיטעט, נאָר דורך זייער פעדעראַטיווער פאַראייניקונג.

„די גייסטיקע ריכטונג פון די דיסטריקטן ווייזט אַרויס סימנים פון אַ זייער שטאַרק געפיל פון געמיינדע־אחדות און ניט קיין קלענער שטרעבן צו אַ דירעקטן רעגירן" — זאָגט לאַקרוּאַ. — „פּאַריז וויל ניט זיין קיין פעדעראַציע פון זעכציק רעפּובליקן, וואָס זיינען אָן שום פּלאַן געשאַפן געוואָרן אַלס באַזונדערע טע־ריטאָריעס; די קאָמונע איז אַן איינהייטלעכע גאַנצקייט, וואָס באַשטייט פון אַלע דיסטריקטן צוזאַמען... מיר געפינען אין ערגעץ ניט קיין דיסטריקט, וואָס האָט געוואָלט לעבן ווייט פון אַנדערע... אָבער צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן פעסטן פּרינציפּ באַמערקט זיך נאָך איינער: די קאָמונע וויל זיך אַליין נעמען רעכט און אַליין — אויף וויפל דאָס איז מעגלעך — דירעקט אָנפירן מיט איר פאַר־

וואלטונג; די רעפרעזענטאנץ=רעגירונג דארף ווערן וואס מער באַ=
גרעניצט; וועגן אלע ענינים, וואס די קאמונע קען אליין גלייך
ערליידיקן, איז זי מחויב אדער אליין באשליסן אן שום פארמיט=
לונג, אן דעלעגאציעס, אדער דורך דעלעגאטן, וואס פירן בלויז
אויס דאס שליחות אלס ספעציעלע באפולמעכטיקטע, וואס טוען
זייער ארבעט אונטער דעם אומאויפהערלעכן קאנטראל פון זייערע
באפולמעכטיקער... די דיסטריקטן האבן, לסוף, רעכט, ווי אויך
די בירגער, וואס קומען זיך צונויף אויף די אלגעמיינע פארזאמ=
לונגען פון די דיסטריקטן, ארויסצוגעבן געזעצן פאר דער קאמונע
און אנצופירן מיט איר פארוואלטונג".

אויף אזא אופן הייבן זיך אן די אנארכיסטישע פרינציפן,
וועלכע עס האט שפעטער מיט א פאר יאר אין ענגלאנד פרא=
קלאמירט גאדווין, שוין אין 1789, און זייער מקור געפינט זיך ניט
אין די טעארעטישע שפעקולאציעס, נאר אין די פ א ק ט ן פון דער
גרויסער רעוואלוציע.

נאכמער: ס'איז פארהאן אן אינטערעסאנטער פאקט,
וועלכן לאקרוא האט באמערקט און וועלכער ווייזט, ווי ווייט די
דיסטריקטן זיינען מסוגל געווען זיך אויסצוטיילן פון דער שטאט=
אייבערמאכט און ווי אזוי זיי פארלויפן דעם וועג, אז זי זאל זיך
ניט אריינרייסן אין זייערע רעכט. בעת בריסא האט דעם 30טן
נאוועמבער 1789 בדעה געהאט צו שאפן פאר פאריז געזעצן וועגן
דער שטאט=פארוואלטונג, וואס זיינען צונויפגעשטעלט געווארן אין
פארשטענדיקונג מיט דער נאציאנאל=פארזאמלונג און דער אפ=
טיילונג, וואס איז אויסגעוויילט געווארן דורך דער פארזאמלונג
פון פארשטייער (דורכן פערמאנענטן קאמיטעט פון 12טן יולי
1789), האבן די דיסטריקטן תיכף זיך געשטעלט אין אפאזיציע.
אן דער דירעקטער ערלויבעניש פון די דיסטריקטן גופא האט מען
קיין זאך ניט געקענט פארנעמען, און מען האט געמוזט פון
בריסאס פראיעקט אפטרעטן. און בעת די פארזאמלונג האט שפע=
טער, אין אפריל 1790, אנגעהויבן די דיסקוסיע איבערן געזעץ
וועגן דער שטאט=פארוואלטונג, האט זי שוין געהאט אן אויסוואל
פון צוויי פראיעקטן: דער פראיעקט פון דער פארזאמלונג.

(א פרייען און אן אומלעגאלן), וואס האט געפירט די דעלעגאטן אינם ארציבישאף־פאלאץ — דער דאזיקער פראיעקט איז אנגענומען געווארן דורך דעם רוב סעקציעס און איז אונטערגעשריבן געווארן דורך באיִ, און דער פראיעקט פון די קאמונע־פארשטייער, וואס איז געשטיצט געווארן בלויז דורך עטלעכע דיסטריקטן. די פאר־זאמלונג האט זיך ארויסגעזאגט פאר דעם ערשטן.

פארשטייט זיך, אז די דיסטריקטן האבן זיך ניט באגרעניצט בלויז מיט געמיינדע־ענינים. זיי האבן גענומען אנטייל אין אלע גרויסע פאליטישע פראגן, מיט וועלכע פראנקרייך האט זיך היים פארנומען. דאס וועטא־רעכט פונם קיניג, דער באפעל־מאנדאט, די השגחה איבער די ארעמעליִיט, די יידן־פראגע, דער ענין „זילבערנע מארקע״ — איבער דעם אלעם האבן די דיסטריקטן דעבאטירט. בעת עס האט זיך געהאנדלט וועגן דער זילבערנער מארקע, האבן זיי אליין אויפגעהויבן די איניציאטיוו, האבן קעגנ־זייטיק זיך צונויפגערופן און געשאפן קאמיטעטן. „זיי נעמען אן זייערע באשלוסן, זאגט לאקרוא, און איגנארירן די אפיציעלע פארשטייער פון דער קאמונע; זיי שיקן ארויס דעם 8טן פעב־רואר (1790) דירעקט אין דער נאציאנאל־פארזאמלונג דעם ערשטן „אדרעס פון דער פאריזער קאמונע און אירע סעקציעס״. דאס איז די אוממיטלבארע מאניפעסטאציע פון די דיסטריקטן, אן שום אפיציעלע פארשטייערשאפט, וועלכע האט דעם ציל צו שטיצן דעם פארשלאג, וואס ראבעספיער האט אריינגעטראגן אין דער נאציאנאל־פארזאמלונג קעגן דער זילבערנער מארקע.

נאך אינטערעסאנטער איז דאס, אז פון איצט אן פאר־שטענדיקן זיך די פראווינץ־שטעט אין אלערליי פראגן מיט דער קאמונע פון פאריז. עס אנטשטייט אלזא די שטרעבונג, וואס וועט שפעטער זיך אנטפלעקן מיט אזא קראפט, אז — מחוץ דעם פאר־לאמענט — זאלן די שטעט און דערפער פון פראנקרייך קומען אין דירעקטער בארירונג צווישן זיך. די דאזיקע אוממיטלבארע, פונזיכבדיקע אקציע האט צוגעגעבן דער רעוואלוציע א אומגע־הייערע קראפט.

דער עיקר האט זיך אין דער פראגע, וואס האט געהאט

אַ גרויסע באַדייטונג — אינם ענין פון ליקווידירן די גלחישע גיטער — געלאָזט באַמערקן די השפּעה פון די דיסטריקטן און זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַלענט. דאָס געזעץ האָט טאַקע אויפן פּאַפּיר פאַראָרדנט, אַז די גיטער פון די גייסטלעכע ווערן קאָנפיסקירט און פאַרקויפט לטובת דעם פאָלק; עס האָט אָבער ניט אָנגעוויזן קיין שום פּראַקטיש מיטל, ווי אַזוי דאָס דאָזיקע געזעץ צו רעאַליזירן אין לעבן. דעמאָלט האָבן די פּאַריזער דיסטריקטן פאָרגעלייגט זייער פאַרמיטלונג ביים קויפן די גיטער און האָבן צוגערעדט אַלע געמיינדע־פאַרוואַלטונגען פון פראַנקרייך אויך צו טאָן דאָס אייגענע. דאָס איז געווען די פּראַקטישע לעזונג, וואָס האָט געפירט צום אָנווענדן דאָס דאָזיקע געזעץ.

ווי אַזוי די דיסטריקטן האָבן זיך נוהג געווען, כּדי צוצורייצן די פאַרזאַמלונג, אַז זיי זאָל איבערגעגעבן ווערן דער דאָזיקער וויכטיקער ענין, האָט דערציילט דער אַרויסגעבער פון די אַקטן פון דער קאָמונע. „ווער האָט גערעדט און געטאָן אין נאָמען פון דער דאָזיקער גרויסער פּערזאָן, דער פּאַריזער קאָמונע?" — פרעגט לאַקרואַ. און דערציילט: „צוערשט די שטאָט־אָפּטיילונג, וואָס האָט אַרויסגערוקט דעם געדאַנק; שפּעטער די דיסטריקטן, וואָס האָבן אים באַשטעטיקט, און דערנאָך, ווענדיק אים פאַרווירקלעכן, האָבן זיי פאַרנומען דאָס אָרט פון דער שטאָט־אָפּטיילונג, מחמת זיי האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך דירעקט מיט דער מלוכה, דאָס הייסט מיט דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, האָבן רעאַליזירט די פּראָיעקטירטע קניה, און דאָס אַלץ דערווידער דעם פאָרמעלן דעקרעט, אָבער מיט דער הסכּמה פון דער אייבערשטער פאַרזאַמלונג".

נאָך אינטערעסאַנטער איז, אַז די דיסטריקטן, נעמענדיק דעם ענין אין זייערע הענט אַריין, האָבן אָפּגערוקט פון אים סיי די אַמאָליקע פאַרזאַמלונג פון די קאָמונע־פאָרשטייער, אַלס שוין צו אומגעלומפּערטע צו אַזאַ וויכטיקער אויפגאַבע, סיי דעם שטאָטראַט, וואָס האָט זיך געוואָלט אַריינמישן. „די דיסטריקטן, זאָגט לאַקרואַ, ווילן ליבערשט איינשטעלן צו דעם ספּעציעלן צוועק אַ באַזונדערע פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל באַשטיין פון צוואַנציק דעלע=

גאַטן — צו איינעם פון יעדן דיסטריקט — און אַ קליינע אויס־פיר־אָפּטיילונג, וואָס זאָל באַשטיין פון צוועלף מיטגלידער, וועלכע זאָלן ווערן אויסגעקליבן דורך די דאָזיקע זעכציק דעלעגאַטן".

אַרבעטנדיק אויף אַזאַ אופן — די היינטיקע אַנאַרכיסטן וואָלטן אויך דאָס זעלבע געטאָן — האָבן די פּאַריזער דיסטריקטן געלייגט דעם יסוד פאַר אַ נייער אַנאַרכיסטישער אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט *.

בעת די מאַכט פון דער רעאַקציע שטאַרקט זיך אין 1790 וואָס אַ מאָל מער, קריגן דעמאָלט דווקא די פּאַריזער דיסטריקטן אַלץ אַ גרעסערע השפּעה אויפן גאַנג פון דער רעוואָלוציע. בעת די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג גראָבט פאַמעלעך אונטער די מאַכט פון קיניג, פאַרברייטערן די דיסטריקן און שפּעטער די סעקציעס פון פּאַריז בהדרגה דעם קרייז פון זייער טעטיקייט אינם פאָלק; זיי פירן דורך די התקרבות צווישן פּאַריז און די פּראָווינצן און אַזוי אַרום גרייטן זיי צו אַ באָדן פאַר דער רעוואָלוציאָנערער קאָמונע פונם 10טן אווגוסט.

„די געשיכטע פון דער שטאָט", זאָגט לאַקרואַ, „שפּילט זיך אָפּ מחוץ די אָפיציעלע פאַרזאַמלונגען. די וויכטיקסטע אַקטן פונם געמיינדע־לעבן, פון פּאָליטישן און אַדמיניסטראַטיוון, קומען פאָר

---

* ז. לאַקרואַ רעדט דעם ענין אַרום אויספירלעך אין זיין אַריינפיר צום פערטן באַנד „קאָמונע־אַקטן". איך קען זיך אָבער נים אָפּהאַלטן פון ציטירן דאָ אַט־אָ־דעם אויסצוג פונם „אַדרעס, וואָס איז געווענדט געוואָרן צו דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג דורך די דעפּוטאַטן פון זעכציק פּאַריזער סעקציעס, אינם ענין פון קיפּן פאָלקס־גיטער אויפן נאָמען פון דער קאָמונע". היות, די אויסגעוויילטע אינם שטאָטראַט האָבן געוואָלט באַזייטיקן די סעקציעס, האָבן די לעצטע פּראָטעסטירט און אַרויסגעזאָגט דערביי זייער אַ געלונגענעם געדאַנק וועגן די פאָרשטייער פון פאָלק: „ווי איז עס מעגלעך, אַז דאָס קויפן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך דער קאָמונע גופא, דורך די פונקציעס פון אירע קאָמיסאַרן, וואָס זיינען ספּעציעל געזעצט געוואָרן אויף דעם צוועק, זאָל זיין ווייניקער לעגאַל, ווי עס וואָלט געמאַכט געוואָרן דורך די איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעוויילטע פאָרשטייער?... איז דען נים מחייב דער פּרינציפּ, אַז די רעכט פונם באַפולמעכטיקטן ווערן בטל אין דער אָנוועזנהייט פון זיין באַפולמעכטיקער?" דאָס זיינען גלענצנדע און זייער טרעפלעכע ווערטער. אַ שאָד בלויז, וואָס זיי זיינען היינט פאַרגעסן געוואָרן.

און ווערן דורכגעפירט דורך די דיסטריקטן: דאָס קויפן פאָלקס־גיטער קומט פאָר, ווי דאָס האָבן געוואָלט די דיסטריקטן, דורך דער פארמיטלונג פון ספּעציעלע קאָמיסאַרן; די פאָלקס־פעדעראַציע גרייט צו די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, וועלכע די דיסטריקטן האָבן געגעבן אַ ספּעציעלן מאַנדאַט... די פעדעראַציע פונם 14טן יולי איז אויך אַן אויסשליסלעך און אוממיטלבאַר ווערק פון די די־סטריקטן". אין דעם דאָזיקן לעצטן פאַל איז זייער אָרגאַן געווען די דעפּוטאַטן־פאַרזאַמלונג פון דער סעקציע צו שליסן אַ בונד־אָפּמאַך.

אין דער אמתן, — חזרט מען תמיד גערן איבער, אַז די פאַרזאַמלונג האָט רעפּרעזענטירט די פאָלקס־אחדות. ווען עס איז אָבער געגאַנגען וועגן דעם יום־טוב פון דער פעדעראַציע, האָבן די פּאָליטיקער, ווי מישלע האָט עס שוין באַמערקט, זיך דער־שראָקן פאַר דעם אָנזען פון די מענטשן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַלע זייטן אויף דער פייערונג, און די קאָמונע האָט ערשט איבערגעוואָלט געמוזט זיך אַריינרייסן אין דער פאַרזאַמלונג, כּדי צו באַקומען פון איר די ערלויבעניש אויף איינצואָרדענען דעם יום־טוב. „ווילנדיק ניט ווילנדיק האָט די פאַרזאַמלונג געמוזט געבן דערויף איר הסכּמה".

וויכטיקער איז אָבער, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג, וועלכע איז תּחילת אַנטשטאַנען, ווי עס האָבן ריכטיק באַמערקט בישע און רו, אויס דער נויטווענדיקייט צו פאַרזיכערן פאַר זיך לעבנסמיטל און באַוואָרענען זיך קעגן דער מורא פון אַן אויסלענדישער אינ־וואַזיע, — אַלזאָ כּדי צו דערפילן אין אַ געוויסער מאָס די אויפ־גאַבן פון דער לאָקאַלער אַדמיניסטראַציע, — האָבן מיט דער צייט באַקומען אין די סעקציעס * אַ כאַראַקטער פון עפּעס אַן אַלגעמיינער קאָנפעדעראַציע, אין וועלכער עס האָבן געזאָלט רעפּרעזענטירט זיין אַלע קאַנטאָנען פון די פראַנצויזישע דעפּאַרטאַמענטן מיט אַלע אַרמיי־פאָלקן. דער אָרגאַן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, צו פאַרזיכערן זעלבשטענדיקייט פון איינצלנע פאַריזער קוואַרטאַלן, איז אַזוי אַרום געוואָרן דאָס וועקצייג פון דער פעדעראַליסטי־שער אחדות פון גאַנץ פאָלק.

---

* זע ז. לאַקרואַ: „Les Actes de la Commune".

פינף=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## די פּאַריזער סעקציעס אונטער אַ נייִ מוניציפּאַל געזעץ.

די שטענדיקייט פון די סעקציע-פאַרזאַמלונגען. — דער אומצוטרוי צו דער עקזעקוטיווער מאַכט. — די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג פּרוּווט אָפּשוואַכן די מאַכט פון די דיסטריקטן. — דאָס מוניציפּאַלע געזעץ פון מאַי און יוני 1790. — די סעקציעס — דער צענטער פון רעוואָלוציאָנערער איניציאַטיוו. — די בירגער-קאָמיטעטן. — די וואַקסנדיקע מאַכט פון די סעקציעס.

מען האָט אונז שוין אַזוי איינגעפלאַנצט די אידעען פון אונטערטעניקער געהאָרזאַמקייט צו דער צענטראַליזירטער מלוכה, אַז דער געדאַנק בלויז וועגן געמיינדע=אומאָפּהענגיקייט (עס וואָלט דאָ צו ווייניק געווען צו זאָגן „אווטאָנאָמיע"), וואָס איז אַזוי פאַר=שפּרייט געווען אין יאָר 1789, ווייזן זיך אונז אויס אַלס משונהדיק. ל. פובער * — בעת ער רעדט וועגן דעם פּלאַן פון אָרגאַניזאַציע פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג דעם 21טן מאַי 1790, זאָגט ער: „די אויספירונג פון דעם דאָזיקן פּלאַן וואָלט זיך היינט אויסגעוויזן — אַזוי ווייט האָבן די אָנשויונגען זיך געענדערט — פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן טאַט, און אַפילו פאַר אַן אַנאַרכיסטישן", און ער גיט צו, אַז דעמאָלט האָבן די פּאַריזער איינוואוינער גע=האַלטן דאָס מוניציפּאַל=געזעץ פאַר ניט גענוג, מחמת זיי האָבן זיך צוגעוויינט פונם 14טן יולי 1789 אין זייערע דיסטריקטן צו זייער אַ גרויסער אומאָפּהענגיקייט.

אַזוי האָט דאָס גענויע אָפּגרעניצן די מאַכט, וואָס מיר שרייבן עס צו אַזאַ גרויסע באַדייטונג, זיך אויסגעוויזן די פּאַריזער איינוואוינער, און אַפילו די געזעצגעבער פון דער פאַרזאַמלונג, פאַר שעדלעך און באַדראָענדיק פאַר דער פרייהייט. פּונקט ווי פּרודאָן, וועלכער האָט געזאָגט: „די קאָמונע וועט זיין אַלץ, אָדער גאָרניט", אַזוי האָבן אויך די פּאַריזער דיסטריקטן ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די קאָמונע זאָל עס ניט זיין אַלץ. „די

* L'idée autonomiste dans les districts de Paris en 1789 et en 1790. — La Révolution Française, XIV יאָרגאַנג, נומ. 8.

קאָמונע, האָבן זיי געזאָגט, איז אַ געזעלשאַפט פון מיטאײנהאָבער און מיטבירגער, וואָס באַוואוינען אַ געוויסן אָפּגעשלאָסענעם און באַגרענעצטן שטח, וועלכער האָט אַלס קאָלעקטיוו די זעלבע רעכט, וואָס אַ בירגער. און אַרויסגייענדיק פון דעם דאָזיקן פּרינ־ציפּ, האָבן זיי געזאָגט, אַז די פּאַריזער קאָמונע — ווי יעדער אַנדערער בירגער — „האָט פרייהייט, אייגנטום, זיכערהייט און ווידערשטאַנדס־רעכט קעגן אונטערדריקונג", צו איר געהערט אַלזאָ יעדע רעכט צו פּאַרוואַלטן און דיספּאָנירן מיט איר אייגנטום, ווי אויך די השגחה איבער די מענטשן, דער פּאָליציי, דער באַ־וואָפנטער קראַפט — מיט איין וואָרט אַלץ. די קאָמונע איז טאַקע אייבערהערשעריש אין די גרעניצן פון איר טעריטאָריע: דאָס איז דער איינציקער תּנאַי פון דער קאָמונעס פרייהייט.

נאָכמער. דער דריטער טייל פונם אַריינפיר אינם געזעץ וועגן דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון מאַי 1790 האָט פעסטגעשטעלט דעם פּרינציפּ, וועלכן מיר פאַרשטייען ביי היינטיקן טאָג מיט גרויס מי, וואָס מען האָט אָבער בשעתו זייער גוט פאַרשטאַנען. דאָס איז געווען דער פּרינציפּ פון אויספירן אַלע רעכט דירעקט, אָן פאַרמיטלער. „די פּאַריזער קאָמונע פירט תּמיד אַליין אויס אויפן סמך פון איר פרייהייט אַלע רעכט און איר מאַכט, — ווי ווייט מעגלעך דירעקט און ניט דורך קיין דעלעגאַציע". אַזוי לייענען מיר אינם אַריינפיר.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: די פּאַריזער קאָמונע דאַרף זיין ניט קיין מלוכה, וואָס ווערט רעגירט, נאָר דאָס פאָלק, וואָס רעגירט מיט זיך דירעקט, אָן פאַרמיט־לער, אָן פּריצים.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער סעקציע — וואָס פירט כסדר אירע זיצונגען — און ניט די אויסגעוויילטע מיטגלידער פונם געמיינדע־ראַט, איז די העכסטע אינסטאַנץ אין אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע די איינוואוינער פון פּאַריז. און אויב די סעק־ציעס באַשליסן איינשטימיק זיך אונטערצוואַרפן אין אַלגעמיינע ענינים דער מערהייט פון דער סעקציע, זאָגן זיי זיך אָבער ניט אָפּ דורכדעם פונם רעכט זיך צו פאַראייניקן לויט זייער סימ־

פּאַטיע, צו גיין פון איין סעקציע אין דער צווייטער, כּדי משפּיע צו זיין אויף די באַשלוסן פון די שכנים און זיך תּמיד צו באַמיען צו קריגן איינשטימיקייט.

„אדאנק די פּערמאַנענטע זיצונגען פון די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען — זאָגן די סעקציעס — וועט יעדער בירגער באַקומען בילדונג און וועט בכּוח זיין אין דעם פאַל „מיט זאַכקענטעניש אויסקלייבן יענע, וואָס ער האָט באַמערקט זייער התמדה און שעצט זייער פאַרשטאַנד".

און די סעקציע, וואָס פירט די זיצונגען אָן אויפהער — זאָגן זיי — דאָס איז תּמיד אַן אָפענער פּלאַץ — דאָס איז דאָס איינציקע מיטל זיך צו פאַרזיכערן אַן ערלעכע און פאַרנינפטיקע אַדמיניסטראַציע.

לסוף, ווי עס האָט זייער ריכטיק געזאָגט פובער — זיינען די סעקציעס דורכגעדרונגען מיט אומצוטרוי: מיט אומצוטרוי צו יעדער אויספירנדיקער מאַכט. „ווער עס פירט אויס עפּעס אַ מאַכט, ווער עס דיספּאָנירט מיט קראַפט, מוז ממילא זיַ מיסברויכן". דאָס איז מאָנטעסקיעס און רוסאָס קוק, גיט צו פובער; דאָס איז אויך אונזער קוק!

ס'איז לייכט צו פאַרשטיין, וואָסער קראַפט די דאָזיקע שטעלונג האָט צוגעגעבן דער רעוואָלוציע, בפרט, אַז ס'איז געווען דערמיט פאַרבונדן נאָך עפּעס, וועגן וואָס עס רעדט אויך פובער. „אַזוי אַרום ווערט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געווענדט קעגן דעם צענטראַליזם און קעגן דעם דעספּאָטיזם". אַזוי האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק שוין תּחילת דער רעוואָלוציע פאַרשטאַנען, אַז די גרויסע ענדערונגען, וואָס עס האָט פאָרגענומען, קענען ניט געמאַכט ווערן ניט אויפן קאָנסטיטוציאָנעלן אופן, ניט דורך קיין שום צענטראַלער מאַכט: דאָס דאַרף זיין אַן אַרבעט פון די לאָקאַלע כּוחות, וועלכע מוזן האָבן גרויסע פרייהייט, כּדי זיי זאָלן קאָנען זיין טעטיק.

עס קען זיין, אַז ער האָט אויך אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז דאָס אויסקעמפן פרייהייט דאַרף זיך אָנהייבן אין יעדן דאָרף

און אין יעדער שטאָט. די באַגרעניצונג פון דער קיניגלעכער מאַכט וואָלט דורך דעם שטאַרק פאַרלייכטערט געוואָרן.

אַוודאי האָט די פאָלקס־פאַרזאַמלונג אָנגעווענדט אַלע כּוחות, אַז די קראַפט פון דער טעטיקייט פון די דיסטריקטן זאָלן ווערן באַגרעניצט און איבער זיי זאָל פאַרשפּרייט ווערן די פאַרוואַלטונג פון דער מוניציפּאַלער מאַכט, וועלכע פאַלט אַרונטער דער אייבערמאַכט פון דער פאָלקס־פאַרשטייערשאַפט. דאָס מוניציפּאַלע געזעץ פונם 27טן מאַי — 27טן יוני 1790 האָט טאַקע מבטל געמאַכט די דיסטריקטן. עס האָט געוואָלט אויסראָטן די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע נעסטן און צוליב דעם האָט זי איינגעפירט תּחילת אַ נייע פאַרטיילונג פון פּאַריז אויף 48 סעקציעס, און שפּעטער האָט זי בלויז אַקטיווע בירגער ערלויבט צו נעמען אָנטייל אין די וואַל־ און אַדמיניסטראַציע־פאַרזאַמלונגען פון די נייע „סעקציעס“.

דאָך האָט אומזיסט דאָס געזעץ פאַרשמעלערט און באַגרעניצט די אויפגאַבן פון די סעקציעס, באַשליסנדיק, אַז אויף זייערע פאַרזאַמלונגען „דאַרפן זיי זיך, אחוץ מיט די וואַלן און מיט אָפּגעבן די בירגערלעכע שבועה, מיט קיין זאַך ניט פאַרנעמען“ — עס האָט קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען. די אינסטיטוציע האָט זיך שוין איינגעוואָרצלט העכער אַ יאָר צייט און די „סעקציעס“ האָבן ווייטער געטאָן דאָס, וואָס עס האָבן פריער געטאָן די „דיסטריקטן“. אייבעריקנס, האָט דאָס מוניציפּאַלע געזעץ גופא געמוזט אָנערקענען פאַר די סעקציעס אַדמיניסטראַטיווע אַטריבוציעס, וועלכע די דיסטריקטן האָבן אויסגעפירט, ניט פרעגנדיק גאָר שטאַרק וועגן אַן ערלויבעניש. אויך אינם נייעם געזעץ באַגעגענען מיר זיך מיט זעכצן אויסדערוויילטע קאָמיסאַרן, וואָס האָבן געזאָלט אויספירן ניט בלויז פאַרשיידענע פּאָליצייִשע פונקציעס, נאָר אַפילו געריכטלעכע, אָבער זיי האָבן געקענט אויך איבערגעגעבן ווערן דער פאַרוואַלטונג פונם דעפּאַרטאַמענט „פון שטייערן־פאַרטיילונג אין זייערע סעקציעס“. חוץ דעם, הגם די קאָנסטיטוציע האָט אָפּגעשאַפט די „פּערמאַנענץ“, ד. ה. דאָס אומאויפהערלעכע רעכט פון דער סעקציע זיך צונויפזאַמלען אָן אַ באַזונדערן צונויפרוף, דאָך איז

זי געצוואונגען געווען צו אָנערקענען זיי דאָס רעכט פון מאַכן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, אויב פופציק אַקטיווע בירגער זאָלן עס פאַרלאַנגען *.

דאָס איז גענוג געווען, און די סעקציעס האָבן ניט אויס־געמיטן דערפון צו מאַכן אַ נוץ. אין אַ קנאַפּן חודש אַרום נאָכן איינפירן די נייע שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבן למשל אין דער נאַציאָ־נאַל־פאַרזאַמלונג דאַנטאָן און בעי אין נאָמען פון 43 (אויף 48) סעקציעס געפאָדערט, אַז די מיניסטאָרן זאָלן תיכף באַזייטיקט ווערן און מען זאָל זיי שטעלן אין באַשולדיקונגס־צושטאַנד פאַרן פאָלקס־טריבונאַל.

די סעקציעס האָבן זיך אַלזאָ ניט געלאָזט אָפּנעמען זייער איינפערהערשאַפט. הגם דאָס געזעץ האָט ביי זיי דאָס געוואָלט צונעמען, האָבן זיי דאָך זיך געהאַלטן דערביי און עס שטרענג אָפּגעהיט. זייער פּעטיציע האָט פּאַקטיש קיין שום שייכות ניט געהאַט מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, זיי האָבן אָבער געטאָן, און דערמיט איז שוין אַלץ געזאָגט געוואָרן. די סעקציעס האָבן צוליב די פאַרשיידענע פונקציעס, וואָס זיי האָבן זיך אַליין גענומען, געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג, אַז די פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט זיי אויסגעהערט און געגעבן אַ פּאָזיטיווע תשובה.

דאָס זעלבע איז אויך געשען מיטן אָננעמען דאָס מוניציפּאַלע געזעץ פון 1790, וואָס האָט די שטאָט־מאַכט להלוטין איבערגעגעבן „די דעפּאַרטאַמענט־און דיסטריקט־פאַרוואַלטונגען בנוגע די פונקציעס, וועלכע זיי האָבן באַדאַרפט אויספירן

---

* דאַנטאָן האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די נייטיקייט צו לאָזן פאַר די סעקציעס די רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען אין משך פונם ערשטן יאָר רעוואָלוציע, און דעריבער האָט דער „אַלגעמיינער רעגולאַמין פאַר דער פּאַריזער קאָמונע“, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך די דעפּוטאַטן פון דער סעקציע אינם אַרציבישאָף־פּאַלאַץ, טיילוויז אויך אונטער דער השפעה פון דאַנטאָנען, און איז אָנגענומען געוואָרן דעם 7טן אַפּריל דורך פערציק דיסטריקטן, באַזייטיקט דעם גרויסן ראַט (Conseil général) פון דער קאָמונע. ער האָט איבערגעגעבן דעם באַשלוס די בירגער, וואָס זאַמלען זיך צונויף לויט דער סעקציע, וועלכע האָבן בעלאָזן פאַר זיך דאָס רעכט צו פירן אומאויפהערלעכע זיצונגען.

לויטן באַפעל פון דער אַלגעמיינער פאַרוואַלטונג". ניט די סעק־ציעס, ניט דורך זייער פאַרמיטלונג די פאַריזער קאָמונע, ניט די פראָווינציעלע קאָמונעס האָבן זיך צו דעם באַשלוס ניט צוגעפּאַסט. זיי האָבן עס איגנאָרירט און זיינען געבליבן ביי זייער אייבערהערשאַפט.

בכלל, זיינען די סעקציעס ביסלעכווייז ווידער געוואָרן רע־וואָלוציאָנערע נעסטן; און הגם זייער טעטיקייט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן בעת דער רעאַקציע־תּקופה אין די יאָרן 1790 און 1791, האָבן דאָך ניט קיין אַנדערער, נאָר דווקא די סעקציעס גופא, ווי מיר וועלן עס ווייטער זען, אויפגעוועקט פּאַריז איז 1792 און האָבן צוגעגרייט די רעוואָלוציאָנערע קאָמונע פון 10טן אווגוסט.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז יעדער סעקציע האָט אויפן סמך פונם געזעץ פון 21טן מאַי 1790 באַשטימט זעבצן קאָמיסאַרן, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אַלס בירגער־קאָמיטעטן און תּחילת אויס־געפירט בלויז די פונקציעס פון אַ פּאָליציי־אַמט, אָבער זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו פאַרברייטערן דעם קרייז פון זייער טעטיקייט אין פאַרשיידענע ריכטונגען. אַזוי איז די פאַרזאַמלונג אין סעפּ־טעמבער 1790 געווען געצוואונגען צו אָנערקענען פאַר די סעק־ציעס דאָס, וואָס שטראַסבורג האָט שוין באַקומען אַליין אין אווגוסט 1789, קודם־כל דאָס רעכט צו באַשטימען פרידנס־ריכטער מיט זייערע באַזיצערס, ווי אויך בוררים־ריכטער. דאָס דאָזיקע רעכט האָבן די סעקציעס פאַרהאַלטן אַזש ביזן איינפירן די יאַקאָבינישע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג דעם 4טן דעצעמבער 1793.

פון דער צווייטער זייט איז דיזעלבע בירגער־קאָמיטעטן פון די סעקציעס געלונגען נאָך אַ פאַרביטערטן קאַמף צו נעמען אין זייערע הענט אריין סוף 1790 די פאַרוואַלטונג איבער די צדקה־אַנשטאַלטן, ווי אויך דאָס זייער וויכטיקע רעכט צו האָבן די השגחה און די אָרגאַניזאַציע פון דער עפנטלעכער שטיצע — וואָס עס האָט זיי מעגלעך געמאַכט צו פאַרבייטן די „רחמנות־וואַר־שטאַטן", וואָס זיינען נאָך געגרינדעט געוואָרן אין די צייטן פון דער אַבסאָלוטער ממשלה, אויף „הילף־וואַרשטאַטן", וועלכע עס האָבן אָנגעפירט די זעלבע סעקציעס. אין דער דאָזיקער ריכ־

טונג האָבן שפּעטער די סעקציעס אַנטוויקלט זייער טעטיקייט. אויף וויפל עס איז אין משך פון דער רעוואָלוציע פאָרגעקומען אַ פּראָגרעס אין די סאָציאַלע אידעען, אויף אַזוי פיל האָט ער זיך אָפּגעשפּיגלט אין די סעקציעס. זיי זיינען אַזוי אַרום בהדרגה געוואָרן ליוועראַנטן פון מלבושים, וועש, שוכוואַרג פאַר דער אַרמיי, זיי האָבן אָרגאַניזירט דאָס מילוועזן א. אז. וו., אַזוי, אַז אין 1793 האָט יעדער בירגער און יעדע בירגערין, וואָס האָבן געוואוינט אין אַ געוויסער סעקציע, געקענט זיך ווענדן אין דעם וואַרשטאַט פון זייער סעקציע און באַקומען דאָרט אַרבעט (ערנסט מעיע, זייט 289). די פאַרצווייגטע און מעכטיקע אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען שפּעטער פון דער ערשטער התחלה, אַזוי, אַז אין IIטן יאָר (1793—1794) האָבן די סעקציעס פּרובירט צו פאַרנעמען אײנגאַנצן דאָס אָרט פון די באַקלייד-אַמטן פון דער אַרמיי, ווי אויך פון די ליוועראַנטן.

„דאָס רעכט אויף אַרבעט", וואָס די באַפעלקערונג פון די גרויסע שטעט האָט געפאָדערט פאַר זיך אין 1848, איז געווען בלויז אַ דערמאָנונג פון דעם, וואָס עס האָט פאַקטיש עקסיסטירט אין פּאַריז בעת דער גרויסער רעוואָלוציע — עס איז אָבער דורכ-געפירט געוואָרן פון אונטן, ניט פון אויבן, ווי עס האָבן געוואָלט לוי בלאַנס און ווידאַלס אָנהענגער, צוזאַמען מיט די אַנדערע מלוכה-סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געפירט זייערע זיצונגען אין לוק-סעמבורג.

נאָכמער — די סעקציעס האָבן ניט בלויז השגחה געהאַט די גאַנצע צייט פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צופיר און פאַרקויף פון ברויט, איבער די מקחים פון די נייטיקסטע אַרטיק-לען, ווי אויך איבער דעם אָנווענדן די מאַקסימאַלע פּרייזן, ווען דאָס געזעץ האָט זיי נאָר איינגעפירט. זיי האָבן אויך גע-נומען אויף זיך די איניציאַטיוו פון באַאַרבעטן די ערד, וואָס ליגט אָן אַ זייט אין די פּאַריזער געגנטן, כדי צו פאַרגרעסערן די לאַנדווירטשאַפט-אינדוסטריע מיט דער הילף פון גאָרטן-קולטור.

דאָס וועט אפשר זיך אויסווייזן אַלס ווייניק וויכטיג פאַר

יענע, וואָס שטעלן זיך פאָר אַ רעוואָלוציע בלויז אַלס שיסעריי און באַריקאַדן; אָבער דווקא דערפאַר, וואָס די פּאַריזער סעקציעס האָבן זיך פאַרנומען מיט קליינע פּרטים פונם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די אַרבעטער, האָבן זיי אַנטוויקלט אַ ריזיקע פּאָליטישע און רעוואָלוציאָנערע קראַפט.

אָבער לאָמיר ניט פאַרלויפן די געשעענישן. קאָמיר זיך בעסער פאַרנעמען מיטן ווייטערדיקן דערציילן די געשעענישן, און צו דער פּאַריזער סעקציע וועלן מיר זיך נאָך אומקערן, ווען עס וועט זיין אַ רייד וועגן דער קאָמונע פון 10טן אווגוסט.

## זעקס=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דאָס אָפּציִען מיט דער אָפּשאַפונג פון די פעאָדאַלע לאַסטן.

דאָס פאָלק פאַרלאַנגט, מע זאָל אָפּשאַפן די פעאָדאַלע סיסטעם. — דאָס בירגערטום חערט בהדרגה אָפּנעפרעמדט פון פאָלק. — „די אַנאַרכיסטן". — די זשיראָנדיסטן. — 4טער אויגוסט 1789. — די דעקרעטן פון 27סטן פעברואַר 1790. — די צרות פון די פויערים.

וואָס מער די רעוואָלוציע האָט זיך אַנטוויקלט, אַלץ מער איז דער קעגנזאַץ צווישן די צוויי שטרעמונגען, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט אינם אָנהייב פונם דאָזיקן ווערק, ד. ה. דער פאָלקס=שטרעמונג און דער בירגערלעכער, דער עיקר אין עקאָנאָמישע פראַגן, געוואָרן בולטער.

דאָס פאָלק האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל געוואָלט מאַכן אַ סוף צו דער פעאָדאַלער אָרדענונג. מיט דעם זעלבן ברען איז עס אַרויסגעטראָטן צו פאַרטיידיקן די גלייכהייט און די פרייהייט. זעענדיק די פאַמעלעכדיקייט, אַפילו אינם קאַמף קעגן דעם קיניג און די גלחים, האָט עס פאַרלאָרן דאָס געדולד און זיך באַמיט צו דערפירן דער רעוואָלוציע צו אַ ברעג. פאָרזעענדיק דעם טאָג, ווען דער רעוואָלוציאָנערער פאַרמאָסט וועט אָפּגעשוואַכט ווערן, האָט עס זיך באַמיט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אוממעגלעך צו מאַכן דעם צוריקקער פון די פּריצים, פונם קיניגלעכן דעספּאָטיזם, פונם פעאָדאַליזם און דער הערשאַפט אַפילו פון די גבירים און גלחים. דעריבער האָט עס געוואָלט, לכל=הפּחות אין דעם גרעסטן טייל פראַנקרייך — צוריק באַקומען די ערד, עס האָט פאַרלאַנגט אַגראַרע רעכט, וואָס זאָלן זי ערלויבן יעדן איינעם צו באַארבעטן, ווער עס וועט נאָר האָבן חשק דערצו, ווי אויך די געזעצן, וואָס זאָלן אויסגלייכן די גבירים מיט די אָרעמעלייט אין זייערע בירגער=רעכט.

דאָס פאָלק האָט געבראַוזט, בעת מען האָט עס געצוואונגען צו צאָלן מעשר. עס האָט מיט כוח באַהערשט די שטאָט=פאַרוואַלטונגען, וועלנדיק ערליידיקן מיט די פירשטן און מיט די פּריצים.

מיט איין וואָרט, עס האָט אונטערגעהאַלטן אין דעם גרעסטן טייל פראנקרייך דעם רעוואָלוציאָנערן צושטאנד, בעת אין פאריז האָט עס פון דער נאָענט, פון דער פארזאמלונגס=גאַלעריי, אין די קלובן און אין די סעקציעס, אכטונג געגעבן אויף זיינע געזעצגעבער. לסוף, בעת עס איז געגאנגען וועגן דערלאנגען א טויט=קלאפ דער קיניגלעכער מאכט, האָט עס זיך אָרגאניזירט צום אויפשטאנד און מיט געווער אין דער האנט געקעמפט דעם 14טן יולי 1789 און אווגוסט 1792.

פון דער צווייטער זייט ווידער, ווי מיר האָבן געזען, האָט דאָס בירגערטום ענערגיש געאַרבעט איבער דעם ענדגילטיקן „דע=ראָבערן די פּאָליטישע מאַכט" — דאָס דאָזיקע וואָרט שטאמט שוין פון יענער עפּאָכע. וואָס מער די קיניגלעכע מאַכט און די הויף=מאַכט האָט זיך געבראָכן און איז אריינגעפאַלן אין פאר=אַכטונג, אַלץ מער האָט דאָס בירגערטום זי צוגעשאַרט פאר זיך. אויף דער פּראָווינץ האָט עס אָנגעשפּאַרט די מאַכט אויף א פעסטן יסוד און גלייכצייטיק אָרגאניזירט איר איצטיק און קו=מענדיק עשירות.

הגם אין א טייל ערטער איז די גרויסע צאָל גיטער, וואָס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן ביי די עמיגראנטן און גלחים, אריבער אין קליינע טיילן צו דער אָרעמער באפעלקערונג (אזוי, לכל=הפּחות, דרינגט ארויס פון לוטשיצקים פאָרשונגען) *, דאָך האָט ערגעץ=אנדערש א גרויסער טייל פון די דאָזיקע נחלאות געדינט צו באַ=רייכערן דאָס בירגערטום, און די כל=המינים פינאנסיעלע שפּעקו=לאַציעס האָבן געלייגט א יסוד פאר דער זייער גרויסער צאָל גיטער פונם דריטן שטאַנד.

די געבילדעטע בורזשואַס האָבן פארשטאַנען — די ענגלישע רעוואָלוציע פון 1648 האָט זיי געדינט דערצו אַלס ביישפּיל — אז איצט איז געקומען זייער ריי צו פארכאַפּן די מאַכט אין פראנק=רייך און אז דער קלאַס, וואָס וואָלט געקומען צו דער מאַכט, וואָלט געקענט האָבן תּביעות אויף די רייכטימער, בפרט אז דער

* „איזוועסטיא" פון קיעווער אוניווערסיטעט.

קרייז פון דער מלוכה־טעטיקייט וואָלט זיך געמוזט גוואַלטיק פאַר־
גרעסערן צוליב דער שאַפונג פון אַ גרויסער שטענדיקער אַרמיי
און צוליב דער רעאָרגאַניזירונג פון דעם עפנטלעכן לערן־וועזן,
פון די געריכטן, פון דער שטייער־סיסטעם א. אז. וו. מען האָט
דאָך געזען, ווי דאָס איז פאָרגעקומען בעת דער ענגלישער רע־
וואָלוציע.

ס׳איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס אין פראַנקרייך
האָט וואָס ווייטער געמוזט אַנטשטיין אַלץ אַ גרעסערער תּהום
צווישן דעם בירגערטום און דעם פאָלק: צווישן דעם בירגערטום,
וואָס האָט געגאַרט נאָך אַ רעוואָלוציע און געשטויסן דערצו דאָס
פאָלק, ביז עס האָט באַמערקט, אַז „די דערגרייכונג פון דער פּאָ־
ליטישער מאַכט" אויף זיין חשבון איז שוין כּמעט אַ געשעענע
זאַך; און צווישן דעם פאָלק, וואָס האָט אין דער רעוואָלוציע גע־
זען אַ מיטל צו באַפרייען זיך פון דעם יאָך פון נויט און דעם
וועג צו דערגרייכן פּאָליטישע רעכט.

די יעניקע, וואָס די לייט פון „אָרדענונג" און „שטאַנד"
האָבן זיי דעמאָלט גערופן אַנאַרכיסטן, האָבן זיך געפונען אויף איין
זייט, געשטיצט דורך אַ געוויסן טייל פאַרשטייער פונם בירג־
גערטום — די קאָרדעליערן און דער קליינער צאָל יאַקאָבינער.
די „מלוכה־מענער" און באַשיצער פון „אייגנטום", ווי מען האָט
זיי דעמאָלט אָנגערופן, האָבן געפונען זייער גענויעם אויסדרוק אין
דער פּאָליטישער פאַרטיי פון יענע, וועלכע מען האָט שפּעטער
גערופן די זשיראָנדיסטן, ד. ה. אין די פּאָליטיקער, וואָס האָבן
פון 1792 זיך קאָנצענטרירט אַרום בריסאָנען און דעם מיניסטער
ראָלאַן.

מיר האָבן שוין דערציילט אינם פופצנטן קאַפּיטל, אין וואָס
עס איז באַשטאַנען דאָס כּלומרשטע מבטל מאַכן די פעאָדאַלע
רעכט אין דער נאַכט פונם 4טן אויגוסט און די באַשלוסן, וואָס
זיינען אָנגענומען געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג צווישן דעם
5טן און 11טן אויגוסט; לאָמיר זיך איצט צוקוקן, וואָסער ווענ־
דונג די דאָזיקע געזעצגעבונג האָט אָנגענומען אין די יאָרן 1790
און 1791.

אזוי ווי די דאָזיקע פראַגע, די פראַגע פון די פעאָדאַלע לאַסטן, איז געווען די וויכטיקסטע פון דער גאַנצער רעוואָלוציע, און זי איז געלייזט געוואָרן ערשט אין 1793, נאָכדעם, ווי דער קאָנווענט האָט אַרויסגעטריבן די זשיראָנדיסטן, וועלן מיר נאָכאַמאָל איבער־געבן דעם תּמצית, ווען אונז זאָל אפילו אויסקומען זיך איבער־צוחזרן, פון דער אווגוסט־געזעצגעבונג אין 1789, איידער מיר וועלן דערציילן, וואָס ס'איז אויפגעטאָן געוואָרן אין משך פון די שפּעטערדיקע צוויי יאָר. דאָס איז נאָך נייטיקער דערפאַר, ווייל אין דעם פּרט הערשט, ליידער, אַ גרויסע אומקלאָרקייט, הגם דאָס אָפּשאַפן די פעאָדאַלע לאַסטן איז געווען דאָס הויפּט־ווערק פון דער גרויסער רעוואָלוציע. צוליב דעם דאָזיקן ענין האָט מען געפירט די הייסטע קאַמפן סיי אינם דאָרפישן פראַנק־רייך, סיי אין פאַריז, אין דער פאַרזאַמלונג, און דאָס אָפּשאַפן די לאַסטן איז געווען איינע פון די אויפטואונגען פון דער רעוואָ־לוציע, וואָס האָט צומלענגסטן אויסגעהאַלטן די פאַרשיידענע פּאָ־ליטישע שינויים, וואָס פראַנקרייך האָט דורכגעמאַכט אין XIXטן יאָרהונדערט.

די מענטשן, וואָס האָבן פאַרן 1789 געגאַרט נאָך גע־זעלשאַפטלעכער באַנייונג, האָבן אפילו אויף קיין רגע זיך ניט באַטראַכט וועגן אָפּשאַפן די פעאָדאַלע לאַסטן. מען האָט דעמאָלט קוים געטראַכט וועגן אָפּשאַפן בלויז זייערע מיסברויכן: מען האָט אפילו געפרעגט, צי עס איז מעגלעך „צו באַגרעניצן די זכיות פון די פריצים", ווי נעקער האָט געזאָגט. דעם דאָזיקן ענין האָט ערשט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע אָנגעוואָרפן.

„יעדער אייגנטום אָן שום אויסנאַם דאַרף תּמיד ווערן געאַכט", האָט מען געהייסן זאָגן דעם קיניג ביים עפענען די גע־נעראַל־שטאַטן, און זיין קיניגלעכע מאַיעסטעט פאַרשטייט בפירוש אונטערן וואָרט „אייגנטום" — מעשר, שטייערן, רענטע, לאַסטן און צאָלונגען סיי פעאָדאַלע, סיי פריצישע, און בכלל אַלע מינים רעכט און זכיות, סיי פון פאַרמעגן, סיי פון כּבוד, וואָס זיינען פאַר־בונדן מיט דער לענשאַפט־ערד, וועלכע געהערט צו פערזאָנען".

קיינער פון די קומענדיקע רעוואָלוציאָנערן האָט ניט פראָ־

טעסטירט קענען אזא מין פארשטיין די רעכט פון די פּריצים און פון די ערד־אייגנטימער בכלל.

„אָבער — זאָגט דאָלאָ, דער באַרימטער מחבר פון דעם בוך פון געזעצן (Repertoire de jurisprudence), וועלכן מען קען אוודאי ניט חושד זיין אין רעוואָלוציאָנערער גוזמא — ניט אזוי האָט די דאָרפישע באַפעלקערונג באַנומען די פרייהייט, וועלכע עס איז איר געוואָרן צוגעזאָגט; אומעטום זיינען אויפן דאָרף אויסגעבראָכן אויפשטאַנדן; מען האָט געברענט שלעסער, מען האָט אַ תל געמאַכט פון די ארכיוון, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען דאָקומענטן און עס זיינען פארשריבן געווען די שטייערן, און אין סך ערטער האָבן די פּריצים אונטערגעשריבן דעקלאַראַציעס, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון זייער רעכט". *

אָט דעמאָלט טאָקע, אונטער די שרפות פון די פּויערים־אויפשטאַנדן, וואָס האָט געדראָט צו פארנעמען זיך אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, איז פאָרגעקומען די זיצונג פונם 4טן אווגוסט. ווי מיר האָבן געזען, האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג ארויסגעגעבן אַ באַשלוס אָדער ריכטיקער אַ דעקלאַראַציע פון פּרינציפּן, וואָס איר ערשטער אַרטיקל האָט געזאָגט:

„די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג שאַפט אָפּ די פעאָדאַלע אָרדענונגען".

דער איינדרוק, וואָס די דאָזיקע ווערטער האָבן געמאַכט, איז געווען אַ ריזיקער. זיי האָבן אויפגערודערט פראַנקרייך און אייראָפּע — מען האָט גערעדט וועגן אַ בארטאָלאָמעוס־נאַכט פאַר דעם אייגנטום.

אָבער שוין צומאָרגנס האָט די פאַרזאַמלונג, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט — געביטן איר שטעלונג. אין אַ גאַנצער ריי באַשלוסן פונם 5טן, 6טן, 8טן, 10טן און 11טן אווגוסט האָבן זיי צוריק אומגעקערט און ארומגערינגלט מיט קאָנסטיטוציאָנעלער השגחה אַלץ, וואָס ס'איז נאָר געווען ממשותדיקס אין די פעאָדאַלע רעכט.

---

* אַרטיקל: „פעאָדאַליזם".

אָפּגעזאָגט זיך, ביי געוויסע אויסנאַמען, פון די פּערזענלעכע אויפטואונגען, האָבן די פּריצים זיך געפּלייסט מיט נאָך מער טירחה צו לאָזן אָפּטמאָל די משונהדיקע געזעצן, וואָס מען האָט געקענט אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן פאַרשטעלן אַלס אָפּצאָל פאַר דעם באַזיצן אָדער באַנוצן זיך מיט ערד — אַלס זאַכלעכע רעכט, ווי די געזעצגעבער רופן עס אָן. אַזעלכע זיינען געווען ניט בלויז די ערד־רענטעס, נאָר אויך די גרויסע צאָל אָפּצאָלן און צינזן אין מזומנים און אין פּירות, וואָס זיינען געווען פאַרשיידן אין יעדן אָרט. איינגעפירט אין דער צייט, ווען דאָס לייב־אייגנטום איז געוואָרן אָפּגעשאַפט, זיינען זיי געבליבן פאַרבונדן מיט דעם ערד־באַזיץ. די אַלע שטייערן זיינען פאַרשריבן געווען אין די ערד־פּינקסים און פון דעמאָלט אָן פלעגט מען זיי פאַרקויפן און אָפּטרעטן צו דריטע פּערזאָנען.

גאָרבן־אָפּצאָל, אָפּצאָל פון ערד, פון פעלד, צוזאַמען מיטן מעשר — אַלץ, וואָס עס האָט געהאַט אַ געלט־ווערט — איז פאַרבליבן אין דער גאַנצער ברייט. די פּויערים האָבן באַקומען בלויז רעכט איסצקויפן דעם צינז, — אויב זיי וואָלטן מיטן פּריץ געקומען צו אַ הסכם. אָבער די פאַרזאַמלונג האָט זיך געפּלייסט אויסצומיידן צו באַצייכענען דעם טערמין פון אויסלייזן אָדער צו באַשטימען די הייך פון דער קאַפּיטאַליזירונג.

אין תוך גענומען, איז, אַחוץ דער אידעע גופא פון פעאָדאַלן אייגנטום, וואָס האָט אונטערגעגראָבן דאָס ערשטע אַרטיקל פון די באַשלוסן פונם 5—11טן אויגוסט, — אַלץ געבליבן אַזוי, ווי אַמאָל, און דער קאָמונאַלער מאַכט האָט מען באַפוילן, אַז זי זאָל מיט דער גאַנצער שטרענגקייט אַרויסטרעטן קעגן די פּויערים, אויב זיי וועלן ניט צאָלן. מיר האָבן געזען, ווי אַכזריותדיק אַ טייל פון זיי האָבן אויסגעפירט זייער אויפגאַבע *.

---

* די דאָזיקע פאַקטן, וואָס שטייען אין פולקומער סתירה צו די גרויסע שבחים, וואָס אַ סך געשיכטע־שרייבער גיסן אויס אויף דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, האָב איך צוערשט פאַרעפנטלעכט אין אַן אַרטיקל צום יאָרטאָג פון דער גרויסער רעוואָלוציע אין דעם ענגלישן זשורנאַל „ניינטינט סינטשורי", יוני, 1889, און שפּעטער אין אַ ריי אַרטיקלען אין „לאַ־רעוואָלט" פון 1892 און 1893; שפּעטער

פון דזשעמס גיאָמס אויבן=ציטירטער צושריפט האָט מען אחוצדעם געקענט זען, אז די פארזאמלונג האָט, נאָכן קלאָר ארויסזאָגן זיך אין איינעם פון אירע אווגוסט=אקטן פון 1789, אז זיי זיינען באשלוסן, דערפון גערדרונגען, אז די אקטן פארלאנגען ניט קיין קיניגלעכע סאנקציע. אָבער גלייכצייטיק האָט די פארזאמלונג צוגענומען ביי זיי דעם כאראקטער פון געזעצן, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט, כל=זמן זיי זיינען ניט איינגעפאסט געוואָרן אין דער פאָרם פון קאָנסטיטוציאָנעלע דעקרעטן. עס האָט זיי ניט צוגעגעבן קיין שום פארפליכטנדיקן כאראקטער. אויפן געזעצגעבערישן אופן איז נאָך קיין זאך ניט אויפגעטאָן געוואָרן.

איבעריקנס, האָבן זיך אפילו די דאָזיקע „באשלוסן" אויסגעוויזן די פריצים און דעם קיניג פאר צו ראדיקאל. ער האָט זיך באמיט צו געווינען צייט און זיי ניט צו פארעפנטלעכן, און נאָך דעם 18טן סעפטעמבער האָט ער פאָרגעלייגט דער פארזאמלונג, זיך נאָכאמאָל צו פארטראכטן. ערשט דעם 6טן אָקטאָבער, בעת די פרויען האָבן אים אראָפּגעבראכט קיין פאריז און איבערגעגעבן אונטער דער השגחה פונם פאָלק, האָט ער באשלאָסן די באשלוסן צו פארעפנטלעכן. אָבער איצט, ווידער, האָט זיך די נאציאָנאל=פארזאמלונג איינגעעקשנט. זי האָט זיי ערשט דעם 3טן נאָוועמבער 1789 פובליקירט און ארויסגעשיקט צו די פראָווינצער

איז עס ארויסגעגעבן געוואָרן אין אַ פּאַמפלעט אונטער דעם נאָמען „לאַ גראַנד רעוואָלוסיאָן פראַנסע, 1804—1879". די פאָרשונגס=אַרבעט פון מ. פּ. סאַנאַק (די ציווילע געזעצגעבונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, 1789—1804) האָט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט מיינעם. נאָך אַלעמען, גייט דאָ ניט אין אַ ריכטיקערער אויסטייטשונג פון די פאַקטן, נאָר טאַקע אין די פאַקטן גופא. כדי צו איבערצייגן זיך אין דעם, דאַרף איינער בלויז אַ בליק טאָן אויף אַ חעלכער עס איז זאַמלונג פון געזעצן פון דער פראַנצויזישער מלוכה, ווי למשל, דעם גוט באַקאַנטן „רעפּערטואַר פון יוריספּרודענץ". דאָרט האָבן מיר אָדער פולקום אָדער אין אַ ריכטיקן סך=הכל אַלע געזעצן מכוח ערד=אייגנטום, סיי פּריוואַטע און סיי קאָמונאַלע, וועלכע מען קען ניט געפינען אין די באַשרייבונגען פון דער רעוואָלוציע. פון דעם דאָזיקן קוואַל האָב איך געשעפּט, און שטודירנדיק דעם טעקסט פון די דאָזיקע געזעצן, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען דעם גייסט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

פּאַרלאַמענטן, אַזוי, אַז די „באַשלוסן" פון 5—11 אויגוסט זיינען אין ערגעץ ווי געהעריק ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

ס'איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָבן די פּויערישע מרידות ניט אויפגעהערט. דער באַריכט פונם קאָמיטעט פאַר פעאָדאַלע רעכט, וואָס דער גלח גרעגואַר האָט אָפּגעגעבן אין פעברואַר 1790, האָט טאַקע פעסטגעשטעלט, אַז דער פּויערים-אויפשטאַנד דויערט ווייטער און האָט זיך אַפילו פון יאַנואַר אָן געשטאַרקט. ער האָט זיך פאַרברייטערט פון מזרח אויף מערב.

אָבער אין פּאַריז האָט די רעאַקציע פונם 6טן אָקטאָבער באַקומען שוין אַ שטאַרקן אָנלעג, און בעת די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג איז צוגעטראָטן צום אויספאָרשן די פעאָדאַלע לאַסטן לויט גרעגוארס באַריכט, האָט זי אָנגענומען געזעצן, וועלכע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ רעאַקציאָנערן גייסט. מחמת די דעקרעטן, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן פונם 28טן פעברואַר ביז דעם 5טן מערץ, ווי אויך די געזעצן פונם 18טן יוני 1790, האָבן געהאַט די פּעולה, וואָס זיי האָבן צוריקגעשטעלט די פעאָדאַלע אָרדענונג אין אירע ממשותדיקסטע פּרינציפּן.

אַזוי האָט געהאַלטן (מען זעט עס אַרויס פון די דאָקומענטן פון יענער צייטן) יענע, וואָס האָבן געגאַרט דעמאָלט דאָס אָפּשאַפן דעם פעאָדאַליזם. מען האָט גערעדט וועגן די דאָזיקע דעקרעטן, אַז זיי שטעלן צוריק דעם פעאָדאַליזם.

קודם-כל האָט מען פאַרהאַלטן און באַשטעטיקט דעם אונטערשייד צווישן די ערן-רעכט, וואָס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אָן אויסקויף, און צווישן די פאַרמעגן-רעכט, וואָס די פּויערים האָבן געמוזט אויסקויפן; נאָכמער, אַ טייל פערזענלעכע פעאָדאַלע רעכט, וואָס זיינען קלאַסיפיצירט געוואָרן אַלס פאַרמעגן-רעכט, זיינען אינגאַנצן אויסגעגלייכט געוואָרן מיט פּשוטע רענטעס און ערד-לאַסטן *. בכן, האָט מען די רעכט, וועלכע האָבן זיך געשטיצט

* אַלע ערן-רעכט, אַלע בכורה-רעכט און די מאַכט, וואָס איר מקור האָט געשטעקט אינם פעאָדאַליזם, זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן. וואָס שייך אַזעלכע פאַרמעגן-רעכט, וואָס דאַרפן זיין גילטיק ביז זיי וועלן ווערן אויסגעקויפט, זיינען זיי לחלוטין אויסגעגלייכט מיט פּשוטע רענטעס און ערד-לאַסטן.

בלויז אויף אוזורפּאַציע, די רעכט, וואָס זיינען געווען בלויז אַ ירושה פון דער פּערזענלעכער קנעכטשאַפט, וואָס צוליב זייער אָפּשטאַמונג אַליין האָט מען זיי באַדאַרפט אויסראָטן, פונקט אַזוי באַהאַנדלט, ווי התחייבותן, וועלכע האָבן געהאַט אַלס יסוד אַ פּאַכט-אָפּמאַך.

קעגן יענע, וואָס האָבן די לאַסטן ניט געצאָלט, האָט דער פּריץ, הגם ער האָט פאַרלאָרן דאָס רעכט פון פעאָדאַלער קאָנפיס-קאַציע — געקענט באַנוצן זיך מיט פאַרשיידענע צוואַנגס-מיטלען לויטן געוויינלעכן רעכט. דער ווייטערדיקער אַרטיקל האָט זיך געאײַלט דאָס פעסטצושטעלן אין די פאָלגנדיקע ווערטער: די פעאָדאַלע און צינז-לאַסטן, ווי אויך פאַרשיידענע מינים חובות — פון פאַרקויף. פון רענטע און פון לאַסטן, וועלכע זיינען לויט זייער תוך אויסצאָלבאַר, פאַלן אַרונטער, ביז זייער אויסקויף, אונטער די תקנות, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן דורך די פאַרשיידענע געזעצן און מנהגים פונם קיניגרייך.

די פאַרזאַמלונג אין נאָך ווייטער געגאַנגען. מסכים זייענדיק מיט דער מיינונג פונם באַריכט-געבער מערלען, האָט זי אויף דער זיצונג פונם 27טן פעברואַר באַשטעטיקט דאָס רעכט פון דער טויטער האַנט, איינס פון די איבערבלייבסן פון דער קנעכט-שאַפט. זי האָט באַשלאָסן, „אַז די ערד-רעכט, וואָס בנוגע זיי איז די לענשאַפט-רעכט פון דער טויטער האַנט פאַרביטן געוואָרן אויף צינז-רעכט, זיינען ניט קיין טויטע האַנט און דעריבער דאַרפן זיי בלייבן".

דעם בירגערטום איז אַזוי שטאַרק געגאַנגען אין דער קנעכט-שאַפט-ירושה, אַז דער אַרטיקל 4 פונם ווטן טייל האָט באַשטימט: „אויב די זאַכיקע אָדער געמישטע טויטע האַנט איז פאַרביטן גע-וואָרן ביים באַפרייען די פויערים אויף צינז-אָפּצאָל און אומזאַיע-חובות (ביים איבערטראָגן דעם ערד-באַזיץ) — דאַרף מען דעם צינז ווייטער צאָלן.

בכלל, ווען מיר לייענען די דעבאַטן איבער דעם פעאָדאַלן געזעץ אין דער פאַרזאַמלונג, פרעגן מיר זיך ניט-ווילנדיק די שאלה, צי זיי זיינען פאָרגעקומען אין מערץ 1790 נאָכן נעמען באַסטיליע

און נאָך דעם 4טן אויגוסט, אָדער דאָס איז נאָך פאַרגעקומען אין אָנהייב פון לודוויק דעם XVIטנס ממשלה, אין 1775?

אַזוי האָט מען דעם 1טן מערץ 1790 אָפּגעשאַפט אַ טייל רעכט, וואָס זיינען געווען אַ פועל-יוצא פונם אַמאָליקן חוב צו געבן עסן דעם פריצס הינט, צו שטיין אויף דער וואַך. און אויך אַ טייל אָפּצאָלן פון קויפן און פאַרקויפן האָט מען אָפּגעשאַפט אָן אַנטשעדיקונג. האָט מען דען ניט באַדאַרפט מיינען, אַז די דאָזיקע רעכט זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אָן אויסצאָל אין דער נאַכט פונם 4טן אויגוסט? אַזוי איז אָבער ניט געווען. לויטן געזעץ האָט אַ פויער אין 1790, אין דעם גרעסטן טייל פראַנקרייך ניט געקענט קויפן קיין בהמה, ניט אַפילו פאַרקויפן זיין תבואה כל-זמן ער האָט זיין פריץ ניט אָפּגעצאָלט דעם צאָל-שטייער. בכלל, האָט ער ערשט דעמאָלט געקענט פאַרקויפן זיין תבואה, ווען דער פריץ האָט שוין זיינס געהאַט פאַרקויפט און אַ סך פאַרדינט אַדאַנק די הויכע מקחים וואָס מען האָט גענומען, קוים איז נאָך געווען ווייניק תבואה אויסגעדראָשן.

טאָמער וועט עמעץ זאָגן, אַז די רעכט, ווי אויך די אָפּצאָלן, וואָס דער פריץ האָט גענומען פאַר באַנוצן זיך מיטן באַקאויוון, מיט דער מיל און מיטן וויין-פרעס זיינען נאָך ניט געוואָרן אָפּגעשאַפט דעם 1טן מערץ? האָט ער אַ טעות. מען האָט זיי אָפּגעשאַפט — אַ חוץ יענע, וועלכע זיינען געווען אַמאָל אַן אָביעקט פון אַ שריפטלעכן אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דעם פריץ און דער פויערים-געמיינדע, אָדער די רעכט, וועלכע מען האָט אָנערקענט אַלס התחייבות אָנשטאָט וועלכע עס איז הנחה.

צאָל, פויער! צאָל, שנעל! און אייל זיך צו, מחמת מען וועט קענען דיר תיכּף באַנוצן צוואַנגס-עקזעקוציע — דיין איינציקע רעטונג, ווען עס וועט זיך דיר איינגעבן צו געווינען דעם פּראָצעס אין געריכט!

עס לאָזט זיך קוים גלויבן, אָבער אַזוי איז עס דאָך געווען.

לאַמיר, איבעריקנס, איבערלייענען דעם טעקסט פונם 2טן אַרטיקל אין דעם דריטן טייל פון דעם פעאָדאַלן געזעץ. ער איז אפשר אַ ביסל צו לאַנג, אָבער דאָך כּדאַי צו ציטירן, כּדי מיר

זאָלן זיך דערווייסן, וואָסערע לאַסטן דאָס פעאָדאַלע געזעץ פונם 24טן פעברואַר — 15טן מערץ 1790 האָט נאָך אַרויפגעלייגט אויפן פויער.

אַרטיקל 2. „עס ווערט אָנערקענט פאַר באַשטימט אויף אויסצוקויפן, כּל־זמן עס וועט ניט אויפגעוויזן ווערן, אַז עס איז אַנדערש (דאָס הייסט: דער פויער דאַרף עס צאָלן אַזוי לאַנג, ביז ער וועט ניט אויסקויפן):

1. אַלע מינים יערלעכע אָפּצאָלן דעם פּריץ, סיי אין מזומנים, סיי אין תבואה, אין פּאַשע אָדער אין אַנדערע ערד־פּירות, וואָס ווערן געבראַכט אונטערן נאָמען ערד־צינז, איבערצינזיקע אָפּצאָלן, פעאָדאַלע און פּריצישע רענטעס, אייביקער צינז, גאַרבן־אָפּצאָל, אָפּצאָל אין פּירות, פעלד־אָפּצאָל, זאַכיקע אַרבעטס־אָפּצאָלן אָדער וואָס האָבן אַן אַנדער נאָמען, אויב דער באַלעבאָס אָדער דער באַזיצער פון דער ערד צאָלט זיי נאָר און איז מחויב צו צאָלן, און דערצו אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער איז באַלעבאָס אָדער באַ־זיצער און לויט דער צייט, וואָס זיין באַזיץ־רעכט דויערט.

2. אַלע געלעגנהייטלעכע אָפּצאָלן, וואָס ווערן געבראַכט אונטער פאַרשיידענע נעמען אין פאַל, ווען עס קומען פאָר שינויים אינם באַזיץ אָדער אייגנטום פון דער ערד.

3. אָפּצאָל, וואָס ווערט געצאָלט ביים ענדערן די געוועזענע פּריצים.

פון דער אַנדער זייט ווידער האָט די פאַרזאַמלונג דעם 9טן מערץ אָפּגעשאַפט אַלערליי צאָל־שטייערן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן אויף די וועגן, קאַנאַלן וכדומה, און וואָס זיינען גענומען געוואָרן דורך די פּריצים. אָבער תיכּף נאָכדעם האָט זי צוגעגעבן:

„די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט ניט בדעה דערוויל אָנצו־ווענדן די אָפּשאַפונג, וואָס איז אָנגעוויזן אין דעם פריערדיקן אַרטיקל, צו אַזעלכע צאָל־שטייערן און אָפּצאָלן, וואָס זיינען דאָרט דערמאָנט, און וועלכע מען קען באַקומען אַלס אַנטשעדיקונג“.

דאָ האַנדלט זיך אייגנטלעך אָט אין־וואָס: אַסך פּריצים האָבן פאַרקויפט אָדער פאַרמשכּונט אַ טייל פון זייערע רעכט; אָדער דער עלטסטער זון האָט בירושה באַקומען ערד אָדער

שלאָס און די איבעריקע יורשים, קודם־כל די טעכטער, האָבן באַקומען אַלס שכר־היזק געוויסע זכיות אויף צו נעמען אַן אָפּצאָל אויף די וועגן, קאַנאַלן אָדער בריקן. אין די דאָזיקע פאַלן האָבן אַלע רעכט געזאָלט בלייבן אין קראַפט, הגם זיי זיינען אָנערקענט געוואָרן פאַר אומגערעכטע. אין קעגנפאַל וואָלט דאָס פאַרבונדן געווען מיט היזקות פאַר אַ טייל אַדעליקע און בירגערלעכע משפחות.

און אַזעלכע פאַלן האָבן מיר אין דעם גאַנצן פעאָדאַלן געזעץ. נאָך יעדער אָפּשאַפונג האָט מען צוגעגעבן עפּעס אַ דריידל, כדי צו מאַכן עס אילוזאָריש. אַזאַ מין באַגיין זיך האָט ארויסגערופן אומצאָליקע פּראָצעסן.

אין איין פונקט פילן מיר דעם אָטעם פון דער רעוואָלוציע: וועגן עס גייט אין מעשר. מען האָט, אַ שטייגער, באַשלאָסן, אַז אַלע קלויסטער־ און פעאָדאַליזירטע מעשרם, ד. ה. פאַרקויפטע צו וועלטלעכע פערזאָנען, וועלן פונם 19 יאַנואַר 1791 אויף אייביק אָפּגעשאַפט. אָבער אויך דאָ האָט די פאַרזאַמלונג נאָך פאַראָרדנט, אַז פאַרן יאָר 1790 דאַרף מען זיי צאָלן די באַרעכטיקטע „ביזן לעצטן גראָשן".

דאָס איז נאָך ניט אַלץ. מען האָט ניט פאַרגעסן אַרויסצוגעבן קיין שטראָף־באַשלוסן קעגן יענע, וועלכע וועלן די דאָזיקע דעקרעטן ניט אונטערוואַרפן זיך; צוטרעטנדיק ווידער צו דער דיסקוסיע איבער דעם III טייל פונם פעאָדאַלן געזעץ, האָט די פאַרזאַמלונג באַשלאָסן:

„קיין שום געמיינדע־מאַכט, קיין שום דיסטריקט־אַדמיניסטראַציע אָדער דעפּאַרטאַמענט טאָר ניט, אונטער דער דראָונג פון אומגילטיקייט, פון אָנקלאָגן און באַצאָלן די קאָסטן מיט פּראָצענט, — נעמען וועלכע עס איז פּריצישע אָפּצאָלן מיטן תירוץ, אַז זיי זיינען לויט דער השערה אָדער קלאָר אָפּגעשאַפט אָן שכר־היזק.

וואָס שייך די דעפּאַרטאַמענטאַלע דיסטריקט־פאַרוואַלטונגען, האָט מען פון זייער זייט ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבן. זיי זיינען בלב ונפש געווען איבערגעגעבן די פּריצים און די בורזשו־

אזע באלעבאטים. אין מזרח=פראנקרייך ווידער זיינען געוועזן געמיינדע=פארוואלטונגען, וואס די רעוואלוציאנערן האט זיך איינגעגעבן צו באהערשן; זיי האבן געזאגט די פויערים, אז די און די פעאדאלע לאסטן ווערן אפגעשאפט און אויב דער פריץ וועט זיי פאדערן, מעגן זיי ניט צאלן.

די דארפס=ראטמענער האבן זיך איצט מיט קיין ווארט ניט געטארט אפרופן, מחמת זיי אליין האט געדראט אן אנקלאגע און א געריכטס=עקזעקוציע; דער פויער ווידער האט געמוזט צאלן (די זעלבע ראטמענער האבן געמוזט דורכפירן די עקזעקוציע), דערביי האט ער געמעגט, אויב דאס איינצאלן האט זיך אויסגעוויזן פאר ניט בארעכטיקט, צו פאדערן שפעטער פונם פריץ באפרידיקונג, בעת יענער איז שוין דעמאלט אפשר געוועזן אין קאבלענץ.

דאס איז געוועזן, ווי סאניאק האט ריכטיק באמערקט, פשוט א שרעקלעכער באשלום. דער באוויי, אז דער פויער איז שוין ניט מחוייב צו צאלן א באשטימטע פעאדאלע פליכט, דעם שווערן באוויז, אז די פליכט איז א פערזענלעכע און ניט קיין פארבונדענע מיט דער ערד, האט דער פויער געמוזט דורכפירן. אויב ער האט עס ניט געטאן, אויב ער איז ניט בכוח געוועזן עס דורכצופירן — און דאס איז צום אפטסטן געשען — האט ער געמוזט צאלן!

## זיבן=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די פעאָדאַלע געזעצגעבונג פון 1790.

די נייע געזעצן אונטערשטיצן די פעאָדאַלע סיסטעם. — די רעוואָלוציע באַשטימט דעם פּרייז פון ברויט. — רדיפות אויף דעם בירגערטום. — האַרטע געזעצן קעגן פּויערטום. — דער סך־הכּל פון די געזעצן צו באַשיצן דעם אייגנטום. — וואָס ווילן די פּויערים.

אַזוי האָט די נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג, אויסנוצנדיק דעם צייטווייליקן שטילשטאַנד, וואָס איז אָנהייב ווינטער אַנטשטאַנען אין די פּויערים=אויפשטאַנדן, אָנגענומען אין מערץ 1790 געזעצן, וואָס האָבן אין דער אמתן געשאַפן אַ נייעם יסוד פאַרן פעאָדאַליזם.

כּדי צו באַווייזן, אַז דאָס איז ניט בלויז אונזערס אַ פּער=זענלעכער קוק אויף דעם ענין, איז גענוג אַפּצושיקן דעם לעזער צו די געזעצן גופא, אָדער צו דעם, וואָס עס זאָגט דאַלאָ. לאָמיר אָבער הערן, וואָס עס זאָגט וועגן דעם דער בן=דור, דער שרייבער פּ. סאַניאַק, וועלכן קיינער וועט געווים ניט חושד זיין אין סאַנ=קילאָטיזם, מחמת ער האַלט דאָס אָפּשאַפן די פעאָדאַלע רעכט, וואָס דער קאָנווענט האָט שפּעטער דורכגעפירט, פאַר אַן אומ=רעכט און פאַר אַ שעדלעכער „גזלה". לאָמיר אַלזאָ זיך צוקוקן, ווי אַזוי סאַניאַק שאַצט אָפּ דאָס געזעץ פון מערץ 1790.

„אינם ווערק פון דער קאָנסטיטואַנטע", — זאָגט ער, — „ליגט דאָס אַמאָליקע רעכט מיט זיין גאַנצער לאַסט אויפן נייעם רעכט. אויב דער פּויער וויל שוין ניט צאָלן קיין ערד=שטייער, ניט אַראָפּפירן די טיילן פון זיינע תבואה=זאַמלונגען אין דעם פּריצישן שייער אַריין, אָדער פאַרלאָזן זיין פעלד, כּדי צו אַרבעטן אויפן פּריצים פעלדער, מוז ער דורכפירן אַ באַוויז, אַז דעם פּריצים פאָדערונג איז אַן אומגערעכטע. אויב דער פּריץ האָט אָבער גע=האַט עפּעס רעכט אין משך פון פערציק יאָר — אומאָפּהענגיק פון דער אָפּשטאַמונג פון דעם רעכט בעת דער אַבסאָלוטער מאָ=נאַרכיע — סאַנקציאָנירט דאָס דאָזיקע רעכט דאָס געזעץ פונם 15טן מערץ. דער באַזיץ איז גענוג. דאָס איז גאָרניט, וואָס דער

שטייער=צאָלער ליקנט אָפּ די געזעצלעכקייט פון דעם באַזיץ: ער מוז ניט געקוקט דערויף צאָלן. און אויב די אויפגערייצטע פויערים האָבן געצוואונגען דעם פריץ אין אויגוסט 1789 זיך אָפּצוזאָגן פון אַ טייל רעכט, אָדער זיי האָבן פאַרברענט זיינע דאָקומענטן, איז איצט, אויב ער וועט נאָר דערוויזן, אַז ער האָט זיי באַזעסן אין משך פון פערציק יאָר, וועט ער די רעכט צוריק באַקומען.

אמת, די נייע געזעצן האָבן ערלויבט דעם דאָרפסמאַן אויס=צוקויפן די לאַסטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער ערד. אָבער „די אַלע באַשלוסן", וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי נוציק פאַר דער פאַרפליכטונג פון די זאַכיקע לאַסטן, זיינען געווענדט געוואָרן קעגן אים, זאָגט סאַניאַק; מחמת אים איז קודם=כל געגאַנגען אין צאָלן בלויז דעם מס, וואָס עס קומט פון אים לויטן דין — און ניט קענענדיק דורכפירן קיין רעכטלעכן באַווייז אין דעם ענין, האָט ער געמוזט אויסקויפן „און צאָלן אַפילו אויך אומגעזעצלעכע לאַסטן".

אַנדערש גערעדט, מען האָט קיין זאַך ניט געקענט אויס=קויפן, אויב מען האָט ניט אויסגעקויפט אַלץ מיטאַמאָל: די ערד=לאַסטן, וואָס זיינען דורכן געזעץ באַוואָרנט געוואָרן, ווי אויך די פערזענלעכע לאַסטן, וואָס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן.

און ווייטער, לייענען מיר ביי דעם זעלבן מחבר, וואָס איז דאָך אַזוי מעסיק אין זיינע מיינונגען, די דאָזיקע באַמערקונגען:

„די סיסטעם פון דער קאָנסטיטואַנטע צעפאַלט זיך פון זיך גופא. די פאַרזאַמלונג פון פריצים און יוריסטן, וואָס טראָגט זייער הבטחה, גייט זיי ווייניק אָן דער ענין פון אָראָפּזעצן די אייבער=הערשאַפט פון ערד און טעריטאָריע, פועלט, אַז די וויכטיקסטע געזעצן (די אַלע, וועלכע האָבן, ווי מיר האָבן געזען, געהאַט אַ ממשותדיקן ווערט) זאָלן בלייבן, און „רוקט דערביי אַרויס דעם גרויסמוט אַזוי ווייט, אַז זי ערלויבט אויף אויסצוקויפן די דאָזיקע לאַסטן; אָבער אין דער זעלבער רגע באַשליסט זי אין דער אמתן, אַז דער אויסקויף איז אוממעגלעך... דער דאָרפס=מאַן האָט געבעטן, געהלשט רעפאָרמען, אָדער, ריכטיקער, צו באַ=שטעטיקן אויף אַ געזעצגעבערישן אופן די רעוואָלוציע, וואָס איז

אין זיין מוח שוין פארגעקומען, און וואס איז, ווי ער האט גע־רעכנט, רעאליזירט געווארן אין פאקטן. די געזעצגעבער האבן אים געגעבן בלויז פוסטע הבטחות. ער איז דעמאלט געווארן געווארן, אז די פריצים האבן נאכאמאל אנגעהויבן טריומפירן.

„קיינמאל האבן די געזעצן קיין גרעסערע אויפרעגונג ניט ארויסגערופן. עס האט זיך געדאכט, אז ביידע צדדים האבן גע־שווארן אויף זיי קיין אכט ניט צו לייגן.

פילנדיק די שטיצע פון דער נאציאנאל־פארזאמלונג, האבן די פריצים אנגעהויבן אומבאדינגט פאדערן אלע פעאדאלע מכסן, וועלכע די פויערים האבן פון לאנג אן שוין געהאלטן פאר באגראבן. זיי האבן געפאדערט אלע אלטע חובות — א האגל פראצעסן האט זיך א שאט געטאן אויף די דערפער.

פון דער צווייטער זייט ווידער האבן די פויערים, ניט זע־ענדיק קיין הילף מצד דער פארזאמלונג, ניט אויפגעהערט אין א טייל ערטער צו פירן מלחמה מיט די פריצים. א סך שלעסער האבן זיי חרוב געמאכט אדער געלאזט מיטן רויך, ערגעץ־אנדערש ווידער האבן זיי געברענט בלויז דאקומענטן, און די ביוראס פון די פינאנס־פראקוראָרן, וואיטן און געריכטס־סעקרעטארן האבן זיי באַרויבט אדער געברענט. גלייכצייטיק האט דער אויפשטאנד ארומגעכאפט אויך די מערבדיקע טיילן פראנקרייך, און אין ברע־טאניע, זיינען אין משך פון פעברואר 1790 פארברענט געווארן זיבן־און דרייסיק שלעסער.

בעת די ידיעה וועגן די דעקרעטן פון פעברואר און מערץ 1790 איז אנגעקומען אין דארף אריין, האט די מלחמה קעגן די פריצים זיך נאך מער פארשארפט און האט ארומגענומען די ערטער, וואס האב מיט א יאר פריער ניט געהאט קיין מוט זיך צו שטעלן צו דער מרידה. אזוי האט מען אויף דער זיצונג פונם 5טן יוני זיך דערוואוסט וועגן די אומרוען אין בורבאן — לאנסי און שאראלע; מען האט דארט פארשפרייט פאלשע דעקרעטן פון דער פארזאמלונג, מען האט געפאדערט אגראר־רעכט.

אויף דער זיצונג פונם 2טן יוני האט מען דורכגעלייענט די באריכטן וועגן די גרויסע מרידות אין בורבאנע, ניווערנע, ווערי,

א טייל געמיינדע=מאכטן האבן פראקלאמירט אויסנאם=צושטאנד. ס'זיינען געוועז דערהרגעטע און פארוואונדעטע. „די רויבער" רודערן ארום אין קאמפין, אט באלד רינגלען זיי ארום די שטאט דעסיז... אויך אין לימוזען איז געקומען צו גרויסע „עקסצעסן". די פויערים פאדערן, אז עס זאל באשטימט ווערן א מקח אויף תבואה. „דער פלאן פון פארנעמען די גיטער, וועלכע זיינען אנערקענט געווארן פאר די פריצים מיט הונדערט און צוואנציק יאר צוריק, דאס איז איינס פון די ארטיקלען פון זייער פראגראם", — זאגט דער באריכט. עס גייט דא, ווי מען זעט, אין צוריק באקומען די געמיינדע=ערד, וועלכע די פריצים האבן אויף א שווינדלערישן אופן צוגענומען ביי די געמיינדעס.

אומעטום איז פול מיט פאלשע דעקרעטן פון דער נאציאנאל=פארזאמלונג. א טייל פון די דעקרעטן, וואס האבן געהייסן צאלן מער ווי א סך פאר א פונט ברויט, האט מען פארשפרייט איבער די דערפער אין מערץ און אין אפריל 1790. אזוי ארום איז די רעוואלוציע פאראויסגעלאפן דעם קאנווענט און דעם געזעץ וועגן מאקסימאל=פרייז.

אין אווגוסט דויערן די פאלקס=אויפשטאנדן ווייטער. אזוי דערהרגעט דער המון אין דער שטאט סען=עטיאן=אן=פארעז א געוויסן תבואה=שפעקולאנט, מאכט א נייע געמיינדע=פארוואלטונג און צווינגט זי ארויפצולאזן פונם ברויט=מקח; תיכף אבער באוואפנט זיך דאס בירגערטום און ארעסטירט צוואנציק העצער. דאס איז מער אדער ווייניקער דאס בילד פון די מעשים, וואס עס האבן זיך געטאן כמעט אומעטום, שוין אפגערעדט וועגן די גרויסע קאמפן אין ליאן און אויף דרום.

וואס=זשע טוט דעמאלט די פארזאמלונג? צי אנערקענט זי, אז די פאדערונגען פון די פויערים זיינען גערעכטע? צי איילט זי זיך אפצושאפן אן אויסקויף די פעאדאלע לאסטן, וואס זיינען אזוי פארהאסט געוועז ביי די דארפסלייט, וועלכע האבן זיי אויסגעפירט בלויז אונטערן דרוק פון צוואנג?

לחלוטין ניט! די פאַרזאַמלונג באַשטימט נייע דראַקאָנישע געזעצן קעגן די פויערים. ווען זי דערוויסט זיך דעם 2טן יוני 1790, צו איר גרויס באַדויערן, וועגן די אַרויסטרעטונגען, וואָס די באַנדעס רוצחים און גנבים האָבן זיך ערלויבט (לייען פויערים) אין די דעפּאַרטאַמענטן שער, ניעוור און אַליע און וועלכע האָבן זיך פאַרשפּרייט אויפן דעפּאַרטאַמענט קאָרעז, נעמט אָן די פאַרזאַמלונג פאַראָרדענונגען קעגן די דאָזיקע מורדים און מאַכט די געמיינדעס סאָלידאַר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די גוואַלט-מעשים.

„די אַלע" — זאָגט דאָס ערשטע אַרטיקל — „וואָס העצן אויף די שטאָטישע און דאָרפישע באַפעלקערונג צו גוואַלט-מעשים קעגן אייגנטום, קעגן באַזיץ און אַרומצוימונגען, קעגן דעם לעבן און זיכערהייט פון די בירגער, קעגן שטייערן, קעגן פרייהייט פון פאַרקויף און האַנדל מיט ערד-פירות, ווערן ערקלערט אַלס שונאים פון דער קאָנסטיטוציע, פון די אַרבעטן פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, פון דער נאַטור און פונם קיניג. קעגן זיי וועלן פּראָקלאַמירט ווערן שטאַנד-געריכטן (מאָניטאָר פונם 6טן יוני).

אין צוויי וואָכן אַרום, דעם 18טן יוני, האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען דעם דעקרעט וועגן נײַן נאָך שאַרפערע אַרטיקלען. ס'איז כדאי זיי צו ציטירן.

דאָס ערשטע אַרטיקל באַשטימט, אַז אַלע, וואָס זיינען מחויב צו צאָלן מעשר, סיי קלויסטערישן, סיי פעאָדאַליזירטן, זיינען מחויב „אים איינצוצאָלן, אָבער בלויז אין היינטיקן יאָר אויף דעם ביזאַהעריקן אופן". דערויף האָט דער פויער אַוודאי געפרעגט, צי עפּעס אַ נייער דעקרעט וועט זיי ניט הייסן צאָלן נאָך אַ יאָר אָדער צוויי — און האָט שוין גאָרניט געצאָלט.

אויפן סמך פונם צווייטן אַרטיקל דאַרפן די אַלע, וואָס זיינען מחויב צו צאָלן גאַרבן-אָפּצאָל, פעלד-אָפּצאָל, ערד-אָפּצאָל און אַנדערע אָפּצאָלן, וואָס ווערן געצאָלט מיט פירות און זיינען ניט באַזייטיקט געוואָרן אָן שכר-היזק, צו באַצאָלן זיי אין משך פון אַ יאָר און אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווי ביז אַהער... לויט די דעקרעטן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 3טן מערץ און 4טן מאַי.

דאָס דריטע אַרטיקל זאָגט, אַז קיינער האָט ניט קיין רעכט מיטן אויסרייד, אַז עס פירט זיך אַ פּראָצעס, אָפּצוזאָגן פון צאָלן מעשר, גאַרבן־אָפּצאָל וכדומה.

קודם־כל אָבער איז פאַרבאָטן „אויפצובלאָזן עפּעס אומרועון בעתן אויפמאָנען דעם מס". אין פאַל פון אַן אויפגעלויף דאַרפן די געמיינדע־אָרגאַנען אויפן סמך פונם דעקרעט פון 20—22טן פעברואַר 1790 זיך באַגיין מיט דער גאַנצער שטרענגקייט.

דער דאָזיקער דעקרעט פון 20—23טן פעברואַר 1790 איז זייער כאַראַקטעריסטיש. ער באַפעלט די געמיינדע־אָרגאַנען יעדעס מאָל, וואָס קומט צו צוזאַמענלויפן, אַריינצומישן זיך און פּראָקלאַמירן שטאַנד־געריכטן. אויב זיי פאַרנאַכלעסיקן דעם ענין, פאַלן אַלע הזיקות פון די באַלעבאַטים אויף די געמיינדע־באַאַמטע. און ניט בלויז די באַאַמטע, נאָר אַלע „בירגער, וואָס וואָלטן געקענט באַהילפיק זיין ביים צוריקשטעלן די אָרדענונג, די גאַנצע געמיינדע איז פאַראַנטוואָרטלעך אין דער הייך פון צווײדריטל היזק". יעדער בירגער קען פאָדערן, אַז די שטאַנד־געריכטן זאָלן פּראָקלאַמירט ווערן, און ערשט דעמאָלט, ווען דאָס וועט געטאָן ווערן, וועט ער באַפרייט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דער דאָזיקער דעקרעט וואָלט געווען נאָך ערגער, ווען דער באַזיצער וואָלט ניט געמאַכט אַ טאַקטישן פעלער. נאָכגייענדיק דעם מוסטער פון דעם ענגלישן געזעץ, האָבן זיי בדעה צוצוגעבן באַשלוסן, לויט וועלכע מען קען זיך באַנוצן מיט מיליטער אָדער מיליץ, און אין דעם פאַל האָט מען געזאָלט אין די ערטער פּראָקלאַמירן אַ „קיניגלעכע דיקטאַטור". דער דאָזיקער באַשלוס האָט אַרויסגערופן אַ געוויסן חשד ביים בירגערטום, און נאָך לאַנגע וויכוחים האָט מען באַשלאָסן איבערצוגעבן די געמיינדע־אָרגאַנען די השגחה וועגן דעם מודיע זיין איבער די פעלד־געריכטן און דאָס קעגנזייטיקע שטיצן זיך אָן דעם פאַרעפנטלעכן די קיניגלעכע דיקטאַטור. חוצדעם, זיינען די דאָרפס־אָרגאַנען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די הזיקות, וואָס דער פּריץ האָט געהאַט, אויב זיי האָבן אין דער רעכטער צייט ניט פאַרמשפּט צום שיסן און הענגען די פויערים, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן די פעאָדאַלע לאַסטן.

דאָס אַלץ האָט באַשטעטיקט דאָס געזעץ פון 18טן יוני 1790. די אַלע פעאָדאַלע לאַסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ פּאַקטישן ווערט און וועלכע מען האָט דורך פאַרשיידענע יורידישע דריידלעך געקענט פאַרשטעלן אַלס פאַרבונדענע מיט דער ערד, האָט מען געמוזט, ווי פריער, צאָלן. יעדערן, וואָס האָט זיך אַקעגנגעשטעלט, האָט מען געדראָט מיט שיסן און הענגען, און דאָס האָט מען מיסתמא אויך ניט איינמאָל געמוזט אָנווענדן. בלויז דאָס ר י י ד ן קעגן צאָלן די פעאָדאַלע לאַסטן איז שוין געווען אַ פאַרברעך, וואָס האָט געקאָסט דעם קאָפּ, באַלד ווי די שנעל-געריכטן זיינען נאָר געוואָרן פּראָקלאַמירט*.

אַזוי האָט אויסגעזען די ירושה פון דער קאָנסטיטואַנטע, וועגן וועלכער מען האָט אונז אָנדערציילט אַזוי פיל פיינע זאַכן. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט ביז 1792. מען האָט זיך נאָך פאַרנומען מיט די פעאָדאַלע לאַסטן, בלויז כדי אויספּירלעך צו באַשטימען אַ טייל פון די תקנות וועגן אויסקויפן די פעאָדאַלע פליכטן, כדי זיך צו קענען באַקלאָגן, אַז דער פּויער וויל קיין זאַך ניט אויסקויפן (דאָס געזעץ פון 3—9טן מאַי 1790) און צו באַנייען נאָכאַמאָל די דראָונג קעגן די פּויערים, וואָס צאָלן ניט.

די דעקרעטן פון פעברואַר 1790 — דאָס איז אַלץ, וואָס די קאָנסטיטואַנטע האָט געטאָן פאַרן אָפּשאַפן די פאַרהאַסטע פעאָדאַלע אָרדענונג; ערשט אין יוני 1793, נאָכן אויפשטאַנד פונם 31טן מאַי, האָט דאָס פּאַריזער פאָלק געצוואונגען דעם „גערייניקטן" קאָנווענט צו פאַרעפנטלעכן די פּאַקטישע אָפּשאַפונג פון די פעאָדאַלע לאַסטן.

מיר וועלן אַלזאָ גוט פאַרגעדענקען די דאַטן:

דעם 4טן אויגוסט 1789 – איז אָפּגעשאַפט געוואָרן טעאָרעטיש

* אין די דעבאַטן האָט ראָבעספּיער אַרויסגעזאָגט זייער אַ טרעפלעכן זאַץ, וועלכן די רעוואָלוציאָנערן פון אַלע לענדער דאַרפן גוט נעמען אין זין. ווען מען האָט שטאַרק מגזם געווען די אכזריות פונם פּויערים-אויפשטאַנד, האָט ער אויס-געשריען: „איך שווער אייך, אַז קיינמאָל האָט נאָך קיין רעוואָלוציע ניט געקאָסט אַזוי ווייניק בלוט און גרויל!" און באמת איז די בלוט-פאַרגיסונג געקומען ערשט שפּעטער און איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער קאָנטר-רעוואָלוציע.

די פעאָדאַלע אָרדענונג; אָפּגעשאַפט געוואָרן די פערזענלעכע טויטע האַנט, דאָס געיעג־רעכט און דאָס פּאַטרימאָניאַלע געריכטס־וועזן.

דעם 5טן און 11טן אויגוסט — איז טיילוויין צוריקגעשטעלט געוואָרן די דאָזיקע אָרדענונג דורך באַשלוסן, וואָס פאַרפליכטן אויסצוקויפן אַלע פעאָדאַלע לאַסטן, וועלכע האָבן וועלכן עס איז ווערט.

דעם סוף 1789 און 1790 — די שטראָף־עקספּעדיציעס פון די שטאַטישע אָרגאַנען קעגן די פּויערישע מורדים; דאָס הענגען די מורדים.

פעברואַר 1790 — דער דין־וחשבון פונם קאָמיטעט פון פעאָדאַלן רעכט, וואָס שטעלט פעסט דאָס אויסשפּרייטן זיך פונם פּויערים־אויפשטאַנד.

מערץ און יוני 1790 — די דראַקאָנישע געזעצן קעגן די פּויערים, וואָס האָבן ניט געצאָלט קיין אָפּצאָל אָדער געפאָדערט זייער אָפּשאַפונג. די מרידות פאַרשטאַרקן זיך.

יוני 1791 — א נייע באַשטעטיקונג פונם דאָזיקן דעקרעט. רעאַקציע אויף דער גאַנצער ליניע. דער המשך פון די פּויערים־אויפשטאַנדן.

ערשט אין יוני 1792 — ווי מיר וועלן עס נאָך זען, — דירעקט פאַרן שטורעם פון טויִלרי און אין אויגוסט 1792, נאָך דער ירידה פונם קיניגרייך, מאַכט די פאַרזאַמלונג די ערשטע אַנטשלאָסענע שריט קעגן די פעאָדאַלע לאַסטן.

לסוף, ווערט ערשט אין יוני 1793, נאָכן אַרויסטרייבן די זשיראָנדיסטן, ענדגילטיק פאַרעפנטלעכט די אָפּשאַפונג פון די פעאָדאַלע לאַסטן אָן אויסקויף.

אָט־אָ־דאָס איז דאָס אמתע בילד פון דער רעוואָלוציע.

* * *

א צווייטער, פאַר די פּויערים זייער וויכטיקער ענין, איז געווען אָן שום ספק די געמיינדע־ערד.

אומעטום (אויף מזרח, צפון און דרום־מזרח), וואו די פּויערים האָבן זיך געפילט גענוג שטאַרק דערצו, האָבן זיי זיך באַמיט צוריק צו באַקומען די געמיינדע־ערד, וואָס דעם גרעסטן טייל

פון איר האָט מען ביי זיי אָפּגענומען מיט דער הילף פון דער מלוכה דורך רמאות אָדער מיטן תירוץ פון חובות — דערהויפּט אָנהייבנדיק פון לודוויק דעם XIVטנס הערשאַפט (דער דעקרעט פון 1669). די פּריצים, די גייסטלעכע, די מאָנאַכן, די שטאָטישע און דאָרפישע גבירים — אַלע האָבן געהאַט אַ יד אין דער דאָזיקער ערד.

דאָך האָט זיך נאָך אַ סך ערד געפונען אין באַזיץ פון די געמיינדעס, און די אַרומיקע בורזשואזיע האָט גיריק דערויף געקוקט. די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג האָט זיך דאַן געאײַלט אַרויסצוגעבן דאָס געזעץ (דעם 1טן אווגוסט 1791), וואָס האָט ערלויבט צו פאַרקויפן די געמיינדע-ערד פּריוואַטע פּערזאָנען. דער באַשלוס איז געווען אַ לאָזונג צו באַרויבן די ערד.

די גרויסע געמיינדע-ראַטן זיינען — אויפן סמך פונם נייעם מוניציפּאַלן געזעץ (וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אין דעצעמבער 1789) — באַשטאַנען פון עטלעכע פאָרשטייער, וואָס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן צווישן דער רייכערער בורזשואזיע פון דאָרף דורך די אַקטיווע בירגער, ד. ה. פאַרמעגלעכערע פּויערים; די אָרעמע פּויערים, וואָס האָבן קיין פערד ניט געהאַט צו באַאַרבעטן די ערד, האָבן קיין וואַל-רעכט ניט געהאַט. און די דאָזיקע מיטגלידער פון דעם דאָרפישן געמיינדע-ראַט האָבן, פאַרשטייט זיך, וואָס שנעלער אַרויסגעשטעלט די געמיינדע-ערד צו פאַרקויפן, און שפּעטער האָבן טאַקע אָט די דאָרפישע גבירים פאַר קליינגעלט אָפּגעקויפט דעם גרעסטן טייל פון דער ערד.

די אָרעמע פּויערים-מאַסן האָבן זיך געשטעלט קעגן דעם דאָזיקן רויִנירן פונם בשותּפותדיקן ערד-באַזיץ, ווי זיי שטעלן זיך נאָך עד-היום אַנטקעגן דעם אין רוסלאַנד.

פון דער צווייטער זייט ווידער האָבן די פּויערים, סיי די פאַרמעגלעכע, סיי די אָרעמע, זיך באַמיט צו העלפן די דאָרף-געמיינדעס צוריק צו באַקומען זייער ערד, וואָס איז ביי זיי אָפּגערויבט געוואָרן דורך די פּריצים, מאָנאַכן און בירגער, טיילווייז

מיט דער האָפענונג צו באַקומען פאַר זיך עפּעס אַ חלק ערד, אַנדערע, ווידער, מיט דער דעה צו פאַרהאַלטן זי פאַר דער געמיינדע, דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, האָט זיך ארויסגעשיילט אין פאַרשייַדענע פאָרמען, אָפּהענגיק פון די באַציִונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין פאַרשיידענע טיילן פראַנקרייך.

קענן אָט־דעם צוריק באַקומען די געמיינדע־ערד האָבן זיך געשטעלט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג, אפילו דער קאָנווענט ביז יוני 1793. ערשט נאָכן אַרעסטירן און גיליאָטינירן דעם קיניג, נאָכן ארויסטרייבן די זשיראָנדיסטן פונם קאָנווענט, האָט מען אויך דאָס דורכגעפירט.

## אכט=און=צוואנציקסטער קאפיטל

# דער שטילשטאנד אין דער רעוואלוציע פון יאר 1790.

דער גראר פון דער רעאקציע. — די נייע קאנסטיטוציע. — די דירעקטאריעס אויף דער זייט פון דער רעאקציע. — וואס האט דער אויפשטאנד געהאונען? — אויף די ארבעטער-פאדערונגען ענטפערט מען מיט קוילן. — די אינטעלעקטועלע ווענדן זיך קעגן פאלק. — דער ערפאלג פון דער קאנטר-רעוואלוציע. — די פלוטאקראטיע. — די שחיטה אין נאנסי.

מיר האבן זיך באקענט מיט די עקאנאמישע פארהעלטענישן אין דארף אין משך פון 1790. די דאזיקע פארהעלטענישן האבן געהאט די אייגנשאפט, אז ווען די פויערים=אויפשטאנדן וואלטן ניט געדויערט לענגער, וואלטן די פויערים, ניט געקוקט אויף זייער פערזענלעכער באפרייונג, נאך לאנג געוועזן עקאנאמיש פאריאכט צו דער פעאדאלער ארדענונג — ווי אין רוסלאנד, וואו דער פעאדאליזם איז געווארן אפגעשאפט אין 1861 דורך א געזעץ און ניט דורך א רעוואלוציע.

אבער אחוץ דעם דאזיקן קאנפליקט, וואס איז אויסגעבראכן צווישן דער בורזשואזיע, וועלכע איז געקומען צו דער מאכט, און צווישן דעם פאלק, איז נאך געוועזן דאס גאנצע פאליטישע ווערק פון דער רעוואלוציע, וואס איז אין 1790 ניט בלויז ניט פארענדיקט געווארן, נאר אפילו געשטעלט געווארן אונטער א פראגע=צייכן.

בעת די ערשטע בהלה, וואס איז אנטשטאנען אין 1789 דורך דעם אומגעריכטן אנדראנג פונם פאלק, איז דורכגעגאנגען, האט דער הויף, די פריצים, די גבירים און די גלחים זיך וואס שנעלער פאראייניקט, כדי צו ארגאניזירן די רעאקציע. אינגיכן האבן זיי זיך דערפילט אזוי שטארק און פעסט, אז זיי האבן אנגעהויבן טראכטן, ווי אזוי צו דערשטיקן די רעוואלוציע און צוריקגעבן דעם הויף און די אדליים די צייטווייליק פארלארענע רעכט.

וועגן דער דאזיקער רעאקציע ריידן אפילו אלע היסטאריקער. זיי ווייזן אבער ניט אויף איר טיף און ברייט. אין דער אמתן קען מען דרייסט זאגן, אז אין משך פון צוויי יאר, פון

זומער 1790 ביז זומער 1792, איז דאָס גאַנצע ווערק פון דער רעוואָלוציע געוואָרן אָפּגעשטעלט. מען האָט זיך אַפילו געפרעגט, ווער עס וועט אַרויס מיט נצחון: די רעוואָלוציע אָדער די קאָנטר-רעוואָלוציע? דאָס צינגל ביי דער וואָגשאָל האָט זיך שוין געהאַט אַריבערגענייגט אַמאָל אויף איין זייט, אַמאָל אויף דער צווייטער זייט. די דאָזיקע אומזיכערע לאַגע האָט צולעצט גענייגט די „פירער" פון דער רעוואָלוציע אין יוני 1792 דערצו, אַז זיי זאָלן זיך נאָכאַמאָל ווענדן צום פאָלק וועגן אַן אויפשטאַנד.

מען מוז מודה זיין, אַז די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און שפּעטער די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג האָבן דאָך אויפגעטאָן אַ וועלט, הגם זיי זיינען געווען קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן אָפּשאַפן די פעאָדאַלע רעכט און קעגן דער פאָלקס-רעוואָלוציע בכלל. זיי האָבן אַראָפּגעזעצט די מאַכט פון דעם אַמאָליקן רעזשים — דעם קיניג און דעם הויף — און געשאַפן די קראַפט פון דער פּאָליטישער בורזשואַזיע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער הער-שער פון דער מלוכה. און בעת די געזעצגעבער פון די דאָזיקעביידע פּאַרלאַמענטן האָבן בדעה געהאַט אויסצודריקן אין דער פאָרם פון געזעצן די נייע קאָנסטיטוציע פונם דריטן שטאַנד, האָבן זיי עס — מען מוז מודה זיין — געטאָן ענערגיש און מיט שכל.

זיי האָבן באַוויזן אונטערצוגראָבן די מאַכט פון די איידל-לייט און אין דער בורזשואַזער קאָנסטיטוציע צו געבן אַן אויס-דרוק פאַר די בירגער-רעכט. זיי האָבן אויסגעאַרבעט דעפּאַרטאַ-מענטאַלע און געמיינדע-געזעצן, וואָס האָבן געקענט פאַרשטעלן דעם וועג דעם רעגירונגס-צענטראַליזם, און האָבן זיך באַמיט דורך רעפאָרמירן דאָס ירושה-רעכט צו דעמאָקראַטיזירן דאָס אייגנטום און צו צעטיילן עס צווישן אַ גרעסערער צאָל מענטשן.

איינמאָל פאַר אַלעמאָל האָבן זיי באַזייטיקט די פּאָליטישע אונטערשיידן צווישן די פאַרשיידענע „שטאַנדן" — די גייסטלעכע, די איידללייט און דעם דריטן שטאַנד — וואָס אין יענער צייט איז עס געווען אַן אומדערהערטע זאַך: ס'איז געווען אַ טראַכט צו געבן, ווי שווער דאָס איז נאָך היינט דורכצופירן אין דייטשלאַנד,

אָדער אין רוסלאַנד. מען האָט אָפּגעשאַפֿט די אַדל-טיטלען מיט די אומצאָליקע זכיות, — וואָס האָבן אין יענע צייטן עקסיסטירט, און מען האָט אויסגעטראַכט מער גלייכמעסיקע יסודות פֿון שטייערן. זיי האָבן ניט געשאַפֿן קיין העכערע קאַמער, וואָס זאָל זיין אַ פֿעסטונג פֿון דער אַריסטאָקראַטיע. נאָר דורך דעם אַרויסגעבן דאָס דעצעמבער-געזעץ פֿאַר דעפּאַרטאַמענטן אין 1789 האָבן זיי אויפֿגעטאָן אַן אומגעהייערע זאַך, וואָס האָט אַ סך פֿאַרלייכטערט די אויפֿגאַבן פֿון דער רעוואָלוציע: זיי האָבן דערוויטערט אַלע פֿאַרשטייער פֿון דער צענטראַלער מאַכט אויף דער פּראָווינץ.

זיי האָבן לסוף צוגענומען ביים קלויסטער זיינע רייכע גיטער, און פֿון די גייסטלעכע האָבן זיי געמאַכט פּשוטע מלוכה-באַאַמטע. זיי האָבן רעאָרגאַניזירט די אַרמיי; זיי האָבן רעפֿאָרמירט די געריכטן. מ'האָט זיי איבערגעגעבן דאָס פֿאָלק, ער זאָל אויסוויילן ריכטער. און ביי דעם אַלעמען האָבן די בורזשואַזע געזעצגעבער באַוויזן אויסצומיידן אַ צו גרויסע צענטראַליזירונג. מיט איין וואָרט, ביי דער געזעצגעבערישער אַרבעט זעען מיר אין זיי פֿלינקע, ענערגישע לייט און מיר באַמערקן אין זיי דעם קערן פֿון דעמאָקראַטישן רעפּובליקאַניזם און אַוטאָנאָמיע, וואָס די היינטיקע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען שאַצן ניט אָפּ ווי געהעריק,

דאָך, ניט געקוקט אויף די אַלע געזעצן, איז נאָך קיין שום ממשותדיקע זאַך ניט פֿאָרגעקומען. *די ווירקלעכקייט אַנטשפּרעכט ניט דער טעאָריע*, מחמת — און דאָ קומען מיר צו צום טעות פֿון יענע, וואָס ווייסן ניט פֿון נאָענט, ווי אַזוי דער רעגירונגס-מעכאַניזם פֿונקציאָנירט — *עס איז פֿאַראַן אַ גרויסער תהום צווישן דעם גאָר-וואָס פֿאַרעפֿנטלעכטן געזעץ און זיין פּראַקטישער דורכפֿירונג אין לעבן.*

ס'איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלן: „די גיטער פֿון די אָרדנס גייען אַריבער אין די הענט פֿון דער רעגירונג". אָבער ווי אַזוי פֿירט מען אַזאַ זאַך דורך? ווער וועט, למשל, גיין אין דער אַבאַטשאַפֿט פֿונעם הייליקן בערנאַרד אין קלערוואָ און וועט הייסן דעם אַבאַט מיט די מאָנאַכן, אַז זיי זאָלן גיין געזונטערהייט? ווער

וועט זיי משלח זיין, אויב זיי וועלן מיט גוטן ניט וועלן ארויס? ווער וועט די דאזיקע מאנאכן, וואס ווערן געשטיצט דורך אלע פרומעלייט פון די ארומיקע דערפער, שטערן דעם צווייטן טאג זיך אומצוקערן און אפזינגען זיך א תפילה אין דער אבאטשאפט? ווער וועט ווי עס געהער צו זיין ארגאניזירן דעם פארקויף פון זייערע אומבאוועגלעכע גיטער? ווער וועט עס לסוף פון די הער־לעכע בנינים פון דער אבאטשאפט מאכן א מושב־זקנים, ווי עס האט טאקע שפעטער געטאן די רעוואלוציאנערע רעגירונג? מיר ווייסן טאקע, אז מען וואלט טאקע קיינמאל ניט אנגעהויבן אפילו אויסצופירן דאס געזעץ וועגן פארקויפן די גיטער פון די גייסט־לעכע, ווען ניט די פאריזער סעקציעס, וואס האבן דעם פארקויף גענומען אין זייערע הענט אריין.

אין די יארן 1790, 1791, 1792 איז נאך די אמאליקע מלוכה־ארדענונג געשטאנען אומגערירט, און האט יעדע מינוט — אחוץ קליינע שינויים — געקענט אויפדאסניי אלמעכטיק אנהייבן צו הערשן פונקט ווי דאס צווייטע קייזערטום אין די צייטן פון טיער און מאק־מאהאן. דער קלער, די איידללייט, דער אמאליקער בא־אמטן־קלאס, און קודם־כל דער אמאליקער רעגירונגס־גייסט, האבן זיך באמיט אויפדאסניי אויפצוהויבן דעם קאפ און אומברענגען יענע, וואס האבן געהאט די העזה זיך ארומצובינדן מיט דער דרייפארביקער באנד. זיי האבן געוואַרט בלויז אויף א געלעגנהייט, זיי האבן זיך באמיט זי ארויסצוברענגען. איבעריקנס, זיינען די נייע דעפארטאמענט־דירעקטאריעס, וואס די רעוואלוציע האט איינגעפירט, און וואס זיינען אבער באשטאנען פון רייכע לייט, געווען קארפאראציעס, וואס וואלטן זייער גערן צוריקגעשטעלט די אמאליקע ארדענונג. אט־א־דאס זיינען געווען די זיילן פון דער קאנטר־רעוואלוציע.

די גרינדונגס־פארזאמלונג און די געזעצגעבערישע פארזאמ־לונג האבן ארויסגעגעבן א סך געזעצן, וואס זייער קלארקייט און סטיל פארחידושן נאך היינט אפילו — אבער דאס רוב פון זיי איז דאך געבליבן א טויט אות. העכער צוויי דריטל פרינצי־

פילע געזעצן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1789—1793, האָט מען קיינמאָל אַפילו ניט געפּרוּווט פאַרווירקלעכן!

ס׳איז נאָך ווייניק אַרויסצוגעבן אַ נייַ געזעץ. כּמעט שטענדיק דאַרף מען נאָך שאַפן אַ מעכאַניזם, וואָס מיט זיין הילף זאָל מען עס קענען אָנווענדן. און אויב דאָס נייע געזעץ איז געווענדט אין עפּעס אַן איינגעוואָרצלטער פּריווילעגיע, דאַרף מען שאַפן אַזאַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, אַז דאָס געזעץ זאָל אָנגעווענדט ווערן אין לעבן מיט אַלע זיינע קאָנסעקווענצן. לאָמיר נאָר אַ קוק טאָן אויף די קאַרגע רעזולטאַטן פון אַלע קאָנווענט-געזעצן וועגן אומזיסטן און אָבליגאַטאָרישן לערנען: זיי זיינען געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר!

נאָך היינט אַפילו, ניט געקוקט אויף דער ביוראָקראַטישער קאָנצענטרירונג אין דער אַרמיי באַאַמטע, וואָס האָבן זייער צענטער אין פּאַריז, זעען מיר, אַז יעדער נייער געזעץ, אַפילו דאָס אומוויכטיקסטע, פאַרלאַנגט יאָרן, איידער עס גייט אַריין אין לעבן, און וויפל מאָל ווערט עס ביים אָנווענדן אינגאַנצן צעדרייט! אין די צייטן פון דער גרויסער רעוואָלוציע האָט נאָך דער דאָזיקער ביוראָקראַטישער אַפּאַראַט ניט עקסיסטירט; ערשט אין פופציק יאָר אַרום איז געקומען צו דער היינטיקער מדרגה.

ווי אַזוי-זשע האָבן די געזעצן פון דער פאַרזאַמלונג געקענט דעמאָלט דורכגעפירט ווערן אין לעבן אָן אַ פּ א ק ט י ש ע ר ר ע וו א ָ ל ו צ י ע, אין יעדער שטאָט, אין יעדן דאָרף, אין יעדער פון די זעקס-און-דרייסיק טויזנט געמיינדעס פון פראַנקרייך.

אָבער דאָס פאַרבלענדעניש פון די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן איז געווען אַזוי גרויס, אַז פון איין זייט האָבן זיי אָנגענומען אַלע מיטלען, אַז דאָס פאָלק, די אָרעמע קלאַסן, וואָס זיי אַליין בלויז זיינען גרייט געווען צו אַ רעוואָלוציע מיט קרבנות, זאָלן ניט באַקומען קיין צו גרויסן אָנטייל אין דעם פירן די געמיינדע-ענינים; פון דער צווייטער זייט ווידער האָבן זיי מיט אַלע כּוחות זיך באַמיט צו שטערן, אַז די רעוואָלוציע זאָל ניט אויסברעכן און זאָל ניט פאָרקומען אין יעדער שטאָט, אין יעדן דאָרף.

כּדי פון די דעקרעטן פון דער פאַרזאַמלונג זאָל עפּעס אַרויסקומען אַ ממשותדיקע ווערק, איז נייטיק געווען אַ כּאַאָס. אין יעדן אָרט, אַפילו אין דעם סאַמע פאַרוואָרפנסטן האָבן מענטשן פון מעשים, פּאַטריאָטן, וואָס האָבן פיינט געהאַט די אַמאָליקע מאַכט, באַדאַרפט באַהערשן די אַמאָליקע געמיינדע־פאַרוואַלטונג, דורכפירן אַ רעוואָלוציע אין זייער דערפל אָדער שטעטל, איבערענדערן די גאַנצע לעבנס־אָרדענונג, ניט קוקן אויף קיין שום מאַכט; די רעוואָלוציע האָט געמוזט זיין אַ סאָציאַלע, אויב די פּאָליטישע רעוואָלוציע האָט ערשט באַדאַרפט פאָרקומען.

קודם־כל האָט דער פּויער באַדאַרפט פאַרכאַפּן די ערד און שניידן זי מיטן פלוג, ניט וואַרטנדיק אויף קיין ערלויבעניש פון דער מאַכט, וואָס וואָלט זיכער קיינמאָל ניט געקומען. מיט איין וואָרט, דאָס נייע לעבן האָט באַדאַרפט זיך אָנהייבן אינם דאָרף. אָבער אָן אַן אומאָרדענונג, אָן אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן כאַאָס האָט דאָס ניט געקענט פאָרקומען.

צו דעם כאַאָס האָבן די געזעצגעבער ניט געוואָלט דערלאָזן.

זיי האָבן ניט בלויז באַזייטיקט דאָס פאָלק פון באַטייליקן זיך אין דער געמיינדע־פאַרוואַלטונג דורכן אַרויסגעבן דאָס מוניציפּאַלע געזעץ פון דעצעמבער 1789, וואָס האָט אָנגעטרויט די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט די אַקטיווע בירגער און אויסגעשלאָסן דערביי פונם פאַרוואַלטן די פּאַסיווע בירגער, דאָס הייסט אַלע אָרעמע פּויערים און כמעט אַלע שטאָטישע אַרבעטער; אַזוי אַרום האָט עס ניט בלויז איבערגעגעבן דער בורזשואַזיע די גאַנצע מאַכט אויף דער פּראָווינץ, נאָר צוגעגעבן איר אַ וואָפן אַ מאָל דראָענדיקערע קראַפט, אַבי נאָר אויסצומיידן די ווייטערדיקע מרידות פון דער אָרעמער באַפעלקערונג *.

* אינטערעסאַנט זיינען ביי אָלאַרן, אין זיין פּאָליטישער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1903, די זייטן 55—60, אויף וועלכע ער ווייזט אויף, ווי די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט זיך באַמיט ניט צו דערלאָזן, אַז די מאַכט זאָל איבערגיין אין די הענט פונם פאָלק. זייער טרעפלעך איז דעם מחבר־

אָבער צוליב די דאָזיקע מרידות פון די אָרעמעלייט האָט מען דאָך שפּעטער, אין די יאָרן 1792 און 1793, דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ די אַמאָליקע רעגירונגען.

אַזוי איז געווען די לאַגע, די פּויערים, וואָס האָבן אָנגעהויבן די רעוואָלוציע, האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז מען האָט נאָך פּאַקטיש קיין זאַך ניט אויפגעטאָן. די אָפּשאַפונג פון די פּערזענלעכע לאַסטן האָט בלויז אויפגעוועקט זייערע האָפענונגען. איצט איז געגאַנגען אין אָפּשאַפן די דריקנדיקע ערד־לאַסטן — און פאַרשטייט זיך אויף אייביק, אָן שום אויסקויף. אחוץ דעם, האָט דער פּויער געוואָלט צוריק באַקומען די געמיינדע־ערד.

קודם־כל איז געגאַנגען אין פאַרהאַלטן יענע ערד, וואָס ער האָט שוין צוריק באַקומען אין 1789, און וועגן באַקומען פאַר דעם געשעענעם פאַקט אַ געזעצלעכע באַשטעטיקונג, און אויך די דאָזיקע ערד, וואָס אים האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן צוריק צו באַקומען, האָט ער געוואָלט באַזיצן, ניט וועלנדיק דערביי אָבער אריינפאַלן אין אַ קאָנפליקט מיט די שנעל־געריכטן.

די בורזשואַזיע האָט זיך אָבער מיט אַלע כוחות אַנטקעגנגעשטעלט די דאָזיקע ביידע פאָדערונגען פונם פאָלק. זי האָט אויסגענוצט דעם פּויערים־אויפשטאַנד פון 1789 קעגן דעם פעאָדאַליזם, כדי אָנצוהויבן אירע ערשטע אָנגריפן אויף דער אַבסאָלוטער קעניגלעכער מאַכט, אויף די איידללייט און אויף די גייסטלעכע. קוים אָבער זיינען די ערשטע ראשי־פּרקים פון דער בורזשואַזער קאָנסטיטוציע געוואָרן אָנגענומען און באַשטעטיקט דורכן קיניג (וואָס האָט יעדע מינוט זי געקענט צעברעכן), האָט דאָס בירגערטום זיך דערשראָקן פאַר די ראַשע פאָרשריט, וואָס דער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט געמאַכט אינם פאָלק, און האָט שוין ווייטער ניט געוואָלט גיין.

---

באַמערקונג וועגן דעם פאַרבאָט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אינם געזעץ פון 14טן אָקטאָבער 1790, לויט וועלכן די מיטגלידער פון די געמיינדעס האָבן זיך שוין ניט געטאָרט צונויפזאַמלען, כדי צו באַטראַכטן זייערע ענינים, אַחוץ איין מאָל אין יאָר — צוליב די וואַלן.

אחוץ דעם, האָט די בורזשואזיע זייער גוט געוואוסט, אַז אין אירע הענט וועלן אַריבערגיין די גיטער פון די פּריצים; זי האָט דעריבער געוואָלט די גיטער לאָזן אומבאַרירט צוזאַמען מיט די אַלע הכנסות, וואָס עס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די אַמאָליקע לאַסטן, וועלכע זיינען פאַרביטן געוואָרן אויף געלט־אָפּצאָלן. שפּעטער האָט מען זיך פאַרט געקענט איבערצייגן, צי עס וואָלט ניט געווען נוצלעכער צו באַזייטיקן די איבערבלייבסן פון די דאָזיקע לאַסטן, און דעמאָלט וואָלט מען עס דורכגעפירט אויף אַ געזעצגעבערישן אופן, מיט אַ „סדר" און מיט אַן „אָרדענונג". מחמת, ווען מען זאָל כאָטש איינמאָל געווען צולאָזן צו אומאָרדענונגען, ווער ווייסט, ווי ווייט דאָס פאָלק וואָלט געווען דערגאַנגען? עס האָט דאָך שוין גערעדט וועגן גלייכהייט, וועגן „אַגראַר־רעכט", וועגן „אויסגלייכן דאָס פאַרמעגן". וועגן דעם, אַז קיין שום ערד־איינגנטום דאַרף ניט אויסמאַכן מער, ווי הונדערט און צוואַנציק מאָרג.

און אין די שטעט, צווישן די האַנטווערקער און דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג. דער אַרבעטנדיקער, האָבן געהערשט די זעלבע פאַרהעלטענישן ווי אין דאָרף. די מייסטערשאַפטן, די צעכן, וואָס די קיניגלעכע מאַכט האָט געמאַכט פון זיי אַ וועריקצייג פון דרוק, זיינען געוואָרן אָפּגעשאַפט. דאָס איבערבלייבניש פון דער פעאָדאַלער קנעכטשאַפט, וואָס האָט נאָך אין אַ גרויסער מאָס עקסיסטירט, סיי אין די שטעט, סיי אין דאָרף, האָט מען באַזייטיקט אַדאַנק די פאָלקס־אויפשטאַנדן פון זומער 1789. די פּריצישע געריכטן זיינען איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשוואונדן און די ריכטער האָט אויסגעוויילט דאָס פאָלק צווישן דעם פאַרמעגלעכן בירגערטום.

אין תוך גענומען אָבער איז דאָס געווען זייער ווייניק. די אינדוסטריע איז געשטאַנען; אַרבעט האָט אויסגעפעלט, און ברויט האָט מען פאַרקויפט צו הונגער־מקחים. די אַרבעטער־מאַסן זיינען אין אמת געוועדט גרייט געווען געדולדיק צו פאַרטראָגן אַלץ, אַבי מען זאָל זיך נעמען צום בויען דאָס קיניגרייך פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. היות אָבער דערצו איז ניט געקומען,

האָבן זיי פאַרלאָרן דאָס געדולד. דער אַרבעטער האָט איצט אָנגעהויבן פאָדערן, אַז די פאַריזער קאָמונע, די שטאָט=מאַכט פון ליאָן, פון רואַן און נאַנסי זאָלן אַליין אָרגאַניזירן דעם תבואה=איינקויף און פאַרקויפן זי לויט קאָסטן=פּרייז. ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל פאַר די תבואה=סוחרים באַשטימען אַ פעסטן מקח, אַז מען זאָל אַרויסגעבן געזעצן קעגן דעם צו גרויסן לוקסוס, אַז מען זאָל אויף די גבירים אַרויפלייגן אַ הויכן און פּראָגרעסיוון שטייער; דעמאָלט אָבער האָט די בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך שוין געהאַט באַוואָפנט אין 1789, בעת די פּאַסיווע בירגער האָבן קיין געווער ניט געהאַט, זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס, האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ רויטע פאָן, האָט באַפוילן דעם פאָלק זיך פונאַנדערצוגיין און אויסגעהרגעט די מורדים. אַזוי איז געווען אין פּאַריז אין יולי 1789, אַזוי איז געווען כמעט אין גאַנץ פראַנקרייך.

די רעוואָלוציע האָט זיך פאַרהאַלטן אין איר גאַנג. די קיניגלעכע מאַכט האָט זיך אָנגעהויבן באַנייען. די עמיגראַנטן האָבן אין קאָבלענץ און מיטוי געריבן די הענט פון שמחה. די גבירים ווידער האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און זיך געוואָרפן אינעם געווירבל פון מוראַדיקע שפּעקולאַציעס.

אַזוי האָט די קאָנטר=רעוואָלוציע פון זומער 1790 ביז יוני 1792 געקענט זיך האַלטן פאַר באַזיגט.

דאָס איז איבעריקנס אינגאַנצן נאַטירלעך, אַז אַזאַ וויכטיקע רעוואָלוציע, ווי די פראַנצויזישע, האָט צווישן 1789 און 1793 געהאַט מינוטן פון שטילשטאַנד און אַפילו פון צוריקציען זיך. די אַמאָליקע מאַכט האָט פאַרמאָגט ריזיקע כוחות, און קומענדיק צו זיך נאָך דער ערשטער מפּלה, האָט זי מאָביליזירט אויפדאָסניי אַלע אירע מיטלען, כדי צו פאַרשטעלן דעם וועג דעם נייעם גייסט.

דעריבער איז די רעאַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין די ערשטע חדשים פון 1790, און אַפילו אין דעצעמבער 1789, געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך. אָבער אַז די דאָזיקע רעאַקציע האָט געקענט דויערן ביז יוני 1792, אַז ניט געקוקט אויף אַלע רציחות פונם הויף איז זי געשטאַנען פעסט, אַז אין 1791 איז דאָס ווערק פון דער רעוואָלוציע געשטאַנען אונטער אַ פראַגע=צייכן — דאָס דאַרף

מען ניט צושרייבן בלויז דער ארבעט פון די איידללייט און די גייסטלעכע, וואס זיינען קאנצענטרירט געווען ארום דער פאן פונם קיניגרייך. די זעלבע בורזשואזיע — די זעלבע קראפט, וואס די רעוואלוציע האט געשאפן — האט דאך דורך איר געשיקטקייט צו געשעפטן, דורך איר ליבשאפט צו ארדענונג און אייגנטום, דורך איר שנאה צו פאלקס־מרידות, געשטיצט די כוחות, וואס האבן זיך באמיט צו פארהאלטן די רעוואלוציע. האט דאך די גאנצע מחנה געבילדעטע לייט, אינטעלעקטואליסטן, אויף וועלכע דאס פאלק האט דער עיקר געהאפט, תיכף, ווי זי האט נאר באמערקט די ערשטע אויפבליצן פונם פאלקס־אויפשטאנד, זיך פון אים אפגעקערט און זיך פאראייניקט מיט די פארטיידיקער פון דער ארדענונג, כדי איינצוהאלטן דאס פאלק מיט זיינע שטרעבונגען בנוגע גלייכהייט. די דאזיקע געשטארקטע און קעגן פאלק פארשווארענע שונאים האט אזא ערפאלג געטאן א טובה, און ווען די פויערים אויפן דארף וואלטן ניט פארגעזעצט זייערע מרידות און די שטאטישע באפעלקערונג וואלט, צוליב דעם פרעמדן שונא, וואס באפט זיך אריין קיין פראנקרייך, זומער 1792 זיך ניט א ריס אויף געטאן, דעמאלט וואלט די רעוואלוציע שטיין געבליבן און קיין שום דויערהאפטיקע זאך ניט געהאט אויפגעטאן.

בכלל איז די לאגע אין 1790 געווען א חושכדיקע. „די אמתע אריסטאקראטיע פון גבירים האט זיך צעבאלעבאטעוועט אומבושהדיק" — האט געשריבן לוסטאלא דעם 28טן נאוועמבער 1789 אין די „רעוואלוציעס פון פאריז"—„ווער ווייסט, צי דעם, וואס וואלט געוואגט צו זאגן, אז די אייבערמאכט געהערט דעם פאלק, וואלט מען איצט דאס ניט פארגעווארפן אלס פארברעך פאר באליידיקן דאס פאלק *. פון דעמאלט אן האט שוין די רעאקציע באקומען א שטארקן אנלען און איז פון טאג צו טאג געווארן שטארקער.

אין זיין גרויס ווערק וועגן דער פאליטישער געשיכטע פון

* אלאר, „די פאליטישע געשיכטע פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע", ז. 72. אלאר האט אויספירלעך אנאליזירט אלץ, וואס די פארזאמלונג האט געטאן קעגן דעם דעמאקראטישן גייסט.

דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט אָלאַר באַשלאָסן אויסצופאָרשן, אויף וואָסער ווידערשטאַנד די רעפּובליקאַנישע אידעע האָט אָנגעטראָפן ביי דער בורזשואַזיע און ביי די „אינטעלעקטואַליסטן" פון יענער צייט — אפילו דעמאָלט, ווען בלויז די בגידהס פונם הויף און די מאָנאַרכיסטן האָבן געשטויסן צו דער רעפּובליק. מחמת בעת אין 1789 זיינען די רעוואָלוציאָנערן זיך באַגאַנגען אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיך אינגאַנצן וועלן באַגיין אָן אַ מאָנאַרכיע — האָט צווישן די זעלבע רעוואָלוציאָנערן — וואָס מער די קאָנסטיטוציאָנעלע מאַכט פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט זיך געשטאַרקט, — זיך אָנגעהויבן שטאַרק באַמערקן אַ מאָנאַרכיסטישע באַוועגונג *. מען קען גאַנץ דרייסט זאָגן, אַז נאָכן 5טן און 6טן אָקטאָבער 1789 און נאָכן קיניגס אַנטלויפן אין יוני 1791 איז די בורזשואַזיע מיט אירע מאַסגיביקע פירער געוואָרן די פאַרברענטע מאָנאַרכיסטן, וואָס מער דאָס פאָלק האָט אַרויסגעוויזן זיין רעוואָלוציאָנערע קראַפט.

דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פאַקט; מען טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז די וויכטיקסטע זאַך פאַר דער בורזשואַזיע און פאַר די „אינטעלעקטואַליסטן" איז געווען — ווי מען האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט — דאָס איינהאַלטן דאָס אייגנטום. מחמת דאָס איבערלאָזן ווייטער דאָס אייגנטום איז אָן עניו, וועלכער ציט זיך, ווי אַ שוואַרצער פאָדעם דורך דער גאַנצער רעוואָלוציע אַזש ביז דער ירידה פון די זשיראָנדיסטן **. עס איז

---

* צווישן אַנדערע איז אין דעם פרט כאַראַקטעריסטיש איינער פון פרויזשיליאַנס (דעלאַ דראַמס) בריוו, וואו עס ווערט געזאָגט: „איך האָב זיך אַלזאָ אויסגעהיילט פון מיין רוימישן פיבער, וואָס האָט איבעריקנס אויס מורא פאַר דער היימישער מלחמה ביי מיר קיינמאָל זיך ניט באַוויזן אין דער פאָרם פון רעפּובליקאַניזם. איך פאַרשליס זיך מיט חיות פון פאַרשיידענע מינים אין דער הייליקער תיבה פון דער קאָנסטיטוציע". „די פרוי זעט אַ ביסל אויס צו זיין אַ הוראָנערין, וואָס וויל אין פּאַריז זיין אַ ספּאַרטאַנערין אָדער רוימערין". אויף אַן אַנדער אָרט פרעגט זי ווידער איר זון: „זאָג מיר, די יאַקאָבינער זיינען געוואָרן פעליאַנטן"? (עדוואַרד לאָקרואַ: Journal d'une bourgeoise pendant la Révolution).

** איין מאַראַט בלויז האָט געזאָגט אויף זיין ציימונג אויסצישטעלן דעם דאָזיקן מאָטאָ: "ut redeat miseris abeat fortuna superbis" (זאָל דאָס מאַזליין פאַרלאָזן די גבירים און צוריקקומען צו די אָרעמע).

זיכער, אַז די רעפּובליק האָט דעריבער אַזאַ גרויסע אימה אַרויס־געמרופן ביים בירגערטום, און אַפילו ביי די אימפּולסיווע יאַקאָ־בינער (די קאָרדעליערער ווידער האָבן זי גערן אָנגענומען), אַז ביים פאָלק איז די רעפּובליקאַנישע אידעע געווען ענג פאַרבונדן מיט דער אידעע פון גלייכהייט, און זי ווידער האָט זיך אויסגע־דריקט אינם פאָדערן גלייכהייט פון די פאַרמעגנס און אַגראַר־רעכט. דאָס זיינען געווען די פאָרמולעס פון די מרידה־לייט, קאָמוניסטן, אַנטאייגענער, מאַנאַרכיסטן פון יענער צייט.

בכן, וועלנדיק קודם־כל ניט דערלאָזן, אַז דאָס פאָלק זאָל מורד זיין אין דעם הייליקסטן פּרינציפּ פון אייגנטום, האָט די בור־זשואַזיע זיך באַמיט וואָס שנעלער צו פאַרשטעלן דעם וועג דער רעוואָלוציע. שוין אין אָקטאָבער 1789 האָט די פאַרזאַמלונג באַ־שלאָסן אָנצונעמען דאָס באַרימטע געזעץ וועגן באַלאַגערונגס־צושטאַנד, אויפן סמך פון וועלכן מען האָט פאַרמשפּט אויף דער־שיסן די פּויערישע מורדים, און שפּעטער, אין יולי 1791, האָט מען געמאַכט די שחיטה איבער דעם פּאַריזער פאָלק. די פאַר־זאַמלונג האָט געוואָלט אויך פאַרהאַלטן דעם צופלוס פון פאָלקס־לייט, וואָס האָבן זיך געאיילט צו קומען פון פּאַריז אויפן יום־טוב פון דער פעדעראַציע דעם 14 יולי 1790. זי האָט אַחוצדעם אַרויס־געגעבן אַ ריי פאַראָרדענונגען קעגן די אָרטיקע רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטן, וואָס פון זיי איז באַשטאַנען די קראַפט פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, ניט געקוקט דערויף, וואָס דורך דעם האָט זי געקענט אַ תל מאַכן פון איר אייגענער מאַכט.

שוין תחילת דער רעוואָלוציע, איז פראַנקרייך פול געוואָרן מיט טויזנטער פּאָליטישע פאַראיינען. זיי זיינען באַשטאַנען ניט בלויז פון פאָרוואַל־פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן זיך כסדר צונויפ־געזאַמלט, ווי אויך פון אַ גרויסער צאָל יאַקאָבינישע געזעלשאַפטן, וועלכע זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן דעם מוטערלעכן פּאַריזער פאַראיין, נאָר קודם־כל פון סעקציעס, פאָלקס־פאַראיינען און ברידער־געזעלשאַפטן, וואָס זיינען פון זיך זעלבער אַנטשטאַנען, אָפּטמאָל אָן שום פאָרמאַליטעטן. עס זיינען אויך געווען טויזנטער קאָמיטעטן און כמעט אומאָפּהענגיקע לאָקאַלע אָרגאַנען, וועלכע

האָבן ארויסגעשטויסן די קיניגלעכע מאַכט און מיטגעהאָלפן דעם פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק די אידעע פון גלייכהייט און סאָציאַלער רעוואָלוציע.

כּדי צו דערשטיקן, כּדי צו פּאַראַליזירן אָדער לכל־הפּחות צו דעמאָראַליזירן די טויזנטער צענטערן אויף די ערטער, האָט די בורזשואַזיע זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט — און ס'איז איר אַזוי גוט אַוועק, אַז די מאָנאַרכיסטישע רעאַקציע, די קלעריקאַלע און די איידללייט האָבן אָנגעהויבן באַקומען די איבערהאַנט אין די שטעט און שטעטלעך פון דעם גרעסטן טייל פראַנקרייך.

מען האָט זיך אַפילו תּיכּף דערוועגט צו פאַרפאָלגן געריכטלעך. אין יאַנואַר 1790 האָט נעקער ארויסבאַקומען דעם דעקרעט צו אַרעסטירן מאַראַטן, וואָס האָט זיך איינגאַנצן אָפּגעגעבן דער פאָלקס=זאַך, דער זאַך פון די אָרעמע קרוע=בלואַהניקעס. אויס מורא פאַר פאָלקס=אומרוען, האָט מען אַראָפּגעבראַכט פוסגייער און רייטער, כּדי צו אַרעסטירן דעם דאָזיקן טריבון; מען האָט צעבראָכן זיינע דרוק=פּרעסן און מאַראַט איז געצוואונגען געווען אין דער הייסטער רעוואָלוציע=צייט זיך אויסצובאַהאַלטן אין ענגלאַנד. ווען ער האָט זיך נאָך פיר חדשים אומגעקערט, האָט ער געמוזט זיך כּמעט די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן, און אין דעצעמבער 1791 האָט ער געמוזט נאָכאַמאָל זוכן אַ מקום=מקלט אויף דער צווייטער זייט קאַנאַל. מיט איין וואָרט, דאָס בירגערטום, די אינטעלעקטואַליסטן און די פּאַרטייידיקער פונם אייגנטום האָבן אַזוי אייפערדיק געאַרבעט איבער דעם פאַרהאַלטן דעם פאָלקס=אויפשוואונג, אַז זיי האָבן אָפּגעשטעלט די רעוואָלוציע גופא. וואָס מער די מאַכט פונם בירגערטום האָט זיך געשטאַרקט, אַלץ מער האָט דעם קיניגס מאַכט צוריק באַקומען איר אַמאָליקע באַדייטונג.

„די אמתע רעוואָלוציע, דער שונא פון הפקרות, ווערט פון טאָג=צו=טאָג שטאַרקער", — האָט געשריבן דער מאָנאַרכיסט מאַלע דופּאַן אין יוני 1790. ער האָט געזאָגט אמת. אין דריי חדשים אַרום האָט די רעוואָלוציע זיך דערפילט אַזוי שטאַרק, אַז די גאַסן פון נאַנסי האָט זי אויסגעלייגט מיט טויטע קערפּערס.

אין דער אַרמיי, וואָס איז אין יענער צייט באַשטאַנען פון געדונגענע זעלנער, טיילווייז פון פרעמדלענדער — דייטשן און שווייצער, — האָט דער גייסט פון דער רעוואָלוציע תּחילת געמאַכט גאַנץ קליינע פאָרשריטן, ביסלעכווייז אָבער איז ער אַריינגעדרונגען אין איר. דערצו האָט, צווישן אַנדערן, מיטגעהאָלפן דער יום=טוב פון דער פעדעראַציע, אויף וועלכן מען האָט פאַרבעטן סיי דעלעגאַטן זעלנער, סיי אויך בירגער. פאַרן חודש אויגוסט האָט זיך געלאָזט באַמערקן כּמעט אומעטום — דער עיקר אין די מזרח=גאַרניזאָנען — אַ גאַנצע ריי אויפשטאַנד=באַוועגונגען צווישן די זעלנער. זיי האָבן געוואָלט צווינגען די אָפיצירן אָפּצוגעבן חשבונות פון די געלטער, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך זייערע הענט, ווי אויך אָפּצוגעבן דאָס געלט, וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי די זעלנער. די געלט=סכומען זיינען געווען ריזיקע: 100.000, 240.000 (אינם פאָלק פון דער פּראָווינץ באָס), אין אַנדערע גאַרניזאָנען — אַפילו ביז צוויי מיליאָן ליווער. די בּרויזונג איז געוואַקסן. אָבער ווי מען האָט זיך געקענט ריכטן פון מענטשן, וועלכע זיינען געוואָרן צוגעטעמפּט דורך לאַנגיעריקער דינסט, איז אַ טייל פון זיי געווען צוגעבונדן צו זייערע אָפיצירן. די קאָנטר=רעוואָלוציאָנערן האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע שפּאַלטונג, כּדי אַרויסצורופן סיכסוכים און בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן די זעלנער גופא. אַזוי האָבן אין ליל פיר פאָלקן געפירט צווישן זיך אַ קאַמף — די ראָיאַליסטן מיט די פּאַטריאָטן — און האָבן איבערגעלאָזן אויפן שלאַכטפעלד פופציק דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע.

ס'איז זייער מעגלעך, אַז די ראָיאַליסטישע פאַרשווערער האָבן בדעה געהאַט אויסצונוצן אַ ליאַדע זעלנער=בונט, כּדי מיט דער הילף פון די ראָיאַליסטישע פאָלקן, וואָס זיינען געבליבן טריי זייערע פירער, צו דערטרינקען אים אין אַ בלוט=באָד; דערהויפּט בּון סוף 1789, בעת די ראָיאַליסטישע אונטערשיסעלעך, דערהויפּט צווישן די אָפיצירן פון דער מזרח=אַרמיי, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון בויע, האָבן זיך פאַרטאָפּלט.

די דאָזיקע געלעגנהייט איז געקומען אומגעריכט אין נאַנסי. אויף דער בשורה, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גערודער

צווישן דעם מיליטער, האָט די נאציאָנאל־פארזאמלונג אנגענומען דאָס געזעץ פונם 6טן אווגוסט 1790. זי האָט פארקלענערט די אַקטיוויטעט פון דער ארמיי און פארווערט די זעלנער אָפּ־צוהאלטן „באראטונגס־פארזאמלונגען", פון דער צווייטער זייט ווידער האָט זי באפוילן די אָפיצירן תיכף צוצושטעלן די פאָלקן חשבונות. אזוי ווי דער דעקרעט איז נאָר געוואָרן פארעפנטלעכט, האָבן די זעלנער אין נאנסי דעם 9טן אווגוסט, דער עיקר די שווייצער פונם פאָלק שאטאָוויע (וועלכע שטאמען דערהויפט פון וואָדוא און זשענעווע), אנגעהויבן פאָדערן די חשבונות ביי זייערע אָפיצירן; זיי האָבן צוגענומען די פאָלק־קאסע, זי איבערגעגעבן אונטער דער שוץ פון זייער וואך און געדראָט די פירער. זיי האָבן דערנאָך ארויסגעשיקט זעקס דעלעגאטן קיין פאריז, כדי צו פארטיידיקן זייער זאך אין דער נאציאָנאל־פארזאמלונג. די באַוועגונגען פונם עסטרייכישן מיליטער אויף דער גרעניץ האָבן די אומרויִקייט נאָך מער פארשטארקט.

דערווייל האָט די נאציאָנאל־פארזאמלונג, צוליב די פאלשע ידיעות פון נאנסי און צוליב דער פאָדערונג פונם אָנפירער פון דער נאציאָנאלער גווארדיע — לאפאיעטן, דעם 16טן אנגענומען א דעקרעט, וואָס האָט געטאדלט די זעלנער פאר זייער דיסציפּלין־בראָך און באפוילן די נאציאָנאלע גווארדיעס פונם דעפּארטאמענט מירט צו „ברענגען אין אָרדענונג די אָנפירער פון דער מרידה". די דעלעגאטן זייערע האָט מען ארעסטירט און לאפאיעט האָט פון זיין זייט ארויסגעגעבן א צירקולאר, אין וועלכן ער האָט גערופן די נאציאָנאלע גווארדיעס פון די שטעטלעך, וואָס געפינען זיך בשכנות מיט נאנסי, צו באקעמפן דעם צעבונטעוועטן גארניזאָן פון דער דאָזיקער שטאָט.

בינו־לבינו האָט אין נאנסי אנגעהויבן שמעקן מיט ערליי־דיקן דעם גאנצן ענין בדרך שלום. דאָס רוב צעבונטעוועטע האָבן אונטערגעשריבן אן אקט פון חרטה. אָבער דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט געלעגן אין די כוונות פון די ראיאַליסטן. בויע איז דעם 28טן ארויסגעטראָטן פון מעץ בראש פון דריי טויזנט געטרייע זעלנער מיט דעם פעסטן באשלוס צו דערלאנגען די מורדים אין

נאַנסי אַ גרויסן און אַ שמערצלעכן קלאַפּ. די צווייזייטיקע שטע־
לונג פונם דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָריום און פון דער שטאָט־מאַכט
אין נאַנסי האָבן אים שטאַרק מיטגעהאָלפן ביים רעאַליזירן דעם
דאָזיקן פּלאַן. בעת אַלץ האָט שוין געקענט ווערן פאַרענדיקט מיט
גוטן, האָט בויע געשטעלט דעם גאַרניזאָן אַזעלכע באַדינגונגען,
וואָס זיינען געווען אוממעגלעך אָנצונעמען און האָט צעפּלאַקערט
דערמיט דעם קאַמף. זיינע זעלנער האָבן געמאַכט אַ שרעקלעכע
שחיטה אין נאַנסי: זיי האָבן געהרגעט ניט בלויז זעלנער, נאָר
אויך בירגער און חרוב געמאַכט זייערע הייזער. דריי טויזנט הרוגים
אויף דער גאַס — דאָס איז געווען דער סך־הכּל פון דעם קאַמף,
נאָך וועלכן עס זיינען געקומען „לעגאַלע" רעפּרעסיעס. צוויי־און־
דרייסיק זעלנער האָט מען פאַרמשפּט אויף שיסן אָדער ברעכן
מיט אַ ראָד, 41 האָט מען פאַרשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט.

דער קיניג האָט אין אַ בריוו געלויבט בויעס גוטע האַל־
טונג. די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט די מערדער געדאַנקט; די
פּאַריזער מוניציפּאַליטעט האָט געמאַכט אַ טרויער־פייערונג לכּבוד
די „זיגער", וואָס זיינען געפאַלן אינם קאַמף. קיינער האָט ניט
געוואַגט צו פּראָטעסטירן, ניט ראָבעספּיער, ניט קיין אַנדערער.
אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס יאָר 1790. די באַוואָפנטע רעאַקציע
האָט אומעטום באַקומען די אייבערהאַנט.

### ניין־און־צוואנציקסטער קאפיטל.

## דער קיניג אנטלויפט. — די רעאקציע. — דער סוף פון דער קאנסטיטואנטע.

יוני 1791. — די ראיאליסטישע פארשווערונג. — דער קיניג אנטלויפט קיין וואַרען. — דרועט יאָגט נאָך דעם קיניג. — דער באַשלוס פון פאָלק. — די ווירקונג פון דעם באַשלוס. — פראַנקרייך אָן אַ קיניג. — דאָס בירגערטום האָט חרטה. — די קיניגלעכע מאַכט ווערט ווידער איינגעריכט.

די גרויסע רעוואָלוציע איז געווען רייך אין טיף טראגישע מאָמענטן. דאָס נעמען פון באסטיליע, דער מארש פון די פרויען אויף ווערסאל, די אטאקע אויף טויילרי און דאָס אומברענגען דעם קיניג האָבן זיך אָפּגערופן מיט אַ הילכיקן עכאָ איבער דער גאנצער וועלט. וועגן די דאָזיקע דאטעס האָבן מיר שוין געלערנט נאָך אין אונזער קינדהייט. אָבער צוגלייך מיט די דאָזיקע גרויסע געשעענישן זיינען אויך פאָרגעקומען אנדערע, וועגן וועלכע מען פארגעסט אָפט, און וועלכע האָבן געהאט, לויט אונזער מיינונג, נאָך אַ טיפערע באַדייטונג; דען זיי האָבן געבראַכט צום אויסדרוק דעם גייסט פון דער רעוואָלוציע אין דעם געגעבענעם מאָמענט און האָבן אָנגעצייכנט איר ווייטערדיקן וועג.

בכן, איז דער וויכטיקסטער מאָמענט פון דער רעוואָלוציע, בנוגע דעם פאַלן פון דעם קיניגטום, דער מאָמענט, וואָס סימבאָליזירט אמבעסטן איר ערשטן טייל, און גיט צו גלייכצייטיק אויך אַ געוויסן פאָלקס־כאראקטער איר קומענדיקן פארלויף — דער 21טער יוני 1791; יענע היסטאָרישע נאכט, אין וועלכער עפּעס „אומבאוואוסטע" מענער פון פאָלק האָבן פארהאַלטן דעם אנטלויפנדיקן קיניג און זיין משפחה אין וואַרען, אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן געזאָלט אריבערגיין די גרענעץ און זיך וואַרפן אין די אָרעמס פון די פרעמדע הערשער. אָט פון דער נאַכט אָן ווערט דאַטירט דאָס פאַלן פון דעם קיניגטום. פון דעם מאָמענט טרעט דאָס פאָלק ארויף אויף דער אַרענע און רוקט אָפּ די פּאָליטיקער אויף אַ ווייטערדיקן פּלאַן.

אונז איז באַקאַנט די דאָזיקע געשעעניש. אין פּאַריז איז פאַרטהאַכט געוואָרן אַ פּלאַן פון אַ גרויסער פאַרשווערונג, כּדי צו פאַרלייכטערן דעם קיניג די פּליטה און מעגלעך צו מאַכן אים דאָס אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט גרענעץ, וואו ער האָט זיך געוואָלט שטעלן בראש פון די עמיגראַנטן און די דייטשע אַר־מייען. דער הויף האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן פּלאַן נאָך אין סעפּטעמבער 1789, און, ווי עס שיינט, איז לאַפאַיעט געווען אינ־פאָרמירט וועגן אים *. אַז די ראָיאַליסטן האָבן געזען אין דער דאָזיקער פּליטה אַ מיטל פאַר דער פּערזענלעכע זיכערהייט פון דעם קיניג און, צוזאַמען מיט דעם — אויך אַ מיטל צו אונטער־דריקן די רעוואָלוציע — דאָס איז קלאָר. פונדעסטוועגן האָבן אַ סך רעוואָלוציאָנערן פון דעם בירגערטום אונטער־שטיצט דעם דאָזיקן פּלאַן, דען זיי האָבן זיך געטראַכט, אַז ווי נאָר די בור־באָנען וועלן פאַרלאָזן פראַנקרייך, וואָלט קיין גרינגערע זאַך ניט געווען, ווי אַרויפזעצן אויפן טראָנשטול פיליפּ פון אָרלעאַן און פאַרלאַנגען פון אים אַ קאָנסטיטוציע פאַרן בירגערטום, נאָר מען זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו דער שטענדיק אומזיכערער הילף פון די פאָלקס־אויפשטאַנדן.

דאָס פאָלק האָט אָבער צונישט געמאַכט דעם דאָזיקן פּלאַן.

עפּעס אַן אומבאַוואוסטער מאַן, דרועט, אַ געוועזענער פּאָסט־מייסטער, דערקענט דעם קיניג, באַלד ווי ער פאָרט דורך, אין דעם ערשטן דאָרף. דער קיניגלעכער עקיפּאַזש לאָזט זיך אָבער לויפן גאַלאָפּ. דעמאָלט זעצן זיך דרועט מיט זיין פריינט, גיאָם, אַרויף אויף פערד און נעמען זיך אינמיטן נאכט יאָגן נאָך דעם עקיפּאַזש. זיי ווייסן, אַז אין די וועלדער לענג אויס דעם וועג דרייען זיך אַרום די הוזאַרן, וואָס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַהער, כּדי אָפּצוּוואַרטן דעם קיניגלעכן עקיפּאַזש אין פּאָנט־דע־סאָם וועסט; און איצט, זעענדיק, אַז ער איז ניטאָ, האָבן זיי זיך גלייך דער־

---

* זע גראַף דפעסטענס בריוו צו דער קיניגין, וואָס זיין שוואַרצ־שריפט, וועלכער איז שפּעטער געפונען געוואָרן, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין Histoire de la Révolution, par Deux Amis de la Liberté, 1792 ; זע אויך לוי בלאַנק, IIIטער ט., 1852, ז"ז 175—176.

שראָקן פאַר דעם האַס פון פאָלק און זיינען אַפגעטראָטן אין די וועלדער. דרועט און גיאָמען געלינגט אויסצומיידן די דאָזיקע פּאַטרולן, ווייל זיי גייען מיט שטעגעלעך, וואָס זיינען באַוואוסט בלויז זיי אַליין. אָבער די קיניגלעכע קאַרעטע דעריאָגט זיי ערשט אין וואַרען, וואו עס האָט זי אָפגעהאַלטן אַן אומפאָראויסגעזעענע סיבה: דאָס בייטן די פערד און דאָס ניט טרעפן די הוזאַרן אויף דעם אָפגערעדטן אָרט. אָט אַהין קומט עס אָן דרועט קורץ פאַר דעם קיניג און אַריינלויפנדיק צו זיין פריינט דעם שענקער, זאָגט ער צו אים: דו ביסט דאָך געוויס אַ גוטער פאַטריאָט! איך צווייפל אין דעם אַבסאָלוט ניט! — איז, אַלזאָ, קום, לאָמיר פאַרהאַלטן דעם קיניג!

זיי האָבן קודם כל גענומען און שטילערהייט פאַרבאַריקאַדירט דער וועג, וואו די שווערע קיניגלעכע קאַרעטע האָט באַדאַרפט דורכפאָרן: זיי האָבן אין דער קווער פונם בריק אַוועקגעשטעלט אַ וואָגן מיט שטובּיקע חפצים, וואָס האָט זיך דאָרט צופעליק געפונען. דערנאָך האָבן זיי, צוזאַמען מיט עטלעכע בירגער, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט ביקסן, פאַרהאַלטן די אַנטלויפנדיקע סאַמע אין דעם מאָמענט, ווען די קאַרעטע, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג פון באַרג צו דעם בריק פון טייך ער, האָט שוין באַדאַרפט אַריינפאָרן אונטער דעם טויער־בויגן פון דעם קלויסטער פון דעם הייליקן זשאַנסו *. דרועט מיט זיין פריינט

* ווערליק די דאָקומענטן, וואָס זיינען אויפגעזאַמלט און אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך או. ג. לענאָטר (Le Drame de Varennes juin 1791, פאַריז 1905), קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז תחילת האָט דרועט בלויז חושד געווען די פאָרנדיקע, אַז צוערשט האָט ער זיך נאָך געשלאָגן מיט דער דעה, און ערשט דעמאָלט, ווען זיינע השערות זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך זשאַן דע לאַני, האָט ער זיך נאָך זיי געלאָזט נאָכיאָגן דורך די וועלדער. דאָס דאָזיקע דרייצניעריקע יינגל, זשאַן באַפּטיסט לאַני, דעם שטאָטיס פּאָסטמייסטערס אַ זון, איז געקומען קיין סען מענעול נאָך אַ שנעל פאָרן, מיט אַ באַפעל, אונטערגעשריבן פון באַיאָגען — איינעם פון די פרייוויליקע, וואָס לאַפאַיעט האָט אַרויסגעשיקט פון פאַריז דעם 21טן יוני אינדערפרי כדי נאָכצויאָגן דעם קיניג — צו פאַרהאַלטן דעם קיניגס באַרקע. באַיאָן, וואָס האָט דורכגעמאַכט 35 מייל אין זעקס שעה, בייטנדיק צען מאָל די פערד, איז, קענטיק, געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט און

הייסן זיי, טראָץ זייער פּראָטעסט, גלייך אויסשטייגן און פירן זיי אין שטוב, הינטער סאַמע קראָם, ביז די עלטסטע פון דער געמיינדע וועלן ניט דורכקוקן זייערע פּעסער. דאָרטן האָט דער קיניג, וואָס איז ענדגילטיק דערקענט געוואָרן דורך אַ געוויסן ריכטער, וועלכער האָט געוואוינט אין וואַרען, געמוזט ענדלעך אָוועקוואַרפן די ראָלע פון אַ „דינער" פון פרוי קאָרש. וועלנדיק באַרעכטיקן זיין פליטה, האָט ער מיט זיין געוויינלעכער ליגנערישקייט גענומען באַשרייבן די סכנה, וואָס האָט געלויערט אויף זיין משפּחה אין פּאַריז מצד די אָרלעאַנער.

אָבער דאָס פאָלק לאָזט זיך ניט אָפּנאַרן. דאָס פאָלק האָט תּיכּף פאַרשטאַנען דעם קיניגס פּלענער, אַז ער וויל פאַרראַטן. דאָס פאָלק קלינגט אין דעם אַלאַרם־גלאָק, און די קלאַנגען צעשפּרייטן זיך אין דער נאַכט און צעטראָגן זיך פון דאָרף צו דאָרף; פון אומעטום לויפן זיך צונויף פּויערים, באַוואָפנט מיט הייגאָפּלען און מיט שטעקנס. זיי היטן דעם קיניג ביז טאָג, און צוויי פון זיי, מיט הייגאָפּלען אין די הענט, האַלטן וואַך פאַר זיין טיר.

טויזנטערווייז איילן די פּויערים אויפן וועג, וואָס פירט פון וואַרען קיין פּאַריז, און האַלטן אין קלעם בויעס הוזאַרן און דראַגונער, וואָס לודוויק דער XVI האָט אָנגעאַרטרויט זיין אַנטלויפן. אין סען־מענעוּל האָט מען געשלאָגן אין אַלאַרם־גלאָק, גלייך ווי דעם קיניגס עקיפּאַזש איז אַרויסגעפאָרן, דאָס זעלבע אויך אין שערמאָן און אַרגאָן. אין סען־מענעוּל האָט דאָס פאָלק אפילו אַנטוואָפנט די דראַגונער, וואָס האָבן באַדאַרפט בילדן דעם קיניגס וואַך, און האָט זיך דערנאָך מיט זיי געחברט. אין וואַרען האָבן די דייטשע הוזאַרן, אַ מאַן 60, וואָס זיינען געקומען אַהין, כּדי צו באַגלייטן

---

האָט זיך אויף אַ קליינער חילע אָפּגעשטעלט אין שאָטרי, פונוואַנען ער האָט וואָס ניכער אַרויסגעשיקט „פאָראויס אַ רייטער". אַלץ זאָגט עדות אויף דעם, אַז גאַבריעל וואַלע, וואָס האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט פאַר דער טאָכטער פון באַפּטיסט לאַני און איז געווען אין פּאַריז בעת די פייערלעכקייטן פון שליסן דעם בונד, האָט דערקענט לודוויק דעם XVI אין שאָטרי. דער דאָזיקער וואַלע האָט געבראַכט דעם קיניגלעכן עקיפּאַזש קיין שאַלאָן, וואו ער האָט זיכער פאַר קיינעם ניט באַהאַלטן דעם סוד.

דעם קיניג ביז ער וועט זיך אויפטרעפן מיט בויע, און האָבן זיך אויסגעשטעלט אין א נידעריקן אָרט אויף דער צווייטער זייט טייך ער אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם אָפיציר ראָריג, ניט געוואגט אַפילו צו באַווייזן זיך. דער אָפיציר איז ערגעץ נעלם געוואָרן, און די זעלנער, ווידער, וואָס האָבן א גאַנצן טאָג געשיכּורט מיט די דאָרטיקע איינוואוינער (יענע האָבן זיי ניט באַליידיקט, נאָר האָבן זיי, פאַרקערט, אַריבערגעצויגן אויף זייער זייט), האָבן ניט ארויסגעוויזן קיין שום זאָרג וועגן דעם קיניג. זיי האָבן איצט גע-שיכּורט און האָבן אויסגערופן: „זאָל לעבן דאָס פאָלק", און דערווייל האָט זיך די גאַנצע שטאָט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אויף די קלאַנגען פון דעם אַלאַרם-גלאָק, אויפגעזאַמלט לעבן סאָסעס געשעפט.

די טויערן פון וואַרען ווערן פאַרבאַריקאַדירט, כּדי ניט צו דער-לאָזן, אַז בויעס קאַוואַלעריע זאָל אַריינמאַרשירן אין שטאָט אַריין. און פון סאַמע באַגינען צעטראָגן זיך אויסגעשרייען צווישן דעם המון: קיין פאַריז! קיין פאַריז! דער המון ווערט זייער צודרינג-לעך, ווען עס באַווייזן זיך צען א זייגער צוויי קאָמיסאַרן, וועלכע לאַפאַיעט און די פאַרזאַמלונג האָבן אַרויסגעשיקט דעם 21טן אינ-דערפרי, כּדי צו אַרעסטירן דעם קיניג מיט זיין משפּחה. זאָלן זיי פאָרן צוריק! מיר וועלן זיי מיט גוואַלד אַריינזעצן אין קאַטש! — רופן אויס די פויערים, וואָס באַמערקן אין זייער אויפגעבראַכט-קייט, אַז לודוויק דער XVI פּלייסט זיך צו געווינען צייט, ביז עס וועלן אונטערקומען בויע מיט זיינע אולאַנער. דעמאָלט זעט דער קיניג מיט זיין משפּחה, וואָס האָבן פריער געהאַט פאַרניכטעט די קאָמפּראָמיטירנדיקע פּאַפּירן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וואָגן, אַז זיי מוזן זיך לאָזן צוריק אין וועג.

דאָס פאָלק באַגלייט זיי אַלס געפאַנגענע קיין פאַריז. די קיניגלעכע מאַכט האָט שוין אָפּגעשפּילט איר ראָלע. זי האָט זיך באַדעקט מיט חרפּה.

דעם 14טן יולי 1789 האָט די קיניגלעכע מאַכט פאַרלאָרן איר פעסטונג — באַסטיליע — זי האָט נאָך אָבער באַהאַלטן

איר מאַראַלישן כּוח, איר בּישוף. מיט דריי חדשים שפּעטער, דעם 6טן אָקטאָבּער, האָט די רעוואָלוציע גענומען דעם קיניג אַלס ערובניק. דאָך איז דער יסוד פון דער מאָנאַרכיע נאָך אַליץ ניט געווען געריִרט. דער קיניג, וואָס אַרום אים האָבּן זיך קאָנצענטרירט די אייגנטימער, איז נאָך אַלץ געווען מעכטיק. אַפילו די יאַקאָבּינער האָבּן ניט געוואַגט אָנצופאַלן אויף אים.

אָבּער די-יעניקע נאַכט, וועלכע דער קיניג, איבּערגעטאָן פאַר אַ דינער און באַוואַכט דורך די פּויערים, האָט פאַרבּראַכט אין דעם הויז פון דעם דאָרפישן קרעמער בּיי דער שיין פון אַ ליכטל, וואָס האָט געשטעקט אין אַ לאַמטערן, די-יעניקע נאַכט, ווען מען האָט געקלונגען אין דעם אַלאַרם-גלאָק, כּדי צו שטערן דעם קיניג צו פאַרראַטן דעם פאָלק, די נאַכט, ווען די פּויערים זיינען געקומען צו לויפן, כּדי אָפּצוגעבּן אים, אַלס געפאַנגענעם, דעם פאָלק פון פּאַריז — די-יעניקע נאַכט איז געווען דער קבר פון דער קיניגלעכער מאַכט. דער קיניג, וואָס איז פריער געווען דער סימבאָל פון דער פאָלקס-אייניקייט, האָט פאַרלאָרן זיין עקסיסטענץ-בּארעכטיקונג און איז געוואָרן דער סימבאָל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אייניקייט פון אַלע טיראַנען קעגן זייערע פעלקער. אַלע אייראָפּעיִשע לענדער האָבּן דאָס געשפּירט. גלייכצייטיק איז דאָס פאָלק אַרויסגעטראָטן אויף דער אַרענע, כּדי צו אויסאיבּן אַ דרוק אויף די פּאָליטישע פירער. אַט יענער דרוע, וואָס האָט געהאַנדלט אויס אייגענער איניציאַטיוו און האָט צונישט געמאַכט דעם פּלאַן פון די פּאָליטיקער, אַט יענער פּויער, וואָס איז געפלויגן רייטנדיק בּיינאַכט איבּער בּערג און איבּער טאָלן און זיך געיאָגט נאָך דעם גרעסטן פאַררעטער, נאָך דעם קיניג — אַט יענער פּויער איז אַ סימבאָל, פון פאָלק, וואָס וועט פון דער צייט אָן, אין יעדן קריטישן מאָמענט פון דער רעוואָלוציע, נעמען די זאַך אין זיינע אייגענע הענט און וועט ווערן דער אייבּערהערשער איבּער די פּאָליטיקער.

דאָס אַריינרייסן זיך פון דעם פאָלק אין טוילרי דעם 20טן יוני 1792, דער מאַרש פון די פּאַריזער פּאַרשטעט אויף טוילרי דעם 10טן אַווגוסט 1792, די דעטראָניזירונג און אַז. וו., אַט די

אַלע פּאַסירונגען קומען איצט אָן מיט אַן אומפאַרמיידלעכער היסטאָרישע נויטווענדיקייט.

דער פּלאַן פון דעם קיניג, ווען ער האָט געפּרוּווט אַנטלויפן, איז געווען צו שטעלן זיך בראש פון דער אַרמיי, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך בוּיֶען און אינאיינעם מיט דעם דייטשן הייל מאַרשירן אויף פּאַריז. איצט ווייסן מיר גוט, וואָס די ראָיאַליסטן האָבן בדעה געהאַט צו טאָן נאָכן איינגעמען די רעזידענץ. זיי האָבן געזאָלט אַרעסטירן אַלע „פּאַטריאָטן", די פּראָסקריפּציע-בריוו זייענען שוין געווען פאַרטיק, אַ טייל פון זיי האָבן זיי געזאָלט אומברענגען און די איבעריקע האָבן זיי געזאָלט אַרויסשיקן אָדער פאַרשפּאַרן אין תּפיסה; זיי האָבן געהאַט בדעה אָפּצושאַפן אַלע דעקרעטן, וואָס זיינען אַקצעפּטירט געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג, כדי צו פאַרווירקלעכן די קאָנסטיטוציע, אָדער צו באַקעמפן די גייסטלעכע; אויפריכטן די אַלטע אָרדענונג מיט אירע שטאַנדן און קלאַסן; צוריק איינפירן מיט אַ באַפּאַנטער האַנט און מיט דער הילף פון אַ סך עקזעקוציעס — דעם מעשר, די פעאָדאַלע רעכט, די גייעג-רעכט און אַלע פעאָדאַלע לאַסטן פון דעם פריערדיקן אַבסאָלוטיזם. — דאָס איז געווען דער פּלאַן פון די ראָיאַליסטן; זיי האָבן אים גאָר ניט באַהאַלטן. „וואַרט אַקאָרשט, הערן פּאַטריאָטן", האָבן זיי געזאָגט צו יעדן, ווער עס האָט זיי געוואָלט הערן; איר וועט זיך באַלד באַצאָלן פאַר אייערע פאַרברעכנס".

דאָס פאָלק, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, האָט צונישט געמאַכט דעם דאָזיקן פּלאַן. דער קיניג, וועלכן מען האָט געכאַפּט אין וואַרען, האָט מען געבראַכט קיין פּאַריז און אָפּגעגעבן אונטער דער השגחה פון די פּאַטריאָטן פון די פאָרשטעט.

מען האָט באַדאַרפט רעכענען, אַז איצט וועט שוין די רעוואָלוציע גיין זייער שנעל פאָראויס מיט דעם וועג פון איר לאָגישער אַנטוויקלונג. וויבאַלד ס'איז קלאָר דערוויזן געוואָרן דער פאַרראַט פון דעם קיניג, האָט מען דאָך געדאַרפט פּראָקלאַמירן די דעטראָניזירונג פון קיניג, אומוואַרפן אַלע פעאָדאַלע אינסטיטוציעס און אָנהייבן די עפּאָכע פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. ס'האָט זיך אָבער גאָרניט אָנגעהויבן! פּונקט דער

היפך — אין א חודש ארום נאך דעם קיניגס אנטלויפן קיין וואַרען האט די רעאקציע טריומפירט, און דאס בירגערטום האט אויסגעשטעלט דער קיניגלעכער מאכט א נייעם שוצבריוו. דאס פאלק האט תיכף באגריפן די לאגע. ס'איז געווען קלאר, אז מער קען מען דעם קיניג ניט לאזן זיצן אויפן טראן. ווארעם ווען ער וואלט זיך אומגעקערט צוריק אין פאלאץ, וואלט ער פון דאס ניי אנגעהויבן זיינע אינטריגעס און וואלט נאך מיט מער ענערגיע גענומען זיך צו די פארשווערונגען צוזאמען מיט עסטרייך און פרייסן. און אזוי ווי אין דער צוקונפט וואלט ער ניט געקענט באַרלאזן פראנקרייך, וואלט ער זיך דעריבער מיט מער היץ גענומען צוצואיילן די אינוואזיע. דאס איז געווען פולקום קלאר, נאכמער, ווען דאס פאלק האט נאך גארניט אפגעלערנט פון דעם ביז-אהעריקן פרווו. דער קיניג האט ווייטער ניט געוואלט באַשטעטיקן די דעקרעטן, וואס באדראען די מאכט פון די גייסטלעכע און די פריווילעגיעס פון די ערד-אייגנטימער. מע האט, אלזא, באדארפט צונעמען ביי אים די קרוין — תיכף-ומיד דעטראניזירן אים. דאס פאלק פון פאריז און פון א גרויסן טייל פראווינצן האט עס פארשטאנען אויסגעצייכנט. אין פאריז האט מען שוין אויף מארגן נאך דעם 21טן יוני גענומען צעברעכן דעם ביוסט פון לודוויק דעם XVI און פארניכטן די קיניגלעכע עמבלעמען. דער המון האט זיך אריינגעריסן אין טוילרי; אונטערן פרייען הימל האט מען גערעדט קעגן דער מאנארכיע און מען האט געפאדערט די דעטראניזירונג.

ווען דער פירשט פון ארלעאן האט געשפאצירט איבער די גאסן פון פאריז — מיט א שמייכל אויף די ליפן, מיט וועלכן ער האט געהאפט צו באקומען די קרוין — האבן זיך אלע אפגעקערט פון אים: דאס פאלק האט שוין ניט געוואלט הערן וועגן א וועלכן עס איז קיניג. די קארדעליערן האבן געפאדערט צו פראקלאמירן די רעפובליק און האבן אונטערגעשריבן אן אדרעס, אין וועלכן אלע, וואס האבן זיך אנגערופן „פיינט פון דער טיראניי", האבן זיך ארויסגעזאגט קעגן דעם קיניג. דער געמיינדע-ראט פון פאריז האט אויפגעשטעלט א דעקלאראציע מיט פונקט אזא טעקסט. די

סעקציעס האָבן זיך ערקלערט אַלס פּערמאַנענטע; די וואָלענע היטלען און מאַנסלייט באַוואָפנט מיט פּיקעס האָבן זיך ווידער באַוויזן אויף די גאַסן: יעטווידער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער געפינט זיך עפּעס ערב אַ נייעם 14טן יולי. אין עצם איז דאָס פאָלק אין יעדן מאָמענט געווען גרייט אויפהייבן זיך, כּדי ענד־גילטיק צו פאַרניכטן די קיניגלעכע מאַכט.

אונטער דעם דרוק פון דער פאָלקס־באַוועגונג, האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג זיך דערוועגט אויף אַ דרייסטן טאַט. זי האָט געהאַנדלט אַזוי, גלייך קיין קיניג וואָלט שוין ניט געווען, וואָרעם ניט שוין־זשע האָט ער דורך דעם פאַקט פון זיין אַנטלויפן גופא זיך ניט געהאַט אָפּגעזאָגט פון דער קרוין? די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט פאַרכאַפּט די אויספיר־מאַכט, האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן די מיניסטאָרן און האָט גענומען די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען אין אירע הענט. אַ צוויי וואָכן צייט האָט פראַנקרייך געלעבט אָן אַ קיניג.

אָבער אָט האָט דאָס בירגערטום חרטה, טרעט אָפּ פון זיין ביז איצטיקער טאַקטיק און שטעלט זיך אין אָן אָפענער אָפּאָזיציע צו דער רעפּובליקאַנישער באַוועגונג. אין דער זעלבער ריכטונג ענדערט זיך אויך די שטעלונג פון דער פאַרזאַמלונג. בעת אַלע פאָלקס־געזעלשאַפטן און „ברודערשאַפטן" זאָגן זיך אַרויס פאַר דער דעטראָ־ניזירן, וואַרפט אָפּ דער יאַקאָבינער־קלוב, וואָס באַשטייט פון אָנהענגער פון אַ בורזשואַזער מלוכה, די אידעע פון אַ רעפּובליק, און זאָגט זיך אַרויס פאַר אויפהאַלטן די קאָנסטיטוציעלע מאָנאַר־כיע. „דאָס וואָרט „רעפּובליק" וואַרפט אָן אַ פּחד אויף די שטאָלצע יאַקאָבינער", — רופט אויס רעאַל פון דער טריבונע פון זיין קלוב. די ראַדיקאַלסטע פון זיי, צוזאַמען מיט ראָבעספּיערן, האָבן מורא פאַר אַ קאָמפּראָמיטאַציע. זיי האָבן ניט קיין מוט אַרויס־צוזאָגן זיך פאַר דער דעטראָניזירונג; זיי באַשולדיקן אין רכילות יעדן, וואָס רופט זיי רעפּובליקאַנער.

די פאַרזאַמלונג, וואָס איז דעם 22טן יוני אַזוי אַנטשלאָסן, צים אייליק צוריק אירע באַשלוסן, גיט וואָס צום שנעלסטן אַרויס דעם 15טן יולי אַ דעקרעט, אין וועלכן זי נעמט אַראָפּ די

שולד פון קיניג און זאגט זיך ארויס קעגן דער דעטראניזירונג, קעגן דער רעפובליק. פון דעמאלט אן ווערט שוין דאס פאדערן א רע־פובליק גופא א פארברעכן.

וואס האט אלזא פאסירט אין דעם משך פון די דאזיקע צוועלף טעג, וואס די פירער פון דער רעוואלוציאנערער בור־זשואזיע האבן אזוי אייליק געביטן דעם פראנט און האבן בא־שלאסן אויפצוהאלטן לודוויק דעם XVI אויפן טראן? האט ער אפשר ארויסגעוויזן חרטה? האט ער זיך אפשר מתחייב געווען צו געבן א קאנסטיטוציע? ס'הייבט זיך ניט אן! ס'איז א פאקט, אז פאר די אויגן פון די בורזשואזע פירער האט זיך ווידער בא־וויזן דער געשפענסט, וואס האט זיי באאומרויקט פון זינט דעם 14טן יולי און דעם 6טן אקטאבער 1789: דער פאלקס־אויפ־שטאנד! מענטשן, באוואפנט מיט פיקעס, האבן זיך ווידער באוויזן אויף די גאסן, און ס'האט אויסגעזען, אז פונקט ווי אין אווגוסט 1789, זיינען די פראווינצן אין יעדן מאמענט גרייט צום אויפשטאנד. דאס בילד אליין פון די טויזנטער פויערים, וואס האבן געאיילט צו דעם אלארם־גלאק פון די ארומיקע דערפער אויפן וועג קיין פאריז און האבן באגלייט דעם קיניג ביז דער הויפטשטאט — האט זיי אנגעפילט מיט פחד. און אט איצט האט דאס פאלק פון פאריז זיך אויפגעהויבן, האט זיך באוואפנט און האט געפאדערט צו פירן ווייטער די רעוואלוציע, איינשטעלן די רע־פובליק, אפשאפן די פעאדאלע רעכט; דאס פאלק האט געפאדערט אומבאגרענעצטע גלייכהייט, אגראריע רעכט, פעסטשטעלן די פרייזן אויף ברויט, די באשטייערונג פון די רייכע — ניט שוין־זשע האט דאס אלץ געזאלט זיין אויף אן אמת?

ניין, בעסער א קיניג א פאררעטער, בעסער א פרעמדע אקופאציע, איידער די פאלקס־רעוואלוציע זאל מנצח זיין.

אט דערפאר האט זיך די פארזאמלונג געאיילט וואס שנע־לער צו מאכן א סוף מיט דער רעפובליקאנישער אגיטאציע און האט ארויסגעגעבן א נייעם דעקרעט דעם 15טן, וואס האט באפרייט דעם קיניג פון פאראנטווארטלעכקייט און האט אים אומ־געקערט דעם טראן; פארקערט, ווידער, האט זי דערקלערט פאר

פארברעכער די אלע, וואס האבן געוואלט שטופן די רעוואלוציע בּאראוים.

דעריבער האבן די יאקאבינער, אט די כּלומרשטע פירער פון דער רעוואלוציע, פארלאזן, נאך די טעג פון וואקלעניש, די רעפּובּליקאנער, וואס האבן געהאט בדעה ארויסצורופן דעם 17טן יולי אויף דעם מארס=פעלד א גרויסע פאלקס=באוועגונג קעגן דער מאנארכיע. דעמאלט האט די קאנטר=רעוואלוציאנערע בורזשואזיע, זיכער אין איר זאך, צונויפגעזאמלט איר בירגערלעכע נאציאנאלע גוואַרדיע און האט זי געווארפן אויף דעם אומבּאוואפנטן פאלק, וואס האט זיך אויפגעזאמלט לעבן דעם מזבח פון זיין פאטער=לאנד, כּדי אונטערצושרייבן די רעפּובּליקאנישע פּעטיציע; זי האט געהייסן פונאנדערוויקלען א רויטע פאן, האט פּראקלאמירט אויס=נאם=צושטאנד און האט אויסגעשאסן דאס פאלק, די רעפּובּ=ליקאנער.

איצט האט זיך אנגעהויבן די עפּאכע פון אפענער רעאקציע, וואס האט זיך געשטארקט אלץ מער, אזש ביז פרילינג 1792.

די רעפּובּליקאנער, די אווטארן פון דער פּעטיציע אויף דעם מארס=פעלד, וואס האבן געפאדערט די דעטראניזאציע, זיינען באטירלעך, פארפאלגט געווארן: דאנטאן האט געמוזט אנטלויפן קיין ענגלאנד (אין אווגוסט 1791); ראבּערט (א הייסער רעפּובּלי=קאנער, רעדאקטאר פון די „פּאריזער רעוואלוציעס"), פרערא, און דערהויפּט מאראט, האבן זיך געמוזט באהאלטן.

אויסנוצנדיק די צייטווייליקע פארווירונג, האט דאס ביר=גערטום געאיילט נאך מער צו באגרעניצן דאס וואלרעכט פון פאלק. פון דעמאלט אן האט נאר דער געקענט זיין א וויילער, וואס האט אויסער די דירעקטע שטייערן, וואס האבן אנ=געטראפן דעם לוין פון צען ארבּעטס=טעג, אויך געהאט אייגענע ערד אין דעם ווערט פון 150 ביז 200 ארבּעטס=טעג, אדער ער האט ארענדירט ערד אין דעם ווערט פון 400 ארבּעטס=טעג. ווי מען זעט, האט מען די פּויערים באַרויבּט פון אלע פּאליטישע רעכט.

נאך דעם 17טן יולי איז געווען א סכּנה זיך אנצורופן רע-

פובליקאנער, אדער גילטן פאר אזעלכע. באלד האט מען גע־
נומען באטראכטן פאר „פארדארבענע מענטשן", „וואס האבן גאר־
נישט וואס צו פארלירן, און האבן פיל וואס צו געווינען פון
דער אומארדענונג און פון דער אנארכיע" די אלע, וואס האבן
געפאדערט אראפצוזעצן דעם קיניג און איינפירן א רעפובליק.

ביסלעכווייז ווערט דאס בירגערטום אלץ דרייסטער און
בעת דער קיניג נעמט אן די קאנסטיטוציע און שווערט צו איר
פייערלעך דעם 14טן סעפטעמבער אין דער פארזאמלונג, וואס
דעם זעלבן טאג פארראט ער זי, ווערט דער דאזיקער אקט בא־
גלייט דורך אן אויסדריקלעך ראיאליסטישער באוועגונג, ווי אויך
דורך ענטוזיאסטישע אוואציעס, וואס זיינען צוגעגרייט געווארן פאר
דעם קיניג און פאר דער קיניגין דורך דעם פאריזער בירגערטום.

מיט צוויי וואכן שפעטער איז די גרינדונגס־פארזאמלונג אויפ־
געלייזט געווארן. די קאנסטיטוציאנאליסטן האבן אויסגענוצט די דא־
זיקע געלעגנהייט, כדי צו באנייען זייערע ראיאליסטישע מאניפעס־
טאציעס לכבוד לודוויק דעם XVI. די מאכט איז אריבער אין די
הענט פון דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג, וואס איז אויסגע־
וויילט געווארן אויף דעם יסוד פון דעם באגרעניצטן וואלרעכט
און איז, נאטירלעך, געווען נאך א מער בורזשואזע, איידער די
קאנסטיטואנטע.

די רעאקציע איז ארויסגעטראטן אלץ אפענער. צום סוף
1791 האט די פולקומע אנטטוישונג אין דער רעוואלוציע ארומ־
געכאפט אפילו די בעסטע רעוואלוציאנערן. מאראט האט זי בא־
טראכט פאר א פארלארענע. „די רעוואלוציע" — האט ער גע־
שריבן אין דעם „פאלקס־פריינט" — „האט זיך אויסגעלאזט מיט
נארניט". ער האט געפאדערט, מען זאל אפעלירן צום פאלק. ער
האט אבער ניט געפונען קיין צושטימונג. „דאס האט א הייפל
ארעמעלייט, האט ער געשריבן אין זיין צייטונג פון 21טן יולי,
צעשטערט די ווענט פון באסטיליע. זאל מען זיי נאר ווייטער
רופן צו דער זאך, וועלן זיי זיך ווידער ארויסווייזן פאר די זעל־
ביקע, ווי דעם ערשטן מאל; זיי שטרעבן דאך צו קיין זאך ניט
אזוי היים, ווי צו קעמפן מיט זייערע טיראנען". זיי זיינען אבער

געפּענטעט דורך זייערע פירער. די „פּאַטריאָטן דערוועגן זיך ניט אַרויסצוטרעטן", זאָגט דער זעלבער מאַראַט דעם 15טן אָקטאָבער 1791, „און די שונאים פון דער פרייהייט פילן אָן די טריבונעס פון דער פאַרזאַמלונג אין מען קען זיי טרעפן אומעטום".

אָט וואָס עס איז געוואָרן פון דער רעוואָלוציע, וואָס מער די בורזשואַזיע און איר „אינטעליגענץ" האָבן באַקומען די איבער-האַנט.

אַזעלכע ווערטער פון אַנטטוישונג האָט אויך אַרויסגעזאָגט קאַמיל דעמולען אין דעם יאַקאָבינער-קלוב דעם 24טן אָקטאָ-בער 1791: „די רעאַקציאָנערן — האָט ער געזאָגט — האָבן אויס-געניצט די פאָלקס-באַוועגונג פון יולי און אויגוסט 1789 פאַר זייער טובה וועגן. די הויף-פאַוואָריטן לאָזן ניט אַראָפּ פון די ליפּן די ווערטער: די איבערהערשאַפט פון פאָלק, די רעכט פון מענטשן, די גלייכהייט פון די בירגער, בלויז צוליב דעם, כּדי צו באַ-שווינדלען דעם פאָלק, און זיי פאַראַדירן אין די מונדירן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, כּדי צו פאַרכאַפּן, אָדער אַפילו צו קויפן אָפיצירן-שטעלעס. אַרום זיי גרופּירן זיך די קיניגלעכע שפּיאָנען. די טייוואָלים פון דער אַריסטאָקראַטיע האָבן באַוויזן אַ ביישפּיל פון טייוולשער געשיקטקייט. פּרודאָם האָט געזאָגט אָפן, אַז דאָס פאָלק איז פאַרראַטן געוואָרן דורך זיינע דעפּוטאַטן, און די אַרמיי — דורך אירע פירער.

אָבער פּרודאָם און דעמולען האָבן זיך כאָטש ניט באַדאַרפט באַהאַלטן, בשעת-ווען אַזאַ רעוואָלוציאָנער, ווי מאַראַט, האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן וויפל חדשים, און ניט איינמאָל האָט ער ניט געוואוסט, וואו וועט ער לייגן דעם קאָפּ ביינאַכט. מען האָט גאַנץ ריכטיק געזאָגט וועגן אים, אַז ער האָט פאַרטיידיקט די אינטע-רעסן פון פאָלק, האַבנדיק דעם מעסער פון דער גיליאָטינע איבער זיין קאָפּ. דאַנטאָן, וואָס אים האָט אויך געדראָט אַרעסטירט צו ווערן, איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן.

ענדלעך האָט די קיניגין גופא, אין איר געהיימער קאָרעס-פּאָנדענץ מיט פרעזן, דורך וועלכן זי האָט אָנגעפירט מיט דער אינוואַזיע און האָט צוגעגרייט דעם מאַרש פון די דייטשע אַרמייען

אויף דער הויפּטשטאָט, באַשטעטיקט „די גאַנץ קענטיקע ענדער־רונג אין פּאריז". „דאָס פאָלק, — האָט זי געזאָגט — לייענט שוין מער קיין צייטונגען ניט". „אים אינטערעסירט בלויז דער יקרות אויף ברויט און די דעקרעטן" — האָט זי געשריבן דעם 31טן אָקטאָבער 1791.

דער יקרות אויף ברויט און די דעקרעטן! ברויט, כּדי צו קענען לעבן און ווייטער פירן די רעוואָלוציע — דען ברויט האָט שוין אויסגעפעלט נאָך אין אָקטאָבער, און די דעקרעטן — קעגן די גלחים און עמיגראַנטן, — וואָס דער קיניג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן זיי.

אומעטום האָט געלויערט דער פאַרראַט. איצט איז דאָס שוין אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אין דער זעלבער צייט, צום סוף 1791, איז דימוריע, דער זשיראָנדיסטישער גענעראַל, דער פירער פון די מזרח־אַרמייען, שוין אריין אין אַ געהיימען קאָנטאַקט מיט דעם קיניג. אין אַ געהיימען מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט צו אים, האָט ער אים אָנגעוויזן די מיטלען, ווי אַזוי צו פאַר־האַלטן די רעוואָלוציע. דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום האָט מען גע־פונען אין דעם אייזערנעם שראַנק פון לודוויק דעם XVI, נאָך דעם, ווי מען האָט גענומען טוילרי.

# דרייסיקסטער קאַפּיטל

## די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג. די רעאַקציע אין די יאָרן 1791—1792

דער קיניג און די פאַרזאַמלונג. — די מורא פאַר אויסלאַנד. — גראַף ד׳אַרטואַ און גראַף דע־פּראָוואַנס. — די עמיגראַציע פונם אַדל. — קריגס־ערקלערונג קעגן עסטרייך. — דאָס פאַלן פון דעם ראָיאַליסטישן מיניסטעריום. — די סאָציאַליסטישע אידעען פון פאָלק.— ראָבעספּיער און די אַגראַרע רעכט. — ראָיאַליסטישע מלוכה־איבערקערעניש. — לאַפאַיעטס בריוו צו דער פאַרזאַמלונג.

די נייע נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וואָס איז אויסגעקליבן גע־וואָרן בלויז דורך אַקטיווע בירגער און האָט זיך אַ נאָמען געגעבן געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג, האָט זיך אויפגעזאַמלט דעם 1טן אָקטאָבער 1790. שוין אין דעם ערשטן מאָמענט האָט דער קיניג, וואָס איז דערמוטיקט־געוואָרן דורך די מאַניפעסטאַציעס פון דעם בירגערטום, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַרום אים פון אומעטום, פאַרנומען צו דער נייער פאַרזאַמלונג אַ חוצפּהדיקע שטעלונג. פּונקט ווי אויף די ערשטע זיצונגען פון די גענעראַל־שטאַטן, האָבן זיך אָנגעהויבן מצד דעם הויף אַ גאַנצע ריי בייזוויליקע נגישות און שוואַכע פּרוון פון ווידערשטאַנד מצד די דעפּוטאַטן. אָבער טראָץ דעם אַלעמען, האָט מען דעם קיניג, ווי נאָר ער איז גע־קומען אין דער פאַרזאַמלונג, אויפגענומען דאָרטן מיט סימנים פון קנעכטישן רעספּעקט און מיט דעם גרעסטן ענטוזיאַזם. לודוויק דער XVI האָט גערעדט וועגן דער שטענדיקער האַרמאָניע און אומפאַרענדערלעכן צוטרוי, וואָס דאַרפן הערשן צווישן דער גע־זעצגעבערישער קערפּערשאַפט און דעם קיניג. „זאָל אונדז די ליבע צום פאָטערלאַנד פאַראייניקן, און דער געזעלשאַפטלעכער וואויל זאָל אונדז מאַכן אומצושיידלעך", האָט דער קיניג געזאָגט — און אין דער זעלביקער צייט האָט ער צוגעגרייט די אינוואַזיע פון דעם פרעמדן חייל, כדי איינצושטילן די קאָנסטיטוציאָנאַליסטן און אויפריכטן די באַזונדערע פאָרשטייערשאַפט פון די דריי שטאַנדן, ווי אויך די פּריווילעגיעס פון דעם אַדל און פון די גייסטלעכע.

בכלל האָט פון זינט אָקטאָבער 1791 — אייגנטלעך פון זינט דער פּליטה פון דעם קיניג און דאָס פאַרהאַלטן אים אין וואַרען, אין יוני — די מורא פאַר דער פרעמדער אינוואַזיע באַהערשט די מוחות און איז געוואָרן אַן אָביעקט פון אַלגעמיינער זאָרג. די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג האָט ווירקלעך געהאַט איר רעכטן פליגל אין די פעליאַנטן, אָדער די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיסטן, און דעם לינקן פליגל אין דער זשיראָנדיסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט געבילדעט דעם איבערגאַנג צווישן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן און האַלב רעפּובליקאַנישן בירגערטום. אָבער ניט די ערשטע, ניט די צווייטע האָבן זיך פאַרנומען מיט די גרויסע פּראָבלעמען, וואָס די קאָנסטיטואַנטע האָט זיי איבערגעלאָזן. ניט די דורכפירונג פון דער רעפּובליק, ניט די אָפּשאַפונג פון די פעאָדאַלע פּריווילעגיעס אינטערעסירט שטאַרק די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג. די יאַקאָבינער גופא, און אפילו די קאָרדעליערן, זיינען, דוכט זיך, אין דעם איינשטימיק, אַז מען זאָל מער ניט ריידן וועגן דער רעפּובליק. דערפאַר — אין צווייטראַנגיקע ענינים, צום ביישפּיל, ווער ס׳זאָל זיין דער מער פון פּאַריז, שטויסן זיך צונויף די לײדנשאַפטן פון די רעוואָלוציאָנערן מיט די שונאים פון דער רעוואָלוציע.

די וויכטיקע אויפגאַבן פון דעם מאָמענט — זיינען די גלחים און די עמיגראַנטן. די דאָזיקע ביידע פראַגן האָבן אָפּגערוקט אַלע אַנדערע, צוליב די פאַרשיידענע פּרוּוון פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן, וואָס די גלחים און די עמיגראַנטן האָבן אָרגאַניזירט, ווי אויך צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט אַ נאָענטע שייכות מיט דער מלחמה מיט אויסלאַנד, וואָס אין איר שנעלן אויסבראָך צווייפלט קיינער ניט.

דעם קיניגס יינגערער ברודער, גראַף ד׳אַרטואַ, האָט שוין עמיגרירט, זוי באַוואוסט, דעם 15טן יולי 1789. דער צווייטער ברודער, גראַף דע-פּראָוואַנס, איז אַנטלאָפן געוואָרן אין דער זעלבער צייט, וואָס לודוויק דער XVI, און אים איז געלונגען צו קומען בשלום קיין בריסל. ביידע האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס דער קיניג האָט אַקצעפּטירט די קאָנסטיטוציע, ווייל

ער האָט, ווי זיי האָבן דערקלערט, ניט געקענט באַנוצן זיך מיט די רעכט פון דער אַלטער מאָנאַרכיע, און דעריבער האָט זיין אַקט ניט קיין ממשות. דער דאָזיקער פּראָטעסט, וואָס איז פאַר־שפּרייט געוואָרן דורך די ראָיאַליסטישע אַגענטן איבער גאַנץ פראַנקרייך, האָט געמאַכט אַ טיפן רושם.

די פריצים האָבן פאַרלאָזן זייערע פּאָלקן אָדער זייערע פּאַלאַצן און האָבן מאַסנווייז עמיגרירט, און די ראָיאַליסטן האָבן געדראָט די־יעניקע, וואָס האָבן ניט געטאָן דאָס זעלבע, אַז מען וועט זיי אַריינרעכענען אין דעם בירגער־שטאַנד, ווען די פריצים וועלן זיך צוריקקערן מיט טריומף. די עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אויפגעזאַמלט אין קאָבלענץ, וואָרמס, בריסל, האָבן צוגעגרייט אַן אָפענע קאָנטררעוואָלוציע, וואָס האָט באַדאַרפט אונטערגעשטיצט ווערן פון דעם אויסלענדישן חייל. ס'איז אַלץ קלערער געוואָרן, אַז דער קיניג פירט אַ טאָפּעלע שפּיל, דען ס'איז ניט שווער געווען צו באַמערקן, אַז אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין דער עמיגראַציע, איז פאָרגעקומען מיט זיין הסכם.

דעם 30טן אָקטאָבער 1791 האָט זיך די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג ענדלעך אַנטשלאָסן אַרויסצוטרעטן קעגן דעם קיניגס ייִנגערן ברודער, לודוויק סטאַניסלאַוו קסאַווערי, וואָס האָט געהאַט באַקומען פון לודוויק דעם XVI, בעת זיין אַנטלויפן, אַ דעקרעט, וואָס האָט אים געגעבן דעם טיטל רעגענט, אין פאַל, ווען דעם קיניג וואָלט מען געכאַפּט. די פאַרזאַמלונג האָט איצט אויפגעפאָדערט דעם גראַף דע־פּראָוואַנס אומצוקערן זיך צוריק אין לאַנד אין אַ משך פון צוויי חדשים צייט, דראָענדיק אים אין קעגנפאַל צוצונעמען ביי אים די ירושה־רעכט אויף דעם טראָן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער (דעם 9טן נאָוועמבער) האָט די פאַר־זאַמלונג באַפוילן די עמיגראַנטן אומצוקערן זיך קיין פראַנקרייך איידער עס וועט אַוועק אַ יאָר, און די, וואָס וועלן זיך דערצו ניט צופּאַסן, וועלן געמשפּט ווערן אונטער די אויגן אַלס פאַרשווע־רער; זייערע הכנסות וועלן קאָנפיסקירט ווערן לטובת דעם פאָלק, ס'וועלן אָבער גענומען ווערן אין אַכט די רעכט פון זייערע ווײַ־

בער און קינדער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן, ווי אויך די רעכט פון זייערע געזעצלעכע בעלי־חובות.

דער קיניג האָט באַשטעטיקט דעם דעקרעט, וואָס האָט גע־האַט אַ שייכות צו זיין ברודער, ער האָט אָבער אַרויפגעלייגט אַ וועטאָ אויף דעם צווייטן דעקרעט, אין דעם ענין פון די עמי־גראַנטן. אַזוי האָט ער אויך געטאָן מיטן דעקרעט, וואָס באַפוילט די גלחים צו שווערן טרייהייט דער קאָנסטיטוציע, אונטער דער דראָונג צו פאַרשפּאַרן זיי אין טורמע אַלס פאַררעכטיקע, אויב אין די געמיינדעס, וואו זיי זיינען געווען אָנגעשטעלט אַלס גייסטלעכע, וועלן אויסברעכן אומרוען.— אויך אויף דעם דעקרעט האָט דער קיניג אַרויפגעלייגט זיין וועטאָ.

דער וויכטיקסטער אַקט פון דער געזעצגעבערישער פאַר־זאַמלונג איז געווען דאָס ערקלערן עסטרייך מלחמה. עסטרייך האָט זיך אָפן געגרייט צו מלחמה, כדי אומצוקערן לודוויק דעם XVI זיינע רעכט פון פאַר 1789. דער קיניג און מאַריאַ אַנטואַנעטע האָבן דאָס שטאַרק געפאָדערט פון דעם אימפּעראַטאָר, און ווען זייער פּרווו צו אַנטלויפן האָט זיך ניט איינגעגעבן, זיינען זיי גע־וואָרן נאָך צודרינגלעכער. אָבער די דאָזיקע הכנות וואָלטן זיך, משמעות, געצויגן ביזן קומענדיקן פרילינג, ווען די זשיראָנדיסטן וואָלטן ניט געשטויסן צו דער מלחמה. די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, וואָס האָבן געהערשט אין דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט, וואָס איינער פון זיינע מיטגלידער, בערטראַן דע מאָלוויל, איז געווען אַן אויסגע־שפּראָכענער קעגנער פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים, בשעת־זוען נאַרבאָן האָט געוואָלט מאַכן פון דער קאָנסטיטוציע אַ שטיצע פאַרן טראָן,— האָט געבראַכט צו זיין פאַלן, און אין מערץ 1792 האָט לודוויק דער XVI באַשטימט אַ זשיראָנדיסטישן מיניסטאָרן־קאַבינעט. דימוריע איז געוואָרן מיניסטער פאַר אויסערלעכע ענינים, ראָלאָן,— דאָס הייסט מאַדאַם ראָלאָן — אינערלעכע ענינים, גראַוו, וואָס איז באַלד פאַרביטן געוואָרן דורך סערוואַנען, איז געוואָרן קריגס־מיניסטער, קלאַוויער — פינאַנס־מיניסטער, דו־ראַנטאָן — יוסטיץ, און לאַקאָסט — פלאָט.

ס׳איז איבעריק צו באַמערקן (ווי ראָבעספּיער האָט עס באַלד

באהויפט), אז דאס ערווארבן די מיניסטעריומס דורך די זשיראנ־ דיסטן האט ניט נאר ניט פארשטארקט די רעוואלוציע, נאר איז, להיפך, געווארן א שטיצע פאר דער רעאקציע. די מעסיקע ריכ־ טונג האט גענומען הערשן אלמעכטיק, ווי נאר דער קיניג האט באשטעטיקט דעם קאבינעט, וועלכן דער הויף האט מיט חוזק גערופן „סאנקילאטישער". דער דאזיקער קאבינעט האט זייער שטארק געשטויסן צו מלחמה, טראץ די עצות פון מאראטן און ראבעספיערן. דעם 20טן אפריל 1792 האבן די זשיראנדיסטן טריומפירט: ס'איז ערקלערט געווארן מלחמה עסטרייך, אדער — ווי מען האט דעמאלט געזאגט — דעם „קיניג פון אונגארן און טשעכיע". —

* * *

צי איז די מלחמה געווען אומפארמיידלעך? זשארעס * האט זיך געשטעלט די דאזיקע פראגע, און וועלנדיק ענטפערן אויף איר, האט ער פארגעלייגט די לעזער א גאנצע ריי דאקומענטן פון יענער עפאכע. און דער פועל־יוצא, וואס דרינגט ארויס פון יענע דאקומענטן, און צו וועלכן עס קומט אויך דער אווטאר גופא, איז דערזעלבער, צו וועלכן עס איז אויך געקומען ראבעס־ פיער. די מלחמה איז ניט געווען אומפארמיידלעך. אמת טאקע, די פרעמדע מאכטהאבער האבן זיך געשראקן פאר דער אנט־ וויקלונג פון די רעפובליקאנישע אידעען פון פראנקרייך; אבער פון דאנען ביזן קומען צו הילף און ביזן באפרייען לודוויק דעם XVI, איז נאך א גרויסער מהלך; זיי האבן זיך געשלאגן מיט דער דעה, צי זאלן זיי זיך לאזן פארוויקלען אין אזא מלחמה. — די זשיראנדיסטן האבן, פארקערט, פריער פאר אלץ געשטרעבט צו מלחמה און האבן געשטויסן צו איר, ווארעם זיי האבן געזען אין איר א מיטל צו באקעמפן די קיניגלעכע מאכט.

וועגן דעם האט ענדלעך מאראט געזאגט דעם אפענעם אמת. — איר ווילט מלחמה, האט ער געזאגט, ווייל איר ווילט ניט אפעלירן צום פאלק, אז עס זאל געבן דעם אנטשיידענעם קלאפ דער מאנארכיע. די זשיראנדיסטן און א סך יאקאבינער האבן

---

* Histoire soialiste, La Legislation.

ליבערשט אויסגעווילט די פרעמדע אינוואזיע, וואס, וועקנדיק דעם פאטריאטיזם און אנטפלעקנדיק דעם קיניגלעכן פארראט פון קיניג, זאל עס במילא ברענגען צום פאלן פון דעם קיניגטום און דער הילף פון א פאלקס־אויפשטאנד. — „מיר דארפן האבן גרויסע פארראטן", האט געזאגט בריסא — דער־יעניקער מאן, וואס האט פיינט געהאט דעם פאלק, זיינע טומלדיקע אויפשטאנדן און זיינע אטענטאטן אויף דעם אייגנטום.

אזוי ארום האט דער הויף, פון איין זייט, און די זשיראנ־דיסטן, פון דער צווייטער זייט, מיט דעם פולן הסכם געוואלט דעם מארש אויף פראנקרייך און האבן געשטרעבט צוצואיילן אים. אין אזעלכע באדינגונגען איז די מלחמה געווארן אומפארמיידלעך; זי האט אויך געבושעוועט מיט דריי־און־צוואנציק יאר צוריק מיט אלע פאר דער רעוואלוציע און פאר דעם אייראפעישן פראגרעס פאטאלע רעזולטאטן. — „איר ווילט ניט אפעלירן צום פאלק, איר ווילט ניט קיין פאלקס־רעוואלוציע, וועט איר, אלזא, האבן די מלחמה, און אפשר א מפלה! וויפל מאל האט זיך פון זינט דאן דער דאזיקער אמת באשטעטיקט!

דער געשפענסט פון דער באוואפנטן און אויפשטענדישן פאלק, וואס האט געפאדערט פון דעם בירגערטום זיין טייל אין דעם פאלקס־רייכטום, האט ניט אויפגעהערט צו באומרויִקן די־יעניקע לייט פון דעם דריטן שטאנד, וואס זיינען געקומען צו דער מאכט, אדער האבן דורך די קלובן און דורך די צייטונגען באקומען א השפעה אויף דעם גאנג פון די געשעענישן. חוצדעם דארף מען באמערקן, אז דאס פאלק, וואס האט טאקע, אדאנק דער רעוואלוציע, זיך ביסלעכווייז אויסגעלערנט רעוואלוציאנער צו דענקען, האט אלץ דרייסטער געפאדערט צו האנדלען אין דעם קאמוניסטישן גייסט, וואס דאס וואלט מער אדער ווייניקער גורם געווען צו באזייטיקן די עקאנאמישע אומגלייכקייט *.

---

* נאך די דעקרעטן פון 15טן מערץ זיינען מקויים געווארן די פערזענ־לעכע וואונטשן. זיי זיינען דערמאנט ביי דאניאלן (La Révolution) און ג. קארעיעוו, ,Les Paysans et la question Paysane, dans la dernier quart du XVIII siecie פאריז, 1899.

מען האָט גערעדט צווישן פאָלק וועגן „אויסגלייכן די פאַרמעגנס“. די פויערים, וואָס האָבן בלויז געהאַט אַ סך מאָגערע ערד, ווי אויך די אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען פאַרמשפּט אויף אַרבעטסלאָזיקייט אין די שטעט, האָבן הויך אונטערגעשטראָכן זייער רעכט אויף ערד. אויפן דאָרף האָט מען געפאָדערט, אַז קיין שום ערד=אייגנטום זאָל ניט אַריבערשטייגן איבער 120 מאָרגעס, און אין שטאָט האָט מען גערעדט, אַז יעטוועדער, וואָס וויל באַאַרבעטן די ערד, האָט דאָס רעכט אויף אַ געוויסער צאָל מאָרגעס.

דאָס פעסטשטעלן די פרייזן אויף לעבנסמיטלען, וואָס האָבן באַדאַרפט צונישט מאַכן די שפּעקולאַציע מיט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, די געזעצן קעגן די וואָכערניקעס, דער איינקויף פון פּראָדוקטן דורך דער געמיינדע, וואָס וואָלט זיי אָפּגעלאָזן די איינוואוינער אויף זעלבסטקאָסטן=פרייזן, דער פּראָגרעסיווער שטייער, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די רייכע, די צוואַנגס=הלוואה און ענדלעך די הויכע אָפּצאָלונגען פון ירושות — דאָס אַלץ האָט אויפגעטרייסלט דעם פאָלק, און די דאָזיקע אידעען זיינען אויך אַריינגעדרונגען אין דער פּרעסע. די אייליקייט, מיט וועלכע די דאָזיקע אידעען האָבן זיך פאַרשפּרייט, יעדעס מאָל, ווען דאָס פאָלק האָט אָפּגעהאַלטן אַ וועלכן עס=איז נצחון אין פּאַריז אָדער אין דער פּראָווינץ, דערוויייזט, אַז מען האָט זיי גאַנץ לעבעדיק געמוזט באַהאַנדלען אין די רייען פון די אָרעמע, בשעת=ווען די שרייבער פון דער רעוואָלוציע האָבן זיי ניט געוואָלט אויסדריקן עפנטלעך. „צי דען זעט איר ניט, האָט ראָבערט געשריבן אין די „פּאַריזער רעוואָלוציעס“, אין מאַי 1791, אַז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע — פאַר וועלכער — ווי איר זאָגט אַליין — איר קעמפט אַלס בירגער, איז אייגנטלעך דאָס אַגראַר=רעכט, וואָס דאָס פאָלק האָט דורכגעפירט אין לעבן? דאָס פאָלק האָט צוריק באַקומען זיינע רעכט. נאָך אַ טראַט, און עס וועט צוריק באַקומען זיינע גיטער“ (ציטירט פון אָלאַר).

ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ שנאה די דאָזיקע אידעען האָבן אַרויסגערופן ביי דעם בירגערטום, וואָס האָט איצט געשטרעבט צו געניסן אין פרידן פון די דערוואָרבענע

רייכטימער און אויסנוצן זיין נייע פּריווילעגירטע שטעלונג איך דער מלוכה. אַלס בייַשפּיל קאָן דינען דער צאָרן, וואָס איז אויסגעבראָכן אין פּאַריז אין מערץ 1792, ווען עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז דער מער פון עטאַמפּ, סימאָנאָ, איז דערהרגעט געוואָרן דורך די פּויערים. ווי אַ סך אַנדערע בורזשואַזע מערן, האָט ער, אָן קיין שום געריכט, באַפוילן צו שיסן די צעבונטעוועטע פּויערים, און קיינער האָט קעגן דעם מיט קיין וואָרט ניט אַ פּיפּס געטאָן. אָבער ווען די אויסגעהונגערטע פּויערים, וואָס האָבן געפאָדערט צו באַשטימען פּרייזן אויף ברויט, האָבן דעם דאָזיקן מער דערשטאָכן צום סוף מיט פּיקעס, האָט די פּאַריזער בורזשואַזיע אַלע אין איין כאָר אויסגעבראָכן מיט צאָרן וועגן דער דאָזיקער געשעעניש.

„ס'איז געקומען דער טאָג, ווען די לאַנד־באַזיצער פון אלע קלאַסן וועלן זיך ענדלעך איבערצייגן, אַז זיי מוזן זיך לייגן אונטער דער קאָסע פון דער אַנאַרכיע", האָט זיך מאַלע דיפּאַן געקלאָגט אין זיין „מערקיר דע פראַנס" און האָט געפאָדערט די פאַראייניקונג פון די אייגנטימער קעגן פאָלק, קעגן די רויבערוואָס פריידיקן די אַגראַרע רעכט. אַלע האָבן דעמאָלט גענומען זייער שטאַרק אָנפאַלן אויפן פאָלק, און אַפילו ראָבעספּיער איז אין דעם ניט אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע. אָן אויסנאַם איך געווען אַ געוויסער גלה, דאָליוויער, וואָס האָט זיך דערוועגט אויפצוהויבן זיין שטימע צו פאַרטיידיקן די מאַסן, און האָט דערקלערט, אַז „דאָס פאָלק איז דער אמתער באַלעבאָס אויף זיין ערד". ס'איז ניטאָ אַזאַ מין געזעץ, האָט ער געזאָגט, וואָס זאָל אויף אַ גערעכטן אופן קענען צווינגען דעם פויער, אַז ער זאָל ניט עסן צו זאַט, בשעת־ווען די דינערשאַפט, פון די גבירים, און אַפילו זייערע בהמות, האָבן וואָס זיי דאַרפן".

וואָס נוגע ראָבעספּיערן, האָט ער תיכּף דערקלערט, אַז די אַגראַרע רעכט איז „בלויז אַ לעכערלעכער אָפּשרעק־מיטל פון חסר־דעהניקעס, וואָס קען איבעררעדן בלויז טיפּשים". און ער האָט גלייך פון אָנהייב אָן אָפּגעוואָרפן יעטוועדן פרוּוו אויסצוגלייכן די פאַרמעגנס". אויפפאַסנדיק שטענדיק, אַז ער זאָל זיך אין זיינע

מיינונגען מיט גאָרנישט ניט אונטערשיידן פון די אָנשווינגען פון די=יעניקע, וואָס האָבן אין דעם געגעבענעם מאָמענט געהאַט די דאָמינירנדיקע מאַכט, האָט ער זיך קיינמאָל ניט געשטעלט אויף דעם צד פון די, וואָס זיינען געגאַנגען צוזאַמען מיטן פאָלק און האָבן פאַרשטאַנען, אַז בלויז די אידעע פון גלייכהייט און קאָמוניזם האָט געקענט געבן דער רעוואָלוציע דעם נייטיקן כוח, כדי ענדגילטיק אומצוּוואַרפן די פעאָדאַלע אָרדענונג.

די דאָזיקע מורא פאַר דעם פאָלקס=אויפשטאַנד און זיינע עקאָנאָמישע פאָלגן האָט אַלץ מער געשטויסן די בורזשואַזיע אין די אָרעמס פון דעם קיניגטום און האָט זי אויך געצוואונגען אָנ=צונעמען די קאָנסטיטוציע, וואָס איז אַרויס פון דער קאָנ=סטיטואַנטע, מיט אַלע אירע פעלערן און מיט איר גאַנצער נאָכ=גיביקייט לגבי דעם קיניג. אָנשטאָט צו גיין פאָראויס מיט דעם וועג פון די רעפּובליקאַנישע אידעען, איז די בורזשואַזיע מיט די „אינטעלעקטועלע” געגאַנגען מיט אַ פּונקט פאַרקערטער ריכטונג. בעת אין 1789 מערקט זיך אין די האַנדלונגען פון דעם דריטן שטאַנד דער גייסט, וואָס איז דורך=און=דורך רעפּובליקאַניש און דעמאָקראַטיש, ווערט דער זעלביקער שטאַנד איצט, אויף וויפל דאָס פאָלק האָט אַרויסגעוויזן זיינע קאָמוניסטישע און גלייכהייטלעכע נייגונגען, דער פאַרטיידיקער פון דער מאָנאַרכיע, בשעת=ווען אַזעלכע טרייע רעפּובליקאַנער, ווי פּען און קאָנדאָרסע, זיינען צווישן דעם געבילדעטן בירגערטום געווען אַ פאַרשווינדנדיקע מינדערהייט. וואָס מער דאָס פאָלק איז געוואָרן רעפּובליקאַניש, אַלץ מער האָבן די „אינטעלעקטואַליסטן” זיך געקערט צו דער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע.

דעם 13טן יוני 1792, כמעט מיט אַ וואָך פאַר דעם, איידער דאָס פאָלק האָט זיך אַריינגעריסן אין טויִלרי, האָט ראָבעספּיער נאָך געדונערט קעגן דער רעפּובליק. „אומזיסט — האָט ער אויס=גערופן אין דעם טאָג, — שטרעבט איר צו פאַרפירן די צעהיצטע און ווייניקער באַוואוסטזיניקע מוחות דורך דעם לאָק=מיטל פון אַ זייער ליבעראַלער רעגירונג, ווי אויך מיט דורך נאָמען רע=

פּובליק: דאָס אָפּשאַפן די קאָנסטיטוציע וואָלט אין אזא מאָמענט אַרויסגערופן אַ בירגער-קריג און וואָלט אונז געבראַכט צו אַנאַרכיע און צו דעספּאָטיזם".

צי האָט ער טאַקע מורא געהאַט פאַר דער אויפריכטונג פון דער אַריסטאָקראַטישער רעפּובליק, ווי עס איז משער לוי בלאַנק? זייער מעגלעך; אונז דוכט זיך, אז ער, וואָס האָט ביז איצט קאַטעגאָריש פאַרטיידיקט דעם אייגנטום, האָט זיך אין דעם מאָמענט דערשראָקן, ווי כמעט אַלע יאַקאָבינער, פאַר דעם צאָרן פון פאָלק, פאַר זיינע עקספּערימענטן „אויסצוגלייכן דאָס אייגנטום" (די „אַנטאייגענונג", וואָלטן מיר היינט געזאָגט). ער האָט זיך דערשראָקן, די רעוואָלוציע זאָל זיך ניט צעקלאַפּן אָן די קאָמוניסטישע עקספּערימענטן. יעדנפאַלס איז זיכער, אז סאַמע ערב דעם 10טן אויגוסט, אין דעם מאָמענט ווען די גאַנצע רעוואָלוציע איז, ניט קיין פאַרענדיקטע, אָן אָפּגעהאַלטענע אין איר רעכטן שוואונג און אַ באַדראָטע פון טויזנטער פאַרשווערונגען, געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגע-צייכן און קיין זאַך האָט זי ניט געקענט ראַטעווען, סיידן מען זאָל די אַנאַרכיע באַזייטיקן דורך אַ פאָלקס-אויפשטאַנד — סאַמע דעמאָלט האָט ראָבעספּיער, ווי אַלע איבעריקע יאַקאָבינער, בעסער געדופן אונטערצושטיצן דעם קיניג און זיין הויף, איידער נאָכאַמאָל צו אַפּעלירן צו דער רעוואָלוציאָנערער באַגייסטערונג פונן פאָלק. פּונקט דאָס זעלבע, ווי די היינטיקע איטאַליענישע און שפּאַנישע רעפּובליקאַנער, וואָס ווילן בעסער דאָס צוריקקערן זיך צו דער מאָנאַרכיע, איידער רופן צו אַ פאָלקס-רעוואָלוציע, וואָרעם זי וואָלט זיכער געטראָגן אויף זיך אַ קאָמוניסטישן שטעמפּל. די געשיכטע חזרט זיך כסדר איבער — און ניט איין מאָל וועט זי זיך נאָך איבערחזרן, ווען רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך וועלן אָנהייבן זייערע גרויסע רעוואָלוציעס.

* *
*

די מוחות פון די פּאָליטיקער פון יענער צייט האָט שטאַרק געמוזט באַאומרויִקן דער פאַקט, וואָס אין דער זעלבער צייט, אין יולי 1792, האָט דער רעוואָלוציע געדראָט אַ גרויסע ראַיאָליסטישע

פאַרשווערונג, וואָס איז פון אַ לאַנגער צייט צוגעגרייט געוואָרן. די דאָזיקע פאַרשווערונג האָט געזאָלט אונטערגעשטיצט ווערן דורך אַן אויפשטאַנד אויף דרום און מערב, וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן אין אַ ברייטן פאַרנעם, ביי דער גלייכצייטיקער אינוואַזיע פון דעם דייטשן, ענגלישן, סאַרדינישן און שפּאַנישן חייל.

אַזוי האָט לאַפאַיעט — אין תּוך אַ ראָיאַליסט — אין יוני 1792, גלייך ווי דער קיניג האָט געגעבן דימיסיע די דריי זשיראָנדיסטישע מיניסטאָרן (ראָלאַן, קלאַוויער און סערוואַן), ארויסגעשיקט זיין באַרימטן בריוו צו דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג (דאַטירט דעם 18טן יוני), מיט אַ פאָרשלאָג דורכצופירן אַ מלוכה־פאַרשווערונג קעגן דער רעוואָלוציע. ער האָט אָפן געפאָדערט אָפּצורייניקן פראַנקרייך פון די רעוואָלוציאָנערן, און האָט צוגעגעבן, אַז אין דער אַרמיי זיינען די „פּרינציפּן פון פרייהייט און גלייכהייט טייער און רעספּעקטירט דורך די געזעצן, און דאָס „אייגנטום" איז הייליק — ניט אַזוי ווי אין פּאַריז, אַ שטייגער, אין דער קאָמונע און ביי די קאָרדעליערן, וואו מען האָט זיך דערוועגט עס צו אַטאַקירן!"

ער האָט געשטרעבט — און דאָס באַווייזט, ווי טיף די רעאַקציע האָט געלאָזן וואָרצלען — אַז די קיניגלעכע מאַכט זאָל זיין אומבאַגרענעצט... 

אומבאַוירלעך און אומאָפּהענגיק. ער האָט פאַרלאַנגט אַ קיניג, וואָס זאָל זיין אַרומגערינגלט מיט כּבוד — און דאָס נאָכדעם, ווען דער קיניג איז אַנטלאָפן קיין וואַרען, און דאָס דענסטמאָל, ווען טוילרי האָט צוגעגרייט אַ גרויסע ראָיאַליסטישע פאַרשווערונג, און דער קיניג האָט געפירט אַ לעבעדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט עסטרייך און מיט פּרייסן און האָט געוואַרט פון זיי זיין „באַפרייונג". די פאַרזאַמלונג האָט ער טראַקטירט אַמאָל מיט מערער, אַמאָל מיט ווייניקער פאַראַכטונג, געווענדט אָן די ידיעות, וועלכע ער האָט דערהאַלטן וועגן די מעשים פון דער דייטשער אינוואַזיע.

און מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז די פאַרזאַמלונג האָט געהאַט בדעה פונאַנדערצושיקן לאַפאַיעטס בריוו אין 83 דעפּאַרטאַמענטן, און אַז נאָר אַדאַנק דעם מאַנעווער פון די זשיראָנדיסטן איז ניט געקומען דערצו. גאָרדע האָט געהאַלטן, אַז דער

דאָזיקער בריוו איז אַ פֿאַלסיפֿיקאַט, און אַז ער קען ניט שטאַמען פֿון לאַפֿאַיעטן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן כּמעט צוויי חדשים פֿאַר דעם 10טן אויגוסט.

פּאַריז האָט צו יענער צייט געשוועבלט מיט ראָיאַליסטישע פֿאַרשווערער. די עמיגראַנטן האָבן אַרומגעוואַנדערט גאַנץ פֿריי צווישן קאָבלענץ און טויִלרי, וואו דער הויף האָט זיי אויפֿגענומען זייער גאַסטפֿריינדלעך און האָט זיי געגעבן געלט. „טויזנט „פֿריילעכע הייזלעך" זיינען געוועזן אָפֿן פֿאַר די פֿאַרשווערער, זאָגט שאָמעט, דער דעמאָלטיקער פּראָקוראָר פֿון דער פּאַריזער קאָמונע *. די דעפּאַרטאַמענטאַלע פֿאַרוואַלטונג, וואָס האָט געהאַט ביי זיך טאַלעיראַנען און לאַ-ראָשפֿוקאָן, איז געוועזן אינגאַנצן פֿאַרן קיניג. דער מוניציפּאַליטעט, אַ היבשער טייל פֿרידנס-ריכטער, די „מערהייט פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, איר גאַנצער גענעראַלשטאַב, זיינען געוועזן איבערגעגעבן דעם הויף און האָבן אים געדינט פֿאַר טראַבאַנטן און העראָלדן אין זיינע דעמאָלטיקע אָפּטעאַרויספֿאָרן (דער 21סטער יוני איז שוין אַלזאָ ניט פֿאַרזונקען אין פֿאַרגעסנהייט) און אויך בעת די פֿאַרשיידענע פֿאַרוויילונגען", זאָגט שאָמעט.

דער מיליטערישער צוג פֿון דעם קיניג, וואָס איז דער עיקר באַשטאַנען פֿון די אַמאָליקע גוואַרדיע-קאָרפּוס, פֿון די געוועזענע עמיגראַנטן און פֿון יענע העלדן פֿון 28סטן פֿעברואַר 1791, וואָס זיינען באַקאַנט מיטן נאָמען די „ריטער פֿון שפּיז", האָט אויפֿגערייצט דאָס פֿאָלק מיט זיין חוצפּה, האָט באַליידיקט די פֿאָלקספֿאַרשטייערשאַפֿט און האָט אָפֿן גערעדט וועגן די מיטלען, וואָס מען האָט באַדאַרפֿט אָננעמען צו אונטערדריקן די פֿרייהייט".

---

* Memoires sur la Révolution 1792, דורך פּ. א. אָלאַר, פּאַריז 1793. שאָמעט באַשולדיקט אַפֿילו דעם דעפּאַרטאַמענט-דירעקטאָריום, אַז ער האָט דורכגעפֿירט זעכציק טויזנט קאָנטררעוואָלוציאָנערן, אַז ער האָט זיי באַזאָרגט מיט קוואַרטיר און קעסט. כּמעט די ציפֿער זעכציק טויזנט קען אַפֿילו אַמאָל אויסקומען איבערטריבן, איז אָבער בלי שום ספֿק, אַז אַ גרויסער טייל קאָנטררעוואָלוציאָנערן האָט זיך אָנגעזאַמלט אין פּאַריז.

די מאָנאַכן און די נאָנעס און אַ גרויסע צאָל גלחים האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער קאָנטררעוואָלוציע *.

וואָס שייך, ווידער, דער פאַרזאַמלונג, כאַראַקטעריזירט זי שאַפּעט אַזוי: די פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט ניט געהאַט — ניט קיין כּוח, ניט קיין אויטאָריטעט, צעשפּאָלטן, דערנידעריקט אין די אויגן פון אייראָפּע דורך אירע קליינלעכע און פאַרביטערטע דעבאַטן, איז באַליידיקט געוואָרן דורך דעם אומפאַרשעמטן הויף, און אויף זיין פאַראַכטנדיקער באַציִונג צו איר האָט זי געענטפערט מיט אַ טאָפּעלער הכנעה, אָן קראַפט און אָן שטאַרקן ווילן”.

מיט אַן אמת, אפילו דער הויף האָט געמוזט פאַראַכטן אַזאַ פאַרזאַמלונג, וואָס האָט שעהן־לאַנג דיסקוטירט, פון וויפל מיטגלידער דאַרף באַשטיין די דעלעגאַציע, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צום קיניג, און צי מען דאַרף זיי עפענען ביידע טירפליגלען אָדער בלויז איינעם — אַזאַ פאַרזאַמלונג, וואָס האָט, ווי שאַמעט האָט ריכטיק באַמערקט, געפּטרט צייט אויף אויסצוהערן דעקלאַמאַטאָרישע באַריכטן, וואָס האָבן זיך שטענדיק געענדיקט מיט אַ טריי־אונטערטעניקדיקן אדרעס צום קיניג!

אין דער זעלבער צייט איז דער גאַנצער מערב און דרום־מערב — אַזש ביז אַזאַ רעוואָלוציאָנערער שטאָט, ווי מאַרסעל — באַאַרבעט געוואָרן דורך געהיימע ראָיאַליסטישע קאָמיטעטן, וואָס האָבן אין די שלעסער געזאַמלט געווער, האָבן ווערבירט אָפיצירן און סאָלדאַטן און האָבן זיך אויך געגרייט אַ וואָרף טאָן צום סוף יולי אויף פּאַריז אַ מעכטיקע אַרמיי אונטער דער פירונג פון קאָמאַנדירן, וואָס זיינען געקומען פון קאָבלענץ.

די דאָזיקע באַוועגונגען אויף דרום זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז ס׳איז נייטיק צו געבן כאָטש אַן אַלגעמיינעם איבערבליק וועגן זיי.

---

* וועגן דער דאָזיקע פּאַסירונג האָט מען דעמאָלט גערעדט אין גאַנץ פּאַריז, און זי איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן דורך מאַדאַם זשוליען: „די אויפזעערין פון די „גרויע שוועסטער” האָט פאַרלאָרן איר פּאָרטפעל, וועלכן מע האָט געפונען און געעפנט אין ראָטהויז. ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז פון דעם 1טן יאַנואַר האָבן זיי אַרויסגעשיקט די עמיגראַנטן 48,000 ליווער”.

## איין=און=דרייסיקסטער קאַפּיטל.

# די קאָנטררעוואָלוציע אויף דרום.

די לאַגע אין די פּראָווינצן. — קאָבלענץ דער צענטער פון די ראָיאַליסטישע פאַרשווערונגען. — די ראָיאַליסטן באַקומען געלט פון פּיטן און הילף פון אַנדערע מלוכות. — אויפשטאַנדן און קעגן=אויפשטאַנדן אין די פּראָווינצן.

בעת מיר שטודירן די גרויסע רעוואָלוציע, ווערן מיר אַזוי פאַרכאַפּט פון די גרויסע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין פּאַריז, אַז ביי אונז איז רעכט צו גרינגשעצן די לאַגע אויף דער פּראָווינץ און דעם כוח, וואָס די קאָנטררעוואָלוציע האָט דאָרטן דעמאָלט באַזעסן. און כוח איז דאָך נאָך דאָרטן געווען אָן אַ שיעור. גאַנצע יאָרהונדערטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און די אינטערעסן פון דעם געגעבענעם מאָמענט האָבן אים פאַרפעסטיקט. מען דאַרף אים שטודירן, כדי צו איבערצייגן זיך, ווי קליין עס איז די קראַפט פון אַ דעפּוטאַטן=פאַרזאַמלונג בעת אַ רעוואָלוציע, ווען זי זאָלן אפילו זיין באַגייסטערט — וואָס דאָס איז אוממעגלעך — מיט די בעסטע כוונות. אויב עס האַנדלט זיך וועגן דעם קאַמף אין יעדער שטאָט און דאַרף קעגן דער פריערדיקער מאַכט, וואָס אָרגאַניזירט זיך פונדאַסניי נאָך דעם, ווי עס גייט אריבער דער מאָמענט פון פאַרווירונג, כדי אָפּצוהאַלטן די רעוואָלוציע, זיינען די רעוואָלוציאָנערן דער איינציקער כוח, וואָס קען מיט זיין אומדירעקטן דרוק שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

מע וואָלט באַדאַרפט אָפּגעבן יאָרן אויף שטודירן די לאָקאַלע אַרכיוון, כדי צו קענען באַשרייבן אַלע ראָיאַליסטישע באַוועגונגען בעת דער גרויסער רעוואָלוציע. דאָך וועלן מיר דורך איניקע עפּיזאָדן קענען באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם אַלגעמיינעם בילד.

וועגן דעם אויפשטאַנד פון וואַנדעע ווייסן מיר מער אָדער ווייניקער גענוי. פונדעסטוועגן זיינען מיר צו שנעל געניגט צו גלויבן, אַז דווקא דאָרטן, צווישן דער האַלב=ווילדער באַפעלקערונג, וואָס איז פול געווען מיט רעליגיעזן פאַנאַטיזם, האָט זיך געפונען דער

[איינציק=וויכטיקער נעסט פון דער קאנטררעוואלוציע. אויף דרום האט דאך אבער עקסיסטירט פונקט אזא מין נעסט, און נאך אסך אשרעקלעכערער, ווייל די דערפער, אויף וועלכע די ראיא= ליסטן האבן זיך געשטיצט, כדי אויסצונוצן דעם רעליגיעזן האס פון די קאטוילן קעגן די פראטעסטאנטן, האבן זיך געפונען הארט לעבן אנדערע דערפער און גרויסע שטעט, וואס האבן געהאט געשפילט א גרויסע ראלע אין דער רעוואלוציע

אט מיט די אלע פארשיידענע באוועגונגען האט מען אנגע= פירט פון קאבלענץ, א דייטש שטעטל, וואס האט זיך געפונען אין דעם טרעווירער קורפירשטנטום, וואס איז געווארן דער הויפט= צענטער פון דער ראיאליסטישער עמיגראציע.

פון זומער 1791, ווען אין דעם דאזיקן ארט האט זיך באַ= זעצט גראף ד'ארטוא (וואס אים האט תיכף נאכגעפאלגט דער געוועַ= זענער מיניסטער קאלאן, און שפעטער דעם קיניגס צווייטער ברודער גראף דע פראוואנס), איז ער געווארן א צענטרא= לער פונקט פון די ראיאליסטישע פארשווערונגען. פון דארטן פלעגן קומען די עמיסארן, וואס האבן אין גאנץ פראנקרייך ארגא= ניזירט אויפשטאנדן קעגן דער רעוואלוציע. זיי האבן אומעטום ווערבירט זעלנער קיין קאבלענץ; אפילו אין פאריז גופא האט דער רעדאקטאר פון דער „פאריזער צייטונג" אפן אנגעבאטן 60 ליווער פאר יעדן ווערבירטן זעלנער. אין א געוויסער צייט ארום האט מען די דאזיקע לייט גאנץ אפן אוועקגעשיקט תחילת קיין מעץ און דערנאך קיין קאבלענץ. „אנדערע קרייזן פון דער געזעלשאפט האבן תיכף נאכגעטאן זייער ביישפיל", זאגט ערנסט דאדע אין זיין שטודיום וועגן די „ראיאליסטישע פארשווערונגען" אויף דרום; דער אדל האט נאכגעמאכט די פירשטן און פיל מענטשן פון דעם בירגערטום און פון די נידעריקע קלאסן האבן נאכגעמאכט דעם אדל. מע האט עמיגרירט פון מאדע=וועגן, אוים נויט אדער צוליב מורא. א געוויסע יונגע פרוי האט זיך אויפגעטראפן אין דיליזשאנס מיט א געהיים=אגענט פון דער רעגירונג, און ווען ער האט ביי איר געפרעגט נאך וואס זי פארט, האט זי געענטפערט: איך בין

אַ שניידערקע; מיינע באַשטעלער זיינען ארויסגעפאָרן קיין דייטש־לאַנד; מוז איך דעריבער עמיגרירן, כדי זיי אויפצוזוכן".

ארום די ברידער פון דעם קיניג האָט זיך געבילדעט אַ גאַנצער הויף מיט מיניסטאָרן, שאַמבעלאַנען, מיט אָפיציעלע אויפנאַמעס, און גלייכצייטיק אויך מיט אַלע אינטריגעס און קליינ־לעכקייטן. די אייראָפּעיִשע הערשער האָבן אָנערקענט דעם דאָזיקן הויף, האָבן אונטערהאַנדלט מיט אים און געמאַכט מיט אים פאַר־שווערונגען. די גאַנצע צייט האָט מען דאָרטן געוואַרט אויף לוד־וויק דעם XVI, אַז ער זאָל קומען און זיך שטעלן בראש פון דעם עמיגראַנטישן חייל. מען האָט זיך געריכט אויף אים אין 1791, בעת זיין אַנטלויפן קיין וואַרען, און שפּעטער אין נאָוועמבער 1791 און יאַנואַר 1792. ענדלעך איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוגרייטן אַ גרויסן קלאַפּ אויף יולי 1792, ווען די ראָיאַליסטישע אַרמיי פון מערב און דרום, אונטערגעשטיצט דורך דעם ענגלישן, דייטשן, סאַרדינישן און שפּאַנישן חייל, האָבן זיך באַדאַרפט אַ וואָרף טאָן אויף פּאַריז, אויפהייבן אויפן וועג ליאָן און אַנדערע גרויסע שטעט; דערווייל האָבן די ראָיאַליסטן פון פּאַריז באַדאַרפט, פון זייער זייט, דערלאַנגען אַ גרויסן קלאַפּ, פונאַנדערטרייבן די פאַרזאַמלונג און באַשטראָפן די „פאַרביסענע, אָדער די יאַקאָבינער". „אומקערן דעם קיניג דעם טראָן", דאָס הייסט מאַכן ווידער פון אים אַן אַבסאָלוטן קיניג, איינפירן צוריק די אַלטע אָרדענונג, וואָס האָט עקסיסטירט אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט צונויפ־גערופן די גענעראַל־שטאַטן — דאָס איז געווען זייער הייסער וואונטש. און ווען דער פּרייסישער קיניג, וואָס איז געווען קליגער פון יענע געשפּענסטער פון ווערסאַל, האָט זיך געווענדעט צו זיי מיט דער פראַגע: „צי וואָלט ניט געווען יושרדיק און פּאָרנינפטיק, צו ברענגען דעם פאָלק אַלס קרבן איניקע מיסברויכן פון דער פריערדיקער רעגירונג", האָט ער בעקומען אַן ענטפער: „ליכטיק־סטער האַר, קיין איין ענדערונג, קיין איין חסד" (דאָקומענט פון די אַרכיוון פון דעם אויסלאַנד־מיניסטעריום, געבראַכט דורך ע. דאָדע).

אַלע אינטריגעס, אַלע רכילות, אַלע געפילן פון קנאה, וואָס

זיינען געוועזן אזוי כאראקטעריסטיש פאר ווערסאל, טרעפן מיר אויך אין קאָבלענץ. יעדערער פון דיביידע ברידער האָט געהאַסט זיין הויף, זיין אָפיציעלע געליבטע, זיינע פריינט און זיין חברשן קרייז, וואו די אדעליקע פוסט=און=פאַסטניקעס האָבן זיך דערווילע פארנומען מיט רכילות, וואָס זיינען געוואָרן אלץ גיפטיקער, וואָס אָרעמערער דער אדל איז געוואָרן.

אָרום דעם דאָזיקן צענטער האָבן זיך איצט אָפּן פאר אלעמען אין די אויגן געדרייט די פאנאַטישע גלחים, וואָס האָבן געוואָלט בעסער א בירגער=קריג, איידער אונטערגעבן זיך דער קאָנסטיטוציע, ווי די נייע דעקרעטן האָבן עס פארלאנגט; דאָ זיינען אויך געוועזן די אדעליקע אוואנטוריסטן, וואָס האָבן זיך ליבערשט געכאַפּט צו פארשווערונגען, אָנשטאָט צוגעוויינען זיך צו דעם פארלוסט פון זייער פריווילעגירטער לאגע. זיי זיינען געקומען קיין קאָבלענץ, האָבן באַקומען פאר זייערע אינטריגעס א פארמעלע באַשטעטיקונג פון די פירשטן און רוים, דערנאָך האָבן זיי זיך אומגעקערט אין דער בערגיקער געגנט פון סעוואן אָדער קיין וואנדעע, כדי פונאנדערצובלאָזן דעם רעליגיעזן פאנאטיזם פון די פויערים און אָרגאניזירן א ראָיאליסטישן אויפשטאנד.

די היסטאָריקער, וואָס סימפּאַטיזירן מיט דער רעוואָלוציע, גייען אפשר צו שנעל אריבער צו דער טאָג=אָרדנונג איבער דעם דאָזיקן ווידערשטאנד פון דער קאָנטררעוואָלוציע, וואָס קען אמאָל אויסווייזן, אז דער היינטיקער לעזער באַטראַכט אים פאר א זאך פון עטלעכע פאנאַטיקער, מיט וועלכע די רעוואָלוציע האָט זיך שנעל אָפּגעפּאַרטיקט.

אין דער אמתן אָבער האָבן די ראָיאליסטישע אינטריגעס אַרומגעכאַפּט גאנצע פּראָווינצן, און היות פון איין זייט האָבן זיי געפונען אונטערשטיצונג צווישן דעם רייכן בירגערטום, פון דער צווייטער זייט, ווידער, אין דעם רעליגיעזן האַס צווישן די פּראָטעסטאנטן און קאטאָליקן — אזוי איז טאַקע געוועזן אויף דרום — האָבן די רעוואָלוציאָנערן געמוזט קעמפן פאר זייער אייגענעם שוץ מיט די ראָיאליסטן אין יעדן שטאָט און אין יעדן קליינעם דאָרף.

אזוי האָבן די ראָיאליסטן, בעת מען האָט אין פאריז דעם

14טן יולי 1790 געפייערט דעם גרויסן יום=טוב פון דער פעדע=ראַציע, אין וועלכן עס האָט אָנטייל גענומען גאַנץ פראַנקרייך און וועלכער האָט — ווי עס האָט זיך אויסגעדרוקט — פּאַרפּעסטיקט די רעוואָלוציע אויף שטאַרקע קאָמונאַלע יסודות — אָרגאַניזירט אויף דרום=מזרח אַ געזעלשאַפט פון קאָנטררעוואָלוציאָנערן.

דעם 18טן אַווגוסט פון דעם זעלבן יאָר האָבן קרוב 20,000 פּאַרשטייער פון 185 געמיינדעס פון דער פּראָווינץ וויוואַרע זיך אויפגעזאַמלט אין דעם פּליין זשאַל. אַלע האָבן געטראָגן אַ ווייסן צלם אויפן הוט. אָנגעפירט פון דעם אַדל, האָבן זיי אין דעם טאָג געלייגט די ווינקל=שטיינער פאַר דעם ראָיאַליסטישן פאַראיין פון דרום, וואָס איז פייערלעך קאָנסטרויִרט געוואָרן אין פעברואַר דעם קומענדיקן יאָר. דער דאָזיקער פאַראיין האָט צוערשט צוגע=גרייט אַ ריי אויפשטאַנדן אויף זומער 1791, און דאַן דעם גרויסן אויפשטאַנד, וואָס האָט באַדאַרפט אויסברעכן אין יולי 1792 און דערלאַנגען אַ טויט=קלאַפּ דער רעוואָלוציע. אַזוי אַרום, האָט דער דאָזיקער פאַראיין פונקציאָנירט צוויי יאָר צייט, פירנדיק אַ רע=גולערע קאָרעספּאָנדענץ אי מיט טויִלרי אי מיט קאָבלענץ. ער האָט געשוואָרן: „אומצוקערן דעם קיניג זיין רום, די גייסטלעכע— זייערע גיטער, דעם אַדל — זיינע ראַנגען”. און ווען זיינע ערשטע פּרווון האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט, האָט ער אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון קלאָד אַליע, דער הויפּט=גלח פון שאַמבאָנאַז, אַ ברייט=פאַרצווייגטע פאַרשווערונג, וואָס האָט געזאָלט אַרויס=שטעלן איבער 50,000 מענטשן, געפירט פון אַ גרויסער צאָל גלחים, מאַרשירט אונטער אַ ווייסער פאָן, אונטערשטיצט פון סאַר=דיניע, שפּאַניע, עסטרייך, האָט זיך די דאָזיקע אַרמיי באַדאַרפט לאָזן אויף פּאַריז, צו באַפרייען דעם קיניג, צו צעטרייבן די פאַר=זאַמלונג און באַשטראָפן די פּאַטריאָטן.

אין לאָזער האָט דער נאָטאַריוס שאַריער, דער געוועזענער מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַן אַדעליקער און האָט איבערגענומען די הויפּט=קאָמאַנדע פון גראַף ד׳אַרטואַ, אָרגאַניזירט עפנטלעך אַ קאָנטר=רעוואָלוציאָנערע מיליץ און האָט אַפילו פאַרמירט אַרטילעריע.

שאַמבערי, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו דעם סאַרדינישן קיניגרייך, איז געווען אַ צווייטער עמיגראַנטישער צענטער. בוסי האָט דאָרטן אַפילו געשאַפן אַ ראָיאַליסטישן לעגיאָן, וואָס האָט אונטערן פרייען הימל זיך געאיבט אינמיטן העלן טאָג. אַזוי האָט זיך אָרגאַניזירט די קאָנטררעוואָלוציע אויף דרום, בעת אויף מערב האָבן די גייסטלעכע און די פריצים צוגעגרייט מיט דער הילף פון ענגלאַנד דעם אויפשטאַנד אין וואַנדעע. זאָל מען אונז ניט איינשמועסן, אַז די דאָזיקע פאַרשווערער, און די קאָנפעדעראַציעס זיינען ניט געווען צאָלרייך. דען אויך די רעוואָלוציאָנערן — יעדנפאַלס די, וואָס זיינען געווען אַנטשלאָסן צו האַנדלען — זיינען ניט געווען צאָלרייכער. אין יעדער פאַרטיי זיינען די מענער פון טאַט אומעטום אַן אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט. דאָך אָבער, אַדאַנק דער אָנמעכטיקייט, אַדאַנק די פאָראורטיילן, דעם געלט און דער רעליגיע, האָט די קאָנטררעוואָלוציע באַהערשט גאַנצע פראָווינצן. דעריבער קען אונז בלויז די שרעקלעכע מאַכט פון דער רעאַקציע, און ניט די בלוטדאָרשטיקייט פון די רעוואָלוציאָנערן דערקלערן די אכזריותדיקייט פון דער רעוואָלוציע אין די יאָרן 1793 און 1794, ווען זי האָט זיך געמוזט לאָזן אויף דער לעצטער אָנשטרענגונג, כדי צו באַפרייען זיך פון די צוואַנגען, וואָס האָבן זי געשטיקט.

צי האָבן די אָנהענגער פון קלאָד אַליע, וואָס זיינען געווען גרייט צו כאַפּן זיך פאַר דעם געווער, ווירקלעך דערגרייכט די צאָל 60.000, ווי ער האָט אַליין פאַרזיכערט בעת זיינע באַזוכן אין קאָבלענץ, איז אַ גרויסער ספק. דאָס איז אָבער זיכער, אַז אין יעדער שטאָט אויף דרום האָבן זיך געצויגן אומאויפהערלעכע קאַמפן צווישן די רעוואָלוציאָנערן און די שונאים פון דער רעוואָלוציע, בשעת וועלכע די וואָגשאָל פון נצחון האָט זיך געבויגן דאָס אין איין זייט, דאָס אין דער צווייטער.

אין פערפיניאַן האָבן דער ראָיאַליסטישער חייל זיך געגרייט צו עפענען די גרעניצן פאַר די שפּאַנישע אַרמייען. אין אַרל האָט אין דעם לאָקאַלן קאַמף צווישן די פּאַטריאָטן און די קאָנטררעוואָלוציאָנערן דאָס גליק תחילת געשמייכלט צו די

לעצטע. געוואָרנט — זאָגט אַ געוויסער שרייבער — אַז די מאַרסעליער אָרגאַניזירן קעגן זיי אַן עקספּעדיציע; אַז כּדי צו זיין גרייט צו דער מלחמה, האָבן זיי אַפילו צעראַבירט דעם אַרסענאַל פון מאַרסעל — האָבן זיי זיך געגרייט צו אַ ווידערשטאַנד, האָבן געמאַכט באַפעסטיקונגען, האָבן פּאַרטיפיצירט די טויערן פון זייער שטאָט, האָבן געגראָבן גראָבנס לענג אויס די ווענט, כּדי צונישט צו מאַכן די אָנשטרענגונגען פון די פּאַטריאָטן".

די דאָזיקע ווערטער, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון ערנעסט דאָרעס בוך *, זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש. זיי גיבן אַ בילד פון דעם, וואָס עס האָט זיך געטאָן כּמעט אין גאַנץ פראַנקרייך. עס זיינען געווען נייטיק פיר יאָר רעוואָלוציע, דאָס הייסט, ס'איז געווען נייטיק, אַז פאַר דער צייט זאָל ניט זיין קיין שטאַרקע רעגירונג, און ס'זיינען געווען נייטיק אומאויפהערלעכע קאַמפן מצד די רעוואָלוציאָנערן, כּדי מער אָדער ווייניקער צו פּאַראַליזירן די רעאַקציע. אין מאָנפּעליע זיינען די פּאַטריאָטן געווען געצוואונגען צו שאַפן אַ ליגע, כּדי צו שיצן קעגן די ראָיאַליסטן די-יעניקע גלחים, וואָס האָבן געשוואָרן טרייהייט דער קאָנסטיטוציע, ווי אויך די פּערזאָנען, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער תּפילה פון די געשוואוירענע גלחים. ניט איינמאָל זיינען געקומען צו גאַסן-קאַמפן. אין לונעל (אין דעפּאַרטאַמענט הערע), אין איסינזשאָ (אין דעפּאַרטאַמענט האָלואַר), אין מאָד, איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע. ביידע צדדים האָבן געקעמפט מיט גרויס פאַרביטערונג. אייגנטלעך האָבן זיך אין יעדער שטאָט פון די דאָזיקע געגנטן געפירט די זעלבע קאַמפן צווישן די ראָיאַליסטן, אָדער די אָרטיקע פעליאַנטן און די פּאַטריאָטן, און שפּעטער צווישן די זשיראָנדיסטן און די „אַנאַרכיסטן". מען קען דרייסט זאָגן, אַז אין דעם גרעסטן טייל שטעט פון מיטל און מערב פראַנקרייך האָבן די רעאַקציאָנערן באַקומען די אייבערהאַנט; אַז די רעוואָלוציע האָט געפונען אַ וויכ-

* Histoire des conspirations royalistes du Midi sous la Révolution, פּאַריז, 1881. דאָדע איז אַ מעסיקער, אָדער, בעסער געזאָגט — אַ רעאַקציאָנער. אָבער דער שטודיום שטיצט זיך אויף דאָקומענטן, און חוצדעם האָט ער שטודירט די לאָקאַלע אַרכיוון.

טיקע שטיצע בלויז אין אַ וועלכע דרייסיק דעפּאַרטאַמענטן אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון דריי. און וואָס נאָך ערגער: די רע־וואָלוציאָנערן גופא האָט דאָס רוב אויסגעפעלט מוט און בלויז גאַנץ לאַנגזאַם האָבן זיי באַשלאָסן ניט אונטערצוגעבן זיך די קאָנטררעוואָלוציאָנערן, און אויף אַזוי פיל, אויף וויפל די גע־שעענישן האָבן זיי געלערנט צו האַנדלען רעוואָלוצינער.

אין די אַלע שטעט האָבן די קאָנטררעוואָלוציאָנערן געשלאָסן יד־אחת. די רייכע האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע טויזנטער מיטלען, וועלכע די פּאַטריאָטן האָבן אַבסאָלוט ניט געהאַט. זיי האָבן געקענט בייטן זייער וואוינאָרט, זיי האָבן געקענט פאַר־שטענדיקן זיך מיט דער הילף פון עמיסאַרן, באַהאַלטן זיך אין זייערע שלעסער, זאַמלען דאָרטן געווער. אמת, אויך די פּאַט־ריאָטן האָבן קאָרעספּאָנדירט מיט די פּאָלקס־געזעלשאַפטן און ברודערשאַפטן פון פּאַריז, מיט די געזעלשאַפטן פון די אָרעמע און אויך מיט די מוטער־פאַראייניגען פון די יאַקאָבינער; זיי זיינען אָבער געווען אַזוי אָרעם! זיי האָבן ניט געהאַט ניט קיין געווער און ניט קיין מיטלען, זיי זאָלן קענען בייטן זייער אָרט.

און חוצדעם, איז אַלץ, וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן קעגן דער רעוואָלוציע, אונטערשטיצט געוואָרן דורך אויסלאַנד. ענגלאַנד האָט שטענדיק געפירט אַזאַ פּאָליטיק, וואָס זי פירט נאָך ביז היינטיקן טאָג: זי שטרעבט אָפּצושוואַכן אירע קעגנער דורך שאַפן שטרייטנדיקע פּאַרטייען אין זייערע לענדער גופא מיט דער הילף פון געלט. „פּיטס גאָלד" איז אַבסאָלוט ניט געווען קיין לעגענדע. להיפך! אַדאַנק דעם דאָזיקן גאָלד, האָבן די ראָיאַליסטן געקענט פריי אַריבערקומען פון זשאַרסעי, זייער צענטראַל־פּונקט און געווער־לאַגער, קיין סען־מאַליאָ און נאַנט. אין אַלע גרויסע פּאָרטן פון פראַנקרייך, קודם־כל אין סען־מאַליאָ, נאַנט און באָרדאָ, האָט דאָס ענגלישע גאָלד געוואונען אָנהענגער און האָט אונטערגעשטיצט אַלע שפּעקולאַנטן און וואָכערניקעס, וואָס האָבן זיך געווענדט קעגן דער רעוואָלוציע. די רוסישע קייזערין קאַטערינע די צווייטע האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון פּיטן. אייגנטלעך, זיינען אַלע אייראָפּעיִשע מאָנאַרכיעס ניט געזעסן ליידיק. אין ברעטאַניע,

וואַנדעע, באָרדאָ, טולאָן האָבן די ראָיאַליסטן גערעכנט אויף ענגלאַנד, אין עלזאַס און לאָטרינגיע — אויף דייטשלאַנד, אין דרום ווידער — אויף דער באַוואָפנטער הילף, וואָס איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן מצד סאַרדיניע, ווי אויך אויף דער שפּאַנישער אַרמיי, וואָס האָט זיך געזאָלט אַרויסזעצן אין עג-מאָרט. די מאַלטער קאַוואַלעריע האָבן אויך געזאָלט אונטערשטיצן די דאָזיקע עקספּעדיציע מיט צוויי קריגס-שיפן.

אָנהייב 1792 זיינען די דעפּאַרטאַמענטן לאָזער און אַרדעש, וואו עס האָבן זיך געהאַט אויפגעזאַמלט די רעאַקציאָנערע גלחים, געווען באַדעקט מיט אַ נעץ פון ראָיאַליסטישע פאַרשווערונגען, וואָס זייער צענטער איז געווען מענד, אַ חרוב שטעטל אין דער פּראָווינץ וויוואַרע, וואו די באַפעלקערונג איז געווען זייער צוריקגעשטאַנען, און די געמיינדע-פאַרוואַלטונג איז געלעגן אין די הענט פון די רייכע און דעם אַדל. זייערע עמיסאַרן זיינען געגאַנגען דורך די דערפער און האָבן באַפוילן די פּויערים צו באַוואָפענען זיך מיט ביקסן, קאָסעס, הייגאָפּלען און צו זיין גרייט צו העלפן ביי דעם ערשטן רוף.

אַזוי איז צוגעגרייט געוואָרן די פאַרשווערונג, וואָס מיט איר הילף האָט מען געהאָפט אַרויסרופן אַן אויפשטאַנד אין זשעוואָדאַן און וועלעי און אויך צווינגען וויוואַרע נאָכצוטאָן זייער ביישפּיל.

באמת: פון אַלע ראָיאַליסטישע אויפשטאַנדן, וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין די יאָרן 1791 און 1792, אין פּערפּיניאַן, אַרל, מענד, איסינזשאָ און וויוואַרע, האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן. דער אויסגעשריי: „אַוועק מיט די פּאַטריאָטן" האָט ניט באַוויזן אויפצוזאַמלען אַ גענוגנדיקע צאָל מורדים, און אַזוי אַרום האָבן די פּאַטריאָטן שנעל צעיאָגט די ראָיאַליסטישע באַנדעס. אָבער פאַר די גאַנצע צוויי יאָר האָט זיך דער קאַמף געצויגן אָן אויפהער. ס'זיינען געווען מאָמענטן, ווען דאָס גאַנצע לאַנד האָט געברענט אין פייער פון בירגערקריג און דער אַלאַרם-גלאָק האָט געקלונגען אָן אויפהער אין אַלע אַרומיקע דערפער.

אין אַ געוויסן מאָמענט זיינען די אָפּטיילונגען פון די באַוואָפנטע מאַרסעליער געצוואונגען געווען צו אָרגאַניזירן אין די

דאָזיקע נעגנטן אַן אמתן געיעג אויף די קאָנטררעוואָלוציאָנערן, דערביי האָבן זיי פּאַרכאַפּט אַרל און עג-מאָרט און האָבן גענומען איינפירן די הערשאַפט פון טעראָר, וואָס האָט שפּעטער אויף דרום, אין ליאָן און אַרדעש, אָנגענומען אַזעלכע שאַרפע פאָרמען. וואָס שייך, ווידער, דעם אויפשטאַנד, וואָס גראַף דע-סואַנס האָט אָרגאַניזירט אין יוני 1792, איז ווען ער וואָלט אויסגעבראָכן גלייכ-צייטיק מיט דעם אויפשטאַנד אין וואַנדעע, אין דעם מאָמענט, ווען די דייטשע אַרמייען האָבן מאַרשירט אויף פּאַריז, וואָלט עס געווים געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער אַנט-וויקלונג פון דער רעוואָלוציע, ווען דאָס פאָלק וואָלט שנעל ניט געמאַכט צו אים אַ סוף. צום גליק, האָט דאָס פאָלק גופא גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו אונטערדריקן די קאָנטררעוואָלוציע אויף דרום, בשעת-ווען פּאַריז האָט זיך געגרייט סוף-כל-סוף איינ-צונעמען דעם צענטער פון אַלע ראָיאַליסטישע אינטריגעס — טיוילרי.

## צוויי=און=דרייסיקסטער קאפיטל.

# דער צוואנציקסטער יוני 1792.

דער צושטאנד פון דער רעוואלוציע אנהייב 1792. — דער גרינדונגס-פארזאמלונג פעלט מאכט. — די געזעצגעבערישע פארזאמלונג. — די הכנות פון די קאנטררעוואלוציאנערן. — דאס פאלק באגרייפט די סכנה פון דער רעוואלוציע. — די מורא פאר די יאקאבינער. — גרויסע רעפובליקאנישע דעמאנסטראציעס. — רעפובליקאנישע פירער ווערן ארעסטירט.

פון דאס אלץ, וואס מיר האבן פריער געזאגט, קען מען זען, אין וואס פאר א טרויעריקן צושטאנד די רעוואלוציע האט זיך געפונען אין די ערשטע חדשים פון 1792. בשעת=ווען די רעוואלוציאנערן פון דעם בירגערטום האבן געהאט פארשיידענע מאטיוון צו זיין צופרידן, ווארעם זיי האבן זיך דערשלאגן צו א געוויסן אנטייל אין דער רעגירונג און האבן געלייגט דעם פונדאמענט פאר די גרויסע פארמעגנס, וואס זיי האבן זיך פארמאסטן צו קריגן אין דער צוקונפט מיט דער הילף פון דער מלוכה — האט דאס פאלק דעמאלט געזען, אז פאר אים האט מען גארנישט ניט געטאן. דער פעאדאליזם איז ווייטער געבליבן אין קראפט, און אין די שטעט האט זיך די לאגע פון די מאסן פראלעטאריער מיט ניט קיין סך פארבעסערט. די סוחרים, די וואכערניקעס האבן זיך פארשאפט קאלאסאלע פארמעגנס, אדאנק דעם פאפיר=געלט, דעם פארקויפן פון די גלחישע און געמיינדעגיטער, אלס ליוועראנטן פון דער מלוכה און אלס בערזע=שפעקולאנטן. אבער די פרייזן פון ברויט און אלע נייטיקסטע ארטיקלען זיינען געשטיגן אלץ העכער, און די נויט איז געווארן א שטענדיקער גאסט אין די ארבעטער=קווארטאלן.

דערווייל איז די אריסטאקראטיע ווידער געווארן מוטיק. די פריצים און די גבירים האבן ווידער אויפגעהויבן דעם קאפ און האבן זיך בארימט, אז זיי וועלן באלד ברענגען צום שכל אלע „סאנקילאטן". זיי האבן טאג נאך טאג געווארט אויף דעם נייס וועגן דער דייטשער אינוואזיע, וואס האט מיט טריומף גע=

זאָלט מאַרשירן אויף פּאַריז און צוריקשטעלן די אַלטע אָרדענונג אין איר גאַנצער פּראַכט. אין די פּראָווינצן, ווידער, האָט די רעאַקציע אָרגאַניזירט, ווי מיר האָבן דאָס געזען, אירע אָנהענגער גאַנץ אָפן.

די קאָנסטיטוציע, וואָס דאָס בירגערטום און אַפילו די רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזע אינטעליגענץ האָבן געוואָלט איינהאַלטן פאַר יעדן פּרייז, האָט ווייניק־וואָס געענדערט אין דעם פּרט, בשעת־ווען דער מאַנגל אין וויכטיקע רעפאָרמען האָט זיך ביי אַלעמען שטאַרק געלאָזט שפּירן. די קיניגלעכע מאַכט איז געווען באַגרעניצט, אָבער אין זייער אַ באַשיידענער מאָס. דאָס פאָלק איז געווען פולקום מאַכטלאָז אונטערצונעמען עפּעס קעגן די געוויסע פונקציעס, וואָס די קאָנסטיטוציע האָט איבערגעלאָזן דעם קיניג (די ציוויל־ליסטע, די מיליטער־פירערשאַפט, דאָס אויסוויילן זיך מיניסטאָרן, דער וועטאָ און אַז. וו.), קודם־כל אָבער מחמת דער אינעווייניקסטער אָרגאַניזאַציע פון פראַנקרייך, וואָס האָט איבערגעגעבן אַלץ אין די הענט פון די פריערדיקע באַאַמטע און די רייכע.

קיינער וועט געוויס ניט חושד זיין די נעזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג אין ראַדיקאַליזם; ס'איז בלתי שום ספק, אַז אירע דעקרעטן וועגן די פעאָדאַלע שטייערן אָדער וועגן די גלחים, טראָגן אויף זיך אַ שטעמפּל פון דורכאויס בורזשואַזער מעסיקייט. אָבער אַפילו די דאָזיקע דעקרעטן האָט דער קיניג ניט געוואָלט אונטערשרייבן. יעדערער האָט געשפּירט, אַז ער לעבט פון טאָג אויף טאָג, און ביי אַזעלכע באַציִונגען, וואָס מען קען אויף זייער דויערהאַפטיקייט ניט האָפן און וועלכע קענען לייכט באַזייטיקט ווערן לטובת דעם אַלטן רעזשים.

דערווייַלע האָט די פאַרשווערונג, וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן אין טוילרי, מיט יעדן טאָג זיך מער פאַרשפּרייט איבער פראַנקרייך און האָט אַזש דערגרייכט ביז די הויפן פון בערלין, ווין, שטאָקהאָלם, טורין, מאַדריד און פּעטערבורג. ס'איז שוין ניט ווייט געווען די שעה, ווען די קאָנטררעוואָלוציאָנערן האָבן באַדאַרפט דערלאַנגען זייער שווערן קלאַפּ, וואָס איז צוגעגרייט גע=

וואָרן אום זומער 1792. דער קיניג מיט די קיניגין האָבן אונטער־געאײלט די דײטשע אַרמײען, אַז זײ זאָלן זיך וואָס גיכער לאָזן אויף פּאַריז, זײ האָבן פאַר זײ אַפילו באַשטימט אַ טאָג, ווען זײ זײ זאָלן אַרײנמאַרשירן אין דער הויפּט־שטאָט און אין וועלכן די באַוואָפנטע און אָרגאַניזירטע ראָיאַליסטן וועלן זײ אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס.

דאָס פאָלק און די־יעניקע פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן, אַזױ װי מאַראַט און די קאָרדעליערן, געהאַלטן מיטן פאָלק, די־יעניקע, וואָס האָבן שפּעטער געשאַפן די קאָמונע פון 10טן אַווגוסט, האָבן אױסגעצײכנט פאַרשטאַנען, מיט וואָס פאַר אַ סכנות די רעוואָלוציע איז פון אַלע זײטן אַרומגערינגלט. דאָס פאָלק האָט שטענדיק געהאַט אַ גוטן באַגריף פון דער לאַגע, הגם ער האָט ניט שטענדיק געקענט אויסדריקן זײנע פאָרגעפילן, אָדער באַ־קרעפטיקן דאָס מיט װיסנשאַפטלעכע אַרגומענטן. דאָס פאָלק האָט אויך פיל בעסער פון די פּאָליטיקער פאָראויסגעשפּירט, וואָס פאַר אַ פאַרשװערונגען עס װערן געפלאָנעװעט אין טױלרי און אין די שלעסער. דאָס פאָלק איז אָבער געװען שוצלאָז, בשעת־װען דאָס בירגערטום האָט זיך דערװײלע אָרגאַניזירט אין באַטאַליאָנען פון נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, און וואָס נאָך ערגער, די־יעניקע אינטע־ליגענטן, וואָס זײנען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע בראָש פון דער באַוועגונג, די־יעניקע, וואָס זײנען באַטראַכט גע־וואָרן פאַר אירע פירשפּרעכער (צווישן זײ זײנען געווען גאַנץ ערלעכע מענטשן, ווי ראָבעספּיער), האָבן ניט געהאַט גענוג אמונה אין דער רעוואָלוציע, און נאָך ווײניקער אמונה אין פאָלק. פּונקט אַזוי ווי די הײנטיקע פּאַרלאַמענט־ראַדיקאַלן, האָבן זײ זיך גע־שראָקן פאַר דעם „גרויסן אומבאַקאַנטן" פאָלק, וואָס װערט טעטיק אויפן גאַס און קען ווערן דער באַלעבאָס פון די געשעענישן. ניט האָבנדיק קײן מוט צו מודה זײן זיך אין דער דאָזיקער מורא פאַר דער גלײכהײטס־רעוואָלוציע, האָבן זײ זײער אומאַנטשלאָסענע שטעלונג דערקלערט מיט דעם, וואָס זײ דאַרפן זאָרגן, עס זאָלן אויפגעהאַלטן ווערן, לפחות, די ווײניקע פרײהײטן, וואָס די קאָנ־סטיטוציע האָט פאַרזיכערט. זײ האָבן ליבערשט אויסגעװײלט די

קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, אײדער די אומבאַשטימטע רעזול-טאַטן פון אַ נײַעם אויפשטאַנד.

ס'איז נײטיק געװען די מלחמה-ערקלערונג (דעם 21טן אַפּ-ריל 1792) און די אינוואַזיע פון דײטשן חיל, כּדי צו קענען ענדערן די דאָזיקע לאַגע. ערשט דעמאָלט האָט דאָס פאָלק, וואָס האָט דערזען, אַז מען האָט אים פון אַלע זײַטן פאַרראַטן, אַפילו די פירער, וועמען ער האָט געשענקט זײַן צוטרוי, ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן אַליין האַנדלען און אויסאיבן אַ דרוק אויף די „פּאַרטײ-פירער". פּאַריז האָט זיך געגרייט צו אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט באַדאַרפט מעגלעך מאַכן דאָס פאָלק אַראָפּצוזעצן דעם קיניג. די פּאַריזער סעקציעס, ווי אויך די פאָלקס-געזעלשאַפטן און ברו-דערשאַפטן, די אַזוי-גערופענע אומבאַקאַנטע — דער המון — גע-שטיצט פון די היציקע קאָרדעליערן, האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער דאָזיקער אַרבעט. די קליגסטע און פאַרנינפטיקסטע פּאַט-ריאָטן, זאָגט שאָמעט אין זײַנע מעמוארן, זײַנען אַוועק אין דעם קאָרדעליערן-קלוב און האָבן דאָרטן פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט אויף אַ געמײנזאַמער באַראַטונג. צווישן אַנדערן איז דאָרט געווען אַ קאָמיטעט, וואָס האָט געקראָגן אַ רויטע פאָן מיט אַן אויפ-שריפט: די קריגס-רעכט פון פאָלק קעגן דעם אויפשטאַנד פון הויף. אונטער דער דאָזיקער פאָן האָבן זיך געזאָלט אויפזאַמלען פרײַע מענטשן, אמתע רעפּובליקאַנער, וואָס האָבן געהאַט נקמה צו נעמען פאַר אַ פרײַנט, אַ זון אָדער אַ קרוב, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן אויף דעם מאַרס-פעלד אין יוני 1791.

די היסטאָריקער, וועלנדיק אָפּצאָלן דעם חוב זײַער מלוכה-דערציִונג, האָבן מיט פאַרגעניגן פאַרגעשטעלט דעם יאַקאָבינער-קלוב אַלס דעם איניציאַטאָר און דעם קאָפּ פון אַלע רעוואָלו-ציאָנערע באַוועגונגען אין פּאַריז, ווי אויך אויף דער פּראָווינץ — און צוויי דורות האָבן דעם הייליק אין דעם געגלייבט. אַצינד אָבער ווײַסן מיר, אַז דערדאָזיקער קוק איז לחלוטין פאַלש. די איני-ציאַטיוו צו דעם אויפשטאַנד פון 20טן יוני און 10טן אויגוסט איז ניט אַרויס פון די יאַקאָבינער. אדרבא — אַפילו די רעוואָלוצי-

אנערסטע פון זיי האבן זיך אגאנצן יאר צייט געשטעלט אנטקעגן דער ווענדונג צום פאלק. ערשט ווען די פאלקס-באוועגונג האט אנגעהויבן פארכאפן אלץ ברייטערע קרייזן, האבן זיי זיך אנט-שלאסן צוצושטיין צו איר — און אויך ניט אלע, נאר א געוויסער טייל פון זיי.

אבער ווי פחדנותדיק זיי האבן געהאנדלט! זיי אלע האבן געוואלט דאס פאלק זאל זען אויף די גאסן, אין קאמף מיט די ראיאליסטן אבער קיינער האט ניט געהאט דעם מוט צו זען דערפון די קאנ-סעקווענצן. און ווי וואלט געווען, ווען דאס פאלק וואלט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט אומווארפן די קיניגלעכע מאכט? ווי וואלט געווען, ווען דאס פאלק וואלט אויפגעשטאנען קעגן אלע גבירים, אלע מעכטיקע, אלע שפעקולאנטן, וואס האבן אין דער רעוואלוציע געזען בלויז א מיטל רייך צו ווערן? ווי וואלט געווען, ווען נאך טויִלרי וואלט עס אפגעשאפט די געזעצגעבערישע פארזאמלונג? ווי וואלט געווען, ווען די פאריזער קאמונע, די „מטורפדיקע אנארכיסטן" — וואס ראבעספיער גופא האט זיי מיט פארגעניגן באשאטן מיט זידלערייען — ווי וואלט געווען, ווען די דאזיקע רעפובליקאנער, וואס האבן געפריידיקט „גלייכהייט פון פארמעגן", וואלטן באקומען די אייבערהאנט?

אט פארוואס עס לאזן זיך מערקן אין אלע אונטערהאנד-לונגען, וואס קומען פאר פאר דעם 20טן יוני, אזעלכע וואקלע-נישן ביי די אויסגעשפראכענע רעוואלוציאנערן. דעריבער שטימען זיי איין מיט אזא אומווילן אויף א נייעם פאלקס-אויפשטאנד, צו וועלכן זיי פאראייניקן זיך ערשט נאך דעם ניצחון פון פאלק. ערשט אין יולי, ווען דאס פאלק, וואס אכט ניט די קאנסטיטו-ציאנעלע געזעצן, ערקלערט די סעקציעס פאר פערמאנענט, פאר-ארדנט אן אלגעמיינע באוואפענונג און צווינגט די פארזאמלונג צו ערקלערן דאס פאטערלאנד אין סכנה, ערשט דעמאלט אנט-שליסן זיך ראבעספיער און דאנטאן, און אין לעצטן מאמענט אויך די זשיראנדיסטן, צו גיין מיטן פאלק און צו מעלדן, אז זיי סאלידאריזירן זיך מער אדער ווייניקער מיט דעם אויפשטאנד.

ס'איז לייכט צו פארשטיין, אז ביי אזעלכע באציִונגען האט

די באַוועגונג פון דעם 20טן יוני ניט געקענט באַזיצן — ניט דעם שוואונג, און ניט די איינִיקייט, וואָס זי האָט באַדאַרפט האָבן, כּדי איר זאָל זיך איינגעבן דער אויפשטאַנד קעגן טויִלרי. דאָס פאָלק איז אַרויס אויפן גאַס, אָבער אַזוי ווי עס איז ניט געווען זיכער מיט דער שטעלונג פון דעם בירגערטום, האָט עס ניט געהאַט די דרייסקייט צו רוקן זיך ווייט. די סעקציעס האָבן געהאַנדלט, גלייך ווי זיי וואָלטן תּחילת געוואָלט אויספאָרשן דעם פּלאַץ, כּדי צו איבערצייגן זיך, ווי ווייט מען וואָלט זיך געקענט דערנענטערן צום פּאַלאַץ — איבערלאָזנדיק אַלדעם איבעריקע אויף דעם גורל פון די גרויסע פאָלקס=מאַניפעסטאַציעס. אויב פון דעם וועט עפּעס אַרויסקומען, איז אַוודאי גוט; אויב ניט, האָבן זיי, ווייניקסטנס, געזען טויִלרי פון דערנאָענטן און וועלן קענען אָפּשאַצן זיינע כּוחות.

אַזוי איז טאַקע געווען. די דעמאָנסטראַציע איז געווען אַ פולקום פרידלעכע. אונטערן אויסרייד, איבערצוגעבן אַ פּעטיציע דער פאַרזאַמלונג, צו פייערן דעם יאָרטאָג פון דער שבועה אין דעם פילקע=זאַל און צו פאַרפלאַנצן אַ פרייהייטס=בוים לעבן דעם טויער פון דער פאָלקס=פאַרזאַמלונג, האָט זיך אַלאָז געטאָן אַן אומגעהייער=גרויסער המון. ער האָט תּיכּף פאַרפלייצט אַלע גאַסן, וואָס האָבן געפירט פון באַסטיליע ביז דער פאַרזאַמלונג, בשעת=ווען דער הויף האָט מיט זיינע אָנהענגער אָנגעפילט דעם קאַרוזעלן=פּלאַץ, דעם גרויסן הויף פון טויִלרי און די צוגאַנגען צום פּאַלאַץ. אַלע טויערן זיינען געווען געשלאָסן; די האַרמאַטן זיינען געווען אָנגעשטעלט אויפן פאָלק, די זעלנער האָט מען פונאַנדערגעטיילט קוילן, און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַ צוזאַמענשטויס צווישן די ביידע לאַגערן איז אומפאַרמיידלעך.

דאָך האָט דאָס בילד פון דידאָזיקע, אַלץ מער וואַקסנדיקע מאַסן פּאַראַליזירט די פאַרטיידיקער פון קיניגלעכן הויף. די טויערן זיינען פון אינעווייניק באַלד געעפנט געוואָרן, אָדער אויפגעבראָכן געוואָרן. דער קאַרוזעלן=פּלאַץ און די הויפן האָבן זיך אָנגעפילט מיט מענטשן. אַ סך זיינען געווען באַוואָפנט מיט פּיקעס, שווערדן אָדער שטעקנס, אויף וועלכע ס'איז געווען אַרויפגעזעצט מעסערם

אדער א זעג. אבער די סעקציעס האבן פלייסיק אפגעקליבן די מענטשן, וואס האבן געזאלט אנטייל נעמען אין דער דאזיקער מאניפעסטאציע.

דאס פאלק האט שוין געוואלט אויפברעכן מיט העק דעם צווייטן טויער פון טוילרי, נאר לודוויק דער XVI האט אים אליין געהייסן עפענען. אין איין מינוט האבן טויזנטער מענטשן זיך ארייגעריסן אין די אינעווייניקסטע הויפן פון פאלאץ. די קיניגין מיט איר זון האבן אירע טרייע פריינד וואס שנעלער צוגענומען אין א צימער, און דעם צימער האט מען פארבאריקאדירט מיט א גרויסן טיש. דעם קיניג האט מען געפונען אין אן אנדער צימער, און תיכף איז ער פול געווארן מיט מענטשן. דאס פאלק האט פארלאנגט פון קיניג, אז ער זאל באשטעטיקן די דעקרעטן, אויף וועלכע ער האט ביז איצט ניט געוואלט געבן זיין סאנקציע: אז ער זאל צוריקרופן די זשיראנדיסטישע מיניסטארן, וועלכע ער האט געהאט באזייטיקט דעם 13 יוני, אז ער זאל ארויסטרייבן די גלחים און זאל אויסווייזן צווישן קאבלענץ און פאריז. דער קיניג האט אראפגענומען זיין הוט, האט אנגעטאן א רויט קאפל, האט געטרונקען פארן געזונט פון פאלק, אבער אין צוויי שעה ארום האט ער זיך געשטעלט אנטקעגן דעם פאלק און האט קאטעגאריש איבערגעחזרט, אז ער האלט זיך פעסט ביי דער קאנסטיטוציע. אלס אנגריף אויף דער קיניגלעכער מאכט, איז די דאזיקע באוועגונג געווען א דורכפאל. מען האט גארנישט ניט דערגרייכט.

מיט וואס פאר א פארביטערונג די באזיצנדיקע קלאסן האבן זיך איצט געווארפן אויפן פאלק! אזוי ווי דאס פאלק האט ניט געהאט קיין מוט צו אטאקירן און האט ארויסגעוויזן דערמיט זיין שוואכקייט, איז מען אנגעפאלן אויף אים מיט אזא האס, וואס האט נאר געקענט זיין אלס רעזולטאט פון פחד. בעת מען האט אין דער פארזאמלונג איבערגעלייענט דעם בריוו, אין וועלכן לודוויק דער XVI האט זיך געקלאגט אויף דעם אנפאל אויף זיין פאלאץ, איז אויסגעבראכן א שטורעם פון אפלאדיסמענטן, וואס זיינען געווען אזוי קנעכטיש, ווי די אוואציעס פון די הויף-לייט פאר 1789. די יאקא-

בינער און די זשיראָנדיסטן האָבן זיך געמיינזאַם אַרויסגעמאַכט פון דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע.

דעם הויף, וואָס איז ווירקלעך דערמוטיקט געוואָרן פון אַזאַ מאַניפעסטאַציע, איז געלונגען אַוועקצוזעצן אין שלאָס פון טוילרי אַ טריבונאַל צו באַשטראָפן די פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען שולדיק אין איינאָרדענען די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע. אַזוי אַרום האָט מען געוואָלט, זאָגט שאָמעט אין זיינע „מעמוארן", אויפלעבן די העסלעכע פּראָצעסירונגס־מעטאָדן פון 5טן און 6טן אָקטאָבער 1789 און אויך פון 17טן יולי 1791. דער דאָזיקער טריבונאַל איז באַשטאַנען פון פרידנסריכטער, וואָס זיינען געווען פּאַרקויפט דער מאָנאַרכיע. דער הויף האָט זיי געשפּייזט און די קיניגלעכע קאַמער האָט באַקומען אַ פּאַראָרדענונג צו באַזאָרגן אַלע זייערע באַדערפענישן *. די טיכטיקסטע שריפטשטעלער האָט מען פּאַרפאָלגט און אַריינגעזעצט אין תּפיסה; דערזעלבער גורל האָט אויך געטראָפן אייניקע פירער און סעקרעטאַרן פון די סעקציעס, און אויך עטלעכע מיטגלידער פון די פאָלקס־געזעלשאַפטן. ס'איז געוואָרן אַ סכּנה צו רופן זיך רעפּובּליקאַנער.

די דירעקטאָריע פון די דעפּאַרטאַמענטן און אַ היבש ביסל געמיינדע־פּאַרוואַלטונגען האָבן זיך פּאַראייניקט צו דער הכנעהדיקער מאַניפעסטאַציע פון דער פּאַרזאַמלונג און האָבן אַרויסגעשיקט בריוו, אין וועלכע זיי האָבן אויסגעדריקט זייער צאָרן קעגן די „בונטנמאַכערס". אין דער אמתן האָבן זיך דריי־און־דרייסיק דע־פּאַרטאַמענטאַלע דירעקטאָריעס פון דער אַלגעמיינער צאָל 83 — אַלזאָ, גאַנץ מערב פּראַנקרייך — אָפן געשטעלט אויף דער זייט פון די ראָיאַליסטן און די פיינט פון דער רעוואָלוציע.

מיר דאַרפן קיינמאָל ניט פּאַרגעסן, אַז יעדע רעוואָלוציע גרייט צו און פירט דורך שטענדיק אַ מינדערהייט. הגם נאָך דעם אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע נעמט אַ געוויסער טייל פון פאָלק אָן אירע קאָנסעקווענצן, אָבער בלויז אַ פּאַרשווינדנדיקע מינאָרטעט פּאַרשטייט, וואָס מען באַדאַרף טאָן, כּדי צו פּאַרזיכערן דעם

* Journal de Perlet פון 27טן יוני, ציטירט פון אָלאַרן אין דער צושריפט צו שאָבעטס מעמוארן.

נצחון פון דעם, וואָס איז שוין געוואונען געוואָרן. בלויז אַט דער טייל האַנדלט דרייסט. דעריבער טאַקע איז דער פּאַרלאַמענט, וואָס רעפּרעזענטירט שטענדיק דעם דורכשניט פון לאַנד, אָדער נאָך בעסער — דעם טייל, וואָס שטייט נידעריקער פון דורכשניט, שטענדיק געווען און וועט שטענדיק זיין אַ שטער פאַר דער רעוואָלוציע, און קיינמאָל ניט איר אינסטרומענט.

אַ קלאַסישער ביישפּיל פאַר דעם איז די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג. לאָמיר הערן, וואָס האָט זיך געטאָן אין דעם דאָזיקן פּאַרלאַמענט דעם 6טן יולי 1792 (מען דאַרף נעמען אין אכט, אַז מיט פיר טעג שפּעטער האָט מען, צוליב דער דייטשער אינוואַזיע, באַדאַרפט דערקלערן, אַז דאָס פאָטערלאַנד איז אין סכנה) — במעט מיט אַ חודש איידער דער טראָן איז געפאַלן. פון זינט עטלעכע טעג האָט מען דעבאַטירט, וואָס פאַר אַ מיטלען זאָל מען אָננעמען פאַר דער עפנטלעכער זיכערקייט. אויף דעם פאַרלאַנג פון הויף, האָט דער בישוף לאַמורעט פאָרגעלייגט אין דער פאָרם פון אַ פּראָיעקט, אַז אַלע פּאַרטייען זאָלן מאַכן שלום צווישן זיך; אויף צו פאַרווירקלעכן דאָס, האָט ער אָנגעוויזן אַ זייער איינפאַכן מיטל: „אַזוי ווי איין טייל פון דער פאַרזאַמלונג באַשולדיקט דעם צווייטן טייל אין מורדישע כוונות אַראָפּצוּוואַרפן די מאָנאַרכיע, און אַנדערע, ווידער, וואַרפן פאָר זייערע קאָלעגן, אַז זיי האָבן בדעה אָפּצושאַפן די קאָנסטיטוציאָנעלע גלייכהייט און איינפירן די אַריסטאָקראַטישע רעגירונגס-פאָרם, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „די צוויי קאַמערן", איז לאָמיר, מיינע הערן, פאַראורטיילן דורך אַ געמיינזאַמער קללה און אַן אומאָפּרופלעכער שבועה אי די ר ע פּ ו ב ל י ק, אי די צ וו ו י י ק אַ מ ע ר ן. מיטגעריסן פון טיפער באַגייסטערונג, שטייט די גאַנצע פאַרזאַמלונג אויף פון אירע ערטער, כדי אַרויסצוּווייזן איר שנאה צו דער רעפּובליק, ווי אויך צו די צוויי קאַמערן. די היט פליען אין דער לופטן, די דעפּוטאַטן פאַלן איינע די אַנדערע אין די אָרעמס, די רעכטע ברידערן זיך מיט די לינקע, און תיכּף שיקט מען אַרויס אַ דעפּוטאַציע צום קיניג, וועלכער פאַראייניקט זיך אויך צו דער אַלגעמיינער שמחה. די דאָזיקע סצענע הייסט אין דער

געשיכטע „לאָמורעטס קוש". צום גליק, האָט די עפנטלעכע מיי־נונג זיך ניט געלאָזן פארפירן פון אזעלכע מיני סצענעס. דעם זעלביקן אָוונט האָט בילאָ וואַרען פּראָטעסטירט אין דעם יאַקאָ־בינער־קלוב קעגן דעם צביעותדיקן שלום, און זיין רעדע האָט מען באַשלאָסן פונאַנדערצושיקן צו אַלע ברודער־פאַראיינען. דער הויף, פון זיין זייט, האָט גאָרניט געטראַכט צו קאַפּיטולירן. דער פּאַריזער מער, פּעטיאָן, איז דעם זעלבן טאָג אָפּגעשטעלט געוואָרן אין זיין אַמט דורך דעם דירעקטאָריום (דעם ראָיאַליסטישן) פון סע־נער דעפּאַרטאַמענט, צוליב דעם, וואָס ער האָט דעם 20טן יוני פאַרנאַכלעסיקט זיינע פליכטן. אָבער פּאַריז איז אַרויסגעטראָטן ענערגיש צו פאַרטיידיקן זיין מער. ס'איז אַנטשטאַנען אַ גוואַלטיקע באַוועגונג, אַזוי אַז אין זעקס טעג אַרום, דעם 13טן, האָט די פאַרזאַמלונג געמוזט צוריקציען די פאַראָרדענונג.

דאָס פאָלק האָט געהאַט אַ קלאָרן באַגריף פון דער סיטו־אַציע. דאָס פאָלק האָט געוואוסט, אַז ס'איז געקומען די צייט צו באַפרייען זיך פון דער מאָנאַרכיע און אַז אויב באַלד נאָך דעם 20טן יוני וועט ניט פאָרקומען קיין פאָלקס־אויפשטאַנד, איז די רעוואָלוציע פאַרלאָרן. די פּאָליטיקער פון דער פאַרזאַמלונג האָבן אָבער געהאַט אַן אַנדער מיינונג. ווער וויים, וואָס צו פאַר אַ רעזול־טאַטן דער אויפשטאַנד קען ברענגען? דעריבער האָבן די דאָזיקע געזעצגעבער, מיט דעם אויסנאַם פון דריי אָדער פיר, געוואָלט שוין איצט פאַרזיכערן זיך דעם צוריקוועג אין פאַל, די קאָנטר־רעוואָלוציע זאָל זיגן.

די מורא פון די מלוכה־לייט, זייער פאַרלאַנג צו פאַרזיכערן זיך מיט אַ באַגנעדיקונג אין פאַל פון אַ דורכפאַל — אין דעם שטעקט די סכנה פאַר יעטוועדע רעוואָלוציע. פון דעם שטאַנד־פּונקט איז זייער באַלערנדיק די געשיכטע פון די זיבן וואָכן, וואָס זיינען אַוועק פון זינט דער דאָמאָנסטראַציע פון 20טן יוני ביז דעם שטורעם אויף טוילרי, דעם 10טן אויגוסט 1792.

הגם די מאַניפעסטאַציע פון 20טן יוני האָט ניט געבראַכט קיין דירעקטע רעזולטאַטן, האָט זי אָבער געווירקט אויף פראַנק־רייך, אַזוי ווי אַן אַלאַרם־גלאָק. „דער אויפשטאַנד כאַפּט אַרום

איין שטאט נאך דער אנדערער" — זאגט לוי בלאנק. דער שונא־שטייט ביי די טויערן פון פאריז; דעם 11טן יולי האט מען דער־קלערט, אז דאס פאטערלאנד איז אין סכנה. דעם 14טן יולי איז פארגעקומען די פייערונג פון דער פעדעראציע, און דאס פאלק האט פון דער דאזיקער פייערונג געמאכט א גוואלטיקע דעמאנ־סטראציע קעגן דער מאנארכיע. פון אלע זייטן שיקן די רעוואָ־לוציאנערע געמיינדע־פארוואלטונגען אדרעסן צו דער פארזאמלונג, כדי צו צווינגען זי צו זיין אקטיוו. אזוי ווי דער קיניג פארראט דאס פאטערלאנד, פאדערן זיי אראפצוזעצן אים פון טראן אדער, צום קנאפסטן, צייטווייליק באזייטיקן אים. אבער דאס ווארט „רעפובליק" רעדט נאך קיינער ניט ארויס; די געדאנקען זיינען מערער גענייגט צו א מאנארכיע. אן אויסנאם איז מארסעל מיט איר פאדערונג אומצוווארפן די מאנארכיע שוין פון זינט דעם 27טן יוני. גלייכ־צייטיק שיקט זי אויך ארויס 500 פרייוויליקע, וואס קומען אן קיין פאריז מיט דעם געזאנג פון „מארסעליעזע". ברעסט און אנדערע שטעט שיקן אויך ארויס זייערע פרייוויליקע. די פאריזער סעק־ציעס זיצן פערמאנענט, זיי באוואפענען זיך און ארגאניזירן זיך אין באטאליאנען. יעדערער שפירט, אז די רעוואלוציע דערנענ־טערט זיך צו איר אנטשיידנדיקן מאמענט.

און וואס טוט די פארזאמלונג? וואס טוען די בורזשואזיע רעפובליקאנער — די זשיראנדיסטן?

בשעת מע האט אין דער פארזאמלונג איבערגעלייענט דעם דרייסטן אדרעס פון מארסעל, וואס האט געפאדערט אנצונעמען מיטלען, וועלכע זאלן זיין אין איינקלאנג מיט די וויכטיקע געשעענישן, האט כמעט די גאנצע פארזאמלונג פראטעסטירט! און ווען דועם האט דעם 27סטן יוני געפאדערט, מע זאל עפענען א דעבאטע איבער דער פראגע וועגן אראפזעצן דעם קיניג, האט מען זיין פארשלאג אויפגענומען מיט שפאט־געשרייען.

מאריע אנטואנעטע האט באמת קיין טעות ניט געהאט, ווען זי האט דעם 7טן יולי געשריבן צו אירע פארטרויענס־לייט אין אויסלאנד, אז די פאטריאטן זיינען צעשראקן, און אז זיי ווילן

גיין אויף פשרות — צו וואָס עס איז טאַקע געקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער.

די־יעניקע, וואָס זיינען אין די סעקציעס געגאַנגען מיטן פאָלק, האָבן אָן שום ספק געשפּירט, אַז זיי שטייען אויפן שוועל פון גרויסע געשעענישן. די פּאַריזער סעקציעס און אייניקע גע־מיינדע־פאַרוואַלטונגען האָבן זיך דערקלערט פאַר פּערמאַנענט. ניט קוקנדיק אויף דעם געזעץ וועגן די פּאַסיווע בירגער, האָבן זיי צוגעלאָזן זיי אויף זייערע באַראַטונגען און זיי באַוואָפנט מיט פּיקעס. ס'איז געווען קלאָר, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסער אויפשטאַנד.

אָבער די זשיראָנדיסטן, די פּאַרטיי פון „מלוכה־מענער", האָבן אין יענעם קריטישן מאָמענט אַרויסגעשיקט אַ בריוו צום קיניג (דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין קאַמערדינער, טיער), אין וועלכן זיי האָבן אים געמאָלדן, אַז עס גרייט זיך אַ שרעקלעכער אויפ־שטאַנד, וואָס קען ברענגען, אַז ער זאָל פאַרלירן דעם טראָן, אויב ניט נאָך ערגערס, און אַז עס איז פאַראַן נאָר איין מיטל אָפּצוווענדן די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע, און דער דאָזיקער מיטל איז... צום שפּעטסטנס אין אַ וואָך צייט צוריקרופן דאָס מיניס־טעריום פון ראָלאַן, סערוואַן און קלאַוויע.

געוויס, האָבן ניט די צוועלף מיליאָן, וואָס מען האָט צו־געזאָגט בריסאָ, געשטויסן די זשיראָנדיסטן צו דעם דאָזיקן טראָט, און אויך ניט, ווי לוי בלאַנק מיינט, בלויז די אַמביציע צו פאַר־כאַפּן די מאַכט. די סיבה איז געלעגן פיל טיפער. בריסאָס „פלוג־שריפט „צו מיינע וויילער" דערקלערט גאַנץ קלאָר זיינע געדאַנקען. ד אָ ס איז געווען די מורא פאַר אַ פאָלקס־רעוואָ־לוציע, וואָס וואָלט אָנגערירט דעם אייגנטום — די מורא פאַרן פאָלק און די פאַראַכטונג צו אים, צו די מאַסן, צו די אָרעמע אין די צעריסענע בגדים. די מורא פאַר דעם רעזשים, וואָס ביי אים וואָלטן דאָס אייגנטום, און וואָס נאָך מערער — די פעיִקייט צו רעגירן, די „פּינקטלעכקייט צו די אינטערעסן" פאַרלירן זייער ביזאהעריקע פּריוועלעגירטע שטעלונג. די מורא, טאָמער וועלן זיי ווערן גלייך מיט אַלעמען, טאָמער וועלן זיי ווערן אַרונ־טערגעזעצט צו דער מדרגה פון דער גרויסער מאַסע!

די דאָזיקע מורא האָט פּאַראַליזירט די זשיראָנדיסטן, פּונקט אַזוי ווי זי פּאַראַליזירט היינט אַלע פּאַרטייען, וואָס פאַרנעמען אין די פּאַרלאַמענטן אַ מער אָדער ווייניקער אָפיציעלע שטעלונג, אַזאַ שטעלונג, וועלכע די זשיראָנדיסטן האָבן בשעתּם פאַרנומען אין דעם ראָיאַליסטישן פּאַרלאַמענט.

ס'איז, אַלזאָ, פאַרשטענדלעך די אַנטטוישונג, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגעכאַפּט אַלע אמתע פּאַטריאָטן, און וואָס מאַראַט האָט אויסגעדריקט אין די דאָזיקע ווערטער:

„שוין דריי יאָר, אַז מיר אַרבעטן אומדערמידלעך אויף אויסצוקעמפן פרייהייט, און דאָך זיינען מיר אַצינד אַ סך ווייטער פון איר, איידער ווען־עס־איז פריער.

„די רעוואָלוציע האָט זיך געווענדט קעגן פאָלק. פאַרן הויף און פאַר זיינע אונטערשטיצער איז זי אַן אייביקער מאָטיוו צו באַשווינדלען און אונטערצוקויפן; פאַר די געזעצגעבער — איז זי אַ געלעגנהייט צו מיסברויכן און אָפּצוטאָן פאַרשיידענע מעשים־תּעתּועים. ווער רעדט פאַר די רייכע און געלט־דאַרשטיקע — איז זי געוויס ניט מער, ווי אַ לאָק־מיטל פאַר אומערלעכע פאַרדינסטן, פאַר שפּעקולאַציע, שווינדל און רויבעריי; דאָס פאָלק איז רויִנירט און די אומגעהייערע מאַסע פון אָרעמע שטייט פאַר דער דילעמע: אָדער אומצוקומען פון נויט, אָדער זיך פאַרקויפן. מיר האָבן קיין מורא ניט איבערצוחזרן דאָס: מיר שטייען איצט אַ סך ווייטער פון דער פרייהייט, איידער ווען־עס איז פריער; דען ניט נאָר זיינען מיר אונטעריאָכט, נאָר מיר זיינען, אונטעריאָכט געזעצלעך.

אויף דער אָרענע פון דער מלוכה האָבן זיך בלויז געביטן די דעקאָראַציעס. דאָס זיינען נאָך אָבער אַלץ געווען די זעלביקע אַקטיאָרן, די זעלבע אינטריגעס, די זעלבע מאָטיוון. דאָס איז געווען אומפאַרמיידלעך, זאָגט ווייטער מאַראַט, מחמת די נידעריקע קלאַסן פון פאָלק האָבן אַליין געקעמפּט קעגן די העכערע קלאַסן. אין דער צייט פון אויפשטאַנד צעשטערט טאַקע דאָס פאָלק אַלץ מיט זיינע מאַסן, אָבער וואָס פאַר אַ נצחון עס זאָל פון אָנהייב ניט אָפּהאַלטן, פאַלט עס, לסוף, אַרונטער אונטער די

באַזיצערישע קלאַסן, וואָס זיינען פול מיט באַטרוג, שווינדל און שאַלקהאַפטיקייט. די געבילדעטע, די איבערלויפער און די אינטריגאַנטן פון די העכערע קלאַסן האָבן תחילת פאַרנומען אַ פיינטלעכע שטעלונג לגבי דעם דעספּאָט; אָבער בלויז צוליב דעם, כדי צו ווענדן זיך קעגן פאָלק, נאָכדעם, ווי זיי וועלן באַקומען זיין צוטרוי און וועלן אויסנוצן זיינע כוחות אין קאַמף פאַר צונעמען די רעכט ביי די פּריווילעגירטע שטאַנדן, וועמעס אָרט זיי האָבן אַליין פאַרנומען.

„אַזויערנאָך, זאָגט ווייטער מאַראַט — דאָס זיינען געווען גאָל־דענע ווערטער, גלייך זיי וואָלטן היינט, אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, געוואָרן אָנגעשריבן — האָבן די אָרעמסטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט: די אַרבעטער, די בעל־מלאכות, די קרעמער, די פּויערים, דער המון, די יעניקע אומגליקלעכע, וואָס די רייכע רופן אומפאַרשעמט אָן פּלעבייער, און וועלכע די רוימישע חוצפּה האָט אָנגערופן פּראָלעטאַריער, — דורכגעפירט און אונטערגעשטיצט די רעוואָלוציע. אָבער דורכגעפירט געוואָרן איז זי — דאָס, וואָס קיינער האָט זיך גאַרניט פאָרגעשטעלט — בלויז לטובת די קליינע ערד־באַזיצער, די געזעץ־מענטשן און די אונטערשטיצער פון שווינדל.

אויף מאָרגן נאָכן נעמען באַסטיליע — שרייבט ווייטער מאַראַט — האָבן די פאָרשטייער פון פאָלק גאַנץ לייכט געקענט אָפּשטעלן דעם דעספּאָט אין אַלע זיינע פונקציעס און דאָס זעלבע אויך זיינע אַגענטן. כדי אָבער צו טאָן דאָס, האָבן זיי באַדאַרפט האָבן שכל. דאָס פאָלק, ווידער, האָט, אַנשטאָט צו באַוואָ־פענען זיך פון קאָפּ ביז די פיס, זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס בלויז איין טייל בירגער האָבן דאָס געטאָן (די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס איז געווען צוזאַמענגע־שטעלט פון די אַקטיווע בירגער). און ניט נאָר איז דאָס פאָלק ניט אַרויסגעטראָטן קעגן די שונאים פון דער רעוואָלוציע, נאָר האָט זיך אַפילו אָפּגעזאָגט פון זיין איבערגעבאַכט, און האָט זיך בלויז באַגרעניצט מיט פאַרטיידיקן זיך.

היינט, זאָגט מאַראַט, נאָך דריי יאָר אומאויפהערלעכע

רעדעס אין די פּאטריאָטישע פאראיינען און נאָכן מבול פון שרייבעכצן, ווייס דאָס פאָלק אסך ווייניקער, איידער אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע, וואָס מע דאַרף טאָן, כדי צו שטעלן זיך אנטקעגן זיינע אונטערדריקער. דעמאָלט האָט זיך דאָס פאָלק פארלאָזן אויף זיין איינגעבאָרענעם חוש, אויף זיין פשוטן געזונטן שכל, וואָס האָט אים אָנגעוויזן דעם אמתן וועג, ווי פארטיק צו ווערן מיט זיינע אומקאָמפּראָמיסלעכע שונאים. אָבער איצט איז עס געפּענטעט אין דעם נאָמען פון געזעץ, איצט איז עס טיראַניזירט אין נאָמען פון גערעכטיקייט, איצט ווערט עס געהאלטן אין קנעכטשאפט אין נאָמען פון דער קאָנסטיטוציע".

כ'וואָלט געזאָגט, אז די דאָזיקע ווערטער זיינען ערשט נעכטן אָנגעשריבן געוואָרן, ווען זיי וואָלטן ניט ארויסגענומען פון דעם נומ. 567 „פאָלקספריינד".

א טיפע מרה-שחורה באהערשט דעמאָלט מאראטן, און ער זעט בלויז איין אויסוועג פון דער לאַגע: אַן אויסבראָך פון ביר-גערלעכן צאָרן מצד די פאָלקס-מאסן, אזוי ווי דעם 13טן און 14טן יולי און דעם 5טן און 6טן אָקטאָבער 1789. די פארצווייפלונג נאָגט אים כמעט ביז דעם טאָג, ווען די פעדערירטע פון דער פּראָווינץ זיינען געקומען קיין פאריז. דאָס פילט אים אָן מיט נייעם מוט.

די שאנסן פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע זיינען אין יענער צייט (סוף יולי 1792) געווען אזוי גרויס, אז לודוויק דער XVI האָט גאָר אָפן אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג פון די זשיראָנדיסטן. האָבן דען די פּרייסן שוין ניט געהאלטן אין מארשירן אויף פאריז? זיינען דען לאַפאיעט און לוקנער ניט גרייט געווען צו קערעווען זייערע ארמייען קעגן די יאַקאָבינער, קעגן פאריז? און לאַפאיעט האָט דאָך געהאט א גרויסע השפּעה אויף צפון. אין פאריז איז ער גע-ווען דער אָפּגאָט פון דער בירגערלעכער נאציאָנאַלער גוואַרדיע. — צי דען האָט, אַלזאָ, דער קיניג ניט געהאט אויף וואָס צו האָפן? די יאַקאָבינער האָבן ניט געהאט קיין מוט צו האנדלען, און ווען מאראט האָט דעם 18טן יולי, נאָך דעם, ווי ס'איז אנטפּלעקט

געוואָרן לאַפּאַיעטס און לוקנערס פּאָרטרעט (זיי האָבן געהאַט בדעה אַוועקפירן דעם 16טן יולי דעם קיניג און אַוועקשטעלן אים בראש פון זייערע אַרמייען), פאַרגעלייגט צו נעמען דעם קיניג אַלס משכון פון פאָלק קעגן דער אויסלענדישער אָקופּאַציע — האָבן זיך אַלע אָפּגעקערט פון אים, האָבן אים באַטראַכט אַלס משוגענעם, בלויז די סאַנקילאָטן האָבן אים אַפּלאָדירט אין זייערע חורבות. היות ער האָט אין יענער צייט געזאָגט אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס מיר ווייסן היינט, אַז ס׳איז געווען אֱמֶת, היות ער האָט געוואָגט אויפצודעקן די געהיימע פּלענער פון דעם הויף מיט די פרעמדע הערשער, האָט מאַראַט זיך דערזען פאַרלאָזן פון אַלעמען, אפילו פון דעם הייפל יאַקאָבינישע פּאַטריאָטן, אויך וועלכע ער, וועלכן זיי האָבן פאַרגעשטעלט אַלס מענטש, וואָס גלויבט ניט קיינעם, האָט שטאַרק געהאַפּט. זיי האָבן אים אפילו ניט געוואָלט געבן קיין אָרט אויף צו באַהאַלטן זיך, ווען מען האָט אים געוואָלט אַרעסטירן און ער האָט געקלאַפּט אין זייער טיר.

די זשיראָנדיסטן, ווידער, האָבן, נאָכן אָפּוואַרפן זייער פאַרשלאָג דורכן קיניג, פונדאָסניי אָנגעקניפּט מיט אים אונטערהאַנדלונגען, דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם מאָלער באָזע, און דעם 25טן יולי האָבן זיי אַרויסגעשיקט צו אים אַ צווייטע דעפּוטאַציע.

צוויי וואָכן בלויז האָבן פּאַריז אָפּגעטיילט פון דעם 10טן אויגוסט. דאָס רעוואָלוציאָנערע פראַנקרייך האָט זיך מיט אומגעדולד געריסן צו מעשים. עס האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אָנגעקומען דער ענדגילטיקער מאָמענט צו טאָן. אָדער עס וועט דערלאַנגען אַ טויט-קלאַפּ דעם קיניגטום, אָדער די רעוואָלוציע וועט בלייבן ניט פאַרענדיקט, און דער קיניג וועט באַקומען די מעגלעכקייט אַרומצורינגלען זיך מיט אַן אַרמיי און אָרגאַניזירן אַ גרויסע פאַרשווערונג, כדי איבערצוגעבן פּאַריז אין די הענט פון די דייטשן! — ווער ווייס, וויפל יאָר דאָס קיניגטום, וואָס איז כלומרשט רעפאָרמירט געוואָרן און איז באמת געווען כמעט אַבסאָלוט, וואָלט נאָך געהערשט אין פראַנקרייך?

אָט אין דעם קריטישן מאָמענט איז די אויפמערקזאַמקייט פון די פּאָליטיקער געווען פאַרנומען דער עיקר מיט דעם וויכוח,

ווער עס דאַרף פאַרכאַפּן די מאַכט, ווען זי זאָל זיך אַרויסגליטשן פון די הענט פון דעם קיניג? די זשיראָנדיסטן ווילן זי נעמען פאַר זיך, פאַר דער קאָמיסיע פון צוועלף, וועלכע וואָלט דעמאָלט געוואָרן אַן עקזעקוטיווע מאַכט. ראָבעספּיער, ווידער, פאָדערט נייע וואַלן צו דער באַנייטער פאַרזאַמלונג, צו דעם קאָנווענט, וואָס דאַרף געבן פראַנקרייך אַ נייע רעפּובליקאַנישע קאָנסטיטוציע.

אָבער וועגן טאָן עפּעס, וועגן צוגרייטן די דעמאָנסטראַציע, טראַכט קיינער ניט, אויסער דעם פאָלק — און אַוודאי ניט די יאַקאָבינער. דאָס זיינען ווידער אַמאָל געווען די „אומבאַקאַנטע מענער", די פאָלקס־ליבלינגען סאַנטער, דער אַמעריקאַנער פורניער, דער פּאָליאַק לאַזאָווסקי, קאַרא סימאָן, וועסטערמאַן (אַ געוויינלעכער קאַנצעלאַריע־שרייבער אין יענער צייט); עטלעכע פון זיי האָבן געהערט צו דעם געהיימען קאָמיטעט פון די „פעדערירטע", וואָס האָבן זיך אויפגעזאַמלט אין סאַלעי ד'אָר און האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון באַלאַגערן דעם שלאָס און אָרגאַניזירן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד מיט אַ רויטער פאָן בראש. עס העלפן זיי מיט די סעקציעס (די מערהייט פון די פּאַריזער סעקציעס און עטלעכע סעקציעס אויך צפון, אין דעם דעפּאַרטאַמענט מען־ע־לואַר און אויך אין מאַרסעל), ווי אויך די פרייוויליקע פון מאַרסעל און ברעסט, וואָס דאָס פאָלק פון פּאַריז האָט ווערבירט פאַר דער רעוואָלוציע. דאָס פאָלק, שטענדיק דאָס פאָלק!

איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָרטן (אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג) קריגן זיך כסדר אַרום משוגענע אַדוואָקאַטן אונטער דער בייטש פון זייערע באַלעבאַטים...

„דאָ (אין דער פאַרזאַמלונג פון די סעקציעס) איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער רעפּובליק" — זאָגט שאָמעט.

---

## דריי=און=דרייסיקסטער קאַפּיטל.

# דער 10טער אַווגוסט און די דירעקטע רעזולטאַטן.

די פּויערים איגנאָרירן די פעאָדאַלע סיסטעם. — די ענדערונג אין דער לאַגע פון פראַנקרייך. — אַדמיניסטראַציע. — אַרמיי. — לאַפּאַיעט. — דער קיניג און די דייטשן. — די רעוואָלוציאָנערן האָבן מורא פאַר פאָלקס=אויפשטאַנדן. — ראָבעספּיער. די רעוואָלוציאָנערע פירער פאַראייניקן זיך. — אַ נייע קאָמונע. — 10טער אַווגוסט. — די פאַרזאַמלונג אומאַנטשלאָסן. — טריומף פון דער פאָלקס=רעוואָלוציע. — פעאָדאַלע געזעצן. — דאָס לאַנד פון די עמיגראַנטן. — די פאַרזאַמלונג לייזט זיך אויף. — די קאָמונע פון פּאַריז. —

מיר האָבן געזען, אין וואָס פאַר אַ לאַגע פראַנקרייך האָט זיך געפונען דעם זומער 1792. פון זינט דריי יאָר האָט זיך דאָס לאַנד געפונען אין אַ פולקומער רעוואָלוציע, און דער צוריקקער צו דעם אַמאָליקן צושטאַנד איז געוואָרן אַבסאָלוט אוממעגלעך. הגם דער פעאָדאַליזם האָט נאָך עקסיסטירט געזעצלעך, האָבן אָבער אים די פּויערים שוין ניט אָנערקענט אין לעבן און האָבן מער ניט געצאָלט קיין צינזן. זיי האָבן צוגענומען די ערד פון די גייסטלעכע און די עמיגראַנטן, און ערטערווייז האָבן זיי צוריק אָפּגענומען די גיטער, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו די דאָרפישע געמיינדעס. אין זייערע דאָרפס=פאַרוואַלטונגען האָבן זיי זיך באַטראַכט פאַר באַלעבאַטים פון זייער אייגענעם גורל.

דאָס זעלבע האָט אויך געזאָלט זיין מיט די מלוכישע אינ=סטיטוציעס. די קאָלאָסאַלע פּיראַמידע, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי שרעקלעך פאַרן אַלטן רעזשים, איז איינגעפאַלן אונטערן צטעם פון דער פאָלקס=רעוואָלוציע. ווער האָט דען איצט געהאַט אַ וועלכע עס איז אַכטונג צו דעם מאַרשאַל=געריכט, צו די פּאַרלאַמענט=ריכטער! די דאָרפס=פאַרוואַלטונג, וואָס איז געווען אונטערגע=וואָרפן דעם קאָנטראָל פון די סאַנקילאָטן, דער לאָקאַלער פאָלקס=פאַראיין, די וויילער=פאַרזאַמלונג, די מאַנסלייט באַוואָפנט מיט פּיקעס זיינען איצט געוואָרן די נייע מאַכט פון פראַנקרייך.

דאָס גאַנצע אויסזען פון לאַנד, דער גייסט פון פאָלק — די שפּראַך, די מנהגים, די באַגריפן האָבן זיך געענדערט דורך דער רעוואָלוציע. ס'איז געבאָרן געוואָרן אַ ניי פאָלק, וואָס איז אין אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַנשויונגען געווען מיילנוויט פון דעם, וואָס האָט נאָך עקסיסטירט ערשט מיט צוועלף חדשים פריער.

און דער אַלטער רעזשים איז דאָך נאָך ניט געווען אומגעוואָרפן; די קיניגלעכע מאַכט האָט טראָץ אַלץ עקסיסטירט און איז געוואָרן אַ קאָלאָסאַלער כּוח, אַרום וועלכן עס האָט זיך געפּליסט צו קאָנצענטרירן די קאָנטררעוואָלוציע. מען האָט געלעבט אין אַ פּראָוויזאָרישן צושטאַנד. אומקערן דער מאָנאַרכיע איר ערשטע קראַפט — איז געווען אַ ווילדער חלום, אין וועלכן עס האָבן אפילו ניט געגלויבט די פאַנאַטיקער פון הויף. אָבער אויף צו טאָן שלעכטס האָט נאָך די מאָנאַרכיע געהאַט אָן אַ שיר כּוח. הגם זי איז ניט געווען בכּוח אויפצוריכטן די פעאָדאַלע אָרדענונג, אָבער ווי שעדלעך וואָלט זי געקענט זיין פאַר די באַפרייטע פּויערים, ווען נאָכן באַקומען די אייבערהאַנט וואָלט זי אין יעדן דאָרף אָפּגעפרעגט די רעכט פון די פּויערים אויף דער ערד און אויף די דורך זיי באַקומענע פרייהייטן! און דער קיניג און אַ היבשער טייל פעליאַנטן (קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיסטן) האָבן טאַקע געטראַכט אַזוי צו טאָן, ווי נאָר דער הויף־פּאַרטיי וואָלט זיך איינגעגעבן צו באַזיגן די, וועלכע האָבן זיך גערופן „יאַקאָבינער".

וואָס איז, נוגע, ווידער, דער אדמיניסטראַציע, האָבן מיר געזען, אַז אין צוויי דריטל דעפּאַרטאַמענטן, און אפילו אין פּאַריז, איז די דעפּאַרטאַמענטאַלע פּאַרוואַלטונג און די אדמיניסטראַציע פון די דיסטריקטן געווען קעגן פאָלק, קעגן דער רעוואָלוציע; זיי וואָלטן זיך אפילו באַנוגנט מיט אַ שאָטן פון קאָנסטיטוציע, אַבי נאָר די לעצטע זאָל אָנערקענען פאַרן בירגערטום אַ געוויסן אַנטייל אין דער קיניגלעכער הערשאַפט און אין הויף.

די אַרמיי, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַזעלכע לייט, ווי לאַפאַיעט און לוקנער, האָט יעדן מאָמענט געקענט אויסגענוצט ווערן קעגן פאָלק. מען האָט דאָך געזען, ווי

נאָך דעם 20סטן אווגוסט האָט לאַפאַיעט פאַרלאָזן זיין לאַגער און זיך געאיילט קיין פאַריז, כדי אָנצובאָטן דעם קיניג די הילף פון זיין אַרמיי קעגן דעם פאָלק, פונאַנדערלאָזן די פּאַטריאָטישע פאַראיינען און מאַכן אַן אַטענטאַט לטובת דעם הויף.

און צום סוף האָט דער פעאָדאַליזם, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, אויפגעהערט אונטער אַ געוויסער רעכטלעכער באַוואָרעניש די גאַנצע מאַכט. אויב די פּויערים האָבן ניט געצאָלט די פעאָדאַלע שטייערן, איז דאָס געווען אַ מיסברויך פאַרן געזעץ, און ווען דער קיניג וואָלט אין אַ געוויסן טאָן צוריק באַקומען די מאַכט, וואָלט דער אויפגעלעבטער אַבסאָלוטיזם געצוואונגען די פּויערים, כל=זמן זיי האָבן זיך ניט באַפרייט פון די נעגל פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווידער צו צאָלן אַלע שטייערן, ווי אויך אומצוקערן די ערד, וועלכע זיי האָבן צוגענומען אָדער אַפילו געקויפט.

דער דאָזיקער פּראָוויזאָרישער צושטאַנד האָט זיך, נאַטירלעך, לאַנג ניט געקענט האַלטן. מען קען דאָך אייביק ניט לעבן מיט אַ מעסער צוגעשטעלט צום האַלז. אגב, האָט דאָס פאָלק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ריכטיקן חוש, אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז דער קיניג פירט געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן, וואָס דאַרפן מאַרשירן אויף פאַריז. אין דער דאָזיקער צייט האָט מען נאָך ניט געהאַט קיין שריפטלעכע באַווייזן פון זיין פאַרראַט. פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון דעם קיניג און מאַריע אַנטואַנעטע מיט די עסטרייכער האָט מען נאָך ניט געוואוסט. מען האָט ניט געוואוסט גענוי, ווי אַזוי זיינען די דאָזיקע פאַררעטער צוגעשטאַנען צו די עסטרייכער און די פּרייסן, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער מאַרשירן אויף פאַריז, ווי אַזוי האָבן זיי זיי אינפאָרמירט וועגן אַלע באַוועגונגען פון דעם פראַנצויזישן חיל, ווי אַזוי האָבן זיי זיי אוממיטלבאַר איבערגעשיקט אַלע מיליטערישע סודות און האָבן אויסגעשטעלט פראַנקרייך אויף דער סכנה פון דער אינוואַזיע. וועגן דעם אַלעם האָט מען זיך ערשט דערוואוסט — און דאָס נאָך אויך ניט אינגאַנצן קלאָר — נאָכן נעמען טוילרי, ווען מען האָט אַרויסגענומען דעם קיניגס פּאַפּירן פון דעם געהיימען שראַנק, וואָס דער שלאָסער גאַמען האָט פאַר אים געמאַכט. אָבער אַ פאַרראַט איז שווער

צו באהאלטן, דעריבער האבן די מענער און פרויען פון פאלק דורך טויזנטער סימנים זיך אנגעשטויסן און געהאט די איבער־ צייגונג, אז דער הויף האט געשלאסן אן אפמאך מיט די דייטשן און אז ער האט זיי גערופן קיין פראנקרייך.

דעריבער איז אין אייניקע פראווינצן און אין פאריז געבארן געווארן דער געדאנק אונטערצונעמען א גרויסע אטאקע אויף טוילרי; מען האט זיך אפגעגעבן א חשבון, אז דער פריערדיקער אבסאלוטיזם וועט שטענדיק זיין א געפאר, וואס וועט הענגען איבער פראנקרייך אזוי לאנג, ווי ס'וועט ניט פראקלאמירט ווערן די דעטראניזירונג פון דעם קיניג.

כדי דאס צו דערגרייכן, האט מען באדארפט, פונקט אזוי ווי ערב דעם 14טן יולי 1789, ארויסגעבן אן אויפרוף צום פאלק פון פאריז, צו די לייט, וואס זיינען געווען באוואפנט מיט פיקעס. אבער טאקע דאס האט די בורזשואזיע ניט געוואלט; פאר דעם האט זי זיך צוממערסטן געשראקן. אין אלע שריפטן פון יענער עפאכע שלאגט זיך ווירקלעך דורך א געוויסע מורא פאר די „לייט מיט די פיקעס". צי דען וועט מען ווידער דארפן זען די מענטשן, פאר וועלכע די רייכע האבן זיך אזוי געשראקן!

ווען די דאזיקע מורא וואלט פארבאפט בלויז די פארמעגנ־ לעכע ספערן! אבער די פאליטיקער האבן דאך אויך געפילט די זעלביקע מורא. און אזוי איז ראבעספיער געווען קעגן דעם, מען זאל זיך, ווענדן צום פאלק, אזש ביז יוני 1792; „דאס אפשאפן די קאנסטיטוציע אין אזא מאמענט — האט ער געזאגט — וועט ברענגען צו א בירגער־קריג, וועלכע וועט דערפירן צו אנארכיע און צו דעספאטיזם". אפילו נאך דעם אראפזעצן דעם קיניג גלויבט ער ניט אין דער מעגלעכקייט פון א רעפובליק. „ווי אזוי וויל מען דאס — האט ער אויסגעשריען — אין דער צייט פון אזעלכע פאטאלע שטרייט'קייטן איבערלאזן אונז פלוצלונג אן א קאנ־ סטיטוציע און אן רעכט". לויט זיין מיינונג, וואלט די רע־ פובליק באזירט אויף דעם הפקר־ווילן פון דער מינדערהייט (לייען, די זשיראנדיסטן): „דאס איז דער ענדגילטיקער ציל פון די אלע אינטריגעס, וואס באאומרויקן אונז פון זינט אזא לאנגער

ציית״; און כדי צונישט צו מאַכן זיי, איז אים ליבער צו בלייבן ביים קיניג און ביי אַלע הויף־אינטריגעס. די דאָזיקע ווערטער האָט ער אַרויסגעזאָגט אין יוני, מיט קוים צוויי חדשים פאַר דעם 10טן אויגוסט. מורא האָבנדיק, אַז אַנדערע פּאַרטייען זאָלן ניט באַהערשן די באַוועגונג, איז אים ליבער געווען איבערצולאָזן דעם קיניג; דעריבער איז ער געווען קעגן דעם אויפשטאַנד.

מען האָט ערשט נייטיק געהאַט דעם דורכפאַל פון דער דעמאָנסטראַציע דעם 20סטן יוני און די רעאַקציע, וואָס איז נאָך דעם אָנגעקומען; מ׳האָט נייטיק געהאַט די פאַרשווערונג פון לאַפאַיעטן, וואָס איז געקומען אין פּאַריז און האָט זיך אָנגעבאָטן אויסצופירן מיט זיין אַרמיי די רויאַליסטישע איבערקערעניש; מ׳האָט נייטיק געהאַט, אַז די דייטשן זאָלן זיך באַשליסן צו גיין אויף פּאַריז, „כדי צו באַפרייען דעם קיניג און צו באַשטראָפן די יאַקאָבינער״, און דער הויף זאָל צואיילן די מיליטערישע הכנות, כדי צו געבן פּאַריז אַ גענעראַל־שלאַכט—און ערשט אונטערן דרוק פון די אַלע געשעענישן האָבן זיך די פירער פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען געווענדט צום פאָלק, כדי צו דערלאַנגען טויִלרי דעם אַנטשיידענעם קלאַפּ.

פון דעם מאָמענט אָבער, ווען דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן, האָט דאָס פאָלק גופא אָפּגעטאָן דאָס איבעריקע אַרבעט.

דאָס איז זיכער, אַז פריער האָבן דאַנטאָן, ראָבעספּיער, מאַראַט, ראָבערט און אַנדערע זיך פאַרשטענדיקט. ראָבעספּיער האָט געהאַסט אין מאַראַטן אַלץ: אים איז ניט געפעלן געווען זיין רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג, וועלכע ער האָט גערופן איבערגעטריבנקייט, אים איז ניט געפעלן געווען זיין שׂנאה צו די רייכע, זיין אַבסאָלוטער אומצוטרוי צו די פּאָליטיקער — יאָ, אַפילו די אָרעמע און שמוציקע טראַנטעס פון דעם דאָזיקן מאַן, וואָס האָט פון זינט דעם אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע זיך דערנערט מיט דער זעלבער שפּייז, מיט וועלכער דאָס פאָלק האָט זיך דערנערט—מיט ברויט און וואַסער, אַבי נאָר ער זאָל קענעןווידמען אַלע זיינע כוחות דער זאַך פון פאָלק — אַפילו דאָס האָט ער אויך פיינט געהאַט. — דאָך איז סיי דער עלעגאַנטער און פּינקטלעכער

ראָבעספּיער, סיי דאַנטאָן געקומען צו מאַראַטן און צו זיינע פריינט, צו די לייט פון די סעקציעס פון דער קאָמונע, כדי צו פאַרשטענדיקן זיך מיט זיי וועגן די מיטלען, וואָס מען דאַרף אָננעמען, כדי נאָך אַמאָל, אַזוי ווי דעם 14טן יולי, אויפמונטערן דעם פאָלק צו אַן אויפשטאַנד — דאָס איצטיקע מאָל שוין כדי ענדגילטיק אָפּצורעכענען זיך מיט דער קיניגלעכער מאַכט. ענדלעך האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז אויב די דאָזיקע פּראָוויזאָרישע לאַגע וועט ווייטער אָנהאַלטן, וועט די רעוואָלוציע פאַלן, ניט דער־גרייכנדיק קיין שום ממשותדיקע רעזולטאַטן.

מען האָט אָדער באַדאַרפט ווענדן זיך צום פאָלק און לאָזן אים פולע פרייהייט אָפּצורעכענען זיך מיט זיינע שונאים און אַרויסצוטרעטן קעגן די רייכע דורך אָנגרייפן זייער אייגנטום — אָדער דערלאָזן, אַז די קיניגלעכע מאַכט זאָל אַרויס אַלס זיגערין פון שלאַכט, וואָס וואָלט געווען גלייך צו דעם טריומף פון דער קאָנטררעוואָלוציע און צו דעם פאַרלוסט פון דעם ביסל רעוואָ־לוציאָנערע פּאָזיציעס, וואָס זיינען שוין געוואונען געוואָרן; אין דעם פאַל וואָלט דער ווייסער טעראָר פון 1794 געווען געהערשט שוין אין 1792.



אַזויערנאָך איז געקומען צו א פאַרשטענדיקונג צווישן אַ גע־וויסער צאָל סאַמע ראַדיקאַלע יאַקאָבינער (זיי האָבן אַפילו אָפּ־געהאַלטן אַ באַראַטונג אין אַ באַזונדערן לאָקאַל), און צווישן די, וואָס האָבן צוזאַמען מיטן פאָלק בדעה געהאַט אונטערצונעמען אַ גרויסן אָנגריף אויף טיוילרי. מיט דעם מאָמענט אָבער, ווען די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג איז געקומען, מיט דעם מאָמענט, ווען די „מאָסגיביקע מענער" — ראָבעספּיער און דאַנטאָן — האָבן צוגעזאָגט ניט נאָר ניט אַרויסצוטרעטן קעגן דער פאָלקס־באַוועגונג, נאָר אונטערצושטיצן זי, האָט מען דאָס איבעריקע איבערגעלאָזן פאַר דעם פאָלק, וואָס האָט בעסער פון די פאַרטיי־פירער פאַרשטאַנען די נייטיקייט פון אַ לכתחילהדיקער פאַראייניקונג פון די כוחות, יעדעס מאָל, ווען די רעוואָלוציע גרייט זיך צו געבן אַן אַנטשיידענעם קלאַפּ.

ווי באַלד נאָר ביי דעם „באַרג" איז געקומען צו אַ הסכם בנוגע דער ליניע פון קעגנזייטיקער האַנדלונג, האָט דאָס פאָלק, דער גרויסער אומבאַקאַנטער, זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן דעם אויפשטאַנד און לויט די פאָדערונגען פון דעם מאָמענט, האָט ער אַליין געשאַפן געוויסע צווישנסעקציאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן באַדאַרפט געבן דעם באַוועגונג אַ געוויסע גאַנצקייט. וואָס נוגע די פּרטים, האָט מען זיך פאַרלאָזן אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן חוש פון די מאַסן פון די אַרבעטערקוואַרטאַלן; און ווען די זון איז דעם 10טן אויגוסט אויפגעגאַנגען איבער פּאַריז, האָט נאָך קיינער ניט געקענט וויסן, ווי אַזוי וועט זיך ענדיקן דער דאָזיקער גרויסער טאָג. די צוויי באַטאַליאָנען פון מאַרסעל און ברעסט, וואָס זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט און באַוואָפנט, האָבן בלויז געהאַט טויזנט מענטשן, און קיינער, אויסער די, וואָס האָבן אין די פריערדיקע טעג און נעכט אָנטייל גענומען אין די אייליקע צוגרייט-אַרבעטן פון די פאָרשטעט, האָט ניט געקענט פאָראויסזען, צי די פאָרשטעט וועלן זיך מאַסנווייז אויפהייבן.

און וואו זיינען געווען די ביזאיצטיקע פירער? וואָס האָבן זיי געטאָן? פרעגט בלאַנק. און ענטפערט אַזוי: מיר ווייסן גאָרניט, וואָס האָט ראָבעספּיער געטאָן אין יענער קריטישער נאַכט, אָדער צי האָט ער, בכלל, געשפּילט אַ וועלכע עס איז ראָלע. „עס ווייזט אויס, אַז אויך דאַנטאָן האָט קיין אַקטיוון אָנטייל ניט גענומען אין די צוגרייטונגען צו דעם אויפשטאַנד, און אויך ניט אפילו אין דעם „קאַמף פון 10טן אויגוסט.

ס'איז קלאָר, אַז מיט דעם מאָמענט, ווען דער אויפשטאַנד איז באַשלאָסן געוואָרן, האָט דאָס פאָלק שוין מער ניט באַדאַרפט די פּאָליטיקער. קודם-כל איז אים געגאַנגען אין צוגרייטן געווער און פונאַנדערטיילן עס צווישן די, וואָס קענען זיך מיט דעם באַנוצן, און אויך אין אָרגאַניזירן דעם קערן פון יעדער אָפּטיילונג, שאַפן מיליטער-אָפּטיילונגען אויף יעדער פאָרשטאָט-גאַס. אין דעם אַלעם וואָלטן די פּאָליטישע פירער געווען בלויז אַ גרויסער שטער; דעריבער האָט מען זיי געראָטן, אַז זיי זאָלן זיך אָנגעבן אין דע-

מיסיע, בשעת די באוועגונג האט זיך ענדגילטיק ארגאניזירט אין דער נאכט פון דעם 9טן אויפן 10טן אווגוסט. אזוי האט אויך געטאן דאנטאן. ער האט רויק געשלאפן, ווי מיר דערוויסן זיך וועגן דעם פון לוסיל דעמולענס צייטונג.

די נייע „אומבאקאנטע" מענטשן האבן, — פונקט ווי אין דער באוועגונג פון דעם 18 מערץ 1871 — זיך באוויזן אין יענע טעג, ווען דער נייער גענעראל־ראט, די רעוואלוציאנערע קאמונע פון 10טן אווגוסט איז באשטימט געווארן דורך די סעקציעס. איבערנעמענדיק די מאכט אין אירע הענט, האט יעדע סעקציע באשטימט דריי קאמיסארן „צו ראטעווען דאס פאטערלאנד", און דער אויסוואל איז געפאלן, ווי די היסטאריקער דערציילן אונז, אויסשליסלעך אויף אומבאקאנטע מענטשן. העבערט פון דער עקסטרעמיסטן־פארטיי איז געווען איינער פון זיי, אבער תחילת מרעפן מיר דארטן ניט — ניט מאראטן און ניט דאנטאנען *.

אזוי ארום איז די נייע „קאמונע" — די אויפשטאנד־קאמונע — ארויס פון פאלק און האט איבערגענומען די פירערשאפט מיט דעם אויפשטאנד. מיר וועלן באלד זען, וואס פאר א מעכטיקן איינפלוס זי האט געהאט אויף דעם גאנג פון אלע ווייטערדיקע געשעענישן, ווי זי האט געהערשט איבערן קאנווענט און האט געשטויסן דעם „בארג" צו רעוואלוציאנערע מעשים, כדי צו פארזיכערן, לפחות, די־יעניקע פאזיציעס, וואס די רעוואלוציע האט שוין געוואונען.

* * *

מיר האבן דא ניט בדעה אפצושטעלן זיך אויספירלעך וועגן דעם 10טן אווגוסט. אמבעסטן האבן די היסטאריקער בא־

* „וואס פאר א גרויסע פארזאמלונג דאס איז געווען!" רופט אויס שאמעט (מעמוארן, 44). „וואס פאר א דערהויבענע פאטריאטישע באגייסטערונג איך האב באמערקט בעת דער דיסקוסיע וועגן דער דעטראניזירונג פון דעם קיניג! און וואס איז געווען די נאציאנאל־פארזאמלונג מיט אלע אירע קליינלעכע ליידנשאפטן, מיט אירע שלעכטע מיטלען, מיט אירע דעקרעטן, וואס זיינען דערשטיקט געווארן בלייך אין אנהייב און זיינען שפעטער צונישט געווארן דורך דעם וועטא — וואס איז געווען, הור איך איבער, די דאזיקע פארזאמלונג אין פארגלייך מיט דער פארזאמלונג פון די סעקציע־קאמיסארן פון פאריז?

אַרבעט די דראַמאַטישע זייט פון דער רעוואָלוציע: ביי מישלע און ביי לוי בלאַנק געפינען מיר אויסגעצייכנטע באַשרייבונגען פון די געשעענישן. וועלן מיר זיך דעריבער באַגרעניצן בלויז מיטן דערמאָנען די סאַמע וויכטיקע פאַקטן.

פון זינט מאַרסעל האָט זיך קלאָר אַרויסגעזאָגט פאַר אַראָפּזעצן דעם קיניג, האָבן פון אומעטום גענומען אָנקומען אין דער פאַרזאַמלונג פּעטיציעס און אַדרעסן, וואָס האָבן געפאָדערט די דעטראָניזירונג. אין פּאַריז האָבן זיך צוויי-און-פערציק סעקציעס אַרויסגעזאָגט אין דעמזעלבן גייסט. פּעטיאָן איז אַפילו דעם 4טן אויגוסט געקומען פאַר דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, כדי פאָרצושטעלן איר די וואונטשן פון די סעקציעס.

אָבער די פּאָליטיקער פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָבן זיך לחלוטין ניט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע. בעת מיר לייענען אין די בריוו, וואָס זיינען דעם 7טן און 8טן אויגוסט געשריבן פון פּאַריז (דורך פּרוי זשוליען), די ווערטער: „אַ שרעקלעכער שטורעם הענגט אין דערלופטן", ווערט אין דעם מאָמענט דער האָריזאָנט פאַרשטעלט מיט וואָלקנס, וואָס דראָען מיט אַ שרעקלעכער אויסלאָדונג. די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט אויף איר זיצונג דעם 8טן אויגוסט אָנערקענט לאַפּאַיעטן פאַר אומשולדיק, גלייך ווי אין לאַנד וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געברענט דער האַס קעגן דער קיניגלעכער הערשאַפט.

דערווייל האָט זיך דאָס פאָלק פון פּאַריז געגרייט צו דער אַנטשיידנדיקער שלאַכט. די אויפשטאַנדס-קאָמיטעטן זיינען געוועזן אַזוי ווייט פאָרזיכטיק, אַז זיי האָבן פאָראויס ניט באַשטימט דעם טאָג פון אויפשטאַנד. דערווייל האָבן זיי זיך באַנוגנט מיט זאָנדירן די געענדערטע שטימונג פון די מאַסן און האָבן זיך געפלייסט צו הייבן זייער מוט, און האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען זיי וועלן קענען וואַרפן דעם לאָזונג: „צום געווער!" ווי עס שיינט, האָט מען שוין דעם 26טן יוני זיך געפלייסט אַ ר ו י ס ר ו פ ן  אַ ן  א ו י פ ש ט א נ ד, נאָך דעם פאָלקסבאַנקעט, וואָס מען האָט איינגעאָרדנט אויף די חורבות פון באַסטיליע און וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען אַלע פאַרשטעט,

ברענגענדיק טישן און פראדוקטן *. דעם צווייטן אויפשטאנד האט מען געפרוווט מאכן דעם 30טן יולי, אבער אויך אן ערפאלג.

די צוגרייטונגען צו דעם אויפשטאנד, וואס זיינען ניט ווי געהעריק אונטערשטיצט געווארן דורך די פאליטישע פירער, וואלט זיך משמעות, געצויגן א לאנגע צייט, ווען די אינטריגעס פון הויף וואלטן ניט צוגעאיילט די געשעענישן. אויסרעכענענדיק אויף די הויפלייט, וואס האבן געשווארן צו שטארבן פארן קיניג, אויסרעכענענדיק אויף דער הילף פון די עטלעכע באטאליאנען נאציאנאלער גווארדיע, וואס זיינען געווען אויסגעפרוווט אין זייער טרייהייט צום הויף, ווי אויך אויף די שווייצער, זיינען די ראיאליסטן געווען זיכער מיט דעם נצחון. זיי האבן שוין געהאט פעסטגעשטעלט דעם 10טן אווגוסט פאר דעם טאג פון דער מלוכה־איבערקערעניש. „דאס איז געווען דער טאג, וואס אין אים איז באשטימט געווארן דער אויסבראך פון דער קאנטררעוואלוציע". לייענען מיר אין די בריוו פון יענער עפאכע. „אויף מארגן האבן אלע יאקאבינער זיך געזאלט באדן אין אייגענעם בלוט".

אין דער נאכט פון דעם 9טן אויף דעם 10טן אווגוסט, ווען עס האט געשלאגן צוועלף א זייגער, האט זיך ענדלעך דערהערט איבער פאריז דער אלארם־גלאק. צום אנהייב האט זיך טאקע קיינער ניט געאיילט אויף זיין קלונג, און אין דער קאמונע האט מען אפילו גענומען טראכטן וועגן אפרופן דעם אויפשטאנד. דריי א זייגער פארטאג זיינען אייניקע קווארטאלן נאך געווען אינגאנצן רויק. ס'האט אויסגעזען, אז דאס פאלק פון פאריז, געפירט פון זיין וואונדערלעכן רעוואלוציאנערן חוש, האט ניט געוואלט אנהייבן אין דער פינסטער דעם קאמף מיט דעם קיניגלעכן חייל, דעם קאמף, וואס האט זיך געקענט צעברעקלען אויף א ריי באטישע און אומזיכערע צוזאמענשטויסן.

דערווייל האט די אויפשטאנד־קאמונע אין דער דאזיקער נאכט באהערשט דעם שטאטראט, און די לעגאלע קאמונע האט געמוזט אפטרעטן דעם ארט פאר דעם נייעם רעוואלוציאנערן

* Mortimer Ternaux, Ferreur, II, 130.

כוח, וואָס האָט תּיכּף צוגעגעבן דער באַוועגונג אַ מעכטיקן שוואונג.

ארום זיבן אַ זייגער אינדערפרי האָבן זיך די לייט מיט די פּיקעס, באַגלייט פון די פעדערירטע פון מארסעל, די ערשטע באַוויזן אויף דעם קארוזעלן-פּלאַץ.

מיט אַ שעה שפּעטער האָבן זיך אַ ריר געטאָן די פאָלקס-מאַסן, און דעם קיניג האָט מען דערוויילע געגעבן צו וויסן אין פּאַלאַץ, אַז גאַנץ פּאַריז מאַרשירט אויף טוילרי.

ס'איז טאַקע געווען גאַנץ פּאַריז, אָבער פּאַריז פון די אָרעמע, וואָס איז אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך דער פאָלקס-גוואַרדיע פון די אַרבעטער- און האַנטווערקער-קוואַרטאַלן. — אָט דעמאָלט ערשט, אַרום האַלב ניין אַ זייגער, האָט דער קיניג, וואָס ביי אים איז נאָך פריש געווען אין זיכּרון דער 20סטער יוני און מורא האָבנדיק, ער זאָל ניט באַקומען דעם טויט פון דער האַנט פון פאָלק, — אָט דעמאָלט-ערשט האָט ער פאַרלאָזט טוילרי. ער האָט זיך באַהאַלטן אין דער פאַרזאַמלונג און האָט איבערגעלאָזן פאַר זיינע טריי-איבערגעגעבענע צו פאַרטיידיקן דעם שלאָס און פאַר-טיליקן אָן רחמנות דעם אַטאַקירנדיקן פאָלק. אָבער ווי נאָר דער קיניג איז נעלם געוואָרן, זיינען גאַנצע באַטאַליאָנען פון דער בירגערלעכער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע פון די רייכע קוואַרטאַלן זיך תּיכּף צעלאָפן, כּדי ניט צו טרעפן זיך פּנים-אל-פּנים מיט דעם צעבונטעווועטן פאָלק. מחנות מענטשן פון פאָלק האָבן איצט באַ-לאַגערט די צוגאַנגען צו טוילרי, און די פאָדערשטע וואַך, וואָס איז אויפגעמונטערט געוואָרן דורך די שווייצער, וועלכע האָבן אַרויסגעוואָרפן זייערע קוילן דורך די פענסטער, האָט זיך אַריינ-געריסן אין איינעם פון די פּאַלאַץ-הויפן.

אין דער זעלבער צייט האָט אָבער אַן אַנדער שווייצער-אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון די הויף-אָפיצירן און איז געווען אויסגעשטעלט אויף די הויפּט-טרעפּ ביים אַריינגאַנג, דערלאַנגט אַ זאַלפּ אין המון, און האָט אַוועק-געלייגט איבער פיר הונדערט געהרגעטע.

דאָס האָט דערצידערט וועגן דעם אויסגאַנג פון טאָג. מיט געשרייען: פּאַרראַט! אַ טויט דעם קיניג! אַ טויט דער עסטרייכערין! איז דאָס פאָלק פון אומעטום געלאָפן אין טוילרי; די פאַרשטעט פון דעם הייליקן אַנטאָני און דעם הייליקן מארטין זיינען אוועק אַהין אין געדיכטע מחנות, און באַלד זיינען די שווייצער, וועלכע דאָס פאָלק האָט אַטאַקירט, אַנטלאָפן אָדער אויסגעהרגעט געוואָרן.

צי דאַרף מען דען נאָך זאָגן, אַז אַפילו אין דעם דאָזיקן קריטישן מאָמענט איז די פאַרזאַמלונג געווען אומאַנטשלאָסן און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן? זי האָט אָנגעהויבן צו טאָן ערשט דעמאָלט, ווען דאָס פאָלק האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם זיצונגס־זאַל און געדראָט צו דערהרגענען דעם קיניג און זיין משפחה, ווי אויך די דעפּוטאַטן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין מוט אַרויסצוזאָגן זיך פאַר דער דעטראָניזירונג. אַפילו נאָכן איינגעמען טוילרי און שפּעטער, ווען די מאָנאַרכיע האָט שוין פאַקטיש ניט עקסיסטירט, האָבן די זשיראָנדיסטן, וואָס האָבן פריער מיט אַזאַ פאַרגעניגן גערעדט וועגן דער רעפּובליק, זיך נאָך ניט אַנטשלאָסן אונטערצונעמען קיין איין אַנטשיידנדיקן טראָט. ווערניאָ האָט זיך בלויז דערוועגט „צייטווייליק אָפּצושטעלן דעם שעף פון דער אויספיר־מאַכט", וואָס האָט פון דעמאָלט אָן געזאָלט זיצן אין לוקסענבורג.

ערשט אין צוויי אָדער אין דריי טעג אַרום האָט די רעוואָלוציאָנערע קאָמונע איבערגעפירט לודוויק דעם XVI און זיין משפחה אין דער טאַמפּל־טורמע און האָט באַשלאָסן צו האַלטן אים דאָרטן אַלס פאָלקס־געפאַנגענעם.

אַזוי אַרום, איז די קיניגלעכע מאַכט פאַקטיש אָפּגעשאַפט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט זיך די רעוואָלוציע אין משך פון אַ געוויסער צייט פריי געקענט אַנטוויקלען, ניט מורא האָבנדיק, אַז זי וועט אין איר גאַנג פּלוצלונג אָפּגעשטעלט ווערן דורך אַ וועלכער עס איז ראָיאַליסטישער איבערקערעניש, דורך אויסשעכטן די רעוואָלוציאָנערן און דורך דער הערשאַפט פון דעם ווייסן טעראָר.

די פּאָליטיקער זעען די הויפּט־באַדייטונג פון דעם 10טן אווגוסט אין דעם קלאַפּ, וואָס ער האָט דערלאַנגט דער מאָנאַרכיע. פאַר דעם פאָלק איז דער דאָזיקער טאָג דערפאַר געווען אַ געהויבענער, ווייל ער האָט אָפּגעשאַפט די מאַכט, וואָס האָט ניט געוואָלט אויספירן די דעקרעטן קעגן די פעאָדאַלע רעכטן קעגן די עמיגראַנטן און די גלחים, און וועלכע האָט גלייכצייטיק גערופן די דייטשע אינוואַזיע; דער דאָזיקער טאָג איז געווען אַ טאָג פון טריומף פאַר די רעוואָלוציאָנערן פון פאָלק — פון דעם פאָלק, וואָס האָט איצט געהאַט די מעגלעכקייט צו שטויסן די רעוואָלוציע פאָראויס אין דער ריכטונג פון גלייכהייט — וואָס איז געווען דער חלום און דער ענדגילטיקער באַגער פון די מאַסן. אַזוי אַרום, האָט די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג שוין אויף מאָרגן, נאָך דעם 10טן אווגוסט, אַזוי פּחדנותדיק און רעאַקציאָנער, אַרויסגעגעבן אונטער דעם אויסערלעכן דרוק עטלעכע דעקרעטן, וואָס האָבן אַ רוק געטאָן די רעוואָלוציע מיט אַ טריט פאָראויס.

יעדער פאַרעקשנטער גלח — האָבן די דאָזיקע דעקרעטן געזאָגט — וואָס וועט אין אַ משך פון פערצן טעג ניט שווערן טרייהייט דער קאָנסטיטוציע, וועט נאָך דעם טערמין פאַרהאַלטן ווערן און וועט פאַרשיקט ווערן קיין קאַיען.

אַלע גיטער פון די עמיגראַנטן אין פראַנקרייך און אין די קאָלאָניעס זיינען סעקוועסטרירט. זיי דאַרפן אויסגעשטעלט ווערן אויף צו פאַרקויפן אין קליינע חלקים.

אַלע אונטערשיידן צווישן די פּאַסיווע בירגער (די אָרעמע) און די אַקטיווע (די באַזיצער) וועלן אָפּגעשאַפט ווערן. פון דאַן אָן האָט יעדער בירגער, ווען עס ווערט 21 יאָר, דאָס רעכט צו וויילן, און קען אויך אויסגעוויילט ווערן, ווען אים ווערט 25 יאָר; וואָס נוגע, ווידער, די פעאָדאַלע רעכט, האָט די קאָנסטיטואַנטע, ווי מיר האָבן שוין געזען, אַרויסגעגעבן דעם 15טן מערץ 1790 איר באַרימטן דעקרעט, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דער השערה, אַז אַלע פעאָדאַלע לאַסטן ווערן באַטראַכט אַלס באַלוינונג פאַרן אָפּטרעטן די ערד, וואָס דער באַלעבאָס האָט אַמאָל אָפּגעטראָטן פאַר זיין צינז־צאָלער (וואָס דאָס איז געווען

פּאַלש), און אַלס אַזעלכע דאַרפֿן זיי ווייטער בלייבן, כּל־זמן דער פּויער וועט זיי ניט אויסקויפֿן. דער דאָזיקער דעקרעט, וואָס מישט, אַזוי־אַרום, צונויף, די פּערזענלעכע אָפּצאָלונגען (וואָס האָבן געשטאַמט פֿון דער קנעכטשאַפֿט) מיט די ערד־פֿליכטן (וואָס האָבן געשטאַמט פֿון דעם באַזיץ), האָט פּאַקטיש אָפּגעשאַפֿט דעם באַשלוס פֿון 4טן אויגוסט 1789, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דאָס מבטל מאַכן אַלע פּערזענלעכע לאַסטן. דער דעקרעט פֿון 15טן מערץ 1790 האָט צוריקגעשטעלט די דאָזיקע פֿליכטן אונטער דער פּיקציע, אַז זיי זיינען צוגעבונדן צו דער ערד. קוטאָן האָט דאָס אויסגעצייכנט אויפֿגעקלערט אין זיין באַריכט, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אין דער פֿאַרזאַמלונג דעם 29טן פֿעברואַר 1792.

איצט, דעם 14טן יוני 1792 — דאָס הייסט, כּמעט ערב דעם 20סטן יוני, ווען מען האָט באַדאַרפֿט געווינען פֿאַר זיך דעם פֿאָלק — האָבן די לינקע, אויסנוצנדיק די אָפּוועזנהייט פֿון אַ גע־וויסער צאָל מיטגלידער פֿון די רעכטע, אָ פּ גע שאַ פֿט אָ ן אַ נ ט שע דיק ונג אייניקע פּערזענלעכע פֿעאָדאַלע פֿליכטן, דערהויפּט די געלעגנהייטלעכע אָפּצאָלונגען (פֿאַר ירושות, פֿאַר חתונות, פֿאַר ניצן דעם ווייַן־פּרעס, דעם מיל און אַזוי ווייטער).

אַזוי ערנאָך, האָט מען נאָך דריי יאָר רעוואָלוציע געמוזט אָנווענדן אַ געוויסן שווינדל, כּדי אַרויסצובאַקומען פֿון דער פֿאַר־זאַמלונג די אָפּשאַפֿונג פֿון די אַלע פֿאַרהאַסטע לאַסטן.

אייגנטלעך האָט אַפֿילו דער דאָזיקער דעקרעט נאָך ניט אָפּגעשאַפֿט אינגאַנצן די געלעגנהייטלעכע אָפּצאָלונגען. אין אייניקע פֿאַלן האָט מען בכלל זיי באַדאַרפֿט אויסקויפֿן; אָבער דאָס זיינען געווען קלייניקייטן!

די יעריקע פֿליכטן, ווידער, ווי די צינזן, אָדער דער גאַרבן־אָפּצאָל, וואָס די פּויערים האָבן געצאָלט אַלס צוגאָב, אויסער די אָפּצאָלן פֿאַרן באַזיץ, און וועלכע זיינען אויך געווען אַ איבער־בלייבס פֿון דער אַמאָליקער קנעכטשאַפֿט, זיינען ווייטער געבליבן אין קראַפֿט!

אָבער אַט האָט זיך דאָס פאָלק אויפגעהויבן אויף טויִלרי; אַט איז דער קיניג אראָפּגעזעצט געוואָרן פון טראָן און ארעסטירט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציאָנערער קאָמונע! ווי נאָר די דאָזיקע ידיעה האָט דערגרייכט דעם דאָרף, האָבן פון אַלע זייטן גענומען אָנקומען פעטיציעס אין דער פאַרזאַמלונג, וואָס האָבן געפאָדערט די ענדגילטיקע אָפּשאַפונג פון די פעאָדאַלע רעכט.

דעמאָלט ערשט אַנטשליסט זיך די פאַרזאַמלונג צו מאַכן עטלעכע טריט ווייטער (די דעקרעטן פון 16טן און 25טן אוגוסט 1792); דאָס איז געווען ערב דעם 2טן סעפּטעמבער, ווען די שטעלונג פון דעם פּאַריזער פאָלק צו די בורזשואַזע געזעצגעבער האָבן ביי די לעצטע לגמרי ניט פאַרשטאַרקט דאָס געפיל פון זיכערקייט.

אַלע פּראָצעסן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען צוליב די ניט־באַצאָלטע פעאָדאַלע שטייערן, ווערן בטל — דאָס איז ניט קיין קלייניקייט.

אַלערליי פעאָדאַלע און לייבקנעכטשאַפטלעכע פליכטן, וואָס קומען ניט אַלס לוין פאַר דער ערד־אָפּטרעטונג, ווערן אָפּגעשאַפט אָן קיין שום אַנטשעדיקונג.

דער דעקרעט פון 20טן אוגוסט ע ר ל ו י ב ט אויסצוקויפן באַזונדער אי די געלעגנהייטלעכע שטייערן, אי די יערלעכע אָפּצאָלן, וואָס זייער געזעצלעכקייט זיינען דערוויזן געוואָרן דורך צושטעלן זייער ערשטן דאָקומענט, וועלכער שטעלט פעסט די ערד־אָפּטרעטונג.

אָבער דאָס אַלץ גייט אריין אין קראַפט בלויז אין פאַל פון אַ נ י י ע ר ק נ י ה דורך אַ נ י י ע ם ק ו נ ה.

די ליקווידאַציע פון די פּראָצעסן האָט בלי שום ספק באַטייט אַ גרויסער טראָט פאָראויס. די פעאָדאַלע רעכט האָבן אָבער, טראָץ אַלעמען, אויך ווייטער עקסיסטירט. מען האָט נאָך זיי אַלץ באַדאַרפט אויסקויפן. דאָס נייע געזעץ האָט בלויז פאַרגרעסערט די צעטומלעניש, אַזוי אַז פון יענעם מאָמענט אָן איז אוממעגלעך געוואָרן צו באַצאָלן פאַר עפּעס אָדער עפּעס אויסצוקויפן. אַזוי האָבן, אייגנטלעך, אויך געהאַנדלט די פּויערים, וואָס האָבן געוואַרט

אויף עפּעס אַ נייעם ניצחון פון פאָלק און אויף עפּעס אַ נייער הנחה מצד דער הערשנדיקער מאַכט.

גלייכצייטיק זיינען אַלע מעשרם און אַלע ארבעטספּליכטן, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער קנעכטשאַפט — פון דער טויטער האַנט — אָפּגעשאַפט געוואָרן אָן אַנטשעדיקונג. דאָס איז אויך געווען ניט סתם אַ געווינס; דען אַזוי ווי די פאַרזאַמלונג האָט פון איין זייט געשיצט די פּריצים און די נייע בירגערלעכע ערד-באַזיצער, אַזוי האָט זי אויך, פון דער צווייטער זייט, אַמווייניקסטנס ניט געשאַנעוועט די גלחים, פון זינט עס איז שוין מערניט געווען קיין קיניג, וואָס זאָל זיי פאַרטיידיקן.

אָבער די זעלביקע פאַרזאַמלונג האָט דערווייל ארויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, וואָס ווען זי זאָל אריין אין לעבן, וואָלט זי אויפגעהויבן דאָס גאַנצע פּויערישע פראַנקרייך קעגן דער רעפּובליק. די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעשאַפט די סאָלידאַרע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די חובות, וועלכע האָט עקסיסטירט אין די פּויערישע דאָרפס-פאַרוואַלטונגען *, גלייכצייטיק האָט זי אויך פאַראָדנט די חלוקה פון דער ערד צווישן די איינוואוינער (נעפּשאַטאָס פאַרשלאָג), דאָך איז דער דאָזיקער דעקרעט, וואָס האָט אַנטהאַלטן בלויז עטלעכע שורות און איז אויסגעדריקט אין זייער נעפּלהאַפטע ווערטער — גיכער אַ דעקלאַראַציע, איידער אַ דעקרעט — קענטיק קיינמאָל ניט גענומען געוואָרן ערנסט. זיין פאַרווירקלעכונג האָט, צום סוף, אָנגעטראָפן אויף אַזעלכע שוועריקייטן, אַז ער וואָלט געבליבן אַ טויטער אות; און ווען דער דאָזיקער ענין איז נאָך אַמאָל באַרירט געוואָרן, האָט די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט שוין פאַרענדיקט איר טערמין, אויפגעלייזט געוואָרן, ניט אָננעמענדיק קיין שום באַשלוס.

וואָס נוגע, ווידער, די מאַיאָנטקעס פון די עמיגראַנטן, איז פאַראָרדנט געוואָרן צו פאַרקויפן זיי אין ק ל יי נ ע ט יי ל ן, צו

* הייזט אויס, אַז דאָס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, וואָס עס עקסיסטירט נאָך היינט אין רוסלאַנד אונטערן נאָמען круговая порука (אַלגעמיינע פאַראַנטוואָרטלעכקייט).

צוויי, צי דריי, אָדער צום העכסטן צו פיר מאָרגעס. פאַרקויפן האָט מען דאָס באַדאַרפט „אין דער פאָרם פון אַרענדע, פון געלט־רענטע", וואָס מען קען שטענדיק אויסקויפן, דאָס הייסט, אַז דער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין געלט, האָט אויך געקענט קריגן ערד, מיט דעם תנאי אָבער, צו צאָלן אייביקע אַרענדע, וועלכע ער האָט אַמאָל געקענט אויסקויפן. דאָס איז, קענטיק, געווען אַ גרויסע הנחה פאַר די אָרעמע פויערים. ס'איז אָבער לייכט צו פאַרשטיין, אַז פּאַקטיש האָט מען די קליינע קונים געמאַכט פאַרשיידענע שוועריקייטן. די פאַרמעגלעכע האָבן ליבערשט געוואָלט אויפקויפן אַנגראָ די עמיגראַנטישע גיטער, כּדי צו פאַרקויפן זיי דערנאָך אין קליינע חלקים.

צום סוף — און דאָס איז אויך זייער כאַראַקטעריסטיש — האָט מען פאַרגעלייגט אַן עכט רעוואָלוציאָנערן מיטל, וועלכער איז שפּעטער, נאָכן פאַלן פון די זשיראָנדיסטן, ווידער אַרויף אויף דער טאָג־אָרדענונג. ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אָפּשאַפן די רעזולטאַטן פון דעם קיניגלעכן באַפעל פון 1669 און מען זאָל צווינגען די ערד־אייגנטימער אומצוקערן די געמיינדעס די ערד, וועלכע זיי האָבן צוגענומען ביי זיי אויף דעם גרונט פון יענער פאַראָרדענונג. זיין פאַרשלאָג איז, נאַטירלעך, ניט אָנגענומען געוואָרן. אויף דעם האָט מען באַדאַרפט אַ נייע רעוואָלוציע.



דאָס זיינען געווען די רעזולטאַטן פון דעם 10טן אויגוסט: דאָס קיניגטום איז געפאַלן — אַלזאָ, האָט די רעוואָלוציע איצט געקענט אָנהייבן אַ נייע עפּאָכע, אַן עפּאָכע פון גלייכהייט, ווען די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און די הערשנדיקע מאַכט וואָלטן זיך בכלל ניט געשטעלט אַנטקעגן דעם.

דער קיניג און זיין משפּחה געפינען זיך אין טורמע. עס דאַרף זיך אויפקומען אַ נייע פאַרזאַמלונג, מיטן נאָמען קאָנווענט. די וואָלן קומען פאָר אויפן יסוד פון אַלגעמיינער שטימרעכט, די וואָלן זיינען נאָך אָבער אַלץ אומדירעקטע.

עס ווערן אָנגענומען שאַרפע מיטלען קעגן די גלחים, וואָס זאָגן זיך אָפּ צו אָנערקענען די קאָנסטיטוציע, דאָס זעלבע אויך

קעגן די עמיגראַנטן. עס ווערט פאַראָרדנט צו פאַרקויפן די גיטער פון די עמיגראַנטן, וואָס זיינען סעקוועסטרירט געוואָרן אויפן יסוד פון דעם דעקרעט פון 30סטן מערץ 1792.

די פּרייוויליקע — די סאַנקילאָטן, פירן ענערגיש די מלחמה קעגן דעם פרעמדן חייל.

אָבער די גרויסע פּראָבלעם, וואָס זאָל זיין מיטן קיניג — דעם פאַררעטער — ווי אויך די צווייטע וויכטיקע פראַגע, וואָס האַלט אין שפּאַנונג פופצן מיליאָן פּויערים, די פראַגע פון די פעאָדאַלע לאַסטן, בלייבט אַלץ ניט געלייזט. די דאָזיקע לאַסטן דאַרף מען, טראַץ אַלץ, אויסקויפן, אויב מען וויל זיך פון זיי באַפרייען. דער נייער געזעץ, ווידער, וועגן צעטיילן די געמיינדע-ערד וואַרפט אַן אַ מורא אויפן דאָרף.

אָט ביי אַזאַ לאַגע טרעט אָפּ די געזעצגעבערישע פאַרזאַמ-לונג, וואָס האָט געטאָן אַלץ, כדי צו שטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער רעוואָלוציע, דעם אָפּשאַפן דורך איר די צוויי איבער-בלייבענישן פון דער פאַרגאַנגענהייט: דאָס קיניגטום און די פעאָ-דאַלע רעכט.

אָבער זייט ביי זייט מיט דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמ-לונג האָט זיך אויסגעטיילט אַ נייע מאַכט, די פּאַריזער קאָמונע, וואָס האָט איבערגענומען אין אירע הענט די רעוואָלוציאָנערע איניציאַטיוו און האָט זי געהאַלטן — ווי מיר וועלן דאָס זען — כמעט גאַנצע צוויי יאָר.

---

## פיר־און־דרייסיקסטער קאפיטל.

# דער איבערגאַנגס־פעריאָד. — די פאַרראַטן.

דאָס פאָלק פאַרלאַנגט גערעכטיקייט. — די סכנה פון דער דייטשער אינוואַזיע. — די פאַרצווייפלונג פון פאָלק. — לאַפאַיעטס פאָפּולאַריטעט. — דער כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע ענדערט זיך. — דער קאַמף צווישן דער פאַרזאַמלונג און דער קאָמונע. — די די באַלאַגערונג פון ווערדען. — דער צאָרן פון די רעוואָלוציאָנערן.

דאָס פאָלק פון פאַריז האָט באַוויינט זיינע געפאַלענע ברידער און האָט הויך געפאָדערט גערעכטיקייט; עס האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל באַשטראָפן די־יעניקע, וואָס האָבן אַרויסגערופן די שחיטה אַרום טויִלרי.

טויזנט הונדערט מענטשן, — זאָגט מישלע, — אָדער דריי טויזנט, ווי די ידיעה וועגן דעם האָט דערציילט — זיינען דערהרגעט געוואָרן דורך די פאַרטיידיקער פון דעם קיניגלעכן פּאַלאַץ.

דערהויפּט האָבן די אָרעמסטע פון די פאַרשטעט, די לייט, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט פּיקעס, ניט אויסגעמיטן דעם דאָזיקן גורל. זיי האָבן זיך מאַסנווייז געוואָרפן אויף טויִלרי און זיינען געפאַלן אונטער די קוילן פון די שווייצער און דעם אַדל, וואָס זיינען געווען פאַרשטעלט מיט דיקע ווענט.

די פורן, וואָס זיינען געווען פול מיט טויטע קערפּערס, זאָגט מישלע, האָבן זיך געלאָזט צו די פאַרשטעט, און דאָרטן האָט מען די געפאַלענע אויסגעשטעלט עפנטלעך, כדי מען זאָל זיי קענען דערקענען. גרויסע מאַסן האָבן זיך געזאַמלט אַרום זיי, און די שטימען פון די מאַנסלייט, וואָס האָבן גערופן צו נקמה, האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די יללות פון די פרויען.

דעם 10טן אויגוסט אינאָוונט און אויף מאָרגן האָט דער צאָרן פון פאָלק זיך געווענדט קודם־כל קעגן די שווייצער. צי דען ניט זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן די קוילן דורכן פענסטער און דערמיט אויפגעמונטערט דעם המון אַריינצוגיין אין פּאַלאַץ? צי דען האָט זיך דאָס פאָלק ניט געמיט צו ברידערן מיט די שווייצער, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די גרויסע

טרעפּ ביים אריינגאנג, ווען די האָבן פּלוצלונג געעפנט א גרויסן, מערדערישן פייער אויפן המון?

דאָך האָט דאָס פאָלק תיכּף פאַרשטאַנען, אַז אויב עס וויל געפינען די אמתע שולדיקע אין דער שחיטה, דאַרף עס דעם קלאַפּ ווענדן העכער. מען דאַרף ווענדן דעם קלאַפּ אויף דעם קיניג, אויף דער קיניגין, אויף דעם „עסטרייכישן קאָמיטעט" פון טוילרי.

אָבער דעם קיניג, די קיניגין און זייערע איבערגעגעבענע האָט די פאַרזאַמלונג געשיצט מיט איר אויטאָריטעט. אין דער אמתן איז טאַקע דער קיניג מיט דער קיניגין, זייערע קינדער און די פאַרטרויוגגס-לייט פון מאַריע אנטואַנעטע געווען פאַרשפּאַרט אין דער טאַמפּל-טורמע. די קאָמונע האָט באַקומען אַן ערלויבעניש פון דער פאַרזאַמלונג אויף אַריבערצופירן זיי אין טורמע, אָראָפּנעמענדיק פון זיך יעטווידע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אויב זיי וואָלטן געבליבן אין לוקסעמבורג. אָבער אין תוך איז נאָך קיין שום ממשותדיקס ניט געטאָן געוואָרן — אַזש ביז דעם 4טן סעפּ־טעמבער.

דעם 10טן אווגוסט האָט זיך די פאַרזאַמלונג אפילו אָפּגעזאָגט צו פּראָקלאַמירן די דעטראָניזירונג פון לודוויק דעם XVI. אונטער דעם איינפלוס פון די זשיראָנדיסטן האָט זי בלויז פּראָקלאַמירט זיין „צייטווייליקע באַזייטיקונג" און האָט וואָס שנעלער באַשטימט אַן ערציער פאַר זיין יורש. איצט האָבן די דייטשן, וואָס זיינען דעם 19טן אווגוסט אריין אין פראַנקרייך מיט 130,000 מאַן, מאַר־שירט אויף פּאַריז, כּדי צו ראַטעווען די קאָנסטיטוציע, אומצוקערן דעם קיניג זיין אַבסאָלוטע מאַכט, בטל מאַכן אַלע דעקרעטן פון ביידע פאַרזאַמלונגען און אויסראָטן די „יאַקאָבינער", ד. ה. אַלע רעוואָלוציאָנערן.

מען קען זיך, אַלזאָ, לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שטי־מונג עס האָט ביי אַזאַ מין לאַגע געהערשט אין פּאַריז; אונטער דער מאַסקע פון אויסערלעכער רויִקייט האָט אַ טיפע אויפ־רעגונג זיך פאַרשפּרייט איבער די פאָרשטעט, וואָס האָבן נאָך אַזאַ טייער געקויפטן ניצחון פון טוילרי געזען, אַז זיי זיינען פאַר־

דאַטן געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג און אפילו דורך די רע־וואָלוציאָנערע פירער, וואָס האָבן אויך אָפּגעשלעפּט מיט דעם אַרויסזאָגן זיך קעגן דעם קיניג און דער מאָנאַרכיע.

יעדן טאָג קומען אָן אין דער פאַרזאַמלונג, אויף די זיצונגען פון דער קאָמונע און אין דער פרעסע אַלץ נייע באַווייזן פון דער פאַרשווערונג, וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן פאַר דעם 10טן אוי־גוסט אין טוילרי און איז פאַרגעזעצט געוואָרן אין פּאַריז און אין די פּראָווינצן. ס'איז אָבער קיין זאַך ניט געטאָן געוואָרן, כּדי צו כאַפּן די שולדיקע אָדער צו שטערן זיי, זיי זאָלן אַ צווייטן מאָל ניט קענען שפּינען זייערע אינטריגעס.

מיט יעדן טאָג זיינען אָנגעקומען אַלץ שרעקלעכערע ידיעות פון דער גרעניץ. אין די פעסטונגען האָט אויסגעפעלט חייל, מען האָט קיין זאַך ניט אונטערגענומען, כּדי אָפּצוהאַלטן דעם שונא. ס'איז קיין שום ספק ניט געווען, אַז די שוואַכע כּוחות פון די פראַנצויזן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון די פאַרדעכטיקע גענעראַלן, האָבן קיינמאָל ניט געקענט אָפּהאַלטן די דייטשע אַרמייען, וואָס זיינען געווען צוויי מאָל אַזוי שטאַרק און זיינען געווען פאַרהאַרטעוועט אין מלחמה, די אַרמייען, וואָס זייערע גענעראַלן האָבן געהאַט דעם פולן צוטרוי פון זייערע זעל־נער. די ראָיאַליסטן האָבן שוין געציילט די טעג און די שעהן, ווען דאָס פרעמדע חייל וועט זיך באַווייזן ביי די טויערן פון פּאַריז.

די פאָלקס־מאַסן האָבן באַגריפן די סכּנה. אַלץ, וואָס איז געווען אין פּאַריז יונג, שטאַרק, פול מיט באַגייסטערונג און מיט רעפּובליקאַניזם, האָט געאיילט צום גרענעץ. דער ענטוזיאַזם איז דערגאַנגען ביז העלדישקייט. געלט, פּאַטריאָטישע מתּנות זיינען געפלאָסן פון אַלע זייטן אין די ווערביר־ביוראָען.

אויף וואָס אָבער דאַרף מען די אַלע קרבנות, ווייבאַלד יעדער טאָג ברענגט אַ ידיעה וועגן עפּעס אַ נייעם פאַרראַט, ווי באַלד די פעדעם פון די דאָזיקע פאַרראַטן זיינען קאָנצענטרירט אין די הענט פון דעם קיניג און דער קיניגין, וואָס פירן ווייטער אָן פון טאַמפּל מיט אַלע פאַרשווערונגען? צי דען וויים ניט מאַריע אַנטואַנעטע, טראָץ

דער שטרענגער אויפזיכט, וועגן אַלץ, וואָס טוט זיך דרויסן? זי איז אינפאָרמירט וועגן יעדן טראָט פון די דייטשע אַרמייען; און וועגן די אַרבעטער זיינען געקומען פאַרקראַטעוועז די פענסטער פון טאַמפּל, האָט זי זיך געווענדט צו זיי מיט די ווערטער: „צו וואָס? אין אַ וואָך אַרום וועלן מיר שוין דאָך דאָ ניט זיין". און אין דער אמתן, האָבן די ראָיאַליסטן טאַקע געוואַרט צווישן 5טן און 6טן סעפּטעמבער אויף דעם אַריינמאַרש פון אַכציק טויזנט פּרייסן קיין פּאַריז.

צו וואָס זיך באַוואָפענען, צו וואָס לויפן אויף דער גרענעץ, וויבאַלד די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג און די פּאַרטייען, וואָס שטייען ביים רודער, זיינען אָפענע שונאים פון דער רעפּובליק? זיי ווענדן אָן אַלע זייערע כּוחות, כּדי צו דערהאַלטן די מאָנאַרכיע. האָט דאָך בריסאָ דעם 24טן יולי, מיט צוויי וואָכן פאַר דעם 10טן אויגוסט, רייידנדיק קעגן די קאָרדעליערן, די אָנהענגער פון דער רעפּובליק, געפּאָדערט, אַז מען זאָל זיך מיט זיי באַגיין מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון געזעץ *. און אַפילו איצט, נאָך דעם 10טן אויגוסט, שווייגט אַלץ דער קלוב פון די יאַקאָבינער, דער זאַמל־פּונקט פון דעם בירגערטום — אַזש ביז דעם 27טן אויגוסט — וועגן דעם דאָזיקן וויכטיקן ענין, וואָס האַלט געשפּאַנט דאָס גאַנצע פאָלק: צי וועט דער קיניגלעכער כּראָן, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף די דייטשע שפּיז, אויפגעהאַלטן ווערן, אָדער אומגעוואָרפן ווערן?

די מאַכטלאָזיקייט פון די רעגירער, די פּחדנות פון די פירער אין יענער שעה פון סכּנה האָבן אומבאַדינגט געמוזט ברענגען דאָס פאָלק צו אַנטטוישונג. מען דאַרף לייענען די צייט־שריפטן פון יענער עפּאָכע, די פּריוואַטע מעמואַרן און בריוו, מען דאַרף אַליין איבערלעבן די אַלע געפילן, וואָס פּאַריז האָט איבער־געלעבט פון זינט דער מלחמה־דערקלערונג, כּדי צו פאַרשטיין, ווי

* „אויב עס געפינען זיך — האָט ער געזאָגט — מענטשן, וואָס אַרבעטן איצט פאַר דער אויפריכטונג פון דער רעפּובליק אויף די חורבות פון דער קאָנ־סטיטוציע, דאַרף מען זיך מיט זיי באַגיין מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון געזעץ, אַזוי ווי מיט די אַקטיווע אָנהענגער פון דער צוויי־קאַמערן־סיסטעם און מיט די קאָנטררעוואָלוציאָנערן פון קאָבלענץ.

טיף די דאָזיקע אַנטוישונג איז געווען. דעריבער ווילן מיר נאָך אַמאָל ברענגען אין קורצן די וויכטיקסטע פאַקטן.

מיט דעם מאָמענט, ווען עס איז דערקלערט געוואָרן מלחמה, האָט מען, דער עיקר אין די בירגערלעכע קרייזן, נאָך געהויבן לאַפאַ־יעטן ביז אין הימל אַריין. מען האָט זיך געפּרייט צו זען אים בראש פון די אַרמייען. אמת טאַקע, נאָך דער שחיטה אויף דעם מאַרס־פעלד האָט מען געהאַט וועגן אים געוויסע ספקות, וועלכע שאַבאַ האָט אויסגעדריקט אין דער פאַרזאַמלונג אין אָנהייב יוני 1792. אָבער די פאַרזאַמלונג האָט באַטראַכט שאַבאָן אַלס אויפ־העצער און פאַררעטער, און האָט אים געצוואונגען צו שווייגן.

אָבער אָט האָט די פאַרזאַמלונג באַקומען דעם 18טן יוני דעם באַרימטן בריוו פון לאַפאַיעטן, אין וועלכן ער באַשולדיקט די יאַקאָבינער און פאָדערט, מען זאָל שליסן אַלע קלובן. און אַזוי ווי דער בריוו איז אָנגעקומען אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער דימיסיע, וואָס דער קיניג האָט געגעבן דעם זשיראָנדיסטישן מיניסטעריום (דעם יאַקאָבינישן, ווי מען האָט דעמאָלט געזאָגט), האָבן די אַלע פאַקטן געגעבן אַ סך מאַטעריאַל צו טראַכטן. אָבער טראָץ אַלעם, איז די פאַרזאַמלונג אַריבער איבער דעם צו דער טאָג־אָרדענונג, שטעלנדיק אין ספק די ריכטיקייט פון דעם בריוו; ס'איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס דאָס פאָלק האָט געפרעגט, צי פירט ניט די פאַרזאַמלונג גופא קיין געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט לאַפאַיעטן?

טראָץ אַלעם איז די יוירונג געוואַקסן אַלץ מער און ענדלעך האָט זיך דאָס פאָלק אויפגעהויבן דעם 20 יוני. זייער גוט אָרגאַ־ניזירט דורך די סעקציעס, האָט זיך דאָס פאָלק אַריינגעריסן אין טויִלרי. אַלץ איז זיך געגאַנגען, ווי מיר האָבן געזען, מיט אַ גאַנץ באַשיידענעם גאַנג; דעם בירגערטום האָט אָבער אָנגעכאַפּט אַ מורא, און די פאַרזאַמלונג האָט זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון דער רעאַקציע און האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט קעגן זאַמלען זיך אויף די גאַסן. אין דער דאָזיקער צייט, דעם 23טן יוני, ערשיינט לאַפאַיעט; ער גייט אין דער פאַרזאַמלונג, וואו ער איז זיך מודה אין דעם בריוו פון דעם 18טן יוני און פאַרלאַנגט, מען זאָל דאָס

אים צוריקקערן. אין שטארקע ווערטער פאראורטיילט ער די גע־
שעענישן פון 20טן יוני, ער באשולדיקט נאך אין א שארפערער
פארם די יאקאבינער. לוקנער, דער פירער פון דער צווייטער ארמיי,
פאראייניקט זיך מיט לאפאיעטן, און דריקט אויס זיין טרייהייט
צום קיניג. דערנאך נעמט לאפאיעט אונטער א רייזע דורך פאריז
מיט זעקס אדער מיט אכט הונדערט אפיצירן פון דער פאריזער
ארמיי, וואס רינגלען ארום זיין עקיפאזש *. איצט ווייסן מיר,
צוליב וואס ער איז געקומען קיין פאריז. ער האט געוואלט איינ־
שמועסן דעם קיניג, אז ער זאל זיך לאזן אוועקפירן, דערנאך האט
ער געהאט בדעה אפגעבן אים אונטער דער השגחה פון דער
ארמיי. איצט צווייפלט שוין אין דעם קיינער ניט, אבער אויך
דעמאלט האט מען שוין גענומען חושד זיין דעם דאזיקן גענעראל.
דעם זעקסטן אווגוסט האט מען אפילו דעם ענין געהאט פארגעלייגט
פאר דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג, וואס האט געפאדערט צו
שטעלן לאפאיעטן פאר א געריכט. די מערהייט אבער האט גע־
שטימט פאר דעם, אז ער איז אומשולדיק. וואס האט וועגן
דעם דאס פאלק געקענט טראכטן? **

---

* פרוי זשוליען צו איר זון (Jornal d'une bourgeoise, ז' 170). הגם די בריות פון פרוי זשוליען זיינען אין דעם אדער אנדערן קליינעם פרט ניט גע־גוי, זיינען זיי אבער זייער ווערטפול פאר יענער תקופה, ווייל זיי דערציילן אונדז בענוי, וואס דאס רעוואלוציאנערע פאריז האט אין יענעם טאג גערעדט אדער געטראכט.

** לאל טאלאנדאל, וועלנדיק אויספועלן לאפאיעטס באפרייונג, האט אין דעם בריות, וואס ער האט געשיקט צום פרייסישן קיניג אין 1793, אויסגערעכנט די זאכן, וואס דער דאזיקער פארדעמערישער גענעראל האט אויפגעטאן פארן הויף. ווען מען האט אין יוני 1791 געבראכט דעם קיניג צוריק פון ווארען קיין פאריז, האבן זיך אויפגעזאמלט די פירער פון דער קאנסטיטואנטע, כדי צו האלטן זיך אן עצה וועגן דעם, צי דארף דער קיניג געשטעלט ווערן פאר א געריכט און צי עס דארף פראקלאמירט ווערן א רעפובליק. דעמאלט האט זיי לאפאיעט גע־זאגט: „אויב איר וועט דערהרגענען דעם קיניג, בין איך אייך מתרה, אז אויף מארגן וועט די נאציאנאלע גוואַרדיע און איך פראקלאמירן דעם טראן־יורש פאר א קיניג". — „ער איז אונזערער, מען דארף וועגן אלץ פארגעסן", האט פרוי עליזאבעט געזאגט אין יוני 1792 צו פרוי דע־טאנער, רייידנדיק וועגן לאפאיעטן, און אנהייב יולי 1792 האט לאפאיעט געשריבן צום קיניג און האט באקומען פון

„מיין גאָט, מיין פריינט, ווי אַלץ גייט עס שלימזלדיק! — האָט פרוי זשוליען געשריבן דעם 30סטן יוני 1793 צו איר מאַן — דען ווי ווייט די אויפפירונג פון דער פאַרזאַמלונג רייצט אויף די מאַסן, קענסטו זען דערפון, אַז ווען לודוויק דער XVI וואָלט געוואָלט נעמען די בייטש פון לודוויק דעם XIV, כדי צו צעטרייבן דעם דאָזיקן נעבעכדיקן פאַרלאַמענט, וואָלטן זיך פון אַלע זייטן געהערט בראַוואָ-אויסרופן, אמת, מיט זייער פאַרשיידענע באַדייטונגען; אָבער וואָס

---

איט אַן ענטפער. אין זיין בריוו פון 8טן יולי האָט ער אויסגעדריקט די גרייט-קייט צו אָרגאַניזירן זיין אַנטלויפן. ער האָט געוואָלט קומען דעם 15טן יולי מיט פופצן שוואַדראָנען און אַכט האַרמאַטן און אויפנעמען דעם קיניג אין קאָמפיען. לאַל-טאָלאַנדאַל, אַ ראָיאַליסט — ווי ער פאַרזיכערט אַליין — מיט אַ פיעטיזם צום טראָן, וואָס איז בירושה איבערגעגאַנגען אין זיין משפחה, האָט פייערלעך באַשטעטיקט פאָלגנדיקס: „זיין פראָקלאַמאַציע צו דער אַרמיי, זיין באַריטעטער בריוו צו דער געזעצגעבערישער קערפערשאַפט און זיין אייליק קומען אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג נאָך דעם שרעקלעכן טאָג פון 20סטן יוני — דאָס אַלץ איז מיר ניט געווען פרעמד, דאָס אַלץ האָט זיך ניט געטאָן אָן מיין אָנטייל...

אויף מאָרגן נאָך זיין קומען קיין פאַריז האָב איך פאַרבראַכט מיט אים זעקס נעכט; מיר האָבן גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט צו נעמען די יאַקאָבינער אַ שלאַכט אין סאַמע פאַריז — אין דעם פולן זינען פון דעם דאָזיקן וואָרט. זייער פּלאַן איז געווען: אויפזאַמלען אַלע אומצופרידענע אייגנטימער, אַלע אונטער-דריקטע, וואָס זייער צאָל איז געווען גרויס, און וואַרפן דעם לאָזונג: אַוועק מיט די יאַקאָבינער! אַוועק מיט די קאָרדעליערן! אַוועקפירן דאָס פאָלק צום קלוב פון די יאַקאָבינער, צעשטערן אַלע זייערע פירער, צונעמען זייערע פאַפירן און חרוב מאַכן זייער הויז. דער הער לאַפאַיעט האָט דאָס געוואָלט פון גאַנצן האַרצן; ער האָט געזאָגט דעם קיניג: „מע דאַרף אויסראָטן די יאַקאָבינער סיי פיזיש, סיי מאָראַליש“. זיינע פחדנותדיקע פריינט זיינען געווען קעגן דעם. „ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ווי נאָר ער וועט זיך אומקערן אין דער אַרמיי, וועט ער זיך נעמען אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו באַפרייען דעם קיניג“. דער דאָזיקער בריוו פון לאַל-טאָלאַנדאַל איז געבראַכט געוואָרן אינגאַנצן דורך בישע און רו XVII, ז׳ 227. — און דאָך האָבן די קאָמיסאַרן, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו לאַפאַיעטן נאָך דעם 10טן אווגוסט, געהאַט אינ-סטרוקציעס צו געבן אים דעם ערשטן אָרט ביי דער נייער אָרדענונג.

ווי מען זעט, האָט דער פאַרראַט אין דער פאַרזאַמלונג צווישן די זשי-ראָנדיסטן געשלאָגן טיפערע וואָרצלען, איידער מע שטעלט זיך דאָס פאָר.

ארט עס די טיראַנען, אַפי די דאָזיקע צופרידנהייט שטימט מיט זייערע כּוונות! די בירגערלעכע אריסטאָקראַטיע איז געווען ממש משוגע פון שמחה, און דאָס פאָלק ווידער — מרה־שחורהדיק־אַנטוישט; דער שטורעם העגנט, אַלזאָ, אין דער לופטן" (ז' 164).

לאָמיר פאַרגלייכן די דאָזיקע ווערטער מיט שאָמעטס אויבנגעבראַכטע מיינונגען, און מיר וועלן פאַרשטיין, אַז פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן עלעמענט פון דער פאַריזער באַפעלקערונג איז די פאַרזאַמלונג געווען ווי אַ קויל צוגעטשעפעט צו די פיס פון דער רעוואָלוציע *.

דערווייל איז געקומען דער 10טער אויגוסט. דאָס פאָלק פון פאַריז ווערט, אין זיינע סעקציעס, דער האַר איבער דער באַוועגונג. אויף אַ רעוואָלוציאָנערן שטייגער באַשטימט עס זיין קאָמונע־ראַט, כּדי צו געבן דעם אויפשטאַנד אַ געוויסע געשלאָסנקייט. דאָס פאָלק טרייבט אַרויס דעם קיניג פון טוילרי, נעמט איין אין אָפענעם קאַמף דעם שלאָס, און זעצט אַריין דעם קיניג אין דער טאַמפּל־טורמע. די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג עקסים־

---

* „אין דעם מאָמענט איז דער האַריזאָנט פאַרדעקט מיט וואָלקנס, וועלכע וועלן מוזן ברענגען צו אַ שטאַרקער אויסלאָדונג", האָט פרוי זשוליען געשריבן דעם 8טן אויגוסט. „די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג זעט מיר אויס צו זיין צו שוואַך, כּדי צו קענען אויספירן דעם הייסן באַגער פון פאָלק, און דאָס פאָלק זעט מיר אויס צו זיין צו שטאַרק, אַז עס זאָל קענען פאַרטראָגן איר הערשאַפט איבער זיך. פון דעם דאָזיקן קאַמף מוז אַרויסקומען אַ וועלכע עס איז גרויסע געשעעניש: אָדער פרייהייט אָדער קנעכטשאַפט פאַר פינף־און־צוואַנציק מיליאָן מענטשן" (211). און ווייטער: „די אַרונטערזעצונג פון דעם קיניג, וועלכע די מערהייט פאָדערט, און וועלכע ווערט אָפּגעוואָרפן פון דער מינדערהייט, וואָס באַהערשט די פאַרזאַמלונג, רופט תּיכּף אַרויס אַ גוואַלדיקע אויפרודערונג. די פאַרזאַמלונג וועט ניט האָבן קיין מוט אַרויסצוזאָגן זיך פאַר איר, און דאָס פאָלק וועט ניט זיין אַזוי פּחדנותדיק, אַז עס זאָל ערלויבן גרינגשעצן די בעזעלשאַפטלעכע מיינונג". און בעת די פאַרזאַמלונג באַפרייט לאַפאַיעטן, האָט פרוי זשוליען אַזוי נביאות געזאָגט: „אָבער דאָס אַלץ וועט אונז ברענגען צו אַזאַ קאַטאַסטראָפע, וואָס וועט מאַכן אויפציטערן די פריינט פון דער מענטשהייט, וואָרעם בלוט וועט זיך גיסן טייכנווייז, איך בין גאָרניט מגזם" (ז' 213).

טירט אָבער אויך ווייטער און ווערט באַלד אַ צענטער פון אַלע ראַיאַליסטישע עלעמענטן.

די לאַנד־באַזיצער פון דעם מיטל־קלאַס באַמערקן גלייך, אַז דער אויפשטאַנד נעמט אָן אַ פאָלקס־כאַראַקטער, אַ גלייכהייטס־כאַראַקטער, און זיי קלאַמירן זיך נאָך פעסטער אָן דער מאָנאַרכיע. זיי רוקן אַרויס אַ טויזנט פּלענער, כּדי איבערצוגעבן די קרוין — אָדער דעם יורש פון לודוויק דעם XVI (וואָס עס וואָלט געקענט זיין, ווען די דערוויילעקע הערשאַפט פון מאַריע אַנטואַנעטע וואָלט ניט געווען אַזוי פאַרהאַסט), אָדער ווערמען עס איז אַן אַנדער פּרעטענדענט, אַ פראַנצויזישן אָדער אַן אויסלענדישן. פּונקט ווי נאָך דעם אַנטלויפן קיין וואַרען, אַזוי ווערט איצט אויך אַלץ שטאַרקער די שטימונג פאַר אַ מאָנאַרכיע, און ווען דאָס פאָלק פאָדערט הויך אָן אָפענעם אַרויסטריט קעגן דער מאָנאַרכיע, איז די דאָזיקע פאַרזאַמלונג, ווי אַלע פאַרזאַמלונגען פון פאַרלאַמענטאַרישע פּאָליטיקער, — ניט זייענדיק זיכער, וואָס פאַר אַ רעגירונגס־פאָרם עס וועט מנצח זיין, זייער פאָרזיכטיק, זיך ניט צו קאָמפּראָמיטירן. זי איז פיל מער גענייגט צו אַ מאָנאַרכיע און זי פּלייסט זיך צו פאַרדעקן די פריערדיקע פאַרברעכנס פון לודוויק דעם XVI. מורא האָבנדיק, אַז די דאָזיקע פאַרברעכנס זאָלן ניט אַנטפּלעקט ווערן, שטעלט זי זיך קעגן אַ שטרענגער פאַרפאָלגונג פון זיינע מיטהעלפער.

ערשט דעמאָלט, ווען די קאָמונע דראָט, אַז זי וועט שלאָגן אין אַלאַרם־גלאָק, און די סעקציעס — מיט מאַסן־מאָרדן פון ראָיאַליסטן *, באַשליסט זיך די פאַרזאַמלונג אויף געוויסע הנחות: דעם 17טן אויגוסט פאַראָרדנט זי, ענדלעך, אַז עס זאָל געבילדעט ווערן אַ טריבונאַל, וואָס זאָל באַשטיין פון אַכט ריכטער און פּונקט אַזוי פיל בייזיצער, וועלכע זאָלן געקליבן ווערן דורך די פאָרשטייער פון די סעקציעס. אָבער אפילו איצט פּלייסט זי זיך נאָך אַלץ צו באַגרענעצן די פונקציעס פון דעם דאָזיקן געריכט.

* „עס זעט אויס, אַז איר זעט ניט, וואָס עס טוט זיך אין פּאַריז", האָט געזאָגט דער פירשפּרעכער פון איינע פון די דעפּוטאַציעס פון דער קאָמונע צו דער פאַרזאַמלונג.

ער טאָר זיך ניט פאַרנעמען מיט אויפזוכען די פאַרשווערונג, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין טוילרי פאַר דעם 10טן אווגוסט, נאָר ער דאַרף זיך באַגרענעצן מיט אויספאָרשן, ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די געשעענישן פון דעם 10טן אווגוסט.

דערווײַלע ווערן אַלץ מער די באַווייזן פון דער פאַרשווערונג און זיי ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ בולטער. צווישן די פּאַפּירן, וואָס מען האָט געפונען נאָכן איינעמען טוילרי אין דעם ביוראָ פון מאָנטמאָרין, דעם אינטענדאַנט פון דער ציוויל־ליסטע, טרעפט מען אַ סך קאָמפּראָמיטירנדיקע דאָקומענטן. צווישן זיי איז דאָרט געווען אַ בריוו פון די פירשטן (די דייטשע), וועלכער האָט דערוויזן, אַז זיי האָבן געהאַנדלט אין הסכּם מיט לודוויק דעם XVI, בעת זיי האָבן געוואָרפן די עסטרייכישע און פּרייסישע אַרמייען קעגן פראַנקרייך און האָבן אָרגאַניזירט פון די עמיגראַנטן אַ קאַוואַלערישן קאָרפּוס, וואָס האָט מאַרשירט מיט די דאָזיקע אַרמייען אויף פּאַריז. דאָרטן איז געווען אַ גאַנצע רשימה פון בראָשורן און פּאַסקווילן, וואָס זיינען געווענדט קעגן דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און די יאַקאָבינער, דאָקומענטן, פאַר וועלכע מען האָט באַצאָלט פון דער ציוויל־ליסטע פון דעם קיניג; צווישן אַנדערע זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן צוליב דעם אָנקומען פון די מאַרסעליער זיך געפּלייסט אַרויסצורופן אַ קאָנפליקט און האָבן אויפגעפאָדערט די גוואַרדיע אויסצוראָטן זיי *. חוץ דעם איז אויך געווען אַ דאָקומענט, אַז די קאָנסטיטוציאָנעלע מינדערהייט פון דער פאַרזאַמלונג האָט צוגעזאָגט צו באַגלייטן דעם קיניג אין פאַל, ווען ער וואָלט פאַרלאָזט פּאַריז, ניט אַריבערטרעטנדיק אָבער דעם שטח, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער קאָנסטיטוציע. עס זיינען

* אין איין בריוו פון דער שווייץ האָט זיך גערעדט וועגן באַשטראָפן די יאַקאָבינער: „לאָמיר זיי צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועט עס זיין אַן אָפּשרעקנדיקער ביישפּיל ... אַ קאַמף דעם פּאַפּיר־געלט; עס דערפירט אונז ביז באַנקראָט. די גייסטלעכע און די פּאַרלאַמענטן וועלן אומגעקערט ווערן זייערע פריערדיקע רעכט ... אַלץ ערגער פאַר די, וואָס האָבן געקויפט גיטער פון די גייסטלעכע“. אין אַן אַנדער בריוו לייענען מיר ווידער: „מען טאָר ניט פאַרלירן קיין איין רגע, מען דאַרף געבן צו שפירן דעם בירגערטום, אַז נאָר דער קיניג קען אים ראַטעווען“.

פאראן נאך פיל אנדערע זאכן, וועלכע זיינען פארבאהאלטן, אויס מורא, אז דער צארן פון פאלק זאל זיך ניט ווענדן קעגן דעם טאמפל, און אפשר אויך קעגן דער פארזאמלונג.

צום סוף הייבן זיך אן אין דער ארמיי די פון לאנג שוין פאראויסגעזעענע פארראטן. דעם 22טן אווגוסט דערוויסט זיך פראנקרייך וועגן לאפאיעטס פארראט. ער האט געפרואווט צווינגען זיין ארמיי צו גיין אויף פאריז. און ווען ער איז דעם 20סטן יוני געקומען קיין פאריז, כדי צו זאנדירן דעם באדן, איז זיין פלאן שוין מיט צוויי חדשים צוריק געווען פארטיק. איצט האט ער אראפגעווארפן די מאסקע. ער האט באפוילן צו ארעסטירן די דריי קאמיסארן, וואס זיינען געשיקט געווארן צו אים פון דער פארזאמלונג, כדי צו מעלדן אים וועגן דער רעוואלוציע פון דעם 10טן אווגוסט. דער ביטערער פוקס לוקנער, ווידער, האט געלויבט דעם דאזיקן טאט. צום גליק, איז לאפאיעטס ארמיי ניט געגאנגען נאך איר גענעראל. און דעם 19טן האט ער, אין דער באגלייטונג פון זיין שטאב, געמוזט אריבערגיין די גרענעץ, מיט דער האפענונג אנצוקומען קיין האלאנד. ער איז אבער ארייגעפאלן אין דער האנט פון די עסטרייכער, וואס האבן אים ארייגעווארפן אין טורמע און זיינען זיך באגאנגען מיט אים זייער שטרענג — פון דעם קען מען דרינגען, ווי די עסטרייכער וואלטן זיך באגאנגען מיט די רעוואלוציאנערן, ווען יענע וואלטן דורך אן אומגליקלעכן צופאל ארייגעפאלן אין זייערע הענט. די „יעניקע פאטריאטישע מיטגלידער פון די געמיינדע-פארוואלטונגען, וועלכע זיי האבן באוויזן צו כאפן, האבן זיי דערשאסן אויפן ארט, אלס מורדים, און די אולאנער האבן ניט איינעם פון זיי אפגעשניטן די אויערן און צוגעשלאגן מיט נעגל צום שטערן".

אויף מארגן קומט אן א ידיעה, אז לאנגווי, וואס איז דעם 20טן באלאגערט געווארן, האט זיך אונטערגעגעבן אן א קאמף. אין די פאפירן פון דעם קאמענדאנט לאווערן האט מען געפונען א בריוו, וועלכער האט אנטהאלטן די פארשלאגן וועגן דעם פארראט פון לודוויק דעם XVI און דעם פירשט פון ברוינשווייג.

קיינער האָט שוין ניט גערעכנט אויף דער אַרמיי, וואָס האָט בלויז על־פּי־נס געקענט ראַטעווען פראַנקרייך.

אין סאַמע פּאַריז, ווידער, שווייבלט פון „שוואַרצע“ (אַזוי האָט מען גערופן די, וואָס האָבן שפּעטער געהייסן „ווייסע“). די עמיגראַנטן קערן זיך מאַסנווייז צוריק, און אונטער די גלחישע קליידער האָט מען אָפטמאָל געקענט דערקענען אַ מיליטער־מאַן. אַרום דעם טאַמפּל ווערן געפלאַנעוועט פאַרשיידענע מיני פאַרשווערונגען, און דאָס פאָלק, וואָס באַוואַכט מיט באַאומרויִקונג די קיניגלעכע טורמע, געפינט אויס זייערע פעדים. עס הזרן זיך איבער די באַמיִונגען צו באַפרייען דעם קיניג און די קיניגין, צי דורך אַנטלויפן, צי מיט גוואַלד. די ראָיאַליסטן גרייטן צו אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אויף דעם 5טן אָדער 6טן סעפּטעמבער, ווען די פּרייסן וועלן זיך געפינען אַרום פּאַריז. זיי האַלטן דאָס גאַרניט פאַר קיין סוד. אין פּאַריז זיינען געבליבן זיבן הונדערט שווייצער, און זיי דאַרפן דאָס בילדן די מיליטער־קאַדרען. זיי האָבן דאָס געזאָלט מאַרשירן אויף דעם טאַמפּל, באַפרייען דעם קיניג און שטעלן אים בראש פון דעם אויפשטאַנד. אַלע טורמעס האָבן געזאָלט געעפנט ווערן, און די באַפרייטע אַרעסטאַנטן האָבן געזאָלט ראַבירן די שטאָט, כדי צו פאַרשטאַרקן דורך דעם די מהומה, ווען פּאַריז זאָל זיין אונטערגעצונדן *.

אַזוי וויניקסטנס איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, וועלכן די ראָיאַליסטן גופא האָבן אונטערגעהאַלטן. און אין דעם באַריכט, וואָס קערזען האָט פאָרגעלייענט וועגן דעם 10טן אויגוסט, האָט זיך די דאָזיקע ידיעה טאַקע באַשטעטיקט. לויט די רייד פון איינעם אַ מיטציייטלער, האָט דערדאָזיקער באַריכט אַלעמען דורכגענומען מיט פּחד. אַזוי געשייט האָט מען אויסגעשפּרייט די נעצן אַרום אַלע רעוואָלוציאָנערן. און דאָך איז נאָך ניט דערציילט געוואָרן דער גאַנצער אמת.

---

* די אַרעסטאַנטן, וואָס זיינען געזעסן אין לאַ־פאָרס, האָבן שוין געפּרוווט מאַכן דאָרטן אַ שריפה, דערציילט מישלע אויף דעם גרונט פון דער אַנקעטע וועגן די סעפּטעמבער־טעג.

ביי די אַלע שוועריקייטן איז בלויז די טעטיקייט פון דער קאָמונע און די סעקציעס געווען צוגעפּאַסט צו דער ווירקלי־קייט פון דעם מאָמענט. זייענדיק בלויז געשטיצט דורך דעם קלוב פון די קאָרדעליערן, האָבן זיי געאַרבעט אויף אויפצוהויבן דאָס פאָלק און באַוועגן אים אויף דער העכסטער אָנשטרענגונג, וואָס איז געווען נייטיק אויף צו ראַטעווען די רעוואָלוציע און דאָס פאָטערלאַנד, וועלכע זיינען אין דעם מאָמענט געוואָרן איין זאַך.

דער גענעראַל־ראַט פון דער קאָמונע, וואָס איז אויסגע־ווילט געוואָרן דעם 9טן אווגוסט אויף אַ רעוואָלוציאָנערן שטייגער דורך די סעקציעס, האָט געהאַנדלט אין הסכם מיט זיי. ער האָט מיט גרויס ענטוזיאַזם געאַרבעט פאַר דעם באַוואָפענען און פאַר־זאָרגן מיט אַלעם נייטיקן תּחילת 30,000, און שפּעטער 60,000 פרייוויליקע, וואָס האָבן געזאָלט אַרויסגיין צו דער גרענעץ. אונ־טערגעשטיצט דורך דאַנטאָנען, איז אים געלונגען אויסצוזוכן פאַר די ענערגישע אויפרופן די ווערטער, וואָס האָבן עלעקטריזירט פראַנקרייך. דען די פּאַריזער קאָמונע האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט אירע מוניציפּאַלע פונקציעס און האָט אַצינד גערעדט צו גאַנץ פראַנקרייך, און דורך די פרייוויליקע — אויך צו דער אַרמיי. די סעקציעס האָבן אָרגאַניזירט די גרויסע אַרבעט צו פאַרזאָרגן די פרייוויליקע מיט אַלעם נייטיקן; די קאָמונע, ווידער, האָט באַ־פוילן צו איבערשמעלצן די בלייערנע טרונעס אויף קוילן און צו־נעמען פון די קלויסטערס אַלע בראָנזענע חפצים, כּדי אויסצונוצן זיי פאַר מאַטעריאַל אויף האַרמאַטן. די סעקציעס זיינען געוואָרן איין גרויסער ברענענדיקער אויוון, וואו עס האָט זיך געשמידט דאָס געווער, וואָס מיט זיין הילף האָט די רעוואָלוציע באַדאַרפט מנצח זיין אירע פיינט און מאַכן אַ נייעם טראָט פאָראויס — צו דער גלייכהייט.

וואָרעם באמת, די נייע רעוואָלוציע — די רעוואָלוציע, וואָס האָט געשטרעבט צו גלייכהייט, און וועלכע דאָס פאָלק האָט באַ־דאַרפט נעמען אין זיינע הענט אריין, די רעוואָלוציע האָט זיך שוין קלאָר פאָרגעשטעלט פאַר די אויגן. און עס איז אַן אייביקער שבח פאַר דעם פאָלק פון פּאַריז, וואָס עס האָט פאַרשטאַנען, אַז

גרייטנדיק זיך אָפּצושטופּן דעם פרעמדן חייל, האָט עס ניט בלויז געהאַנדלט אויס געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ.

עס האָט געוואוסט, אַז די דאָזיקע פראַגע וועט זיך ניט באַגרענעצן מיט דעם צונישט מאַכן דעם צוריקקער פון דעם קיניגלעכן דעספּאָטיזם. עס האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף פאַרשטאַרקן די רעוואָלוציע, און מען דאַרף זי דערפירן ביז אַ וועלכן עס איז פּראַקטישן סוף פאַר די פאָלקס-מאַסן — דורך אָנהייבן אַ נייע רעוואָלוציע מיט אַ סאָציאַלן און פּאָליטישן כאַראַקטער. דאָס האָט באַדייט: עפענען, דורך דער העכסטער אָנשטרענגונג פון די פאָלקס-מאַסן אַ נייע ערע אין דער געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע.

דאָס בירגערטום האָט אָבער זייער גוט באַגריפן די דאָזיקע נייע ריכטונג, וואָס די רעוואָלוציע האָט אָנגעזאָגט און וואָס איר אָרגאַן איז געוואָרן די פאַריזער קאָמונע. די פאַרזאַמלונג, וואָס האָט דער עיקר רעפּרעזענטירט דעם בירגערטום, האָט זיך גענומען ענערגיש צו שטערן דעם איינפלוס פון דער קאָמונע.

שוין דעם 11טן אויגוסט, ווען דאָס פייער האָט נאָך געטליעט אין טיוּלרי, און די טויטע קערפּערס זיינען געלעגן אין די הויפן פון דעם פּאַלאַץ, האָט די פאַרזאַמלונג באַפוילן אויסצוּוויילן אַ נייעם דעפּאַרטאַמענטאַלן דירעקטאָריום, וועלכן זי האָט געוואָלט אַנטקעגנשטעלן דער קאָמונע. די קאָמונע האָט עס אָבער ניט דערלאָזן, און די פאַרזאַמלונג האָט געמוזט קאַפּיטולירן. דער קאַמף האָט געדויערט ווייטער — אַ פאַרשטיקטער קאַמף, אין וועלכן די זשיראָנדיסטן האָבן זיך געפלייסט אין דער פאַרזאַמלונג — אַמאָל אָפּצורייסן די סעקציעס פון דער קאָמונע, און אַמאָל — דערפירן דערצו, מען זאָל פונאַנדערלאָזן דעם גענעראַל-ראַט, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן דעם 9טן אויגוסט אויף אַ רעוואָלוציאָנערן שטייגער. דאָס זיינען געווען געמיינע אינטריגעס, אין דער צייט, ווען דער שונא, וואָס האָט גערויבט און געמאָרדעט אויפן וועג, האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער דערנעענטערט צו פאַריז.

דעם 24סטן האָט זיך פאַריז דערוואוסט, אַז לאָנגווי איז געפאַלן אין אַ קאַמף — און די פרייד פון די ראָיאַליסטן איז

אַלץ מער געשטיגן. זיי האָבן שוין געזונגען די ניצחון=הימנען. זיי האָבן זיך געריכט, אַז די אַנדערע שטעט וועלן אויך נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון לאַנגווי און האָבן געלאָזט וויסן, אַז אין אַ וואָך אַרום וועלן קומען זייערע דייטשע פאַרבינדעטע. זיי האָבן שוין געגרייט פאַר זיי דירות. אַרום טאַמפּל האָבן זיך געבילדעט רעדלעך ראָיאַליסטן, און די קיניגלעכע משפּחה האָט צוזאַמען מיט זיי באַגריסט די נצחונות פון די דייטשן. אָבער דאָס שרעקלעכסטע איז געווען, וואָס די, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען צו רעגירן מיט פראַנקרייך, האָבן קיין מוט ניט געהאַט צו טאָן עפּעס וואָס, אַז פּאַריז זאָל ניט זיין געצוואונגען צו קאַפּיטולירן, ווי לאַנגווי. די קאָמיסיע פון צוועלף, אָט דער=יעניקער קוואַל פון איניציאַטיוו אין דער פאַרזאַמלונג, האָט זיך אַבסאָלוט קיין עצה ניט געקענט געבן. און דאָס זשיראָנדיסטישע מיניסטעריום — ראָלאַן, קלאַוויער, סערוואַן און אַנדערע — האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן קיין בלואַ אָדער אויף דרום, און איבערלאָזן דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק פון פּאַריז צו דעם צאָרן פון די עסטרייכער, צו דעם פירשט פון ברוינשווייג און צו די עמיגראַנטן. „די דעפּוטאַטן זיינען שוין אַנטלאָפן איינע נאָך די אַנדערע", זאָגט אָלאַר *. די קאָמונע האָט זיך געקלאָגט אויף דעם פאַר דער פאַרזאַמלונג. צו דעם פאַרראַט איז איצט נאָך צוגעקומען די פּחדנות. פון אַלע מיניסטאָרן האָט בלויז איין דאַנטאָן זיך קאַטעגאָריש אַנטקעגנגעשטעלט דער דאָזיקער פּליטה פון דער מאַכט.

בלויז די רעוואָלוציאָנערע סעקציעס און די קאָמונע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען מוז אָפּהאַלטן אַ נצחון פאַר יעדן פּרייז, און אַז כּדי דאָס צו דערגרייכן, דאַרף מען גלייכצייטיק דערלאַנגען אַ קלאַפּ דעם שונא אויפן גרענעץ און די קאָנטררעוואָלוציאָנערן אין פּאַריז.

צו דעם גראַד האָבן אָבער די הערשנדיקע ספערן ניט געוואָלט דערלאָזן. נאָך דעם, ווי ס'איז מיט גרויס פּאָמפּע געבילדעט געוואָרן דער טריבונאַל אויף צו משפּטן די שולדיקע אין דער

* Etudes et leçons sur la Révolution française, 1898.

שחיטה פון 10טן אווגוסט, האָט מען באַמערקט, אז דער דאָזיקער טריבונאַל קימערט זיך אַזוי ווייניק צו באַשטראָפן די שולדיקע, ווי דאָס מלוכה-געריכט פון אָרלעאַן. דער דאָזיקער טריבונאַל איז געוואָרן, לויט בריסאָס אויסדרוק, „דער באַשיצער פון די פאַרשווערער". ער האָט טאַקע געבראַכט אַלס קרבן דריי אָדער פיר מאַריאָנעטעס פון לודוויק דעם XVI, אָבער גלייך נאָך דעם האָט ער דערקלערט פאַר אומשולדיק איינעם פון די געפערלעכסטע פאַרשווערער, דעם געוועזענעם מיניסטער מאָנטמאָרין, ווי אויך דאַסאָנוויל, וואָס איז געווען פאַרמישט אין ד'אַגרעמאָנס פאַרשווערונג, און האָט זיך געקווענקלט צו משפּטן באַכמאַנען, דעם גענעראַל פון די שווייצערישע זעלנער. נאָך דעם אַלעם האָט מען שוין קיין זאַך ניט געקענט דערוואַרטן פון איס.

מען האָט זיך געפּלייסט פאַרצושטעלן די באַפעלקערונג פון פאַריז, ווי אַ נידעריקער המון, וואָס באַשטייט פון בלוטדאָרשטיקע מענטשנפרעסער, וועלכע ווערן מלא רציחה יעדעס מאָל, ווען זייער קרבן גליטשט זיך ביי זיי אַרויס פון די הענט. דאָס איז אָבער געווען לחלוטין פאַלש. דאָס פאָלק פון פאַריז האָט פאַרשטאַנען פון די דאָזיקע באַפרייונגס-אורטיילן, אַז די מאַכטהאָבער ווילן ניט אויפדעקן די פאַרשווערונגען, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין טויִלרי, מחמת זיי האָבן געזען, ווי אַ סך פון זיי זיינען געווען קאָמפּראָמיטירט, און אויך מחמת דעם, ווייל די דאָזיקע פאַרשווערונגס-פּלענער זיינען ווייטער געשפּונען געוואָרן. מאַראַט, וואָס איז געווען גוט אינפאָרמירט, איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז די פאַרזאַמלונג האָט מורא פאַרן פאָלק און אַז זי וואָלט געווען זייער צופרידן, ווען לאַפאַיעט וואָלט געקומען מיט זיין אַרמיי און וואָלט צוריקגעשטעלט די הערשאַפט פון קיניג.

דאָס האָבן ווירקלעך באַוויזן אין דריי חדשים אַרום די געהיימע פּאַפּירן פון לודוויק דעם XVI, וואָס מען האָט געפונען אין דעם אייזערנעם שראַנק, וועלכן דער שלאָסער גאַמען האָט אויפגעדעקט. די קראַפט פון דער מאָנאַרכיע האָט געשטעקט אין דער פאַרזאַמלונג.

אַט דערמאָלט האָט דאָס פאָלק, ווייסנדיק, אַז פאַר אים איז אַבסאָלוט אוממעגלעך פעסטצושטעלן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יעדן איינעם פון די מאָנאַרכיסטישע פאַרשווערער און אויך אויף וויפל ער איז געפערלעך פאַר דעם דייטשן חיל, באַשלאָסן צו פאַרפאָלגן אַלעמען אָן אונטערשייד, אַלע, וואָס האָבן פאַרנומען אַ פאַרטרויונגס-אַמט אין הויף און זיינען פאַררעכנט געוואָרן דורך די סעקציעס אַלס געפערלעכע, אָדער ביי וועלכע מען האָט געפונען פאַרבאַהאַלטן געווער. צוליב דעם צוועק האָבן די סעקציעס באַפוילן דער קאָמונע, און די קאָמונע האָט באַפוילן דאַנטאָנען, וואָס האָט פון זינט דער רעוואָלוציע פון 10טן אויגוסט פאַרנומען דעם אַמט פון יוסטיץ-מיניסטער, דורכצופירן אין גאַנץ פאַריז מאַסן-רעוויזיעס, זוכנדיק פאַרבאַהאַלטענע געווער ביי די ראָיאַליסטן און גלחים, און אויך צו אַרעסטירן די פאַררעטער, וואָס זיינען געווען מער פאַרדעכטיק אין מאַכן יד-אחת מיט דעם שונא. — די פאַרזאַמלונג האָט געמוזט נאָכגעבן און האָט פאַראָרדנט די דאָזיקע רעוויזיעס.

די רעוויזיעס זיינען פאָרגעקומען אין דער נאַכט אויף דעם 30טן און די קאָמונע האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַזויפיל ענערגיע, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די פאַרשווערער.

דעם 29טן אויגוסט נאָך האַלבן טאָג איז פאַריז געוואָרן אַזוי ווי אויסגעשטאָרבן, באַהערשט פון עפּעס אַ פינסטערן פחד. פּריוואַטע מענטשן איז פאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצוגיין נאָך זעקס אַ זייגער אינאָוונט אויפן גאַס. ווען ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, זיינען אַלע גאַסן געווען אַרומגערינגלט מיט פאַטרולן, וואָס זיינען באַשטאַנען פון זעכציק מאַן, יעדערער באַוואָפנט מיט אַ שווערד און מיט אַ אימפּראָוויזירטער פּיקע. אַרום איינס נאָך האַלבער נאַכט האָבן זיך אָנגעהויבן די רעוויזיעס אין גאַנץ פאַריז. די פאַטרולן זיינען געגאַנגען אין יעדן הויז, האָבן געזוכט געווער, און דאָס געווער, וואָס זיי האָבן געפונען ביי די ראָיאַליסטן, האָבן זיי צוגענומען.

מע האָט אַרעסטירט אַרום דריי טויזנט מענטשן. מע האָט קאָנפיסקירט אַרום צוויי טויזנט ביקסן. אייניקע רעוויזיעס האָבן זיך געצויגן גאַנצע שעהן, אָבער קיינער האָט זיך שפּעטער ניט באַ-

קלאָגט, אַז ביי אים איז פאַרפאַלן געוואָרן כמעט דער מינדער=
ווערדיקסטער חפץ, בשעת=ווען ביי די עדיסטן, ביי די גלחים,
וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שווערן פאַר דער קאָנסטיטוציע,
האָט מען אין דער זעלבער צייט געפונען די גאַנצע קיך=געשיר,
וואָס מע האָט געגנבעט אין סען=שאַפּעל. דאָס איז געווען באַ=
האַלטן ביי זיי אין די קעלערס.

אויף מאָרגן איז אַ גרויסער טייל ארעסטירטע באַפרייט
געוואָרן אויף דעם באַפעל פון דער קאָמונע אָדער אויף דעם
וואונטש פון די סעקציעס. וואָס נוגע ווידער די, וואָס זיינען גע=
בליבן אין טורמע, איז גיכער פאַר אַלץ, וואָלט מען זיי פאַר=
טירט און מען וואָלט געשאַפן אַ טריבונאַל אויף צו משפּטן זיי,
ווען די געשעענישן אויף דעם מלחמה=פּלאַץ און אין פּאַריז גופא
וואָלטן זיך ניט אָנגערוקט מיט אַזאַ בליץ=שנעלקייט. בשעת=ווען
גאַנץ פּאַריז האָט זיך באַוואָפנט אויף דעם מעכטיקן אויפרוף
פון דער קאָמונע, בשעת=ווען אויף אַלע עפנטלעכע פּלעצער האָט
מען געבויט אַלטאַרן צום פאָטערלאַנד, ביי וועלכע די יוגנט האָט
זיך איינגעשריבן אין דער ארמיי און אויף וועלכע די בירגער,
די רייכע און די אָרעמע, האָבן געבראַכט מתנות דעם פאָטער=
לאַנד, בשעת=ווען די קאָמונע און די סעקציעס האָבן אַנטוויקלט
אַ גוואַלטיקע ענערגיע, כּדי צו באַזאָרגן און באַוואָפענען 60.000
פרייוויליקע, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט לאָזן צום גרענעץ, און
טראָץ דעם בוכשטעבלעכן מאַנגל אין אַלץ, איז דאָך געלונגען
ארויסצושיקן טעגלעך 2000 מאַן — אָט דווקא דעמאָלט האָט
אויסגעקליבן די פאַרזאַמלונג, כּדי ארויסצוטרעטן קעגן דער קאָמונע,
נאָכן אויסהערן דעם באַריכט פון דעם זשיראָנדיסט גאָדע, האָט
זי ארויסגעגעבן 30 דעקרעטן, וואָס האָבן פאַראָרדנט תּיכּף פונאַנדער=
צולאָזן דעם הויפּט=ראַט פון דער קאָמונע און דורכפירן נייע וואַלן.

ווען די קאָמונע וואָלט געפאָלגט דעם דאָזיקן באַפעל, וואָלט,
צו דער פרייד פון די ראַיאַליסטן און די עסטרייכער — מיט איין
קלאַפּ צעשטערט געוואָרן די לעצטע מעגלעכקייט אָפּצושטויסן דעם
שונא און באַזיגן די מאָנאַרכיע.

ס'איז, אַלזאָ, לייכט צו פאַרשטיין, אַז דער איינציקער ענט=

פער, וואָס די רעוואָלוציע האָט געקענט אויף דעם געבן, איז געוועזן אָפּזאָגן זיך צו פאָלגן און דערקלערן די שולדיקע אין דער דאָזיקער פאַראָרדענונג אלס פאַררעטער. און אזוי האָט טאַקע די קאָמונע מיט עטלעכע טעג שפּעטער געטאָן, פאַראָרדענענדיק א רעוויזיע ביי ראָלאַנען און ביי בריסאָנען. מאַראַט האָט פּשוט געפאָדערט אויסצוראָטן די דאָזיקע פאַררעטערישע געזעצגעבער.

דעם זעלביקן טאָג האָט דער אויסערגעוויינלעכער טריבונאַל באַפרייט מאָנטמאָרינען, כאָטש מיט עטלעכע טעג פריער, בעת ד'אַגרעמאָנס פּראָצעס, האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן, אז די ראָיאַליסטישע פאַרשווערער, וואָס זיינען געווען גוט באַצאָלט, זיינען געווען פאַררעגיסטרירט, צעטיילט אויף בריגאַדעס, אונטערגעוואָרפן אונטער איין צענטראַל-קאָמיטעט און האָבן בלויז געוואַרט אויפן סיגנאַל, כדי צו באַווייזן זיך אויפן גאַס און אַטאַקירן די פּאַטריאָטן אין פּאַריז, און דאָס זעלבע אויך אין אַלע פּראָווינץ-שטעט.

אויף דעם דריטן טאָג — דעם 1טן סעפּטעמבער — איז געמאַכט געוואָרן א נייע אַנטדעקונג. דער „מאָניטאָר" האָט פאַרעפנטלעכט דעם „מיליטערישן פּלאַן פון די מלוכות, וואָס זיינען געווען פאַראייניקט קעגן פראַנקרייך", וועלכן ער האָט באַקומען — ווי ער האָט באַהויפּט — פון א זייער זיכערער דייטשער קוועלע. וועדליק דעם דאָזיקן פּלאַן, האָט דער פירשט פון ברוינשווייג באַדאַרפט האַלטן אין קלעם די פּאַטריאָטישע אַרמיי אויף מזרח, בשעת-ווען דער פּרייסישער קיניג וואָלט מאַרשירט גלייך אויף פּאַריז. נאָכן נעמען די הויפּטשטאָט האָט באַדאַרפט דורכגעפירט ווערן א געוויסער אָפּקלייב צווישן די איינוואוינער; אַלע רעוואָלוציאָנערן האָבן באַדאַרפט אומגעבראַכט ווערן. די שטעט, וואָס אין זיי וואָלט די מערהייט געווען אויף דער זייט פון די פּאַטריאָטן, האָט מען באַדאַרפט פאַרברענען. „בעסער פּוסטקעס, איידער א מורדיש פאָלק", האָבן ערקלערט די פאַרבינדעטע קיניגן. גאָדע האָט, גלייך ער האָט געוואָלט באַשטעטיקן דעם דאָזיקן פּלאַן, אָפּגעגעבן אין דער פאַרזאַמלונג א באַריכט וועגן דער גרויסער פאַרשווערונג, וואָס מען האָט אַנטדעקט אין גרענאָבל און אין איר סביבה. דער בריוו, וואָס מען האָט צוגענומען ביי דעם

עמיגראַנטן־אַגענט מאָניע, האָט אַנטהאַלטן אין זיך די פּאַמילי[illegible]ס פון איבער הונדערט לאָקאַלע פירער פון דער פאַרשווערונג, וואָס האָבן גערעכנט אויף דער אונטערשטיצונג פון פינף־און־צוואַנציק ביז דרייסיק טויזנט מענטשן. די דערפער פון די דעפּאַרטאַמענטן דיו־סעוור און מאָרביאַן האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד, ווי נאָר עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון לאַנגווי; דאָס איז געלעגן אין די פּלענער פון די ראָיאַליסטן און רוים.

נאָך האַלבן טאָג האָט מען זיך דערוואוסט וועגן דער באַלאַגערונג פון ווערדען און אַלע האָבן פאָראויסגעזאָגט, אַז די דאָזיקע פעסטונג וועט זיך אויך אונטערגעבן, אַזוי ווי לאַנגווי; אַז קיין זאַך וועט שוין ניט אָפּהאַלטן דעם שנעלן מאַרש פון די פּרייסן אויף פּאַריז, און אַז די פאַרזאַמלונג וועט אָדער פאַרלאָזן די רעזידענץ, איבערענטפערנדיק זי דעם שונא, אָדער זי וועט אויך אָנקניפּן אונטערהאַנדלונגען וועגן צוריקגעבן דעם קיניג דעם טראָן, און וועט אים געבן פרייע הענט צו שטילן זיין נקמה דורך אויסראָטן די פּאַטריאָטן.

סוף־כּל־סוף האָט דעם זעלבן טאָג, דעם 1טן סעפּטעמבער, ראָלאַן אַרויסגעגעבן און באַפוילן פונאַנדערצוקלעפּן אויף די ווענט פון פּאַריז אַן אויפרוף צו די אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפטן, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן אַ ברייט־פאַרצווייגטער ראָיאַליסטישער פאַרשווערונג, וואָס האָט געשטרעבט צו שטערן די פרייע צירקולירונג פון לעבנס־מיטלען. די שטעט נעווער און ליאָן האָבן שוין דאָס געשפּירט.

דעמאָלט האָט די קאָמונע געשלאָסן די שטאָטישע ראָגאַטקעס, האָט געהייסן קלינגען אין גלאָק און שיסן פון האַרמאַטן אויף אַלאַרם. אין אַ שטאַרק פאַרפאַסטער פּראָקלאַמאַציע האָט זי אויפגעפאָדערט אַלע פרייוויליקע, וואָס זיינען געווען גרייט אַרויסצומאַרשירן, זיי זאָלן נעכטיקן אויפן מאַרס־פעלד, כּדי מאָרגן גאַנץ פרי צו קענען אַרויסגיין.

גלייכצייטיק האָט זיך דער צאָרנדיקער אויסגעשריי: „צום געווער!“ זיך צעטראָגן איבער גאַנץ פּאַריז. דאָרטן געפינען זיך

פארשווערער, וואסווארטן, אז די דייטשן זאלן זיך דערנענטערן, כדי צו דערטרינקען פאריז אין בלוט און פייער. איינציקע סעקציעס (פאסאניער, פאסט, לוקסעמבורג) באשליסן, אז די דאזיקע פארשווערער דארף מען אומברענגען. „מען דארף מיט זיי מאכן א סוף!" — און א שטורם טאן די רעוואלוציע אויף נייע וועגן.

(סוף פון ערשטן טייל)

# איינהאַלט:

## פיר=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## די דיסטריקטן און סעקציעס פון פּאַריז.



## פינף=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## די פּאַריזער סעקציעס אונטער אַ ניי מוניצי=פּאַל=געזעץ.



## זעקס=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## דאָס אָפּציען מיט דער אָפּשאַפונג פון די פעאָ=דאַלע לאַסטן.



## זיבן=און=צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## די פעאָדאַלע געזעצגעבונג פון 1790.

---